## פאָרוואָרט

אַלץ וואָס איך ווייס וועגן די ערשטע זיבעצן יאָר לעבן פון בוזשע רייזאַרסקי גיב איך דאָ איבער אַזוי גוט אָדער אַזוי שלעכט ווי איך בין בכח. וועגן זיינע ווייטערדיקע יאָרן, וועלכע זענען געווען אָנגעפילט מיט שטורעמס און געשעענישן, וועט מיר נאָך מסתמא אויסקומען צו דערציילן.

ל. פ.

## קאַפּיטל איינס

עס איז געווען אין סוף פונם ניינצנטן יאָרהונדערט. דאָס קליינע פּוילישע שטעטל איז דאַן געלעגן פאַרזונקען אין אַ רואיקן, געמיטלעכן דרימל. קיין מלחמות זענען נישט געווען. קיין רעוואָלוציעס און אויפשטאַנדן זענען אין יענע מקומות דאַמאָלס אויך נישט פאָרגעקומען. קיין אידישע צייטונגען, אָדער „בלעטער“, וואָס זאָלן דערציילן פון דער אויסערער וועלט, האָבן דאַמאָלס כמעט נישט עקזיסטירט. אויב עס איז ערגעץ־וואו יאָ דערשינען אַ „בלאַט“ אויף זשאַרגאָן, אָדער אויף לשון קודש, האָט ער אויך נישט דערגרייכט דאָס קליינע צוריקגעשטאַנענע שטעטל, סיידן אפשר בלויז צו איינעם אָדער צוויי אויסנאַמען: אויפגעקלערטע מענטשן, „פילאָזאָפן“. דער דורכשניטלעכער מענטש, דער געוויינלעכער בירגער, איז זיך גאַנץ שיין באַגאַנגען אָן בלעטער און אָן נייסן פון דער וועלט.

ניין, זיי האָבן זיך נישט גענויטיקט אין די זאַכן, די מענטשן פון יענער צייט. זיי האָבן נישט געפילט דעם מינדסטן דראַנג דערצו. זיי האָבן נישט געהאַט דעם קלענסטן פאַרלאַנג צו וויסן וואָס עס טוט זיך אין אַנדערע טיילן פון לאַנד ראָסעי, אָדער זאַגראַניצע. אַפילו מיט אַמעריקע האָט מען זיך קנאַפּ־וואָס אינטערעסירט, כאָטש עס פלעגט יאָ ווען נישט איז יוער פאָרן אַהין. אָבער דאָס זענען מערסטנטייל געווען אויסנאַמען, אַנטלאָפענע פון מיליטער, אָדער סתם לא יצלחס, צודרייטע קעפּ, וואָס אַז דער האָבער שטעכט זיי, ווילן זיי נייע מדינות איננעמען...

ווען נישט ווען פלעגט דאָס שטעטל עטוואָס אַרויסגיין פונם גלייכגעוויכט. דאָס איז געווען דאַמאָלס, ווען עס פלעגט פאָרקומען אַ חתונה אָדער, חלילה, אַ לויה. אָבער אַזוי גיך ווי מען האָט פאַרענדיקט דעם לעצטן טאַנץ, אָדער זיך אויסגעווישט די לעצטע טרער, פלעגט מען זיך ווידער אומקערן צום נאָרמאַלן האַלב־פאַרשלאָפענעם לעבן מיט די קליינע פריידן און ליידן.

אין די ווינטערדיקע אָוונטן פלעגן די מענער זיצן הינטער די אויוונס, געניצן און זיך דערציילן מעשיות פון די קאַנטאָניסטן. די ווייבער פלעגן פליקן פעדערן און זיך צוהערן. ביינאַכט פלעגט זיך זיי חלומען ווי זיי זעען זייערע מאַנען שפּאַנען מיטן עשאַלאָן, מיט די

זעלנערשע ראַנצעס אויף די פּלייצעס, און גייען פון זיי אוועק אויף פינף־און־צוואַנציק יאָר — דינען פאָניען און עסן חזיר. פונם שלאָף פּלעגן זיי זיך אויפכאַפּן אין גרויס אַנגסטן, אין אַ טויטער שרעק, און, דערזעענדיק זייערע מאַנען לעבן זיך, פלעגן זיי זיך טוליען צו זיי מיט גרויס פרייד, געמישט מיט מורא פון דעם שרעקלעכן חלום, וואָס זיי האָבן נאָר־וואָס געהאַט געזען.

אין בית־מדרש פלעגט מען זיך אָנדערציילן אַלערליי מעשיות, אַלע אמתע, ווי איינער האָט פאַרזיכערט דעם אַנדערן.

איינער האָט דערציילט ווי ער איז אַנומלטן ביינאַכט אַהיימגעגאַנגען און ער האָט, ווי געוויינלעך, געמוזט פאַרבייגיין דאָס „הייליקע אָרט". ער האָט זיך נישט געשראָקן (כאָטש עס איז שוין געווען נאָך צוועלף און די מתים זענען שוין דאמאלס וואך און אויף דער פריי...). פאַרוואָס זאָל ער זיך שרעקן? ערשטנס, איז עס אים נישט דאָס ערשטע מאָל. צווייטנס, פילט ער זיך נישט זינדיק, חלילה. דריטנס — ער טראָגט דאָך אַ לייב־צו־דאַק מיט כשרע ציצית...

איז ער אַזוי געגאַנגען אין דער שטילקייט, איינער אַליין. אָט קומט ער שוין צו נאָענט צו דער אַרומגעמויערטער נידעריקער וואַנט. ער זעט דאָס הייליקע אָרט. די מצבות מיט די אויפגעלאָפּענע בערגלעך שיינען אים אַנטקעגן. אַלץ איז שטיל. ער גייט רואיק, אָבער ער האַלט פונדעסטוועגן אַ ציצה אין דער האַנט. ער האָט טאַקע קיין מורא נישט, ער פילט זיך נישט שולדיק אין קיין זינד, אָבער ווי אַ זאַך מאַכט זיך, איז בעסער, אַז מ'איז צוגעגרייט. און אָט דאַכט זיך אים טאַקע ווי פון אינווייניק, פון צווישן די מצבות אַפּער, גיט אַ שפּרונג אַרויס אַ מענטש, איינגעהילט אין ווייסן, און לאָזט זיך אים נאָכגיין. קיין טריט הערט ער נישט, אָבער ער פילט ווי „יענער" גייט הינטער אים. אַ שוויים באַגיסט אים. ער דריקט די ציצה שטייפער אין זיין האַנט. אָבער „יענער" גייט אַלץ נאָך. ער הויבט אָן גיין שנעלער, ער הויבט אָן דריקן די ציצה נאָך שטייפער, ער הויבט אָן זאָגן הייליקע ווערטער פונם סידור — און „יענער" גייט אַלץ נאָך. מיטאַמאָל נעמט ער זיך אָן מיט מוט. ער גיט זיך אַ דריי־אויס צו „יענעם" מיטן פּנים און נעמט פאָכען מיט דער ציצה אין דער לופטן, אַזוי אַז „יענער" זאָל עס מוזן דערזען, און — עס האָט גלייך געהאָלפן. דאָס געשטאַלט איז פאַרשוואונדן, ווי איינגעזונקען געוואָרן אין דער ערד...

— אוועק מסתמא צוריק אין זיין רו אריין. — האָט איינער געזאָגט.

— אַ בלאָנדזשענדיקע נשמה נעבאך. — האָט אַ צווייטער באַ־דויערט.

אַן אַנדערער האָט דערציילט אַן ענלעכע מעשה, אויך אַן אמתע:

עס איז געווען מיט אַ קורצער צייט צוריק, ווען ער האָט זיך איינ־מאָל פאַרשפּילט אין דאָמינאָ ביי זאַנוול וואָווען אין שטוב. איידער ער האָט זיך אומגעקוקט איז שוין געווען נאָך איינס אַזייגער ביי־נאַכט. אַזוי ווי ער האָט מורא געהאַט פאַר זיין ווייב אַהיימצוקומען אַזוי שפּעט מיטן ליידיקן, האָט ער אָפּגעטראָטן ביי לייזער בעקער און געקויפט פרישע, וואַרימע בייגל פאַר זיין ווייב און דעם קליינוואַרג. אַזוי פלעגט ער זיך נוהג זיין אַ סך מאָל און ער האָט אויף אַזאַ אופן אויסגעמידן צרות.

גייט ער אַזוי אויפן אָפענעם מאַרק, מיט די פאַרהאַקטע געוועל־בער פון אַלע זייטן, און ער טראָגט זיך אַזוי די פרישע וואַרימע בייגל אין קעשענע. צוקומענדיק צו דער שול־גאַס, איז אים עפּעס אויפ־פאַלנד געוואָרן. די גרויסע מענערשע שול, האָט ער געזען, איז געווען זייער שטאַרק באַלויכטן און פון אינווייניק האָט זיך געטראָגן אַ מורמלען, ווי שטימעס פון דאַוונער. „וואָס קען דאָ זיין“? — האָט ער זיך אַליין געפרעגט. און אַזוי־אָ, גאַפנדיק אויף דעם וואָס ער זעט, איז ער דערווייל צוגעקומען נענטער צו דער שול. און פלוצלונג — זאָל ער גלויבן? — הערט ער גאָר זיין נאָמען אויסרופן. אַ דינע שטימע, וואָס איז געקומען פון אינווייניק, האָט זיך אַרויסגעריסן אינדרויסן.

— יעמוד, — האָט די שטימע געזאָגט, — ר' משה אהרן ברב נתן צו דער תורה! . . .

אַ טויטקייט האָט אים באַשלאָגן. ער האָט באַלד פאַרשטאַנען, וואָס דאָס מיינט. נשמות ריכטן אָפּ חצות. האָבן זיי אים געזען פאַרבייגיין, האָבן זיי אים אויפגערופן. מסתמא שטעקט דערביי אַ מיין. און ער מוז, באין ברירה, גיין.

האָט ער אָוועקגעלייגט די פרישע בייגל אויף די טרעפּ פונם פּאָ־ליש און אַליין איז ער אַריין אינווייניק.

— נו? . . . — האָבן איניקע פאַרגאַפטע שטימעס געפרעגט.

— וואָס נו? — האָט משה אהרן געענטפערט — איר זעט דאָך, זיי האָבן מיר גאָרנישט געטאָן . . .

— אָבער ווי אַזוי איז עס צוגעגאַנגען? וואָס האָט איר געטאָן? דערציילט, משה אהרן, דערציילט . . .

און משה אהרן האָט זיי צוליב געטאָן. ער האָט דערציילט ווי ער איז אַריין אינוויייניק. דאָס האַרץ האָט אים טאַקע געקלאַפּט. אָבער ער האָט זיך נישט פאַרלוירן. ער איז געגאַנגען אָנגעבויגן אָן אַ זייט און ער האָט זיך קיין איין מאָל נישט אומגעקוקט, נישט פאַר זיך און נישט הינטער זיך; נישט רעכטס און נישט לינקס. ער האָט געהערט קולות אַרום זיך. ער האָט געפילט געשטאַלטן אַרום זיך. אָבער ער האָט נישט געקוקט, נישט רעכטס און נישט לינקס, נישט פאַר זיך און נישט הינטער זיך.

— נו, נו, נו־שוין! ... — האָבן די אַרומיקע אידן געמאָנט מיט אָפענע מיילער.

— נו, איך בין צוגעגאַנגען ביז צום באַלעמער, — האָט משה אהרן דערציילט,—ארויפגעגאַנגען אויבן, געלייענט אַ פּרשה פון אויסנ־וויינִיק, אַ קוש געטאָן מיט אַ ציצה דאָס אָרט וואו עס ליגט דאָס ספר, און בין מיר אַרויסגעגאַנגען.

— און־און־און גאָרנישט? — האָט מען אים געפרעגט און אים פונדעסטוועגן אָנגעקוקט מיט חשד און אַפילו מיט אַ פאַרבאָר־גענעם פּחד.

— איר זעט דאָך, אַז גאָרנישט. — האָט ער געענטפערט.

און ... און ... די בייגל? ... — האָט מרדכי, אַ איד אַ האָל־בער טרעגער, אַ חצי שמש און אַ גרויסער אכלן, געפרעגט — וואָס איז געוואָרן פון די בייגל?

— די בייגל האָב איך טאַקע נישט געפונען. — האָט משה אהרן געענטפערט — אַ שאָד טאַקע, פרישע, וואַרימע בייגל געווען.

— מסתמא האָט זיי אַ הונגעריקע נשמה אויפגעגעסן. — האָט כאַסקל דער זיפּצער אַריינגעוואָרפן.

— זייער מעגלעך. — האָט שייע דוראַק מיטגעהאַלטן.

אַט אַזעלכע מעשיות האָט מען זיך דערציילט. און מען האָט זיי געגלויבט. און מען האָט זיי איבערדערציילט. און ווייבער, וועלכע האָבן דאָס געהערט, האָבן מורא געהאַט ביינאַכט אַרויסצוגיין פון הויז. און ווען זיי האָבן געדאַרפט אַרויסגיסן דאָס פּאָמאָיעס, פלעגן זיי פריער אויסרופן: „היט אייך! היט אייך! היט אייך!“ דאָס איז געווען אַ וואָרנונג צו די אַרומבלאָנדזשענדיקע נשמות, זיי זאָלן זיין פאָרזיכטיק און זאָלן, חלילה וחס, נישט אָפּגעגאָסן ווערן מיט אומריין וואַסער.

אָבער אַ חוץ אַט דעם סאָרט מענטשן האָט דאָס שטעטל פאַרמאָגט אויך אַן אַנדער סאָרט: מענטשן קליגערע, מיט מער השגה, מיט מער

פאַרנעם, מיט אַ ברייטערן קוק אויף וועלט־זאַכן. מענטשן וועלכע פלעגן שוין לייענען ביכער. נישט נאָר דעם צאינה וראינה, אָדער דעם קרבן מנחה, אָדער דעם פּרק, אָדער די תחינה, נאָר טאַקע אמתע מעשה ביכער, פון אמתע שרייבער. העכסט שפּאַנענדע וואָרע געשיכ־טעס זענען דאָס געווען, געשריבן, אמת טאַקע, אויף פּראָסטן זשאַרגאָן, אָבער געהאַנדלט האָט זיך פונדעסטוועגן וועגן אומגליקלעכע פּרינצן און בת מלכהס... און ווי אַ פּירשט אַ רשע האָט זיי געוואָלט שלעכטס טאָן... און ווי ער איז סוף כל סוף באַשטראָפט געוואָרן... ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שוואַרצן אָקס, וואָס פינף הונדערט יאָר צייט וועט ער דאַרפן טאָן די שווערסטע אַרבעט, ביז ער וועט אָפּקומען און זיין נשמה וועט אויסגעלייזט ווערן פון דער אָקסישער פעל...

ניין, מען איז שוין גאָר נישט געווען אַזוי פאַרגרעבט.

עס האָבן זיך שוין אַפילו געפונען עטלעכע בעלפער־יונגען, וועל־כע האָבן זיך צוזאַמענגענומען און געשפּילט „טריאַטער". מען האָט פאָרגעשטעלט מכירת יוסף, און איינער פון זיי האָט געשפּילט די מו־טער רחל. און ווען ער האָט געדאַרפט ליגן אין דער ערד, אַ טויטער, און אַרויסרעדן צו זיין געטרייען זון יוסף, האָט ער (ס'הייסט דער בעלפער, וועלכער האָט געשפּילט אַלס די מוטער רחל) זיך אַוועקגע־לייגט אונטער אַ באַנק און אַרויסגערעדט פון אַ טאָפּ, כדי דאָס קול זאָל קלינגען פונקט ווי פון קבר אַרויס... די זעלבע בעלפער־יונגען פלעגן אויך אַמאָל פאָרשטעלן אסתר המלכה און המן הרשע. מילא, אַ המנען איז נישט געווען שווער צו קריגן, אָבער אַלס אסתר האָט שוין געמוזט שפּילן איינער פון זיי, אַזעלכער וואָס האָט מער־ווייניק געקענט רעדן מיט אַ קוויטשעדיק קול, און טראָגן האָט ער געמוזט זייער אַ לאַנג קלייד, כדי עס זאָלן זיך נישט אַרויסזען די שטיוול.

יאָ, אַ רואיקע און פיינע צייט איז דאָס געווען, ווען דער שטאָ־טישער פעלדשער איז געווען דער דאָקטאָר און דער מלאך המות צו־זאַמען; ווען אָפּשפּרעכן אַ „גוט אויג" איז געווען אַ רפואה צו צוין־ווייטיק און באַנקעס שטעלן — אַ סגולה צו פּרנסה. אַ צייט, ווען אַ פּרוטה איז געווען אַ מטבע און פאַר פונאַנדערפלעכטן אַ שטריקל האָט מען געקראָגן אַ שיינע כלה מיט עטלעכע הונדערט קאַרבן נדן... אָט אין דער צייט איז ביי ר' שמואל דוד און חיהלע ריינאַרסקי געבוירן געוואָרן דאָס פינפטע קינד זייערס, בוזשעלע.

דאָס איז געווען אינם יאָר אַכצן הונדערט זיבן־און־ניינציק.

צי ווייל אַזוי האָט געוואָלט די השגחה, ווי פרומע לייט האָבן אויס־געטייטשט, צי ווייל עס איז געווען אַ ריינער צופאַל, בוזשעלע איז גע־

בוירן געוואָרן אין אַ שווערער אָבער אין אַ מזלדיקער שעה. שווער פאַר זיין מאַמען, דער איידעלער, געפּיעשטשעטער אידענע, און מזלדיק פאַר אים, דעם פינפטן קינד דער מאַמעס, דעם מוזיניק, וואָס האָט געהאַט די זכיה און דעם שכל געבוירן צו ווערן באַלד נאָכדעם ווי זייַנע עלטערן זענען באַגליקט געוואָרן.

די מוטער זיינע האָט געהאַט מיט אים אַ שווער טראָגן. אַזוי שווער איז איר טראָגן געווען, אַז ווען זי האָט מיט אירע קורצע און דינע פיסלעך און אויפגעדראָלענעם בייכל אַריינגעשפּאַנט אינם פערטן חודש, האָט זי זיך אָנגעהויבן צו באַקלאָגן פאַר דעם מאַן אירן, דעם אויפגעקומענעם גביר:

— שמי'טאָוויד, — האָט זי זיך געמיט צו רעדן מיט אַ ווי ווייט מעגלעך שוואַך קולכל, — כ'האָב מורא, שמי'טאָוויד...

— וואָס מיינסטו? ... האָט דער מאַן אירער אין אָנפאַנג נישט פאַרשטאַנען.

— פאַר דעם־אָ האָב יעך מורא, שמי'טאָוויד... — האָט זי אים אָנגעוויזן אויף דעם אָנגעדראָלענעם, שפּיצעכדיקן בייכל אירן.

— ס'ציטערט מיר ס'האַרץ...

— ס'איז דיר דען דאָס ערשטע מאָל? — האָט ער געפרעגט.

— ס'איז טאַקע נישט דאָס ערשטע מאָל, — האָט זי געענטפערט,

— נאָר יעך פיל עפּעס היינט ערגער ווי תמיד...

גיי, ס'דאַכט זעך דיר. — האָט דער מאַן זי אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט—נאַ,—האָט ער איר אונטערגעטראָגן אַ פולע, זאַפטיקע לימענע מיט אַ פריש פיטומל, — גיב אַ לעק, וועט דיר בעסער ווערן.

דעם פינפטן חודש האָט זי גענומען קרעכצן העכער, באַזונדערס דורך די נעכט, כדי דער מאַן אירער, וועלכער איז בייטאָג געווען פאַרנומען מיט געשעפט, זאָל הערן ווי זי ליידט נעבאַך. אָבער דער מאַן האָט זיך גראָד געמאַכט נישט הערנדיק. ער איז זיך געלעגן אין זיין אייגן בעט, וואָס איז געשטאַנען קאָפּ־צו־קאָפּ מיט איר בעט, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ זיינעם אָן די דריי־גאָרנדיקע קישנס, אַזוי אַז דער איבעריקער טייל קערפּער איז כמעט ווי אַראָפּגעהאַנגען אין דער לופטן. איין קישן, דאָס סאַמע אויבערשטע, האָט געהאַלטן ארומגעקלאַמערט זיין גרויסן קורץ־געשווירענעם קאָפּ, צוזאַמען מיט דער יאַרמלקע. און די באָרד זיינע, ברייט און רויט, האָט ווי באַפלאַסטערט דאָס ווייסע ציכל מיט טרוקן בלוט. איין האַנט האָט ער געהאַלטן אונטערן אויער, אַמאָל אונטערן רעכטן, אַמאָל אונטערן לינקן (ס'האָט זיך געווענדט אויף וועלכער זייט ער איז געלעגן), און די אַנדערע — אונטערן איבערבעט.

אַזוי פלעגט ער דווקא האָבן אַ גאַנץ לייכטן שלאָף, שמאול דוד, אָבער ווי נאָר דאָס ווייב זיינס פלעגט זיך צוקרעכצן און צוואויקען, פלעגט ער באַלד אַריינפאַלן אין אַזאַ טיפן און שווערן שלאָף, אַז זיין כראָפּען פלעגט זיך צוטראָגן איבער אַלע חדרים...

אויפן זעקסטן חודש האָט חיהלע אָנגעהויבן אונטערצוליגן און אונטערצוקוואָקטשען. אויפן זיבעטן חודש האָט זי אָנגעהויבן רעדן פון אַ דאָקטאָר. מען זאָל איר ברענגען, הייסט עס, אַן אמתן דאָק־טאָר פון לובלין אָדער וואַרשע. אויפן אַכטן חודש איז זי שוין נישט אַרויס פון בעט, האָט זיך געשאָפּט מיט דער קריסטלעכער דינסט, איז דערגאַנגען די יאָרן די קינדער, באַזונדערס די טעכטער, און איינמאָל, מיטיקצייט, האָט זי אַפילו אַ זאָג געטאָן צום מאַן:

— ווייסט, שמי׳טאָוויד, יעך דענק, אַז כ׳בין פאַרביי. יעך האָב מורא, אַז כ׳גיי פון דער וועלט. אפשר וואָלסטו אַריבערגעפאָרן קיין קירע צום רבין...

— אייסעך וואָס אַ אידענע רעדט דאָרטן! — האָט דער מאַן אַ בייזער, פאַרוואָס זי איז אים אַריינגעפאָרן מיט אירע זויערע רייד אין מיטן עסן, אויסגערופן — האָסט זעך איינגערעדט אַ קאַץ אין בויך און פּטור!...

— שמי׳טאָוויד! — האָט זי אויף אים אַ געשריי געטאָן, פאַר־געסנדיק פּלוצלינג וואו זי האַלט מיט איר קראַנקהייט — ווי אַזוי רעדסטו דאָס צו מיר? האָסט פאַרגעסן, אַז יעך בין די מאַמע פון דיינע קינדער? האָסט פאַרגעסן, אַז יעך בין ניערוונע, שמי׳טאָוויד?

שמאול דוד האָט זיך געגעבן אַ כאַפּ. ער האָט טאַקע געהאַט פאַרגעסן וואו ער האַלט מיט איר. חיהלע זיין ווייב האָט נישט גע־זאָגט קיין ליגן. זי איז טאַקע לעצטנס געווען זייער נערוועז. און נישט נאָר מיטן שוואַנגערן האָט זיך אָנגעהויבן די נערוועזקייט אירע, נאָר פריער, אַ סך פריער, מיט אַ צוויי יאָר צוריק, ווען ער, דער מאַן אירער, איז פּלוצלינג באַגליקט געוואָרן.

יאָ, אַזוי האָבן טאַקע מענטשן, נישט פאַרגינער, געשמועסט, אַז די גאַנצע נערוועזקייט אירע האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס זי איז פּלוצלינג אויפגעריכט געוואָרן; אַז דאָס האָט זיך אַלץ גענומען פון איר ניי־געבאַקענער עשירות, צו וועלכער זי איז נישט געווען צוגע־וואוינט. עס האָט איר, הייסט עס, פאַרשאַדט צום מאָגן.

ווייל פריער איז חיהלע קיינמאָל נישט געווען ניערוונע. פריער איז זי קיינמאָל נישט געוואָרן „אויפגעריקט". פריער אויך נישט קיין גוואַלדיקער קאָזאַק, האָט זי זיך פונדעסטוועגן געהאַלטן אויף די

פּיס, געארבעט, געקאָכט, אויסגעטראָגן קינדער, זיי אַליין געהאָדעוועט, אָן א דינסט, און—זי איז געווען געזונט, זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט. איצטער, אַליאַדע וואָס: „מאַך מעך נישט ניערוונע, שמי׳טאָוויד! יעך ווער אויפגעריקט...“

אָבער פריער איז זי נישט געווען קיין נגידה. פריער האָט איר מאַן נישט געהייסן ר׳ שמואל דוד דער לעדער קרעמער, נאָר פּשוט שמי׳דאָוויד, דער רויטער שמי׳דאָוויד, אָדער שמי׳דאָוויד דער שאַכער. ווייל ער איז טאַקע געווען א שאַכער און א מאַכער און א פלאַטער־קאָפּ און א שטעקל־דרייער. ער האָט פאַרקויפט ווייץ און האָבער און גערשטן און צוקער און גרייפּלעך און נעכטיקע טעג. און דאָס אַלץ אויפן וואָרט, אויפן הן שלי, אז די סחורה, וואָס ער האָט אייגנטלעך קיינמאָל פאַר זיינע אויגן נישט אָנגעזען, איז די אמתע סחורה, און אז דער מקח, וואָס ער גיט אָן, איז דער אמתער מקח, זאָלן זיי אַלע ביי־דע אזוי געזונט זיין, צוזאַמען מיט ווייב און קינדער. אביסל האָט מען אים געגלויבט. און טאָמער נישט, האָט ער זיך אויך נישט געפילט באַליידיקט. ער האָט זיך געלאָזט דינגען. ער האָט זיך געלאָזט רעדן, שמי׳דאָוויד דער שאַכער. און פאַרוואָס זאָל ער עפּעס נישט לאָזן? — האָט ער געטראַכט — עס קאָסט אים טייערער? ער דערלייגט דערצו דער באָבעס ירושה?

און מיטאַמאָל, פון דער העלער הויט, האָט אים געטראָפן אן אומדערוואַרט גליק.

ער האָט ארייַנגעקראָגן א ירושה פון זיינעם אן עלטערן ברודער, וועלכער איז געהאַט אוועק פון דער היים מיט א סך יאָרן צוריק, ווען ער, שמואל דוד, איז נאָך געווען א קליין אינגל. ער האָט אים טאַקע קוים־וואָס געדענקט. און דאָס וואָס ער האָט וועגן אים געוואוסט, איז אויך געווען נאָר וואָס ער האָט געהערט פון אנדערע. און געהערט האָט ער, אז יענער, דער ברודער זיינער, האָט זיך גאָר נישט אויפגע־פירט ווי עס דאַרף צו זיין. ער איז נישט געגאַנגען אין טאַטנס וועגן און נישט אין זיידנס וועגן. ער איז בכלל נישט געגאַנגען אין קיי־נעמס גאַנג, א חוץ אין זיין אייגענעם. און זיין אייגענער גאַנג איז געווען א מאָדנער. פון דאַוונען האָט ער ווינציק־וואָס געהאַלטן. און פון אַנדערע הייליקע זאַכן—נאָך ווייניקער. „גאָט“, האָט ער געזאָגט, „דאַרף מען דינען מיטן האַרץ, נישט מיטן קאָפּ, אָדער מיטן מויל“. נישט אַלע האָבן פאַרשטאַנען וואָס ער האָט געמיינט דערמיט. און צום ווינציקסטן האָט אים פאַרשטאַנען דער פאָטער זיינער, ר׳ יונה טישע־וויצער, א איד מיט א גרויסן כעס און א קליינעם דיבור. ביי אים איז

געוועזן רעכט, אַז דער זון זיינער איז נישט ביי די ריינע געדאַנקען און אַז זיין פּלאַץ איז נישט צווישן מענטשן.

— ווייל ווי איז עס געהערט געוואָרן, — האָט ער געזאָגט, — אַז אַ יונגאַטש פון ניינצן יאָר, וועלכער האָט שוין פון לאַנג געדאַרפט האָבן חתונה געהאַט און האָבן געברענגט אַ דור אויף דער וועלט, זאָל זיך גאָר אַרומטראָגן מיט גויאישע טריף־פּסולען און רעדן חסר דעהדיקע רייד? ווי וויט איז שוין דען דאָס פון שמד? ...

עס האָט נישט געהאָלפן דעם זונס ענטפער, אַז עס האַלט נאָך נישט און עס וועט קיינמאָל נישט האַלטן ביי קיין שמד, אַז ער וועט נישט אויסבייטן איין רעליגיע אויף אַן אַנדערער, ווייל אַלע רעליגיעס טויגן נישט. און דאָס וואָס ער לייענט, זענען נישט קיין גויאישע סידורים, נאָר ביכער, פּשוט ביכער, וואָס ווי אַזוי ער האָט זיך אויסגע־לערנט אין זיי לייענען, איז נישט קיינעמס דאגה, און פון וועלכע מען לערנט זיך אויס צו זיין מענטשן, אמתע מענטשן, נישט אַזעלכע דזשיקע לייט ווי די היגע אידן זענען.

דער פאָטער מיטן גרויסן כעס און קליינעם דיבור האָט דאָס נישט געקענט תופס זיין. ער האָט זיך געוואָלט צושרייען אויף דעם זון זיינעם, דעם שייגאַץ, און נישט געקענט. דאָס קול האָט בשום אופן נישט געוואָלט דינען. און די מוטער, מלכה מיטן שייטל (באשר זי האָט געטראָגן אַ גוואַלדיק גרויס שייטל אויף אַ גוואַלדיק קליין קעפּל) — זי האָט עס אודאי נישט געקענט באַנעמען. האָבן זיי אים דערי־בער אַ נאָמען געגעבן משוגענער. פון זיי איז דער נאָמען אַריבער צו אַנדערע, און פון די אַנדערע — צו נאָך אַנדערע. ביז די גאַנצע שטאָט האָט זיך דערוואוסט, אַז אהרן יונה טישעוויצערס זון איז משוגע גע־וואָרן. איז פון דאַמאָלס־אָן, ווי נאָר ער פלעגט זיך באַווייזן אין גאַס, האָט מען אויף אים געטייטלט מיט די פינגער, און מאַמעס זענען מיט זייער קליינוואַרג אַנטלאָפן, כדי דער „משוגענער" זאָל זיי קיין שלעכטס נישט טאָן. אָבער אַזוי גיך ווי מען האָט איינגעזען, אַז ער טשעפּעט קיינעם נישט, אַז ער גייט זיך בלויז זיין איינענעם שטילן, פאַרטראַכטן, געמאָסטענעם גאַנג, האָט מען אויפגעהערט פאַר אים מורא צו האָבן און מען האָט אים אָנגעהויבן דערגיין די יאָרן, ווי יעדן משוגענעם אין די קליינע שטעטלעך. קליינוואַרג, און אפילו דערוואַקסענע, האָבן זיך אָנגעהויבן צו אים צו טשעפּען, פריער מיט רייד, נאָכדעם מיט אַ טאָרע ביי דער האַנט, אַן אַקסל, אַ מלבוש. אַ קינד האָט זיך שוין אפילו דערלויבט אים נאָכצעוואַרפן אַ שטיין. ביז דער גאַנצער עסק האָט אים, דעם „משוגענעם", געמוזט נמאס ווערן און ער איז אין איין

שיינעם טאָג פאַרשוואונדן געוואָרן און קיינער האָט נישט געוואוסט וואוהין.

ער האָט אַביסעלע אויסגעפּעלט די שטעטלשע לצים, קליינע אַזוי גוט ווי גרויסע. עס האָט זיי אַביסעלע פאַרדראָסן אויף אים, למאַי ער האָט פון זיי אָוועקגעגזלט אַ שטיק צייט־פאַרטרייב (ווייל אַ סך פון זיי זענען איצטער פּשוט געבליבן אָן אַ שטאָך אַרבעט), אָבער זיי האָבן געמוזט אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט און אים פאַרגעסן. מילא, ס'איז טאַקע געווען אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד. נאָך אַלעמען, האָבן זיי געטראַכט, איז ער געווען אַ גאַנץ פיינער משוגענער: ער האָט קיינעם נישט געטשעפּעט, ער האָט קיינעם נישט געשלאָגן — ס'איז געווען מיט וועמען די צייט אויסצופילן. אַ שאָד, אַ שאָד, אַזאַ משוגענעם וועט זיין שווער זיך צוצוקלויבן...

אהרן האָט קיינמאָל נישט געשריבן. קיין איינציק מאָל נישט געלאָזט הערן פון זיך. דער אַלטער טאַטע איז נאָך אים אָפּגעזעסן שבעה. די מוטער איז פון צרות געוואָרן אַזוי אַ תל, אַז דאָס שייטל אויף איר קאָפּ איז געוואָרן נאָך גרעסער און עס האָט כסדר געהאַלטן אין איין פאַרשלינגען איין שטיק פּנים אירן נאָכן אַנדערן. און אַזוי זענען דערווייל די יאָרן געלאָפן. דער איינציק־איבערגעבליבענער זון שמואל דוד איז אונטערגעוואַקסן, חתונה געהאַט, אליין, מיט גאָטס הילף, געוואָרן אַ טאַטע. דערנאָך האָט ער, ווי אַ געטרייער זון, באַגראָבן די עלטערן זיינע, פריער דעם טאַטן, נאָכדעם דער מאַמען, אָפּגעזאָגט נאָך זיי דעם אמתן קדיש, און ער איז געבליבן איינער אַליין אויף דער וועלט פאַרצוזעצן זיין שטאַם, אָנצוהאַלטן דעם נאָמען פון זיינע עלטערן, זיידעס און עלטער־זיידעס.

און מיטאַמאָל — אַזאַ זאַך! אַ בריוו מיט פּאַפּירן פון זאַגראַניצע. וואָס קען דאָ זיין?

שמואל דוד האָט געדאַרפט אונטערשרייבן. האָט אים די האַנט אָנגעהויבן אונטערצוציטערן. דאָס איז נישט געווען קיין גוטער סימן. אפשר איז גאָר דאָ אַ מעשה דערביי?... אַ חוץ דעם, איז זיין ווייב געשטאַנען לעבן אים און אים געענגעט:

— ניטע, שמי'טאָוויד... יעך הייס דעך ניש' אונטערשרייבן... יעך האָב מורא...

און די קינדער זענען אויך געשטאַנען אַרום און האָבן מיט גרויס אינטערעס געקוקט אויף דעם פּאַק פּאַפּירן, וואָס דער בריוועטרעגער האָט געהאַלטן אין האַנט, און זיי זענען געווען געשפּאַנט און אָנגעצויגן. זיי האָבן דוקא געוואָלט, אַז דער פאָטער זאָל חתמענען, כדי

זיי זאָלן קענען וויסן וואָס אינווייניק, אין דעם פּאַק פּאַפּירן, געפינט זיך. און ווען דער פאָטער האָט אונטערגעשריבן, האָבן זיי תיכּף חרטה געהאַט אויף זייער נייגעריקייט. זיי האָבן זיך געשראָקן, אַז טאָמער איז טאַקע די מוטער זייערע גערעכט, ווען זי האַלט אין איין שרייען און בעטן זיך:

— ניטע, שמי'טאָוויד . . . יעך האָב מורא . . .

אָבער פון דער גאַנצער ציטערניש און מורא האָט זיך גאָר אויסגעלאָזט אַ ירושה פונם פאַרלוירענעם ברודער, דעם „משוגענעם", וועלכער איז מגולגל געוואָרן ערגעץ אין בוענאָס איירעס. דאָרטן איז ער געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק אַ ירושה פאַר זיינע עלטערן און ברודער ריינאַרסקי אין דעם קליינעם פּוילישן שטעטל.

די ירושה האָט באַטראָפן אַרום צוועלף טויזנט רובל, שוין מיט די אָראָפּגערעכנטע פּראָצענטער פאַר דער רעגירונג. אָבער די שטעטלשע אידן האָבן זיך געהאַט זייער אייגענעם חשבון. און אַזוי ווי שמואל דוד האָט קיינעם נישט איינגעלאַדן מען זאָל פאַר אים ציילן דאָס געלט, האָט דערוויייל קהל געחשבונט אויף זיין אייגענעם שטייגער און צולאָזט די קליינשטעטלדיקע פאַנטאַזיעס און זיך געלאָזט וואוילגיין מיט אויסגעחלומטע גליקן. איינער האָט געזאָגט, אַז שמואל דודס ירושה באַטרעפט אוואָסערע פופציק טויזנט רובל. פון וואַנען ער דרינגט עס? פון דעם, וואָס אַ ברודער אין בוענאָס איירעס וועט ווינציקער נישט איבערלאָזן, ניין. עס לייגט זיך אים גאָר אַנדערש נישט אויפן שכל... איז אַן אַנדערן נישט געפעלן דער חשבון. ער — האָט ער געזאָגט — ווייסט בעסער פון משה יאָסל בולקעניק. ער דענקט, אַז שמואל דוד האָט געמוזט אַריינקריגן אַ קנאַפּן הונדערטער, דאָס הייסט קנאַפּע הונדערט טויזנט קאַרבאָוואַנצעס, אַ גראָשן נישט ווינציקער. פון וואַנען ער נעמט דאָס? שוטים, וואָס זיי זענען! זאָלן זיי איין קוק געבן אויף שמואל דודס נייעם פוטער, וועלן זיי ווסן פון וואַנען ער ווייסט...

און איינער אַ שטאָט־באַלעבעסל, פון תמיד־אָן אַ קנאַפּער פּאַרשוין און אַ קאַרגער שמועסער, האָט מיט אַמאָל אויך באַקומען לשון, און אויף אַ שוואַך קולכל, אויף וועלכן עס פלעגן זיך דורכוועבן דינע, קרעכצנדיקע טענער, האָט אויך אַריינגעוואָרפן זיין השערה:

— און יעך דענק, מיינע ליבע אידן, אַז עץ זענט בײדע אומגערעכט. יעך דענק, אַז שמואל דוד האָט אַריינגעקראָגן די אמתע אַפּותיקי.

— ער דענקט! קיקטס נאָר אָן ווער ס'דענקט! ... — האָט לײ־

בוש טעמנע (באשר ער איז געווען אַ איד מיט אַ פינסטערן בליק אין די אויגן) געזאָגט.

— און וואָס הייסט ביי אייך אַן אַפּותיקי? — האָט חנא גאַרטל, אַ איד מיט אַ שווערער אַטלעסענער קאַפּאָטע און אַן אומ־געהייער ברייטן זילבערנעם גאַרטל, געפרעגט דעם קנאַפּן פּאַרשוין און דערביי אויף אים אָנגעשפּיצט אַ שטעכיק און אָפּלאַכנדיק אייגל.

— יעך דענק, — האָט דער קנאַפּער פּאַרשוין צושראָקן געפינטלט מיט די אויגן, קענטיק צוליב דער ריזיקע, וואָס ער גייט דאָ אויף זיך נעמען, — יעך דענק, אַז ס'מוז זיין אפשר אַ גאַנצער קיילעכדיקער מיליוען...

— וואועס?! — האָבן עטלעכע שטימעס אויסגעשריגן אויף אַמאָל און עטלעכע בערד זענען דערשטוינט געוואָרן — וואָס זאָגט איר? אַ מיליוען?

— אַ גאַנצן מיליוען? — האָט מען צו אים געהאַט אַ טענה, און די טענה איז געווען באַגלייט אי מיט אַ סך, אי מיט אַ באַגרע־ניצטן גלויבן און מיט אַ נישט פאַרגינען אים, שמואל דודן, אַזאַ פּאַרמעגן.

— אַנדערש ווילט איר נישט, נאָר אַ גאַנצן מיליוען? — האָט מען זיך געפּרוואווט מיט אים דינגען — אפשר קענט איר עס פּאָרט מאַכן אַ קאָפּיטשקע ווענלוועלער?...

— סי לוינט זעך אים נישט... — האָט אריינגעוואָרפן לייבוש טעמנע — סי קאָסט אים אַליין טייערער...

און אַזוי ווי צו־שטאַרק פּאַרנומען איז חלילה קיינער פון זיי נישט געווען, און אויב אַפילו יאָ, האָט עס אויך נישט אויסגעמאַכט, האָט מען דערווייל אַלץ מיט אַנאַנדער אָוועקגעלייגט אַן אַ זייט און טאָג ווי נאַכט געחקירהט, געשפּעקולירט מיטן רויטן שמי'דאָווידס פּאַרמעגן. און אַזוי ווי מען האָט נישט געקענט אויסקומען צווישן זיך, האָט מען זיך געקריגט, געאַמפּערט מיטן מויל און זיך געקראָכן מיט די הענט אין די בערד אריין, ווי מ'וואָלט פון דאָרטן געוואָלט אַרויסקריגן די ריכטיקע ציפער... מען האָט זיך איינער דעם אַנדערן גערופן פּארך און ליידאַק און נאָך אַזעלכע נעמען און צו קיין טאָלק איז מען אַלץ נישט געקומען.

אינדערהיים איז די ערשטע צייט אויך נישט געווען קיין גאַנצע מנוחה. חיהלע האָט זיך געבלאָזן, געמאַכט אָנשטעלן, אַז זי וועט זיך צו דעם נישט צורירן. „געלט", האָט זי געטענהט, „וואָס קומט פון בונעסיירעס, קען נישט זיין קיין ריין געלט. מסתמא איז ער דאָרטן געווען פון יענע לייט, דער.בראַטאָק דיינער. מסתמא האָט ער

געהאַנדלט מיט יענער סחורה. ניין, יעך וועל מעך צו דעם געלט נישט צורירן. מיין הויז איז אַ ריין הויז. מיינע קינדער זענען כשרע אידישע קינדער, שמי'טאָוויד".

שמואל דוד האָט זי געלאָזט רעדן. וואָס האָט אים געאַרט? ער האָט געקענט זיין חיהלען. ער האָט געוואוסט, אַז זי מאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי ווייל איטצער אביסעלע אָפּשרייען, כדי זיך צו באַוואָרענען אויף שפּעטער. ווי אַ זאַך מאַכט זיך, זאָל זי אים שפּעטער קענען זאָגן:

— אהאַ, זעסט? אָבער יעך האָב דעך געוואָרנט!...

האָט זי טאַקע נאָכן יוצא זיין, ס'הייסט נאָכן אָפּשרייען און אָפּסטראַשען איר מאַן, אַז זי וועט פון דעם טריפהנעם געלט נישט געניסן אויף אַזוי פיל־אַ (אָנגעוויזן דערביי וויפיל־אַ), זיך גלייך איבערגעבעטן און זיך דערצו צוגעכאַפּט, ווי אַן אויסגעהונגערטע פליג צו אַ שטיק צוקער. זי האָט זיך מיט די קינדער באַשוכט און באַקליידט פון אויבן ביז אַרונטער. נאָכדעם האָט זי זיך איינגעהאַנדלט אַ שיק אויף שבת און יום־טוב. זי האָט זיך אריבערגעצויגן אין נייע דירות, גרעסערע און שענערע. זי האָט זיך צוגענומען אַ דינסט און האָט זי אומישנע מיטגענומען אין מאַרק אריין, זי זאָל איר נאָכטראָגן דעם קאָשיק. דאָס האָט זי געטאָן כדי צו ווייזן דער וועלט, ווער אַזוינס זי איז און וואָס אַזוינס זי קען באַווייזן. אויסער דעם, האָט זי זיך אָנגעהויבן צו גוידערן און רעדן פּויליש, אירס אַן אייגענעם סאָרט פּויליש...

און אָט אין די גדולהדיקע טעג האָט איר גאָט געהאָלפן און זי האָט פאַרשוואַנגערט. דאַמאָלס, דערפילנדיק זיך וויכטיק און געהויבן, ווי אַן אמתע נגידה דאַרף פילן, האָט זי זיך אָנגעהויבן צו פּיעשטשען און האָט אָנגעהויבן אונטערצוקרעכצן און אונטערצוליגן, ווי ס'פּאַסט פאַר אַ באַלעבאָסטע פון איר שטאַנד. אין אָנפאַנג האָט דער מאַן איבער געשוויגן, געדולדעט זי אויף וויפיל עס איז אים נאָר געווען מעגלעך, איר אויסגערעדט, זי געטרייסט. אָבער ווען זי איז שוין צופיל צו אים צוגעשטאַנען און אים גענומען דערגיין די יאָרן מיט אַ דאָקטאָר און מיט אַ רבין פון קירע, דאַמאָלס האָט ער זיך שוין נישט געקענט מער איינהאַלטן און צו איר אַ זאָג געטאָן:

— דו ווייסט וואָס מיט דיר איז, מיין ווייב? ניין? דו ווייסט עס נישט? ני, וועל יעך עס דיר זאָגן: זיי געזונט, חיהלע סענדער איטשעס, אַז ס'האָט דיר פאַרשאַדט דאָס עשירות. ביסט קראַנק אויף צופיל געלט, צו וועלכן ביסט נישט צוגעוואוינט. אָטאָ־דאָס־אַ איז'ס. פאַרשטייסט מעך?

## קאַפּיטל צוויי

בוזשעלע איז געקומען אויף דער וועלט מיט אַ טומל און אַ הו־האַ. די מוטער האָט געשריגן, אַז זי איז פאַרביי. דער פאָטער האָט זיך געביסן די באָרד (סוף כל סוף האָט זי אים אביסעלע איבערגע־שראָקן). ווייל דאָס „האָבן" איז טאַקע דאָס איצטיקע מאָל געקומען שווערער ווי די פריערדיקע מאָל. און עס האָט טאַקע געדויערט לענ־גער אויך. דאָס קוויטשען אירס, וואָס האָט זיך געטראָגן פונם אַלקער, איז אים אַריינגעקראָכן אין די ביינער. און די „באָבע" (הייבאַם) האָט זיך דאָס מאָל אויך צופיל אַרומגעפּאָרעט אַרום איר. זאָל ער זאָגן, אַז דאָס „האָבן" ביי אַ נגידה קומט אָן שווערער ווי דאָס „האָבן" ביי אַ פּראָסטער, אָרימער אידענע?

האָט ער זיך אַרומגעדרייט איבער דער שטוב, דער הויכער שמואל דוד, געשפּאַנט אויף און אָפּ און געקייעט שטיקער באָרד. שטילער־הייט, פון צווישן די ציין אפער, האָט ער געפּרעפּלט אַ תפילה. קיין גאַנצע ווערטער זענען ביי אים נישט אַרויסגעקומען, מחמת דעם וואָס ער האָט געהאַט אַ טבע אַרונטערצושלינגען צוריק די ווערטער, וואָס ער פלעגט אַרויסרעדן. פון צייט צו צייט איז ער צוגעגאַנגען צו דער אַלקער־טיר און צוגעלייגט אַן אויער. ניין, די הילף איז נאָך נישט געקומען. מען דאַרף אויסזוכן עפּעס אַ ניי שטיקעלע פונם תהילים אַרויס. אַן אמת שטיקעלע, וואָס זאָל דאָרטן „אויבען" האָבן די אמתע פּעולה . . .

די דינסט זאָשע איז אויך געווען אומרואיק. אַלע ווײַלע איז זי אַריינגעלאָפן פון קיך געוואָר ווערן, צי ס'איז שוין דאָ עפּעס ניים. דערהערנדיק אָבער איר באַלעבאַסטעס קרעכצן פונם אַלקער־שטיבל אַרויס און זעענדיק דעם באַלעבאָס רחמנותדיק אויסזען, האָט זי פאַר־שטאַנען, אַז ס'איז נישט גוט, און, איבערצלמענדיק זיך, איז זי צוריק אַריין אין קיך.

די קינדער זענען אויך אַרומגעגאַנגען אָנגעצויגענע, אומצופרי־דענע. דער עלף־יאָריקער מאָניק, דער איינציקער זון אין דער משפחה און דער עלטסטער פון די פיר קינדער, האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אַ גאַסט אויף אַ פרעמדער חתונה און נישט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טאָן. אים איז עפּעס נישט איינגעגאַנגען דער גאַנצער יום טוב. אים

האָט געצויגן אַרויס אין גאַס, צו זיינע חברים. און דאָ האָט מען אים איינגעשפּאַנט ער זאָל אכטונג געבן אויף די צוויי קלענערע שוועסטער־לעך זיינע (זאָשע איז געווען פּאַרנומען אין קיך און געהאַלטן לעבן זיך דאָס סאַמע קלענסטע, וועלכעס איז אינגאַנצן אַלט געווען צוויי יאָר). אָבער ער האָט מיט זיי געהאַט אַ שווער שטיקל אַרבעט. זיי האָבן זיך נאָר געריסן צו דער אַלקער־טיר. זיי האָבן נאָר געוואָלט אויסגעפינען די סיבה פון זייער מוטערס געוואַלדן. סאַלטשע, די עלטערע, די זעקס־יאָריקע, האָט געפירט דאָס רעדל. און דבורהלע, די אינגערע, די פיר־יאָריקע, האָט איר נאָכגעטאָן. ווען נאָר דער פאָטער האָט זיך עטוואָס פאַרקוקט, צי ער איז געווען פאַרנומען מיטן פּרעפּ־לען און שלינגען ווערטער, האָבן זיי זיך צוגעכאַפּט צו דער טיר און דורך די שפּאַלטן אַריינגעקוקט אינעווייניק. וואָס זיי האָבן געזען, און צי זיי האָבן בכלל עפּעס געזען, איז שווער געווען צו וויסן, ווייל זיי האָבן אויף קיינעם נישט געקוקט, אַ חוץ בלויז איינס אויף דאָס אַנ־דערע, מיט שטומע, פאַרבאָרגענע צייכנס אויף זייערע פּנימלעך.

מאָניק האָט זיך צו דער אַלקער־טיר נישט צוגערירט. עס האָט אים נישט געפּאַסט. איז ער דאָך עפּעס אַ מאַן! צווייטנס, האָט עס אים נישט שטאַרק געצויגן צוצוגיין. ער האָט סיי ווי געוואוסט וואָס דאָרטן קומט פאָר, און מיט אַ קוק מער אָדער מיט אַ קוק ווייניקער, האָט ער געוואוסט, וועט ער שוין קליגער נישט ווערן.

ער האָט פאַרשטאַנען אַ סך זאַכן, דער קליינער מאָניק. ער איז געווען אַ קלוגער חברהמאַן, שוין אַביסעלע צו־קלוג פאַר זיינע יאָרן, ווי די מוטער זיינע פלעגט אָפט זאָגן. און נישט זעלטן, ווען זי פלעגט אויף אים בייז ווערן, ווען ער פלעגט זי נישט וועלן פאָלגן אַ גאַנג, אָדער ער פלעגט איר גלאַט אַנטקעגן רעדן, אָפּענטפערן מיט אַ קלוג, טרעפלעך וואָרט, פלעגט זי זיך צושרייען אויף אים:

— קיקטס עס נאָר אָן: ארעלע רעדט שוין... דער פעטער ארעלע מיט די ביינער...

מיט דעם האָט זי אים געמיינט צו קריטיקירן, וואָס ער האָט שוין, פון קליינוויז אָן, אָנגעהויבן אַרויסווייזן דעם פעטער אהרנס שאַרפ־קייט, מיט דער טרעפלעכקייט פונם לשון, מיט אַלץ מיט אַנאַנדער.

אָבער דעם מאַן אירן פלעגט עס פאַרדריסן. וואָס הייסט זי באַ־ליידיקט זיין ברודער, זיין טויטן ברודער, וועלכער האָט פאַר אים אַזוי פיל געטאָן! און נישט נאָר פאַר אים אַליין — פאַר איר אויך. און פאַר די קינדער אויך... וועט זי, אַזאַ סקאָטינע שבסקאָטינעס, נאָך סמעיען אַזוי צו רעדן? פלעגט ער טאַקע מיט אַ גרויסן כעס איר אָפּענטפערן:

— װאָלסטו זעך כאָטש באַדאַרפֿט שעמען צו רעדען, חיהלע סענ־דער איטשעס! דו עסט אַרעלעס ברויט, עסטו; דו טראָגסט אַרעלעס צירונג, טראָגסטו! — דו בהמהװאַטע אידענע איינע!...

און פּאָר גרויס כעס פּלעגט ער דערבײַ אַ שטאַרקן שלינג טאָן די װערטער אין האַלז אַריין.

---

מיט בוזשעלעס קומען אויף דער װעלט איז בײַ די ריינאַרסקים אין הויז פֿאָרגעקומען אַן ענדערונג.

פֿריִער זענען די אַנדערע קינדער געװען קינדער. װער אַ גוט קינד, װער אַ שלעכט קינד—ס'האָט זיך געװענדט װען און װאו—אָבער קינדער זענען זיי געװען, אמתע און פֿון איינן בלוט אַרויס. אָבער תּיכף נאָך בוזשעלעס געבוירן װערן, זענען זיי גלייך אַראָפּ פֿון זייער גדולה און זיי האָבן אַראָפּגענידערט צו דער מדרגה פֿון שטיפֿקינדער.

אין דעם איז שולדיק געװען די מאַמע.

װײַל דאָס אמתע קינד, דאָס איינציקע קינד איז איצטער געװען בוזשעלע, דער מאַמעס אוצר, איר אויג אין קאָפּ, איר טייערער שפּיל־פֿויגל.

יאָ, זי האָט גוט געװאוסט זיין װערט. װײַל ער איז איר זייער שװער אָנגעקומען. צוליב אים איז זי שיעור נישט געגאַנגען פֿון דער װעלט און דאָס אָרימע שעפּעלע איז נעבאָך שיעור נישט געבליבן אַ יתומל באַלד בײַם געבוירן װערן. דער מאַמעס הארץ איז שיעור נישט צורונען געװאָרן פֿון גרויס רחמנות און מיטגעפֿיל צו איר געראָטענעם מוזיניק.

אודאי איז ער געװען אַ געראָטענער — מיט אַלע מעלות, האָט מען געקענט זאָגן: ס'האָט געװיינט און ס'האָט געלאַכט, ס'האָט זיך באַנעצט און ס'האָט געדראָפּעט די אויגן — ניין, נישט זיך, נאָר אַנ־דערע... די חכמות פֿון דעם קינד איז גאָר נישט מעגלעך געװען צו באַשרייבן...

— משוגענע, — האָט דער מאַן אויף איר אָנגעשריגן, — די אַנדערע קינדער דיינע האָבן דען נישט באַװיזן די אַלע חכמות?

האָט זי תמיד געהאַט אַ גרייטן ענטפֿער:

— גאַ, שמי'טאָװיד, גאַ, װייסט נישט װאָס דו רעדסט... װי קומט ער צו יענע! װי קומען יענע צו אים? אַ פֿאַרגלייך, אַ משל, גאַ, שמי'טאָװיד, גאַ. ביסט קיין מבין נישט...

אַ חוץ די אַלע מעלות, האָט בוזשעלע אין זיין מוטערס אויגן גע־האַט נאָך אַ געװאַלדיק־גרויסע מעלה: ער איז געבוירן געװאָרן אַ גביר,

נישט ווי די אַנדערע קינדער אירע, די עלטערע, וועלכע זענען, אַלע ווי אײנער, געבוירענע קבצנים, שלעפּערס. און זי, דעם בעדערס טאָכ־טער, די געוועזענע קבצנטע, — אוי, ווי זי האָט פּײנט שלעפּערס, אביונים... אוי, ווי זי קען זײער דוך נישט פאַרלײדן!...

און בוזשעלע איז געוואָרן דאָס קינד פונם הויז.

די אַנדערע קינדער, אויב זײ האָבן נאָך יאָ אביסל עקזיסטירט, איז עס אויך געווען אין בוזשעלעס זכות, כדי זײ זאָלן אויף אים אָכ־טונג געבן, אויפּפּאַסן, נאָכגעבן זײנע קאַפּריזן, תיכף דערפילן דעם מינדסטן פאַרלאַנג זײנעם, אַפילו אונטערשטעלן אַ באַק אָדער אַ פּלײ־צע, ווען יענער, דאָס קינד, האָט געוואָלט עמיצן אַ פּאַטש טאָן. אַלץ, אַלץ איז געוואָרן אַ צולאָג צום קינד, אַ דערגאַנצונג צום קלײנעם דעספּאָטל.

ווײל אַזוי האָט געוואָלט די מאַמע, די גרין־הויטיקע מאַמע מיט די פאַרגעלטע פלעקן אַרום אירע אויגן; די אויפגעקומענע גבירה, מיטן נײעם שיק און פאַררײסענעם קאָפּ. אויב נישט, אויב עמיצער האָט געזאָגט אַנדערש, אויב עמיצער האָט זיך געפּרואווט קעגנשטע־לען (אַ שטײנער, דער מאַן אירער, אָדער דער עלטערער זון מאָניק), האָט זי אָנגעהויבן פּראווען שטיק, קריגן ניערוונע אָנפאַלן אָדער ווערן גוואַלדיק־שטאַרק „אויפגערעגט", ביזן העכסטן שטאַפּל...

— וואָס פאַר אַ קונץ־שטיק, וואָלט יעדן געוואָלט וויסן, — האָט שמואל דוד געטענהט צום ווײב, — שטעקט אין דעם, וואָס ער איז געבוירן געוואָרן שפּעטער פון די אַנדערע קינדער?

— פרעג נישט, שמי'טאָוויד, דו וועסט עס נישט פאַרשטײן. — האָט זי אים געענטפערט — אַ מאַן וועט קײנמאָל נישט פאַרשטײן ווי אַ פרוי פּאָכעט מיט דער נשמה, אײדער זי דערלעבט צו זען אירס אַ קינד אַרויסקומען אויף דער ליכטיקער וועלט.

— ני, און ביי די אַנדערע האָסטו נישט געפּאָכעט מיט דער נשמה?

— ס'אי נישט דאָס, שמי'טאָוויד. כ'זאָג דיר: ס'אי נישט דאָס. בוזשעלע איז גאָר אַן אַנדער סאָרט קינד...

— משוגענע! — פלעגט דער מאַן אַרויסגײן פון די כלים און אַ זעץ טאָן מיט עפּעס איבערן טיש — כ'זאָג דיר, חיהלע סענדער איט־שעס, ביסט אַ משוגענע אידענע, און דאָס עשירות האָט דיר פאַרדרײט דעם קאָפּ, און וועסט מיר נאָך, מיט גאָטס הילף, אַזוי איבערפירן דאָס קינד, אַז כ'וועל פון אים אײננעמען חרפּות און בושות...

— בײס דיר אָפּ אַ האַלבע צונג, שמי'טאָוויד! דו קענסט נישט

בוזשעלען, קענסטו נישט... ביסט נישט קיין מבין אויף דיין אייגן קינד, ביסטו נישט...

— מילא, ני, לאָמיך שוין געמאַך. — האָט דער מאַן ארויסגע־קרעכצט — הלואי זאָל יעך בלייבן דער ליגנער. עמיר זען וואָס דו׳סט אויסהאָדעוועו... עמיר זען וואָס פאַר אַ „בארליאַנט״ דו׳סט אויס־שלייפן...

און בוזשעלע האָט זיך אין זיין מאַמעס הויז געהאָדעוועט ווי אַ שלענגל אין גן עדן. מיט זיין קורץ, שוואַך אָטעמל האָט ער ארויס־געשיפּעט בייזע ווינטלעך און פאַרסמט די לופט ארום זיך. ער האָט פאַרביטערט דאָס לעבן פונם גאַנצן הויזגעזינד. בייטאָג האָט ער זיך געפּיעשטשעט פאַר דער מאַמען. ער פלעגט אָפּטראָגן מסירהלעך צו זיין טאַטן קעגן זיינע שוועסטער און ברודער. ער האָט געטופּעט מיט די פיסלעך אויף דער דינסט זאָשע. אַניט, ווען עס האָט אים עפּעס צו־געטראָטן, האָט ער גלאַט אַזוי געפּייניקט זיינע שוועסטערלעך. ער האָט זיי אָפּטמאָל אַזוי געבריקעט מיט די פיסלעך זיינע, אַז נישט איינמאָל פלעגט איינער פון זיי אַזוי פאַרקלעמען דאָס הארץ פון ווייטיק, אַז זי פלעגט זיך ביטער צעוויינען. אָבער צוריקשלאָגן האָט זי נישט געוואָגט. דאָס האָט די מוטער שטרענג פאַרבאָטן. און פון דעם מינדסטן ריר, וואָס מען האָט אים געגעבן, האָט זי באַלד געמאַכט אַ גוואַלד:

— אוי, מ׳דערהרגעט מיר ס׳קינד!... מ׳יאָגט מיר צו דעם טויט, יאָגט מען מיר צו!...

ביינאַכט האָט ער געשריגן און געוויינט ביים אַנטשלאָפן ווערן און אויך פונם שלאָף ארויס. ווייל ער איז געווען אָנגעשטרענגט און אָנגערייצט פון אַ גאַנצן טאָג פון צופיל ליבע פון דער מוטער און פון די כסדרדיקע ברוגזן מיט די שוועסטער און ברודער און אפילו מיטן פאָטער, וועלכן ער האָט טיילמאָל אַזוי ארויסגעבראַכט פון גע־דולד, אַז ער האָט זיך נישט געקענט צוריקהאַלטן פון אָנבויקערן אים. דאַמאָלס פלעגט חיהלע גאָר ווערן מלא רציחה. איר פאַרגרינט פנימל פלעגט ווערן ברוין־און־בלוי און די געלע פלעקן ארום אירע אויגן פלעגן ווערן רויט און דורך זיי פלעגט נעמען דורכפלאַקערן אַזאַ כעס צו איר מאַן, דעם רוצח, וואָס איז מסוגל געווען אים אָפּצוקאָכן אַ לעבעדיקן.

— לאָז מיר אָפּ דאָס קינד, שמי׳טאָוויד! — פלעגט זי נעמען שרייען — לאָז מיר אָפּ דאָס קינד, ווייל כ׳וועל מיר אַ מעשה אָנטאָן!

און אַרויסכאַפּנדיק סוף כּל סוף איר טייערן שפּילפויגל פון די „מערדערשע" הענט, פלעגט זי אים נעמען איינשטילן:

— ני, שאַ, קינדעלע. ני, וויין נישט, אוצר דער מאַמעס. זיי ווילן דעך דערהרגענען, די רוצחים. יעך ווייס, אַז זיי ווילן דעך דערהרגענען...

אויף דעם פלעגט מאַניק אַריינוואַרפן:

— אַז דו, מאַמע, וועסט אים נישט דערהרגענען מיט דיין גוטס־קייט, וועט אים שוין זיכער קיינער נישט דערהרגענען מיט עפּעס אַנ־דערש. מעגסט זיין זיכער אין דעם...

— אָ, — פלעגט זי זיך געבן אַ צינד אָן אויפסניי, — אַרעלע רעדט שוין. דער פעטער אַרעלע האָט שוין אויפגעבונדן דאָס צינגל.

אַזוי האָט זיך די פאַמיליע ריינאַרסקי צוטיילט אויף צווייען. אין איין זייט איז געשטאַנען די מוטער און מיט איר די דינסט זאָשע מיט אַלע דריי טעכטער, וועלכע האָבן, באין ברירה, געמוזט אָננעמען חיה־לעס געבאָט און אונטערשטעלן דאָס פּנים מיט די פּלייצעס מיט אַלץ מיט אַנאַנדער אָנטקעגן דעם קינדס אויסברוכן, נישט האָבנדיק דעם כּח זיך קעגנצושטעלן. און אויף דער צווייטער זייט איז געשטאַנען דער פאָטער, וועלכער האָט אין דעם קליינעם פּעמפּאָקס קומען אויף דער וועלט נישט געזען קיין שום קונצן (זיכער נישט קיין גרעסערע קונצן ווי די אַנדערע קינדער האָבן באַוויזן מיט זייער קומען אויף דער וועלט) און ער איז דעריבער ווינציק־וואָס פון אים נתפּעל געוואָרן, און מאַ־ניק, דער עלטערער ברודער, וואָס נישט נאָר האָט ער זיך אַליין נישט געלאָזט „דיסציפּלינירן" נאָר ער האָט זיך זייער אָפט איינגעשטעלט פאַר די שוועסטערלעך און פאַר דער דינסט זאָשע.

ער פלעגט דעם קליינעם חברהמאַן נישט שלאָגן. מאַניק איז געוועזן צו־בראַיו, ער זאָל שלאָגן אַ קלענערן און אַ שוואַכערן פון זיך. ער פלעגט בלויז, ווען דער קליינער האָט געקראָגן זיינע „טעמפּעראַ־מענטפולע" אָנפאַלן, אים נעמען אין זיינע הענט אַריין און אים צו־האַלטן אַזוי, אַז יענער זאָל זיך ניט קענען קיין ריר טאָן. דאָס פלעגט דעם קליינעם אַזוי אַרויסברענגען פון געדולד, אַז ער פלעגט נעמען רעווען און בריקען מיט די פיס און זיך איינבייסן מיט זיינע ציינדלעך אין זיין ברודערס האַנט. און צום סוף ערשט פלעגט ער, אַן אָנגע־שטרענגטער, אַן אויסגעשעפּטער, זיך פאַרקייכן. דאָן, אויב די מו־טער איז געווען אין הויז, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די אמתע בהלה. אויב אָבער זי איז נישט געווען, פלעגט די דינסט זאָשע צולויפן, צו־נעמען בוזשעלען צו זיך און אים אָנהויבן אָפּבלאָזן, אָפּזאָגנדיק דערביי דעם שפּרוך:

— ניע האָרא, ניע באָרא, ניע דזשישאי, ניע ווטשאָרא...

ניין, מאָניק האָט גאָר נישט אָפּגעשאַצט די טובה, וואָס דער קליי־נער יונג האָט אים געטאָן: געבוירן צו ווערן אויף דער וועלט אַלס זיינער אַ ברודער. און ער האָט אים נישט ליב געהאַט, דעם קליינעם, פּאַרעקשנטן, צורייצטן, שלעכט־דערצויגענעם יונג. ער האָט אים אפילו פיינט געהאַט, גאַנץ שטאַרק פיינט געהאַט, ביז האַס. ווייל ער, מאָניק, איז געווען איינגאַנצן אַן אַנדערער. ער איז געווען ברייטהאַרציק, גוט־מוטיק און גוטברודעריש מיט יעדן איינעם. און אַזוי זענען, ביז אַ געוויסן גראַד, געווען זיינע שוועסטער. דערפאַר איז אים אַזוי שווער געווען צו פאַרטראָגן דעם קליינעם אָנגעבלאָזענעם ברודער זיינעם מיט דעם קרענקלעכן טעמפּעראַמענט, וואָס איז אַלעמען דערגאַנגען די יאָרן. אַ קינד, וואָס האָט באַלד ווי עס איז צום ערשטן שכל געקומען, זיך צוגעוואוינט צום געדאַנק, אַז אַלץ, וואָס איז געווען, איז דאָ און וועט זיין, איז זיינס, שטענדיק זיינס, — ווי האָט אַזאַ קינד געקענט אַפּעלירן צו דעם מילדן, ברייטהאַרציקן, אָן־קונציקן מאָניקן?

האָט זיך טאַקע האַס און שנאה געשפּרייט צווישן די צוויי ברידער. אַ שווער געפיל פון איינעם קעגן אַנדערן האָט געלעבט אין זיי ביידע. ווייל עס האָט זיך באַלד פון אָנפאַנג־אָן אויסגעשטעלט די פראַגע ווער עס זאָל פון וועמען באַהערשט ווערן: דער צוויי, אָדער דריי, אָדער פינף, אָדער אַכט־יאָריקער בוזשעלע פון מאָניקן, צי דער דרייצן, אָדער פערצן, אָדער זעכצן, אָדער ניינצן־יאָריקער מאָניק פון בוזשע־לען?

און אַזוי ווי קיין איינער פון זיי האָט נישט געוואָלט און מסתמא נישט געקענט נאָכגעבן דעם אַנדערן, עטוואָס לויזער מאַכן די אָנגע־צויגנקייט, ווייל זייערע ביידנס כאַראַקטערס, כאָטש אַזוי פאַרשידן אין אַ סך זאַכן, זענען געווען גלייך שטאָלץ און נישט בויגזאַם, האָט דערפאַר די שנאה אין זייערע הערצער זיך געשפּרייט אַלץ טיפער און ביסלעכווייז אויסגעברענט אין זיי יעדן איבערגעבליבענעם סימן פון ברודער־ליבע.

אָבער מאָניק האָט זיך נישט גענומען צום האַרץ. ער האָט פון דעם ברודער זיינעם ווייניק־וואָס געטראַכט. ער האָט פון אים אַזוי פיל געטראַכט, אויף וויפיל ער איז דערצו געווען געצוואונגען, וואוינענדיק מיט אים אונטער איין דאַך און צוזעענדיק זיינע שטיק־לעך. ער איז אָבער געווען ווייניק שטוב־מענטש. ער האָט ליב גע־האַט די לופט, די פרייע לופט, און לעבעדיקע מענטשן, מיט פאַרב און קאָליר. אין די גרויסע שטיבער פון זייער גרויסער דירה האָט ער

זיך געפילט ענג, נישט איינצוזיצן און נישט אָפּצואָטעמען. מאַניק האָט געדאַרפט אַ ברייטערע סביבה, אַ גרעסערן שטח רוים, ער זאָל זיך קענען אויסלעבן, ער זאָל קענען פריי און אומגעשטערט אַרויס־ברענגען אַלע זיינע המצאהלעך און איינפאַלן.

צו דרייצן יאָר, באַלד נאָך בר־מצוה, האָט ער שוין אָנגעהויבן ווערן זעלבסטשטענדיק. אין חדר איז ער שוין נישט געגאַנגען. מיט די רוסישע און פּוילישע אוראָקן, וואָס ער פלעגט נעמען ביי פּריוואַטע לערער (אין גימנאַזיע האָט אים דער פאָטער נישט געוואָלט שיקן, ווייל ער האָט נישט געוואָלט, אַז זיין זון זאָל שרייבן אום שבת), האָט ער זיך גיך אָפּגעפּראַוועט. און אַזוי ווי אַלס גביריש קינד האָט ער נישט געדאַרפט אַרבעטן, איז ער געווען פריי, פריי צו גיין וואוהין ער האָט געוואָלט.

צו פופצן יאָר איז ער שוין געווען מיד פון די אַלע שפּילערייען, וואָס ער איז שוין געהאַט דורכגעגאַנגען, און עס איז אים איינגעפאַלן צו לערנען זיך אַ פאַך. ער האָט גאַנץ פּשוט געזאָגט זיינע עלטערן, אַז ער וויל ווערן אַן אַרבעטער.

ביי דעם פאָטער האָט זיך אַזש אַ שויבער געטאָן די באָרד, ווען ער האָט דאָס דערהערט.

— הא? אַן אַרבעטוריער? אַ בעל מלאכה? מיין זון?...

און אַרויסגעזאָגט האָט ער דאָס אַליין אין אַזאַ טאָן, ווי איינער רעדט:

— פע! נישט דאָס האָב'עך דערוואַרט צו הערן פון מיינס אַ קינד...

אָבער די מוטער, וועלכע איז דערביי געשטאַנען, האָט זיך אַזש מחיה געווען, ווען זי האָט דאָס דערהערט.

— אַהאַ, זעסט? — האָט זי אַזאַ נצחונדיקן זאָג געטאָן צום מאַן — האָב יעך דיר נישט געזאָגט, אַז מעמאַ נאָך האָבן פון אים גענוג צרות? דער צווייטער אַרעלע. דער פעטער אַרעלע אויסן אויג...

דער פאָטער, וועמען עס איז אַליין שטאַרק נישט געפעלן זיין זונס פּלאַן, און ער האָט זיך שוין טאַקע געקליבן אים דאָס זאָגן, זאָגן אַזוי מיטן פולן מויל, אַז „אַזוי און אַזוי, תכשיטל, אויב גאָט האָט אונז שוין יאָ געהאָלפן און מע זעמאַ'ר אויפגעריכט געוואָרן, טאָר מען נישט זינדיקן. מען טאָר, תכשיטל מיינער, קיין בעל מלאכה נישט ווערן, כדי נישט צו דערצערנען זיין ליבן נאָמען. ווייל אַזוי הייסט עס פּשוט־פּשט, אַז מ'שאַצט נישט אָפּ זיין גאָב, אַז מע וויל בלויז טאָן רשע להכעיס. דעריבער, מיין זון"...

אָט דאָס האָט זיך שמואל דוד געגרייט צו זאָגן דעם זון זיינעם. אָבער אינמיטן דרינען האָט זי זיך אריינגעמישט, די אישה, און, ווי געוויינלעך, אַ גראָב געטאָן זיין טויטן ברודער פון קבר, און, ווי געוויינלעך, האָט עס אים, שמואל דודן טאַקע, אַ שטאַרקן באַריר געטאָן, אַזוי אַ היפּשן שטאָך געטאָן אין די ריפּן, קען מען זאָגן. האָט ער דעריבער, אַנשטאָט אָפּצומוסרן דעם זון זיינעם, אַז אַזוי און אַזוי, מיט דעם רבונו של עולם טאָר מען זיך נישט שפּילן, זיך גאָר אַ ווענד געטאָן צו איר, דער אישה צנועה זיינער, מיט אַ שטאַרק איינגעהאַלטענעם כעס:

— און אַ בעדער אין דער משפּחה, איז, דאַכט זעך מיר, אויך נישט אַזאַ גוואַלדיקער אַנטיק, — האַ? וואָס? חיהלע סענדער איטשעס!...

און אַ האַלב צוכעסטער פון איר גראָבקייט, און אַ האַלב צופרידענער פון דער שטראָף, וואָס ער האָט איר איצטער דערלאַנגט, האָט ער אַ טאָפּלטן שלינג געטאָן די ווערטער, פריער אין דער רעכטער קעל, נאָכדעם אין דער לינקער.

איינזעענדיק, אַז זיינע עלטערן קענען צווישן זיך נישט דורכקומען, האָט מאָניק דערווייל אויסגענוצט די געלעגנהייט און איז געוואָרן אַן „אַרבעטער".

אַזוי ווי אינם זעלבן הויז, וואו זיי האָבן געוואוינט, האָט אויך געוואוינט אַ שניידער (אין אַן אונטערשטער דירה, אין אַ ביליקער), האָט ער זיך דעריבער גענומען צו „שניידעריי".

מאָניק האָט נאַטירלעך נישט געמוזט דורכגיין דעם זעלבן קורס פון אַ לערן־אינגל, וואָס האָט זיך געפאָדערט אין יענער צייט. ווייל אויסלערנען זיך די מלאכה פון שניידעריי אָדער שוסטעריי אָדער וואַסער נישט איז אַנדער פאַך, האָט געדאַרפט געדויערן שיעור נישט אַזוי פיל צייט ווי אויסצושטודירן אויף אַפּטייקער אָדער אויף ציין־דאָקטאָר. מיט דעם איינציקן אונטערשיד, וואָס מיטן דורכגיין דעם שניידערישן אָדער שוסטערישן קורס איז געווען פאַרבונדן אָן אַ שיעור מער שוועריקייטן און מען האָט זיך דערביי הונדערטפאַכיק מער אָנגעליטן ווי לערנענדיק זיך דאָקטאָריע אָדער פאַרמאַצעווטעריי.

די פּראָצעדור פון אָנהויבן זיך לערנען אַ פאַך פלעגט זיך געוויינלעך אָנהויבן אַזוי:

דער פאָטער אָדער די מוטער (פון אָרימען גראַד) פלעגט נעמען אַ אינגל, אַ קינד נאָך פון אַ יאָר ניין אָדער צען, און עס ברענגען צום

שניידער, אָדער צום שוסטער, אָדער צו אַן אַנדערן „מייַנסטער" פון א פאַך, און צו אים אַזוי זאָגן:

— ר' שמשון, נאָט אייך מיין אינגל און מאַכט מיר אים פאַר א מענטש...

ר' שמשונען, דעם שניידער, אָדער דעם שוסטער, אָדער אַן אַנ־דערן סאָרט „מייַנסטער", פלעגט אַזאַ זאָג גאַנץ וואויל הנאה טאָן. אָבער ער וועט דאָך עס נישט גיין ארויסווייזן אָפן. פלעגט ער זיך אַזאַ פּאַמעלעכדיקן קראַץ טאָן דאָרט וואו מען האָט געדאַרפט, טאָן א מעסט־אָפּ דאָס אינגעלע פון אויבן ביז אַרונטער מיט א גוואַלדיק קריטיש און מבֿיניש אויג, א קנייטש טאָן דעם שטערן און א זאָג טאָן מיט ביטול:

— מנע, ס'איז אויך מיר א גענזל אויפן יאַריד...

וואָס דער טייטש דערפון איז געווען:

— ער איז קיין סך נישט ווערט, דער קליינער שמויגער.

וואָס דער אונטערטייטש דערפון האָט באַלד נאָכגעפּאָלגט:

— איר ווילט טאַקע, ער זאָל ווערן א בעל־מלאָכה?

— זיכער, ר' שמשון, — פלעגט געוויינלעך זיין דער ענטפער,

— ווי דען?

— אַן אמתער בעל־מלאָכה, — האָט שמשון איינגעצויגן אַן אייגל און אָנגעשטעלט דאָס בערדל, גלייך ער וואָלט זיך געגרייט אויף עמיצן אָנצופאַלן, — צי א פּאַרטאַטש?...

— וואָס רעדט איר, ר' שמשון, — פלעגט דער פאָטער אָדער די מוטער פון דעם אינגל ענטפערן, — ביי אייך קען מען קיין פּאַרטאַטש נישט ווערן, ביי אייך.

— ני, לאָזט געמאַך! — פלעגט שמשון, דער גרויסער מייַנסטער, וועלן אָנהאַלטן פּאַסאָן און זיך נישט לאָזן צופיל לויבן, כאָטש אויך דאָס פלעגט אים אין האַרצן וואויל הנאה טאָן צו הערן — איז וואָ־זשע האַלטן מיר? יאָ, כ'מיין: אויף ווי לאַנג ווילט איר מיר אים געבן?

— אויף ווי לאַנג איר ווילט נאָר אַליין, ר' שמשון, אבי מאַכט אים פאַר א מענטש...

און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די קאַריערע פון א ניין אָדער א צען־יאָריק אָרים אינגל אין א פוילישׂ שטעטל אין יענער צייט. א לאַנגער וועג פון גלות איז דאָס געווען, א וועג פון פּיין און דערני־דערונג און נויט. די ערשטע דריי־פיר יאָר האָט מען אים אינגאַנצן נישט צוגעלאָזט צום וואַרשטאַט, נאָר זיין אַרבעט איז באַשטאַנען

אין טראָגן וואַסער, האַקן האָלץ, אויסקערן די שטוב, וואַשן די פּאָד־לאָגע אָלע פּרייטיק, גיין מיט דער „מיינסטערן" אין מאַרק אַריין און אַהיימטראָגן אַ זאַק קאַרטאָפליעס, וואָס זי האָט געקויפט, אָפּ־פירן דעם מיינסטערס קינדער אין חדר, פון חדר, פירן זייַ אָפּטאָן זייערע באַדערפעניש, צוקנעפּלען זייַ די הייזלעך, א. ז. וו. און דאָס אַלץ פאַרן בידנעם עסן, פאַרן אָרימען שטיקל ברויט, וואָס איז אַ־אָפּ־געפאַלן פונם שניידערס אָדער פונם שוסטערס טיש... געשלאָפן איז ער געוויינלעך אויף דר'ערד, אָדער אויף צוזאַמענגעשטעלטע בענקלעך, מערסטנס אויף אַ בלויזן שעניק, אָן אַ ליילעך און אָן אַ קישן. און אויף דעם פערטן אָדער אויף דעם פינפטן יאָר, ווען מען האָט אים אָנגעהויבן צוצולאָזן צום וואַרשטאַט, האָט זיך ערשט פאַר אים אָנגעהויבן אַ נייע קייט פון פייניקונגען און דערנידערונגען. אָנ־הויבנדיק פונם מיינסטער און ענדיקנדיק מיטן מינדסטן געזעל, אַזוינער וועלכער איז ערשט נעכטן אַליין געווען אַ לערן־יונג, האָט מען אים געשלאָגן, געהרגעט אָן רחמנות, אָן איינזעעניש. נישט איין אָרים קינד איז פון יענע אומגליקלעכע קלעפּ פאַרקריפּלט געוואָרן אויף שטענדיק... אָבער אַזוי האָט עס געמוזט זיין. קיינער האָט אין דעם נישט געזען קיין עולה. פונקט ווי זיי האָבן נישט געזען קיין עולה אין זייער פינסטערקייט, פונקט ווי זיי האָבן נישט געזען קיין אויסגאַנג צו זייער נויט. „אַזוי דאַרף זיין. אַזוי איז. ווער זענען מיר צו טראַכטן אַנדערש ?..."

מאָניק איז נישט געווען פון דעם סאָרט לערן־אינגלעך. ער האָט נישט געאַרבעט, ווייל די נויט האָט אים דערצו געטריבן. האָט אים דערפאַר קיינער נישט געשלאָגן. ער איז געווען זאַט און שיין אָנ־געטאָן, האָבן אי דער מיינסטער, אי די געזעלן געהאַט פאַר אים דרך ארץ... מאָניק, דאָס גבירישע זונדל מיט דער אומרואיקער נאַטור, וועמען עס איז געווען ענג אין זיין טאַטנס גרויסער דירה, וועמען עס איז געווען נמאס זיין מאַמעס פירעכץ, האָט געוואָלט עפּעס נייעס, עפּעס אַנדערש, עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל זיין אינגאַנצן פרעמד זיין ביז איצטיק לעבן.

ווען ער האָט זיך אָנגעהויבן לערנען שניידעריי, איז ער אַלט געווען פופצן יאָר. אָבער ביז זיין זיבעצנטן אָדער אַכצנטן יאָר האָט ער נישט שטאַרק אָפּגעהיט דעם וואַרשטאַט. ער איז נאָך געווען יונג און עס האָט אים געצויגן צו זיין אינדרויסן, אויף דער פרייער לופט, מיט חברים, זיך שפּילן, זיך גליטשן אויפן אייז אום ווינטער און זיך גיין באָדן צום טייך אום זומער. בלויז דאַמאָלס, ווען דאָס אַלץ

פלעגט אים דיערעסן, פלעגט ער זיך אריינכאַפּן אויף אַ שעה־צוויי צום שניידער און נעמען „אַרבעטן": אַרויסשלעפּן פאַסטריגעס פון אַ מלבוש, אָדער אויסבלאָזן דאָס פּרעס־אייזן.

אָבער ווען ער איז עלטער געוואָרן, איז ער שוין געזעסן אָפּטער אין דעם וואַרשטאַט און האָט שוין געאַרבעט אַביסל מער ווי פריער. און אויב עס איז פאַר אים נישט געווען וואָס צו טאָן, האָט ער גלאַט ליב געהאַט דאָרטן צו זיצן און פאַרברענגען מיט די ליבע, אומוויסנדיקע, אָבער זייער האַרציקע פּאָלקס־מענטשן.

ביי כאַזקעלע שניידער אין וואַרשטאַט איז תמיד געווען ליכטיק און פריילעך. ער איז געווען אַ מיליטער שניידער און ער האָט כמעט שטענדיק געהאַט אַרבעט. ווייל אין יענעם שטעטל איז געשטאַנען אַ סך מיליטער. אַרויסגעהאָלפן אין דער אַרבעט האָבן אים זיינע דריי זין: שלמה, הענאך און שימקע. אַ חוץ זיי, האָט נאָך ביי אים געאַרבעט זיינע אַ קרובה, פראַדל, אַ הויכוואוקסיקע שיינע פרוי מיט אַ רויט פּנים. אַ חוץ איר הויכקייט, איז זי אויך געווען מאַסיוו געבויט, מיט אַ הויכן, אַנטוויקלטן בוזים, וואָס האָט שטאַרק געררייצט די מענער, ציווילע אַזוי גוט ווי וואָיסקאָווע. נישט איינמאָל פלעגט אַ קאָזאַק, וועלכער איז געקומען אָפּנעמען אָדער געבן אַרבעט, זי וועלן אַרומנעמען אָדער כאַטש אַריינשטעקן די האַנט צו איר אין בוזים. אָבער פראַדל האָט זיך נישט געלאָזט. זי האָט אַזאַ איינעם געגעבן אַ שטופּ־אָפּ פון זיך, אַז ער איז צוגעפאַלן צו אַ וואַנט. דער קאָזאַק פלעגט נאַטירלעך אין כעס ווערן פאַר אַזאַ זאַך, אָבער ער פלעגט עס געוויינלעך אַרונטערשלינגען מיט אַ קללה:

— וואָט טשאָרטאָוואַנאַיאַ כאַאיטשקאַ!...

ווייל פראַדל איז געווען אַן ערלעך אידיש ווייבל. זי איז געווען אַ חתונה געהאַטע און זי האָט געוואָלט בלייבן געטריי איר מאַן, שלום קניפּיק, וועלכער איז געווען ביי די זעלנער אויף סלוזשבע. ניין, זי וועט בעסער וואַרטן ביז וואַנען ער וועט צוריקקומען, האָט זי געזאָגט. עס וועט שוין לאַנג נישט געדויערן. נאָך אַנדערטהאַלבן יאָר צייט. און דאַמאָלס, ווען איר שלום קניפּיק (מען האָט אים גערופן „קניפּיק", ווייל ער איז געווען אַ קליינטשיקער און אַ גראָביטשקער) וועט מירצעשעם צוריקקומען, — דאַמאָלס, זעט מען, יאָ. דאַמאָלס — מיטן גרעסטן פאַרגעניגן. אויף דערויף איז ער האָך עפּעס איר מאַן, איר אייגענער שלום קניפּיק...

אָבער דערווייל האָט זי געמוזט אַרבעטן צו פאַרדינען אויפן שטיקל ברויט. זי קען דאָך נישט פאַרלאַנגען, אַז ער זאָל, דינענדיק

פּאָניען — זי אויסהאַלטן. אמת, מען האָט נישט געקענט זאָגן, אַז איר קרוב, כאַזקעלע, האָט איר איבערגעצאָלט. אָבער זי איז געווען צופרידן. דער געדאַנק, אַז אָט לויפט איבער די צייט און איר מאַן קומט צוריק צו איר, האָט זי צופרידנגעשטעלט.

כאַזקעלע אַליין איז געווען אַ פריילעך אידל. ער פלעגט כמעט שטענדיק שטיין ביים גרויסן טיש, מיטן שלאַק אויפן האַלז, מיט אַ שטיק קרייד אין דער האַנט, און צייכענען אויפן געוואַנט (לויט פּאַפּירענע פּאַרמעס), צייכענען — און שניידן, מיט אַ גרויסער שער. און אינמיטן צייכענען און אין מיטן שניידן האָט ער ליב געהאַט צו זינגען. באַזונדערס דאַמאָלס האָט ער ליב געהאַט צו זינגען, ווען ער איז געווען אין אַ גוטער שטימונג, ווען ער האָט געהאַט אָפּגעגעסן אַ גוטע וועטשערע, ווען עס איז געווען אַ יויך מיט „אויגן“.

יאָ, כאַזקעלע האָט ליב געהאַט אַ יויך מיט „אויגן“. און לאָקשן, אונטערגעשלאָגן מיט עטלעכע אייער, האָט ער אויך נישט פיינט געהאַט. און פון אַ גוט שטיקעלע פלייש האָט ער זיך אויך נישט אָפּגעזאָגט. און די כאַזקעלעכע האָט דאָס אַלץ געקענט מאַכן. שוין איינמאָל געקענט מאַכן! אַי, איז זי געווען אַ בריה אויף אַ לעפל געקעכץ! אירס אַן עסן האָט געהאַט אַלערליי טעמים...

אָבער ווען איז דאָס געדערט געוואָרן — ווען זי האָט געוואָלט. אָדער ווי זי אַליין האָט געזאָגט: ווען זי האָט געהאַט מיט וואָס. אָבער כאַזקעלע האָט איר צוגעטיילט דעם גראָשן. כאַזקעלע איז נישט געווען קיין מילדער מחותן אויף געלט געבן — אפילו ווען עס איז געגאַנגען פאַר זיין אייגענער קישקע.

— וואָס פאַר אַ קונץ — האָט ער געטענהט צו זיין ווייב — וועסטו מיר באַווייזן אָפּצוקאָכן אַ גוטע וועטשערע פאַר פיר גילדן? באַווייז מיר דאָס זעלבע פאַר צוויי גילדן וועל יעך זאָגן, אַז דו ביסט אַ גוטע קעכין, אַז קענסט באַווייזן אַ קונץ...

אויף דעם פלעגט די כאַזקעלעכע ענטפערן, אַז זי איז נישט קיין קונצנמאַכערין, און אַז זי קען פון שניי קיין גאָמלקעס נישט מאַכן. און אַז מען ליינט נישט אריין, נעמט מען נישט ארויס.

האָט טאַקע נישט איינמאָל געטראָפן, אַז דער מאַן האָט איר אָפּגעשפילט אַ חתונה, פאַרוואָס זי קאָרמעט אים מיט אַזאַ סאָרט עסן, וואָס איז גוט פאַר חזירים, נישט פאַר קיין מענטשן. וואָס איז? ווייניק פראַצעוועט ער? ווייניק ווערט ער אויסגעריסן טאָג ווי נאַכט? מוז זי אים דווקא קאָרמענען מיט אַזאַ פּאַסקידסטווע?

און ווען זי האָט געפּרואווט אָפּענטפערן, האָט ער זיך ערשט

רעכט צושריגן אויף איר. זיין ביטער האַרץ, וואָס דער שלעכטער ווארימעס האָט פאַראורזאַכט, האָט ער געוואָלט אויסלאָזן צו איר.

אָבער דאָ פלעגט זיך אַריינמישן הענאַך, דער מיטלסטער זון, און אַזאַ שטרענגן וואָרן טאָן דעם טאַטן:

—טאַטע, מאַך־צו ס'מויל! אויב דו לאָזסט נישט צורו דער מאַמען, עמיר דעך גאַנץ גוט אָנפּאַטשן און אַרויסוואַרפן אויף צוויי שפּענער...

און ער האָט דאָס געמיינט אויך, הענאַך. מיט אים האָט מען זיך נישט געקענט שפּילן. הענאַך איז געווען אַ סטרייקער*) אַלע אין שטוב האָבן געוואוסט, אַז הענאַך טרעפט זיך מיט מענטשן און ער רעדט מיט זיי זאַכן, וואָס מען טאָר נישט רעדן. אָבער גענוי וואָס אַזוינס ער רעדט, האָט מען נישט געוואוסט. און ווען די מאַמע האָט אים געפרעגט, צי עס איז עפּעס נישט פאַראַן קיין סכנה אין אָט די רייד זיינע, האָט ער איר פאַרזיכערט, אַז נישט. אָבער אין זיך האָט ער סודותדיק געשמייכלט. וואָס פאַראַ געפאַרן דער שמייכל האָט אַנטהאַלטן, האָט נאָר ער אַליין געוואוסט.

און ווייל באַזקעלע האָט געוואוסט, אַז דער זון זיינער איז עפּעס אַ גאַנצער שמעלקע מיט יענע לייט, האָט ער טאַקע פאַר אים אַביסל מורא געהאַט. און כאָטש ער האָט אפשר אויך גאַנץ גוט געוואוסט, אַז צו קיין פּעטש פון זיינע זין וועט עס נישט קומען, האָט ער אָבער מורא געהאַט פאַר אַן אַנדער זאַך. ער האָט מורא געהאַט פאַר אַ סטרייק, וואָס זיין זון הענאַך האָט ליב געהאַט אָנצוסטראַיעווען. און וואָס פאַר אַ סטרייק, מיינט מען, איז עס געווען? אַ סטרייק מיטן עסן. ער פלעגט נעמען, דער זון הענאַך, און אָנרעדן דער מאַמען, אַז זי זאָל נישט קאָכן אַ טאָג אָדער צוויי. ער קען באַשטיין צו עסן טריקנס, האָט ער געזאָגט. און די אַנדערע צוויי זין האָבן מיטגע־האָלפן. אַבי אָנצולערנען אים, דעם טאַטן זייערן. ווייל זיי האָבן אַלע שטאַרק ליב געהאַט דער מאַמען. זיי וואָלטן זיך געלאָזט שניידן פאַר איר.

זיי האָבן זי ליב געהאַט. נו, און ער האָט זי דען פיינט געהאַט? וואו איז נאָך דאָ צו געפינען אַזאַ גוטע נשמה ווי זי איז? ער איז

---

*) דאָס וואָרט „סטרייקער" האָט דאַמאָלס באַדייט רעוואָלוציאָנער. עס איז געווען ערב דעם „פינפטן" יאָר. די רעוואָלוציאָנערע כוואַליעס קעגן צאַריזם, וואָס האָבן זיך דאַן געטראָגן איבער גאַנץ רוסלאַנד, האָבן אויך געהאַט דערגרייכט די פאַרוואָרפנסטע פּוילישע שטעטלעך.

טאַקע טיילמאָל שלעכט צו איר. ער איז דאָס אַליין מודה. וואָס זאָל ער טאָן? אַז ער האָט אַ טבע צו זיין קאַרג אויפן קערבל!

אָבער קיין שלעכטער איז ער פונדעסטוועגן נישט געווען, כאַז־קעלע. און האָט ער נאָר געלעבט בשלום מיט זיין כאַזקעלעכע און מיט זיינע בנים, האָט ער נאָר אָפּגעגעסן אַ גוטע וועטשערע, מיט אַ געשמאַקער יויך, מיט אַ סך „אויגן“, — דאַמאָלס איז ער גאָר געווען אַ גוטער מענטש. ער פלעגט דאַן, מיטן שלאָק אויפן האַלז און מיט דער שער אין דער האַנט, אָנהויבן ציען אַ ניגון. און שימקע, וועלכער איז געשטאַנען ביים אַנדערן ענד פון טיש און האָט געפּרעסט אַ „פּזשאָדעק“, האָט אונטערגעכאַפּט און נאָכגעגאַנגערט דעם פאָטער, אַ שפּיי טוענדיק אַלע ווײַלע אויפן געוואַנט און אַ פיר טוענדיק דערויף מיטן אייזן. באַלד האָט עס אָנגענומען חשק שלמהן מיט הענאָכן און זיי האָבן גענומען אונטערברומען, צוקלאַפּנדיק צום טאַקט מיט זייערע מאַשינען. אַפילו פראַדל פלעגט אַמאָל אַריינגעצויגן ווערן אין דעם ניגון און מיטהעלפן. באַזונדערס דאַמאָלס, ווען זי האָט גע־האַט דערהאַלטן אַ גוטן בריוו פון איר טייערן קניפּיק, ווי זי פלעגט אים אין געדאַנק רופן. דאָס געזאַנג פלעגט זיך אַזוי אַרומער אויס־ברייטערן, זיך צוגיסן איבער דער מאַסטערסקאַי, און די מאַשינען פלעגן צורוישן, אַריינפאַלן אין טאָן, און דער אָפּשיין פון דעם גרויסן בליך־לאָמפּ פלעגט צוגעבן אַ סך לעבעדיקייט און פרײלעכקייט, אַזוי אַז די קליינע ניין־יאָריקע חנהלע, די איינציקע טאָכטער אין דער משפּחה, פלעגט זיך איינשפּאַרן, אַז מען זאָל זי נעמען אויפן טיש, ווייל זי וויל אויך צוהעלפן זינגען.

אין אַזוינע אָוונטן האָט מאָניק ליב געהאַט מיט זיי צו פאַר־ברענגען. עס האָט זיך אים גאָר נישט געגלוסט אַוועקצוגיין. ער פלעגט טאַקע דאָס רוב מיט זיי אויף־זיין ביז האַלבער נאַכט, און אין די דאָנערשטיקס, ווען די כאַזקעלעכע פלעגט אויך אויף־זיין כמעט די גאַנצע נאַכט און באַקן חלה און אַנדערע זיסוואַרג אויף שבת, — דאַמאָלס האָט שוין מאָניק אינגאַנצן נישט געטראַכט פון אַהיימגיין שלאָפן. ער איז געזעסן, גלייך מיט אַלע, און געאַרבעט. און טאָמער איז ער אַמאָל געבליבן זיצן ליידיק, האָט אים הענאָך אָדער פראַדל אונטערגערוקט עפּעס צו טאָן.

ווייל ביי ביידע האָט ער זיך, דורך פאַרשידענע זאַכן, געהאַט איינגעקויפט אין יחוס. מיט הענאָכן האָט ער עפּעס געהאַט געמיינ־זאַמע עסקים, וועגן וועלכע מען רעדט בלויז שטילערהייט, און נישט מיט קיין גאַנצע ווערטער. פראַדלען ווידער האָט ער אָפּט געטאָן אַ

טובה. ער האָט איר געשריבן בריוו צו איר מאַן אויף סלוושבע. און זי, פּראַדל, פּלעגט עס אַזוי שטאַרק אָפּשאַצן, אַז זי פּלעגט אים דער־פאַר לערנען ווי אײַנצופּרעסן א „ברוסטל“ אָדער אויסצושטעפּן א „פּלייצע“.

די דאָנערשטיקדיקע נאַכט איז טאַקע געווען די פרייל־עכסטע נאַכט פון דער וואָך ביי כאַזקעלע שניידער. די כאַזקעלעכע איז אַרומגעגאַנגען מיט פאַרקאַשערטע אַרבל, אָנגעטאָן דאָס פאַרטוך און מיט א ברייטן אויסגעהאָפּטענעם טשיפּיק אויפן קאָפּ. זי האָט גע־האַלטן אין איין אַכטונג געבן אויף דער ראָשטשינע, קנעטן, וועל־גערן, וויקלען וויקעלעך מיט ראָזשינקעס, וויקלען שטרודל. דער אויוון האָט געברענט און די פונקען האָבן לעבעדיק געקנאַקט און איר פּנים האָט אָפּגעשיינט מיט א פרישן, געשמאַקן ערב שבתדיקן גלאַנץ. און כאַזקעלע, דערפילנדיק דעם געשמאַקן ריח פון דעם שבתדיקן געבעקס, וואָס איז געקומען פון אויוון אַרויס, און ווויסנדיק, אַז אָט־אָט און זיין ווייב וועט אים מכבד זיין מיט א היים אויסגע־באַקן שטיקל שטרודל אָדער וויקעלע, וואָס צוגייט זיך אין יעדן אבר, האָט ער שוין פון דעם געדאַנק אַליין דערשפּירט די מחיהדיקייט פון דעם געבעקס און ער האָט, א גליקלעכער, א האַפּערדיקער, פאַרצויגן א ניגון, אַזאַ סאָרט ניגון, וואָס האָט זיך געפּאַסט צום מאָמענט און וואָס האָט האַרמאָנירט מיט דער אַטמאָספער.

„אוי, פּלאַקער, פייערל, פּלאַקער“, — האָט ער געזונגען, —
„פּלאַקער פריילעך צי — — הי . . .“

און שימקע פּלעגט גלייך אונטערכאַפּן:

„אוי, פּלאַקער צי, ביז אינדערפרי — — הי! . . .“

און אַלע צוזאַמען פּלעגן צולאָזן זייערע שטימעס:

„אוי, פּלאַקער, פייערל, פּלאַקער,
קנאַק אונז פריילעך צי — — הי;

קנאַק אונז צי, ביז אי—אי—אינדער—אוי—פרי . . .“

טײַלמאָל האָט א פאַרשטייענדיק אומגליק איבערגעשלאָגן זייער יום טובדיקע שטימונג. דאָס איז געווען דאַן, ווען דער קוימענקע־רער האָט שוין א שטיק צייט נישט געהאַט געריייניקט דעם קוימען און עס האָט זיך דאָרטן געהאַט אָנגעזאַמלט א סך סאַזשע. האָט פון איין פונק און נאָך א פונק זיך אָנגעצונדן די סאַזשע און עס האָט גענומען ברענען. האָט די כאַזקעלעכע דערפילט ווי די סאַזשע ברענט און זי האָט געמאַכט א ליאַרעם. האָט כאַזקעלע מיט אַלע דריי בנים און פראַדל אינדערמיט געכאַפּט וועך א הויז, ווער אַן אַרבל,

ווער אַ „פּלייצע“ פון אַ מלבוש און מען האָט גענומען לעשן. און ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט מאַניק געכאַפּט דעם בעזים פון שטוב, איִם איינגעטונקען אין אַ שעפל וואַסער, אַרויף אויפן אויוון, אַריינגעשטעקט דעם בעזים אין קוימען אַריין, און — אָפּגעלאָשן דאָס פייער.

נאָך אַזאַ סצענע פלעגט די כּאַזקעלעכע זיי אַלע פאַרגיטיקן מיט גרויסע שטיקער שטרודל. אָבער דעם גרעסטן שטיק האָט זי געגעבן מאַניקן, וועלכער פלעגט עס אַריינעסן מיט גרויס געשמאַק, מיט אַ סך אַ גרעסערן געשמאַק פלעגט ער עס פאַרשלינגען ווי זיין מאַמעס געבעקסן, כאָטש די כּאַזקעלעכע האָט נישט פאַרנוצט אַזוי פיל אייער און אַזוי פיל צוקער און אַזוי פיל פּוטער ווי זיין מאַמע.

פון אירע אייגענע קינדער פלעגט די כּאַזקעלעכע מערסטנס צו־זען דעם עלטסטן, שלמהן. ווייל ער איז געווען דאָס נאַרעלע אין דער משפּחה. דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז ער איז דווקא געווען אַ נאַר. ניין, ער איז בלויז געווען אַ דערשלאָגענער נעבאַך, אַ גע־שטראָפטער מיט אַ פעלער. ער האָט געהאַט אַ גרויסע בעלמע אויפן רעכטן אויג און ער האָט דערויף כמעט גאַרנישט געזען. עס האָט זיך אָנגעהויבן פון אַ קלייניקייט, פון אַן אָנוואויקס, אַ קליין געשווירל, וואָס מען האָט פאַרלאָזט, און אַזוי האָט ער ביסלעכווייז פאַרלוירן די קראַפט פון דער ראיה, געוואָרן האַלב בלינד און, ווי עס איז דער שטייגער אין די קליינע שטעטלעך, און ביי פּראָסטע מענטשן בפרט, האָט ער נאָך צו זיין אומגליק געקראָגן אַ צונאָמען, אַ מיאוסן און פאַרדריסלעכן צונאָמען — דער סלעפּאָי וואַסקאַ, אַ נאָמען נאָך עפּעס אַ בלינדן גוי.

עס איז קיינעם נישט אָנגעגאַנגען וואָס ער האָט עס נישט גע־וואָלט ליידן, וואָס די מאַמע האָט עס נישט געוואָלט ליידן. ער איז געבליבן ביים נאָמען. אין אַ קליין שטעטל, אַז עמיצער ווערט גע־קרוינט מיט אַ צונאָמען, איז עס לעולם ועד. און עס גייט נאָך אַמאָל איבער בירושה אויך . . .

מיט איין זאַך איז אָבער שלמה פאַרגיטיקט געוואָרן פאַר זיין חסרון: ער איז באַפרייט געוואָרן פון מיליטער. ער האָט נישט געדאַרפט גיין דינען פאָניען אומזיסט און אומנישט.

דער שטילער, גוטער יונג שלמה האָט זיך געפרייט וואָס ער איז באַפרייט געוואָרן פון פאָניע חזירס הענט, וואָס ער האָט געקראָגן אַ בלויען בילעט. אָבער שימקע, דער איינגסטער פון די ברידער, דער ממזר־קאָפּ, ווי מען האָט אים גערופן, איז אים נישט מקנא געווען.

ער אַליין האָט דוקא געוואָלט גיין דינען פאַר אַ סאָלדאַט, טראָגן אַ מונדיר מיט גלאַנציקע קנעפּ, מיט שליפעס, מיט אַ קאַנטיק היטל מיט אַ קאָקאַרדע אויף דער דענקע און אַלע אַנדערע גוטע זאַכן. און אויב גאָט וואָלט אים נאָך געהאָלפן און ער וואָלט אָנגעקומען אין קאַוואַלעריע, וואָלט ער נאָך געטראָגן אַ שווערד ביי דער זייט אויך...
אָבער וואָס איז דען פאַראַן צו רעדן, אַז ער האָט נאָך אַזוי לאַנג צו וואַרטן, אפשר פיר יאָר צייט האָט ער נאָך צו וואַרטן, ביז ער וועט אַלט ווערען איינאונצוואַנציק יאָר.

טרייסט ער זיך כאָטש אַביסל דערמיט, דער קליינער שימקע, וואָס ער רעדט־צו הענאַכן, דעם מיטלסטן ברודער, וועלכער דאַרף זיך טאַקע באַלד, אין עטלעכע חדשים אַרום, צושטעלן צום פּריזיוו, אַז ער זאָל זיך נישט פּייניקן, נישט צערן זיך, כדי אויסצוזען ווי אַ קראַנקער, נישט מאַכען זיך קיין פּעלער, נאָר בעסער גיין דינען און עסן אַ טעלער קאַפּוסטע און אַ שטיק קאָלבאַס.

— אַי, — האָט דער קליינער ממזר־יונג שימקע זיך פּאַסמאַקעוועט,— איז דאָס גוט — אַ מחיה!...

און ווען מ'האָט אים געפרעגט פון וואַנען ער ווייסט דאָס, האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט עס שוין געגעסן און ער ווייסט דעם טעם ריערפון.

כאַזקעלע האָט געלאַכט, אָנגעקוואָלן פון זיין „ממזר“. אָבער די כאַזקעלעכע האָט פון דעם אינגלס רייד געהאַט אַ סך עגמת נפש. זי איז געווען אַ פּשוטע פרומע אידענע און זי האָט נישט געוואָלט האָבן קיין זון אַ קאָלבאַסניק. אָבער הענאַך, דער סטרייקער, וועלכער האָט דער מאַמען ליבער געהאַט מער ווי אַלע קינדער, האָט זי געטרייסט. ער פלעגט איר אויסרעדן און זאָגן, אַז דער קליינער לץ מאַכט זיך אַ געלעכטער, און אַז ער, הענאַך, וועט זיך דוקא יאָ פּייניקן, יאָ צערן, אַבי נישט דאַרפן גיין דינען דעם חזירשן ניקאָלאַיען.

און ווי איר איבערצוציינן אין דער אמתדיקייט פון זיינע ווערטער, פלעגט ער איר נעמען זינגען דאָס פּריזיוו־ליד, דאָס טרויעריקע, האַרציקע ליד, וואָס זי האָט אַזוי ליב געהאַט צו הערן:

אוי, ליבע מענטשן, הערט נאָר אויס די זאַוואַרואַך.
אוי, אַ ליד האָב איך מיר אַליין אויסגעטראַוואַוואַכט.
עס גייט אויף מיר אַ צייט, ווען כ'וואָלט געקעהענט לעהעבן.
נעמט מען מיך אַוועק פון דער היים — מיטוט ביי
מיר גאָר נישט פרעגן.

אוי, ווי כ'האָב אָנגעהויבן אויף די טרעפּ אַרויפצוגעווע־העך.
האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ גראָ־היפּס געוועוועוועוויין.
כ'בין צוגעגאַנגען צום „ליאָס", האָב איך אָנגעהויבן
ציטערן פאַר קעלט.
כ'האָב אַרויסגעצויגן דעם ליאָס — האָב איך געזען, אַז
ס'אי שוין פאַרווי־איסט מיין וועלט.

ווי מ'נעמט מיך צו דעהעם וויזי־י־יט,
רופט זיך אָן די גאַצע נאַטשאַלסטווע, אַז איך בין גוער גי־י־יט.
ווי דער דאָקטאָר האָט מיך מיטן בענדל אַרומגענומען,
האָט ער געגעין אַ געשריי „גאָדיען, פּריניאַט" ! —
איך בין שוין צוגענומען.

ווי מען פירט מיך אין שול אַריין שווערן,
מאַך איך אַ „שליאַד" פון מיינע אויגן מיט טרע־יערן.
כ'האַלט אַראָפּגעהאַנגען די אויגן — אוי, ס'איז פאַר מיר
אַ שאַנד.
מען פירט דאָך מיך באַוואַכט — ווי דעם גרעסטן ראַשטאַנט.

הייסע, הארציקע טרערן פלעגט די באַזקעלעבע פאַרגיסן ביי דעם
דאָזיקן ליד. און נישט איינמאָל פלעגט דאָס טייג פון דער שבתדיקער
חלה אויפיערן פון איר געוויין.

## קאַפּיטל דריי

אומעטיק און לאַנגווייליק האָט זיך געצויגן דאָס לעבן ביי שמואל דוד ריינאַרסקי אין הויז. ער אַליין איז אַ גאַנצן טאָג געווען פאַר־נומען אין געשעפט און ווען ער איז מיטיק־צייט אַהיימגעקומען, האָט ער אָפּגעגעסן און זיך צוגעלייגט כאַפּן אַ דרימל מיט דער האַנט צווישן פּנים און קישן. ביינאַכט פלעגט ער זיך אביסל קהלן: גיין אויף אסיפות, הערן אַ מגיד, אויף־זיין ביי אַ טויטן, אָדער גלאַט אביסל אונטערזיצן אין בית מדרש און שמועסן פּאָליטיק. ווייל לעצטנס האָט מען עפּעס אָנגעהויבן מורמלען (אמת, שטילערהייט, בסוד סודות), אַז מען קלויבט זיך אַראָפּצעוואַרפן דעם קיסר מיטן נאַ־סליעדניק, מיט אַלע מיניסטאָרן— הקיצור, מ'קלייבט זיך פּטור צו ווערן פונם גאַנצן קלאַפּערגעצייג און איינפירן עפּעס גאָר אַ נייעס... מילא, וואָס מ'רעדט אַלץ. ס'איז נישטאָ וואָס צו טאָן, רעדט מען. אים, שמואל דודן, לייגן זיך אַזעלכע זאַכן נישט אויפן שכל. אַ גרעָ־סערער, ווייסט ער, קען אַראָפּזעצן אַ קלענערן פון דער גדולה. אָבער דעם קיסר אַליין, דעם סאַמאָראָדנעם מאַכער, — ווער וועט עס סמיען אים אַרונטערצוזעצן?...

זיין ווייב חיהלע איז אויך געווען אַ קנאַפּע שטוב־זיצערין. ערשטנס, האָט זי אָפּט אָנגעהויבן פאָרן אויף דאַטשעס. עפּעס האָט איר לעצטנס נישט געדינט דאָס געזונט. פון זינט, קען זי זאָגן, גאָט האָט איר געהאָלפן און זי איז אויפגעקומען. ווייזט אויס, אַז אַזוי איז עס שווין: מיט איין האַנט בענטשט ער און מיט דער אַנדערער שטראָפט ער — איהם, מיינט זי, וואָס זי איז נישט ווערט זיין נאָמען אָנצורופן...

וואוהין פאָרט זי? זי פאָרט קיין אָטוואָצק. זי פאָרט קיין פּאַ־לעניץ, זי וואָלט אפילו געפאָרן קיין טשעכאָטשינעק, קיין קאַרלס־באַד (וואָס אי? שאַשען, לייזער עליעס שנור, פּאַסט? רעגינען, דעם אַפּטייקערס ווייבל, פּאַסט? איז פּאַסט איר אויך. 'שקשה, זי קען זיך נאָך מיט יענעם אויסגלייכן אין עשירות. 'שקשה...), נאָר דער מאַן אירער, שמואל דוד לעדערקרעמער, לאָזט זי נישט.

— אַז זי איז גאָר — זאָגט ער — אינגאַנצן נישט קראַנק; אַז זי וויל בלויז — זאָגט ער — נאָכטאָן אַנדערע...

מילא, אז זי איז מיט איר מאַן אריינגעפאַלן, האָט זי שוין געוואוסט פון לאַנג אָן. נאָך פון דאַמאָלס אָן, אייגנטלעך, ווען ער, וועמענס נאָמען זי איז נישט ווערט אָנצורופן, האָט זיי צוגעשיקט די עשירות און האָט זיי, ווי זי איז זיכער, געוואָלט אויספּרואוון, צי זיי זענען ראוי צו זיין נגידים. מילא, מיט זיך אַליין ווייסט זי וואו זי האַלט. זי אַליין קען זיך קוים דערמאָנען די צייט, ווען זי איז, ניט היינט געדאַכט, געװען — ניין, וועגן דעם, וואָס עס איז געוועזן, וויל זי נישט רעדן, וויל זי אפילו נישט טראַכטן. אָבער ער, דער מאַן אירער, וואָס ווייסט ער, מ'שטיינס געזאָגט, וואָס מ'טוט מיט עשירות? אז מער ווי אַרבעטן, עסן און שלאָפן דאַרף ער דאָך נישט...

איז איר טאַקע לעצטנס שווער געוועזן צו לעבן מיט אַזאַ גראָבן מאָן.

זי, וועלכע האָט זיך דאָרטן, אין אָטוואָצק, אָנגעזען אַזוינע שיינע זאַכן; זי, וועלכע האָט זיך דאָרטן, אין פאַלעניץ, אָנגעהערט אַזוינע שיינע ווערטער, וואָס מענער טוען אַרויסרעדן צו פרויען. און מיט אַ קוש אין דער האַנט, און מיט אַ בלימעלע, און מיט נאָך אַזוינע פיינע און אויסטערלישע זאַכן, — איז ווי האָט זי איצטער געקענט אויסהאַלטן איר מאַנס באַנעמונג צו איר — אַ באַנעמונג, וואָס האָט נישט געהאַט אין זיך קיין טראָפּן רעספּעקט, קיין ברעקל פאַרשטענדעניש פאַר אַ פרויענצימער....

— שמי'טאָוויד, — האָט זי, צוריקקומענדיק פון דאַטשע, צו אים גערעדט מיט אַ ניי, אָנגעצויגן שטימעלע און זיך געהאַלטן דערביי אין איין גוידערן, — צו אַ ווייב רעדט מען נישט אַזוי... אַ פרויענצימער איז גאָר אַן אַנדער סאָרט באַשעפעניש, שמי'טאָוויד... צו אַ פרויענצימער מוז מען זעך באַנעמען איידל, מיט־מיט־מיט מיט אַ קראַציע — דו הערסט מעך, שמי'טאָוויד?...

דער מאַן, תמיד אַ פאַרראַשטער פון מסחר, אַ פאַרטוענער אין פּאָליטיקע, אסיפות און מגידישע דרשות, האָט אין אָנפאַנג ניט פאַרשטאַנען וואָס זי וויל פון אים האָבן. און ווען ער האָט שוין יאָ עפּעס געכאַפּט, איז עס אויך געוועזן ווי מען כאַפּט אַריין אַ הייסע קאַרטאָפליע אין מויל אַריין און זי שפּרינגט אַרום פון גומען צו גומען און מען קען זי נישט אַראָפּשלינגען.

— זאָג מיר נאָר, מיין ווייב, — האָט ער זי אַזאַ ערנסטן פרעגעטאָן, — דאָס רעדסטו אַזוי טאַקע — דו, חיהלע סענדער איטשע דעם בעדערס טאָכטער, צי אַ דיבוק רעדט פון דיר אַרויס? וואָס? זאָג־זשע מיר גיכער, ווייל יעך בין עס איז זייער נייגעריק צו וויסן!...

וואָס האָט זי אים געקענט דערויף ענטפערן? זי האָט שוין גע־וואוסט איר צרה. אַז מען האָט חתונה מיט אַ גראָבן מאַן, איז תמיד אַזוי. מילא, זי וועט זיך נישט גיין פון אים באַליידיקן. ס'איז דאָ פון וועמען, מ'שטיינס געזאָגט. אַז דאָס פאַרשטייט קיין זאַך נישט. וואָס דאַרף מען מער? אפילו אַזאַ זאַך ווי „ניערוונעקייט" פאַרשטייט ער אויך נישט. און פּרואווט זי אַמאָל ווערן „אויפגע־ריקט", ,ווען ער נעמט איר שוין צופיל די לעבער, גיט ער צו איר אַזאַ מין מאַך:

— ווייסטו וואָס יעכל דיר דערציילן, מיין טייער ווייב: מ'וואָלט דעך גאָר געדאַרפט גוט אָנפּאַטשן. ס'אַ כלל, אַז אַלע משוגענע ווערן געלאַסענער, ווען מ'פּאַטשט זיי אָן... איז ווי דענקסטו, מיין ליבהאַרציק ווייב? בין יעך גערעכט, צי נישט? זאָג עס מיר גיכער, ווייל יעך בין עס שטאַרק נייגעריק צו וויסן...

האָט זי געזען, אַז ס'איז אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט מיט אים דורכצוקומען, אים אויפצוקלערן. ער האָט זי קיינמאָל נישט פאַר־שטאַנען און ער וועט זי ,ווייטער נישט פאַרשטיין. ס'אַ פאַרפאַלענע זאַך. האָט זי טאַקע באַלד אָן אים פאַרגעסן און גענומען טראַכטן פון פרייל עכערע זאַכן. זי האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין גאַס אריין מיט איר נייעם שיק און מיט די נייע פאַסאָנען, וואָס זי האָט מיטגע־בראַכט פון דער גרויסער וועלט. אפילו האָט גענגעלע אירס איז גע־וואָרן אַנדערש, גרויסשטאָטיש. זי האָט זיך געוואַקלט אויף אירע קליינע, דינע פיסלעך און געהויבן דאָס קעפּל אין דער הייך, שוין צו אינדערהייך פאַר איר וואוקס, אַזוי, אַז די אָדערלעך פון איר מאָ־גער, האַלב־געקנייטשט העלזל האָבן זיך שטייף אָנגעצויגן. אויף דעם גרינעם פּנימל מיט די געלע פלעקן אַרום די אויגן האָט זי זיך אָנגע־טאָן אַזאַ בייזוויליק און צולהכעיסדיק מינעלע, וואָס האָט געדאַרפט אַלע שטעטלשע מאַדאַמען מקצר זיין די יאָרן. און אַליין האָט עס, דאָס חיהלע, געדרייט מיטן נעזל, געבלאָזן פון זיך, אוועקגעבלאָזן, מסתמא, די שלעכטע ריחות, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון אַלע פענ־סטער, פון אַלע טירן, און זי האָט שטילערהייט צו זיך אַליין גע־וואָרטשעט:

— פּפּפּואוי!... ס'אַ מין נידנע שטעטל דאָס איז לעצטנס גע־וואָרן!... ס'אַרא מין שלעכטער גערוך עס טראָגט זיך אַרום — פּפּפּואוי!...

אַזוי האָט זי געפּפּואיקעט אויפן שטעטל און געפּפּואיקעט אויפן מאַן און אויף די קינדער. אויף אַלץ און אויף אַלעמען האָט חיהלע

סענדער איטשעס געפּפּויקעט, אַ חוץ אויף איר בוזשעלען, דעם איינאונאיינציקן בוזשעלע.

אים פּלעגט זי מיטנעמען אויף דאַטשע און מיט אים פּלעגט זי צוריקקומען. און ער איז איר גאָר קיינמאָל נישט נמאס געוואָרן. און ער איז איר גאָר קיינמאָל נישט וואַכעדיק געוואָרן.

זיי ביידע, מאַמע און זון, האָבן באַהערשט דאָס הויז. און די אַנדערע קינדער, דערפּילנדיק, ווער מיט שכל, ווער מיט אינסטינקט, אַז זיי זענען דאָ סיי ווי איבעריקע, זענען ביי יעדער געלעגנהייט פון דאָרטן אַוועק. מאָניק איז אַוועק צו זיין וואַרשטאַט, אָדער ער איז געגאַנגען שפּאַצירן מיט אַ מיידל, אָדער ער איז געגאַנגען אויף געהיימע סאָבראַניעס, וואו מען האָט גערעדט אַזוינע ווערטער, וואָס ווען זיין פאָטער וואָלט זיך דערפון דערוואוסט, וואָלט זיך די רויטע באָרד זיינע געגעבן אַ צינד־אונטער און וואָלט אויפגעפלאַקערט פון עק צו עק; ער מיט זיינע חברים האָבן דאָרטן געפּלאַנעוועט אַזוינס, וואָס ווען זיין מוטער וואָלט דאָס אויסגעפונען, וואָלט זיך געטאָן חושך.

סאַלטשע, וועלכע איז שוין איצטער אַלט געווען פערצן יאָר, האָט זיך שוין אויך געהאַט אירע וועגן און גענג. צוזאַמען מיט איר אינגערער שוועסטער דבורהלע איז זי אָפּגעלעגן אין פרעמדע שטיבער און אָנגעפירט אַלערליי סאָרטן שפּילן מיט די קינדער. זי איז געווען שטאַרק אַנטוויקלט פאַר איר עלטער. די פערצן יאָר האָבן אַנטקעגן דער צעוואַקסנקייט פון איר קערפּער אויסגעזען פאַרשעמט און נעבאַכדיק. די קורצע קינדערשע קליידלעך, וואָס זי האָט געטראָגן, זענען ווי איבער נאַכט איינגעשרומפּן געוואָרן און אירע יונגע שנעלשפּראָצנדיקע בריסט און בויך און היפטן האָבן זיי נאָך קירצער געמאַכט. זי איז אַרומגעגאַנגען מיט אָפענע, נאַקעטע קני, רויטע און שטייפע. מענער פלעגן שוין אויף איר קוקן. באַזונדערס פלעגן אויף איר קוקן די שוסטער געזעלן פונם זעלבן הויף. ווען זי פלעגט פאַרבייגיין דאָס אָפענע פענסטער פון דעם שוסטערשן וואַרשטאַט, פלעגט יואל סמאָלע־קאָפּ, אַ יונג מיט אַ גלאַנציק פּנים און אויסגעשמירטע מוסקולירטע הענט, איר צוואַרפן עטלעכע הילצערנע שטיפטן וואָס ער האָט געהאַלטן אין מויל, און ווינקען צו איר מיט די קליינע גרויע וואַסערלעך פון זיינע שמאָלע אויגן. און עליע וואַלטשאַק, אַן אַנדער שוסטער־יונג, וואָס דעם נאָמען „וואַלטשאַק“ האָט ער געקראָגן צוליב דעם שיינעם אויסטאַנצן אַ וואַלס, פלעגט בשעת מעשה צוואַרפן אַ ווערטל:

— זאָל׳אַך שטאַרבן אַ טויטער, צי מע קען זאַך מיט איר קרעכן...
סאַלטשע פלעגט די ווערטער אַמאָל יאָ דערהערן און אַמאָל נישט. אָבער אפילו דאַמאָלס, ווען זי האָט דאָס יאָ דערהערט, האָט זי אויך נישט אינגאַנצן געכאַפּט זייער מיין. פונדעסטוועגן האָט זי זיי פאַרשלונגען מיט הנאה. אַן אומפאַרשטענדלעכע, אַן אומבאַגרייפלעכע הנאה איז דאָס געווען, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם אומשולדיקן פאַרלעגנהייט־שמייכעלע אויף איר יונג קרעפטיק־ראָזעווען פּנים. דערפאַר אָבער פלעגט שוין די באַרירונג פון די הילצערנע שטיפטן אין איר אַרויסרופן אַן אומצווייפלהאַפטן ציטער פון פרייד.
אָבער דאָס איז בלויז געווען אויף דער רגע. באַלד פלעגט דאָס קינדישע אין איר צוריקקריגן דאָס גלייכגעוויכט און די הויט פון איר פּנים פלעגט אָננעמען אַ בייזן און באַליידיקנדיקן אויסזען, פאַרוואָס אַ שוסטער־יונג דערלויבט זיך מיט איר, אַ נגידיש טעכטערל, אַזאַ זאַך.
באַלד פלעגן צו איר צולויפן עטלעכע פון אירע חברטעס, מיידעלעך פון פאַרשידענעם וואוקס און עלטער, און זי רופן זיך שפּילן. ווייל שפּילן זיך אָן סאַלטשען האָט נישט געהאַט קיין טעם. זי איז תמיד געווען די אָנפירערין פון אַלע שפּילערייען.
באַזונדערס האָט זי ליב געהאַט צו פראַווען „חתונות" צווישן די קינדער. זי פלעגט אויסקלויבן אַ אינגעלע מיט אַ מיידעלע און זיי אָנזאָגן, אַז זיי זענען חתן־כלה. און קיינער האָט נישט געוואַגט זיך קעגנשטעלן סאַלטשעס ווילן, און יעדער קינדערשער זיווג פלעגט, ווילנדיק נישט ווילנדיק, מוזן צושטימען צום „שידוך". מיט דער הילף פון אירע חברטעס און עטלעכע אינגלעך, פלעגט זי דאָס „פּאָרל" אויספּוצן יום טובדיק, באַשטעקן זיי מיט קאָלירטע פּאַפּירלעך און סטענגעס, אויסשמירן זייערע פּנימלעך מיט רויטע פאַרבען. מען פלעגט חתן־כלה אַוועקזעצן אויבן־אָן. די איבעריקע קינדער זענען געווען איינגעטיילט אין מחותנים, געסט און קלעזמאָרים. אַ באַזינגער אָדער אַ בדחן האָט אויך נישט געפעלט. מען האָט געטרונקען וואַסער פאַר וויין און זיך געווינטשעוועט און אפילו געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז מען וויינט. מען האָט געוואָרפן שערבעלעך פון פאַרצעליי אויף דער ערד ׳שטאַט אמתע טעלער. דערנאָך האָט סאַלטשע, ווי די הויפּט מחותנתטע, אַוועקגערופן „חתן־כלה" אָן אַ זייט און איינגערוימט אַ סוד פריער אים און נאָכדעם איר, און זי האָט זיי אָנגעזאָגט וואוהין זיי זאָלן גיין און וואָס זיי זאָלן טאָן, ווען זיי וועלן בלייבן אַליין — אַלץ פּינקטלעך ווי זי האָט עס צוגעזען ביי די

גרויסע. און די אַנדערע קינדער זענען געשטאַנען און געזעסן אַרום און האָבן געהאַט הנאה און די פּנימלעך האָבן זיך געריטלט און די אייגעלעך האָבן געבלישטשעט. און נאָכדעם האָבן אַלע געזונגען דאָס חתן־כּלה ליד:

אַנטשאַלי מיט ראַשעלען
האָבן זיך גענומען,
תשעה באב אויף דער חתונה,
סיאי קיינער נישי געקומען.
ווער איז געווען דער שענסטער ?
דער שפּיגל מיטן פענסטער.
ווער איז געווען קוואַטערשאַפט ?
דער בעזים מיטן פאַמעשאָף.

די אינגערע שוועסטער דבורהלע פלעגט אַנטייל נעמען אין די מערסטע שפּילערייען. זי איז געווען אַ שטיל און מילד קינד, זייער געצאַמט און ווייך. זי האָט זיך זעלטן־ווען צוקריגט אָדער צושלאָגן מיט אַן אַנדער קינד. זי איז אַלע מאָל געווען אַ גוטע אויספאָלגערין, און טאָמער האָט איינער אָדער איינע עפּעס פאַרגעזאָגט אָדער אָנגע־זאָגט, איז זי געזעסן און זיך צוגעהערט, גלעטנדיק איינער פון אירע חברטעס ביי אַן אויער לעפעלע.

דערפאַר אָבער איז שוין די אינגסטע, שבעלע, מער ענלעך געווען צו איר ברודער בוזשעלע. איר איז שוין שווער געווען צוזאַמענצו־לעבן זיך מיט אַנדערע קינדער. זי האָט שוין צופיל פאַרלאַנגט און נאָר ווינציק געוואָלט געבן. דאָס איינציקע מיידעלע, וואָס האָט זיך נאָך מיט איר געחברט, סימעלע, לייבטשע דעם וואַטנמאַכערס טעכ־טערל, האָט פון איר געהאַט אויסצושטיין אַ סך צרות. זי האָט גע־מוזט אויסטראָגן אויף אירע פּלייצעלעך אַ סך פון שבעלעס גבירישע קאַפּריזן. דריי־פיר מאָל דורכן טאָג פלעגט זי זיך מוזן מיט יענער צוקריגן, טיילמאָל זיך צופּאַטשן, און נאָכדעם זיך איבערבעטן, כאָטש זי האָט עס נישט זייער גערן געוואָלט טאָן. אָבער שבעלע האָט זי דערצו גענויט, ממש גענויט מיט איר עשירות און וואוילזיין. זי פלעגט תמיד, נאָכן צוקריגן זיך מיט סימעלען, אַרויסקומען אויף יענערס הויף, מיט אַ גרויס שטיק חלה, אָנגעשמירט מיט שמאַלץ אָדער פּוטער אָדער אויסלענדישן האָניק, מיט אַ צוגאָב פון אַ פּאָר שטיקלעך אויבסט, און זיך נעמען רייצן מיט דער אָרימער סימעלען, אַז זי, שבעלע, האָט חלה מיט פּוטער און יענע נישט; אַז זי, שבעלע, האָט קוילעטש מיט שמאַלץ און יענע נישט... דאָס אָרימע קינד

פֿלעגט ווערן פֿאַרשעמט, פֿלעגט ווערן רויט און געפֿאַלן ביי זיך. און זי פֿלעגט אפֿילו טיילמאָל לאָזן אַ דין טרערל אויך ... דאַמאָלס פֿלעגט שבעלע אויסנוצן די געלעגנהייט. זי פֿלעגט צוקומען צו סי־מעלען זייער נאָנט און זי נעמען גלעטן און זי אָנהויבן צערטלען און קנייפּן מיט די ווייכע אויסגעבעטע, פּוכקע פֿינגערלעך אירע און צושטופּן די פֿרישע ווייסע חלה צו סימעלעס זשעדנע ליפּעלעך, אָדער זי פֿלעגט צודריקן אַן אויפֿגעשניטענע פּאָמעראַנץ צו סימעלעס גי־ריק מיילכל, און זיך אַזאַ אומשולדיקן זאָג טאָן:

— נאַ, וועסט זיין מיט מיר חבר, קענסטו געבן אַ ביס ...

אָדער:

— וועסט זיך מיט מיר איבערבעטן, קענסטו געבן אַ לעק ...

און סימעלע האָט נישט געקענט ווידערשטיין. די ווייסע, פֿרי־שע, אויסגעברוינטע חלה, וואָס זי האָט נאָר אַמאָל, אַ שבת אָדער אַ יום טוב, געזען ביי אירע עלטערן אין הויז, האָט גערייצט איר גומענדל. דערצו נאָך איז עס געווען אַזוי רייך און אַזוי גביריש באַ־שמירט ... און דער ריח פֿון דעם אויבסט! די זאַפּטיקייט פֿון דער אויפֿגעשניטענער פּאָמעראַנץ און די רויטע פֿליסיקייט פֿון דער אָפּע־נער פּאָמידאָר! ... ניין, זי האָט נישט געהאַט קיין כח צו ווערן זיך קעגן דעם, דאָס קינד סימעלע. און שבעלע האָט עס געוואוסט, און דערפֿאַר האָט זי זיך דערלויבט צו קאַפּריזעווען. דערפֿאַר האָט זי זיך גענומען דאָס רעכט צו פּייניקן סימעלען.

מיט יעדן קינד, פֿונם עלטסטן ביזן איגנסטן, כמעט אַלע מאָל אוועק פֿונדערהיים, איז די גרויסע ראַסקאָשנע וואוינונג ריינאַרסקים תמיד געשטאַנען לוידיק, נישט רעכענענדיק די איבערגעלאָדנקייט פֿון די שווערע שטיקער מעבל, וואָס זענען אויסברענגעריש און געשמאַק־לאָז געווען אָנגעשטעלט איינס אויף דאָס אַנדערע. בלויז בוזשעלע האָט זיך דאָרטן אַרומגעדרייט, איינזאַם און פֿאַרבענקט, מיט די דאַרע הענטלעך אין די קעשענעס פֿאַרשטעקט. און כדי צו פֿאַר־טרייבן דעם לאַנגווייל פֿון זיך, האָט ער צייטנווייז אויפֿגעשריגן מיט אַ קרענקלעך און געפּייניקט קולכל. די טענער, קוויטשיקע, היסטע־רישע, פֿלעגן געבן אַ לעבער־דורך די ליידיקייט פֿון דער וואוינונג, און דער אָפּענטפֿער דערפֿון, דער אָפּהילך, איז געווען נאָך פּיינלע־כער און קרענקלעכער, כמעט ווי אַ פֿאַנישער הילף־געשריי אין אַ מדבר. דאָס האָט ער אומישנע געטאָן, כדי צו הערן וואָסער נישט איז קלאַנג אַרום זיך, כדי אַרויסצורופֿן וואָסער נישט איז סימן פֿון לעבן.

אָט אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן טעג און וואָכן, חדשים און יאָרן. בוזשעלע איז אַרומגעגאַנגען, האָט געשלונגען טרויער און געשפּיגן מיט אומעט. עס איז געוועזן אומאַנגענעם אויף איר צו קוקן. עס איז געווען אומבאַקוועם מיט איר צו זיין. זיין וואוקס איז נישט געווען קיין נאָרמאַלער וואוקס און זיין אויסזען איז נישט געווען קיין נאָרמאַל אויסזען. זיין הייך איז געווען צופּיל לויט זיינע יאָרן. און ער איז געווען שמאָל, שרעקלעך שמאָל און דאַר, הויט און ביינער. ער איז אַלע מאָל אַרומגעגאַנגען מיט אויסגעסטאַרטשעטע נאַקעטע דאַרע קני — הוילע קנאָכן; מיט לאַנגע, דינע פיסלעך, מיט לאַנגע, דינע הענטלעך, מיט אַ לאַנג, דין העלדזל. און דאָס גאַנצע פּנימל איז ביי אים אויך געווען אויסגעצויגן און לאַנג, מיט זיין מאַמעס גרינקייט אויף די באַקן.

די מוטער חיהלע איז געווען אויסער זיך פון צער און ערגערניש, וואָס איר ליבלינג, איר אויג אין קאָפּ, גייט נעבאַך איין פון טאָג צו טאָג. זי האָט גאָר נישט געקענט פאַרשטיין וואָס פאַר אַ בייז אויג איז אים האָט געקענט געשען. און ווי אויף צו־להכעיס זענען די אַנדערע קינדער, אויף וועלכע זי האָט זיך קוים אומגעקוקט, געוואַקסן ווי אויף הייוון, געוואָרן ברייטער ווי לענגער, פּונקט ווי עמיצער וואָלט געשטאָנען מיט אַ מעסער און געשניטן שטיקער פון איר בוזשעלען און זיי אַרויפגעלייגט אויף די אַנדערע קינדער.

און צוקוקנדיק אַזוי ווי איר בוזשעלע גייט נעבאַך אויס פאַר אירע אויגן, ווי אַ יונג חלבן ליכטל, האָט איר מוטערלעך האַרץ געגנומען שטאַרק אונטערפּלאַטערן. זי האָט פאַרגעסן אָן אַלץ און אין אַלעם, אפילו אָן איר אייגענער „קראַנקהייט" האָט זי פאַרגעסן, אָן איר „אויפגערעקטקייט". איין איינציקע גרויסע און יסורימדיקע פראַגע האָט איצטער פאַר איר עקזיסטירט: איר בוזשעלעס געזונט, איר בוזשעלעס לעבן, וואָס געפינט זיך אין גרויס סכנה.

איז חיהלע נישט געשלאָפן. זי האָט אָנגעהויבן טאָן וועגן דעם.

זי האָט אים אָנגעהויבן צו דאָקטאָרן. פּונקט ווי פריער זיך, אַזוי האָט זי זיך איצטער גענומען צו אים. אויסגענוצט אַלע האָספּיטאַלן, פעלדשערס, זנאַכערס אין איר אייגן שטעטל, איז זי געפאָרן ווייטער, אין די גרעסערע שטעט, צו גרעסערע דאָקטוירים און אַנדערע סאָרטן היילערס. שמואל דוד, דער מאַן, האָט געשריגן, געזאָגט, אַז עס איז דעם קינד גאָרנישט, פּונקט ווי עס איז איר קיינמאָל גאָרנישט געווען. ער האָט געזאָגט, אַז זי איז משוגע און אַז זי וועט משוגע מאַכן דאָס אינגל. און ווען ער האָט איינגעזען, אַז

זיינע ווערטער זענען אַרויסגעוואָרפן, האָט ער זי גענומען סטראַשען מיט אַ גט. ער וועט גאַנץ פּשוט פון איר אַנטלויפן, האָט ער געזאָגט. און לויפן וועט ער וואו די אויגן וועלן אים טראָגן. ווייל וואָס פאַר אַן המצאה איז׳ס צו וואוינען מיט אַ ווייב, וואָס שטעלט אים בדיל חדל? זי וועט אים מיט דער צייט אַזוי „אויסמאַכן דאָס אויער“, אַז ער וועט מוזן נעמען אַ טאָרבע און גיין אין די הייזער.

אָבער אפילו דאָס האָט נישט געהאָלפן. חיהלע זיין ווייב האָט אים קנאַפּ וואָס געהערט.

— מעך אַרט נישט וואָס דו׳סט מיט מיר טאָן, שמי׳טאָוויד. — האָט זי געזאָגט, — קענסט מעך שלאָגן און קענסט מעך הרגענען. קענסט מעך אפילו אָפּגטן. אָבער יעכל מיינס אויספירן: יעך מוז דאָס קינד אַרויסראַטעווען פונם מלאך המות׳ הענט, יעך זאָל אפילו וויסן אַזוי ווייט צו גיין...

און זי האָט אַ פּיר געטאָן מיט אַ פינגער איבערן האַלז, כדי צו באַווייזן איר מאַן ווי ווייט זי איז גרייט צו גיין צו ראַטעווען איר קינד.

אָבער דער מלאך המות, האָט זי איינגעזען, איז געווען צופיל איינגעקשענט. ער האָט זיך פאַרלייגט אויף בוזשעלעס נשמה און זי נאָר געוואָלט צונעמען. האָט זי זיך אויך איינגעשפּאַרט, די מו־טער חיהלע, און געזאָגט:

— ניין! יעכל מעך ראַנגלען!

און זי האָט געהאַלטן וואָרט. זי איז געלאָפן פון פעלדשער צו דאָקטאָר, פון דאָקטאָר צו זנאַכער, פון זנאַכער צום רבין — און אַלע האָבן געטענהט מיט איין קול, אַז דעם אינגל איז גאָרנישט; אַז ער איז געזונט פּונקט ווי אַלע אידישע קינדער: ווי משהלע און ווי בערעלע, ווי צדוקל און ווי גרונמל. ס׳פעלט אים גאָרנישט, דעם אינגל.

יאָ, ס׳פעלט אים גאָרנישט. אָט הערט זי זיי טאָקע. זיי איז גרינג צו רעדן. אַ חוץ דעם: אַ סך ווייסן זיי! צוריקגעשמועסט: פון וואַנען זאָלן זיי וויסן? ס׳איז זייער קינד? אַ סך געזונט האָט זיי בוזשעלע געקאָסט?

— אָבער רבי, — האָט זי געטענהט צום גוטן איד, — גיט נאָר אַ קוק ווי אויסגעצערט דאָס קינד איז...

— אויסגעצערט, שמויסגעצערט, — האָט דער גוטער איד אויף איר אָנגעשריגן, — פּורטץ אַהיים און זייטץ נישט קיין אידענע!...

— וואָס הייסט יעך זאָל נישט זיין קיין אידענע, רבי? — האָט

חיהלע נישט פֿאַרשטאַנען דעם רבינס וואונק — וואָס דען זאָל יעך זיין, רבי?

— אי, — האָט דער רבי אַ זאָג געטאָן, — זענט איר דאָך טאַקע, ווי הייסט דאָס, אַן אמתע אידענע... יעך זאָג, אַז איר זאָלט אַהיימ־פֿאָרן מיט דעם אינגל און נישט זאָרגן. ער וועט אי"ה זיין אַ מענטש און קענען לערנען...

און דער דאָקטאָר כמעט אויך דאָס זעלבע:

— דאָס אינגל איז געזונט. נישט מער: ער איז עטוואָס אונ־טערגעצערט, אַביסל בלוט־אָרים. מען דאַרף אים אַביסל צוזען.

מילא, האָט זי אים גענומען צוזען — צענפֿאַכיק מער ווי פֿריער. און ווען דאָס האָט ווייניק געהאָלפֿן, האָט זי אָנגעהויבן אָפּליגן מיט אים אויף די דאַטשעס.

דער מאַן אירער האָט זיך געריסן ביים קאָפּ.

— ביסט דאָך אַ טשיסטע מערדערין! — האָט ער געשריגן און די האָר פֿון זיין רויטער באָרד האָבן איינציקווייז מיטגעשפּיזלט פֿון כעס — ביסט דאָך ערגער ווי אַ וואַלד־גזלן! דו נעמסט און שטופּסט אַריין האָס גאַנצע דאָברע־מזל אין איין בנאָקל, וואָס ווען דו פֿרעגסט מעך, איז ער ביי מיר נישט ווערט קיין אויסגעהוילטע פּעטשערע... די אַנדערע קינדער זענען ביי מיר אויבעט קינדער, ווייסטו פֿון דעם, צי ניין? דו־דו־דו — בהמהוואטע אידענע דער מאַמעס!...

—אָבער יענע זענען געזונט, שמי'טאָוויד,—האָט חיהלע זיין ווייב געשנורעוועט די ליפּעלעך, — יענע פֿעלט קיין עין הרע גאָרנישט. און דאָס איז נעבעך אַ שלאַפּס...

— אַ שלאַפּס? ווער מאַכט אים דען קראַנק מער ווי דו? דו וועסט אים נאָך טרייבן יונגערהייט אין דר'ערד אַריין אויך...

— וואוּעס?! — האָט חיהלע זיך אָנגעהויבן צאַפּלען, דערהערנ־דיק די ווערטער — יעך וויל דאָס ניט הערן, שמי'טאָוויד! יעך וועל מיר אַ מעשה אָנטאָן, אַז דו וועסט אַזעלכע ווערטער ברענגען פֿאַרן מויל — הערסט? יעך וויל בעסער גיין אין דר'ערד אַריין, איידער ער — הערסט? יעך, שמי'טאָוויד, יעך!... — האָט זי מיט די קליינע, דאַרע פֿינגערלעך זיך געקלאַפּט אין האַרץ אַריין.

— מעך דאַרפֿסטו קיין סך נישט בעטן. — האָט ער, אַ דערעסט־נער פֿון אירע ווערטער, פֿון אירע העויהלעך, אַ כאַפּ געטאָן זיין פּאָלטן — ביי מיר קענסטו פֿועלן, אַז דו זאָגסט אַ גוטן טאָג אַפֿילו היינט. על'עך כאָטש וויסן, אַז כ'האָב אַ רואיקן קאָפּ און מ'וועט מיר אויפֿהערן אַביסל צו דאַטשעווען...

— שמי׳טאָוויד! ! — האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ פאַרדעכטיק קוויטשל, אַריינגעכאַפּט דאָס גאַנצע הענטל אין מויל אַריין און עס געגומען בייסן.

אַזוי האָט מען זיך געוואָרטלט און געקריגט און ס׳איז געבליבן ווי זי האָט געוואָלט. זי איז געפאָרן מיט בוזשעלען אויף דאַטשעס, זי האָט אויסגעגעבן שטיקער געלד, זי האָט אים געגאָסן פעטס אין האַלז אַריין, און — ער איז געבליבן פונקט אַזוי גרין און פונקט אַזוי דאַר ווי פריער.

דער מאַן אירער האָט געקרעכצט, שוין שטילערהייט, אַרונטער־שלינגענדיק שוין גאַנצע ווערטער, נאָך איידער ער האָט זיי אַרויסגע־בראַכט פון מויל. מאַניק האָט קלוג און חוזקדיק געשמייכלט. און די דריי טעכטער האָבן האַלב גלייכגילטיק און האַלב מיט פּראָטעסט צוגעקוקט דער מאַמעס פּירעכץ און זענען וואָס ווייטער אַלץ מער אויסן געבליבן פון שטוב.

— אָבער זאָג מיר נאָר, — האָט שמואל דוד שוין געפּרואווט צו איר רעדן געלאַסענער, האַלטנדיק אַ שטיק באָרד אין מויל, וואָס דאָס איז ביי אים געווען אַ סגולה קעגן כעס, — דו מיטן בנאָק דיי־נעם, עץ ביידע ווילטץ ענק דאַטשעווען, גוט. דאַטשעוועטץ ענק. כ׳האָב שוין קיין כח נישט צו קריגן זעך מיט דיר. אָבער צו וואָס דאַרפסטו נאָך מיטשלעפּן די שיקסע, צו וואָס? וואָס אי? זי ליידט ביי דיר פון דער שווינסקער סוכאָטע? . . .

— שוין, שמי׳טאָוויד? טשעפּעסט זעך שוין צו מיר? הייבסט מיר שוין ווידער אָן צו צאַפּן דאָס בלוט? דאָס קינד קען זעך נישט באַגיין אָן פראַנטשישקאַן, דאָס קינד. ער איז שוואַך. ער דאַרף זי האָבן לעבן זיך.

חיהלע האָט דאָס מאָל אַליין נישט געוואוסט וויפיל אמת עס איז געלעגן אין אירע רייד. בוזשעלע האָט זיך אין דער אמתן גע־נויטיקט אין פראַנטשישקאַן, אַ סך מער זיך גענויטיקט ווי זיין מאַמע האָט זיך עס געקענט פאָרשטעלן. און נישט נאָר כדי זי זאָל אויף אים אַכטונג געבן, נאָר גאָר צוליב עפּעס אַנדערש...

ווען פראַנטשישקאַ איז אָנגעקומען דינען צו די ריינאַרסקים, איז בוזשעלע אַלט געווען אַרום פינף יאָר. ער איז שוין דאַמאָלס געווען צופּיעשטשעט און צובאַלעוועט אויף גאָר אַ גרויסן פאַרנעם. מיט זיינע שטיק האָט ער פאַרטריבן דער פריערדיקער דינסט זאָשע, אַ שטילע, געדולדיקע עלטערע קריסטין, און נאָך עטלעכע דינסטן

נאָך איר. קיין איינע פון זיי האָט זיך נישט געקענט צופּאַסן צו זיין קרענקלעכן טעמפּעראַמענט.

בלויז פראַנטשישקאַ האָט עפּעס באַלד געפונען חן אין זיינע אויגן. ער האָט זיך צו איר צוגעקלעפּט כמעט פונם ערשטן טאָג אָן. די סצענעס, וואָס ער פלעגט פּראַווען ביי יעדער נייער דינסט, האָט ער ביי איר נישט געפּראַוועט. ער האָט נישט גערדריגעט מיט די פיס, ווען ער האָט זי דערזען. ער האָט נישט אויפגעהויבן קיין יעלה, ווען זי איז צו אים דאָס ערשטע מאָל צוגעקומען און אים אָנ־גענומען ביי דער האַנט. ער האָט זיך פון איר געלאָזט קאָרמענען און ער האָט זיך פון איר געלאָזט אָנטאָן און אויסטאָן. ער האָט זיך פון איר אַלצדינג געלאָזט טאָן.

און דאָס האָט אַלעמען שטאַרק געוואונדערט. אָבער מער פון אַלעמען האָט עס געוואונדערט דער מאַמען זיינער.

— אַז יעך ווייס נישט וואָס פאַר אַ מין שיקסע דאָס איז, — האָט זי געזאָגט, — אַז זי קען אַזוי געפעלן ווערן מיין בוזשעלען.

און פראַנטשישקאַ איז בוזשעלען געפעלן געוואָרן.

זי איז אים, צום אַלעם ערשטן, געפעלן געוואָרן מיט דער אָפנקייט פון איר פּנים, אַ פּנים וואָס איז געווען יונג, רויט און דאַר־פיש פריש. זי איז אים געפעלן געוואָרן מיט דער ברייטקייט פון איר שמייכל, וואָס האָט אַרויסגעזונגען פון צווישן אירע געזונטע ווייסע ציין. עס האָט אים געלאַשטשעט די בלויע גוטמוטיקייט, וואָס האָט אַרויסגעשיינט פון אירע אויגן. און ווען זי האָט זיך צום ערשטן מאָל צולאַכט, אָט גלאַט אַזוי זיך, אָן סיבה און אָן קונצן, אַ געלעכטער פון דער אייגענער געזונטער רויער צופרידנקייט אַרויס, איז אים אַליין באַלד געוואָרן לייכטער און פריילעכער אויפן הערצל, גרינגער און גליטשיקער אויפן געמיט. און וואָס ראַשיקער איר גע־לעכטער האָט זיך געגאָסן, וואָס פריידיקער עס האָט זיך געקייקלט אין איר האַלז, אַלץ ראַשיקער האָט די זויערקייט פון זיין פּנימל גענומען איינגיין, אַלץ פריידיקער האָבן די פאַרקרענקטע בליקן אין זיינע איי־געלעך זיך גענומען צינדן. און ווען זי האָט אים צום ערשטן מאָל גענומען אויף דער האַנט און ער האָט דורך דעם דיקן פּראָסטן לייוונטן קלייד אירן דערפילט די אָנגענעמע, לאַקערנדיקע וואַרימקייט פון איר פעסטן, יוגנטלעכן קערפּער, איז אַן אָנגענעמער ציטער איבער זיין יונג קערפּערל אַריבער. און שוין גאָר שפּעטער, ביינאַכט, ווען זי האָט אים גענומען אויסטאָן, צו לייגן אים שלאָפן, האָט ער פון איר

באַרירונג דערפילט גוטע, גענוספולע װאַרימקייט, װאָס ער האָט נאָך ביז דאַמאָלס, אין זײַן גאַנץ לעבן, נישט געהאַט געפילט.

װײַל בוזשעלע איז, אַ חוץ אַלעם, געװען זייער אַן עמפּינדלעך קינד, מיט אַ טיף־באַגראָבענעם געפיל פאַר עכטקייט. אין דער אַט־מאָספער, װאָס זײַן מאַמע האָט אַרום אים געשאַפן, האָט ער נישט געקענט װאַקסן אַנדערש װי ער איז געװאָקסן: קרענקלעך, נערװעז, צורײַצט, היסטעריש — אַלץ אַזױנע אײַגנשאַפטן, װעלכע מענטשן באַצײַכענען אונטער דעם אַלגעמײנעם נאָמען: שלעכט. אָבער בוזשעלע, אַלס קינד, איז נישט געװען שולדיק אין דעם. בוזשעלע, אַלס קינד, איז נישט געװאָקסן נאָרמאַל. אָנשטאָט װאַרימקייט, אמתע און עכטע װאַרימקייט, אין װאָס יעדעס קינד נויטיקט זיך אַזױ שטאַרק, האָט ער פון זײַן מוטער געקראָגן גאַנצע פליאַכעס היץ; ליבע באַגלייט מיט קװיטש, קושן באַגלייט מיט אַ היסטעריש שליקעכצן, מיט דענערװירנדיקע אױעלעך, מיט אױער־שפּאַלטנדיקע װײעלעך („אױ, אַ קלאָג צו מיר, דאָס קינד קײכט! אױ, אַ בראָך איז צו מיר, האָס קינד לאַכט דאָך! ...״). און פון דעם פאָטער און פון די שװעסטער און דעם ברודער האָט שוין געבלאָזן צופיל קעלט — קעלט באַגלייט מיט ביטול, מיט חוזק, מיט פײַנטשאַפט און פאַראַכטונג. און בוזשעלע האָט דאָס געפילט. ער איז געװען עמפּינדלעך. און פונקט װי עס איז אים געװען דערװידער דער מוטערס איבערטריבענע װאַרימקייט, אַזױ איז אים געװען פאַרדראָסיק די באַציאונג צו אים פון די אַרומיקע. ער האָט, פון זײַן אונטערבאַװאוסטזײַן אפער, געװאָלט אַ װאַרימערן טאַטן, אַן עטװאָס קילערער מאַמען און פרײַנטלעכערע שװעסטער־און־ברודער. װען זײ זענען אַנדערש, אַזױ אַנדערש װי ער װאָלט געװאָלט זײ זאָלן זײַן, װאָלט ער אויך געװאָרן אַנדערש. דאָס האָט ער אינערלעך געפילט. דאָס האָט ער מיט זײַן קינדישן שכל דערשפּירט. אָבער װי אַזױ מאַכט מען דאָס? ער האָט נישט געװאוסט װי אַזױ מען מאַכט דאָס. ער איז געװען צו יונג. ער איז געװען אַ קינד.

בײַ פראַנטשישקאַן איז געװען אַנדערש, פּשוטער. זײַן קינדיש מחל האָט נישט געדאַרפט האַלטן אין אײן שפּעקולירן, װי בײַ אַנדערע. ער האָט דאָ, אַ שטײגער, נישט געדאַרפט איבערטראַכטן, צי זײַן מאַמעס קװיטשיקע לאַסקעס זענען טאַקע אױס גרױסער ליבע צו אים, צי זענען זײ אױסגערעכנט צו רײצן דערמיט איר מאַן, זײַן פאָטער; צו זײַן ברודערס חוזקדיקע בליקן זענען טאַקע אױס אמתער פײַנטשאַפט, צי זענען זײ געמײנט צו רײצן זײַן מאַמען. בײַ פראַנ־

טשישקאַן איז געווען אַ גלייכער וועג. האָט זי געלאַכט, איז עס גע־
ווען אַ גאַנץ געלעכטער, אַן פאַלשע נאָטעס. האָט איר די מאַמע זיינע
אַמאָל מיט עפּעס־וואָס ווי געטאָן, האָט זי זיך געקענט צעוויינען מיט
אַזאַ מין ערלעך געוויין, אַז עס האָט געקענט אַ שטיין רירן פון אָרט.
און האָט זי אים אַמאָל גענומען אויף דער האַנט און אים גערופן
„דזשעצקאָ" און זיך גענומען מיט אים אַרומשפּילן און אַרומיאָגן
איבער די גרויסע, פּוסטע שטיבער, און זיך שפּעטער לאָזן פון אים
כאַפּן, און זיך נעמען קייקלען מיט אים אויף דער גלאַטער, אויסגע־
וואַשענער פּאָדלאָגע און ביידע פלעגן דערביי לאַכן, אַזוי הילכיק און
געשמאַק, אַזש די לופט פלעגט אָפּענטפערן, — דאַמאָלס, נאָר דאַ־
מאָלס, איז בוזשעלע געווען גליקלעך, אמת גליקלעך. אַ לעבעדיקער
קאָליר פלעגט דאַן אַרויסטרעטן אויף זיין תמיד פאַרגרינט און פאַר־
צערנט פּנימל. אַ בלישטשענדיק פייערל פלעגט אויפבליצן אין זיינע
פאַרקרענקטע און פאַרוויינטע אייגעלעך. זיין אָנגעווייטיקט, אָנגע־
זויערט הערצעלע פלעגט איבערפילט ווערן מיט אַזאַ פרייד, מיט אַזאַ
עכטער קינדישער פרייד, וואָס ער האָט ביז איר קומען פון דעם נישט
געוואוסט.

ביינאַכט האָט ער נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן אָן איר. פרי־
ער, די ערשטע צייט, האָט זי געמוזט זיצן אויפן בעטל זיינעם, ביז
וואַנען ער איז איינגעשלאָפן. נאָכדעם, ווען ער האָט זיך צו איר מער
צוגעוואוינט, האָט ער שוין געוואָלט, אַז זי זאָל מיט אים שלאָפן אַ
גאַנצע נאַכט. אָבער סיי דער פאָטער און סיי די מוטער האָבן פון
אַזאַ זאַך נישט געוואָלט הערן. איז זי בלויז געבליבן זיצן ביי אים
אויפן בעטל און אים אַזוי פיל לידער אָנגעזונגען, ביז וואַנען ער איז,
מיט זיינע הענטלעך אַרום איר האַלז, מיט זיין פּנימל צו אירע באַקן
צוגעדריקט, מיט זיינע קניעלעך אין איר בויך אַריינגערוקט, איינגע־
שלאָפן.

און פּונקט ווי בוזשעלע האָט זיך צוגעקלעפּט צו פראַנטשישקאַן,
אַזוי האָט זיך פראַנטשישקאַ צוגעקלעפּט צו אים. ווייל אויך זי איז,
פּונקט ווי ער, געווען עלנט. זי האָט אויך, פּונקט ווי ער, קיינעם
נישט געהאַט. אַוועק פון דער היים, אַרויס פון דער דאָרפישער אָרימ־
קייט, האָט זי זיך דאָ, אין דער ראַסקאָשנער וואוינונג ריינאַרסקיס, גע־
פילט ווי אַ פאַרלוירענע. זי איז נישט געוואוינט געווען צו אַזאַ
רייכקייט, צו אַזאַ אויסברענגעריי ווי חיהלעס. ווייל איר איז אַ סך
מאָל אויסגעקומען אַרויסצוּוואַרפן זאַכן, וואָס האָרטן, ביי אירע אייגע־
נע אין דאָרף, וואָלט מען געווען גליקלעך עס צו האָבן... אמת, חיהלע

איר באַלעבאָסטע האָט זי באַהאַנדלט נישקשה, מיט אַ סך מער איינ־זעעניש ווי די פריערדיקע דינסטן, אָבער עס האָט נאָך אַ סך געפעלט צו גוט. פאַר דעם באַלעבאָס, דעם הויכן, ברייט־פּלייציקן איד, מיט דער געדיכטער רויטער באָרד, האָט זי מורא געהאַט. אָן קיין שום אורזאַך מורא געהאַט, כאָטש ער האָט צו איר זעלטן־ווען גערעדט, קיינמאָל אויף איר, דאַכט זיך, קיין קוק נישט געטאָן, סיידן בלויז אַמאָל, גאָר זעלטן, ווען ער האָט, אַ שטייגער, געוואָלט זי זאָל אים אָפּפּוצן די געמזענע שיך אויף שבת, אָדער זי זאָל אים אָפּוואַשן די ריגער קאַלאָשן . . . פלעגט ער זיך אויך נישט ווענדן צו איר דירעקט, נאָר ווי צו אַ דריטער פּערזאָן, אַ פאַרמיטלערין צווישן אים און איר, מיט אַזאַ־אָ לשון :

— פּאָטרזשעבאַם געמזאָווי קאַמאַשי נאַ סובאָטע׳ן . . .

אָדער :

— ניעך אָנאַ וויטשישטשע מאָאי קאַלאָשי נאַ שוויענטאָ . . .

און אַפילו קיין בליק נישט וואַרפן אין איר זייט אַריין.

פון מאַניקן און פון די מיידלעך האָט זי אויך קיין ליבשאַפט נישט געקענט דערוואַרטן. עס איז גענוג געווען פאַר זיי צו וויסן, אַז זי איז בוזשעלעס דינסט, בוזשעלעס פריינט, זיי זאָלן אויף איר וואַרפן אַן אומחן, זיי זאָלן מיט איר קיין שום מגע משא נישט וועלן האָבן.

איז איר איינציקער פריינט טאַקע געבליבן בוזשעלע. ווי צוויי היימלאָזע, ארויסגעוואָרפענע הינטלעך, האָבן זיי זיך געטוליעט איינס צו דאָס אַנדערע, געוואַרימט זיך איינס דאָס אַנדערע מיט זייערע אָטעמס און מיט זייערע לייבער. אָבער פראַנטשישקאַ איז געווען אַ יונגע פרוי, רייף און געזונט און פול מיט בענקשאַפט, פול מיט באַ־גער, באַגער נאָך אַזוינס, וואָס זי האָט האָרטן, אין דער רייכער וואוי־נונג רייזאַרסקיס, נישט געקענט קריגן, סיידן — — — סיידן ביי... בוזשעלען. און זי, רוי און פרימיטיוו, נישט וויסנדיק און נישט באַ־גרייפנדיק געטוי וואָס אַזוינס זי טוט, האָט עס גענומען ביי אים, דעם זיבן־יאָריקן אינגל . . .

## קאַפּיטל פיר

ווען חיהלע האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט זי פאַר אַלעם גענומען און אָוועקגעשיקט פראַנטשישקאַן.

— אַז־ווי־וי... — האָט זי צו זיך אַליין גערעדט, ווייל זי האָט מורא געהאַט דעם מאַן אירן צו דערציילן אַזאַ זאַך — דערפאַר זעט מיר דאָס קינד אַזוי אויס... די שיקסע האָט זיך, ווי ס'ווייזט אויס, פאַרנומען אים אַריינצוטרייבן אין אַ סוכאַטע, די שיקסע... זאָל כאַטש אַ נאַדליע באַליערע אין אירע קרזשיזשעס אַריין!...

און זי האָט זיך געגעבן אַ שלאָג־אָן איין דלאָניע אָן דער אַנדע־רער, אָנגענומען צוויי פולע זשמעניעס מיט גאַרנישט און זיי געגעבן אַ שליידער־אַרויס אין דער לופטן, און געזאָגט:

— מנע, זאָל זי גיין אין דר'ערד אַריין מיטן קאָפּ. אַבי כ'בין אירע פּטור געוואָרן...

און זיך גענומען אויסשטראָצן אין איר שיק, אַרויסצולאָזן זיך אין גאַס אַריין זיך רייצן מיט די שטעטלשע ווייבער, זיי שטעכן די אויגן מיט איר נייער „גאַרגאַראָבע".

דאָס איז געווען פון איר זייט.

בוזשעלע האָט אָבער אויך געהאַט וואָס צו זאָגן אין דעם עסק. און געזאָגט האָט ער עס אויף זיין שטייגער, אויף בוזשעלעס שטיי־גער, ווי עס האָט געפּאַסט פאַר חיהלעס אַ זון.

פאַר אַלעם, האָט ער פאַרקרימט דאָס פּנימל, צועפּנט דאָס מיילכל און אַרויסגעלאָזט אַ בעטשע. נאָכדעם האָט ער זיך ערשט אויפן רעכטן אמת אַזוי צוריטשעט, אַז די אָדערלעך פונם דאַרן העלזל זיי־נעם זענען אָנגעלאָפן געוואָרן מיט אַ כעסיקן געשווילעכץ. דערנאָך האָט ער זיך צופּאָכעט מיט די הענטלעך און צודריגעט מיט די פיס־לעך און צום סאַמע לעצט האָט ער זיך גענומען שלאָגן קאָפּ אָן דער ערד מיט אַזאַ ווילדער, שטאַרקער עקשנות, וואָס האָט אַפילו זי, דער מוטער זיינער, גענומען אי שרעקן, אי וואונדערן.

— אָבער וואָס ווילסטו? האָט זי זיך ביי אים געבעטן — מוזסט האָך עפּעס ווען...

— פראַנטשישקאַן... — האָט ער געענטפערט, וויינענדיק און העשענדיק — איך וויל פראַנטשישקאַן...

— וואָס ? ! — האָט זיך די גרינקייט פון איר פּנים גענומען צינדן — פראַנטשישקאַן ווילסטו? אָט די—אָ ?... נאַ ! — איז זי צו אים צוגעלאָפן און קוים די האַנט אויף אים ארויפגעלייגט — נאַ דיר אַ פראַנטשישקאַ, נאַ דיר, דו קליינע כּפּרה דו ! ... נאַ, און נעם מיר נישט די לעבער ! און פאַרקירץ מיר נישט די יאָרן, דו — דו — דו ממזרניק איינער ! ... דו קליינער שיקסעניק, דו ! ...

אָבער סיי אירע געשרייען און סיי די פּאָר קלעפּעלעך, וואָס זי האָט אים דערלאַנגט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן, האָבן ווינציק וואָס געהאָלפן. העכער זיבן יאָר געוואוינהייט אויסצופירן אַלץ וואָס זיין האַרץ גלוסט האָט נישט געקענט אָפּגעווישט ווערן פון איין אויסערגעוויינלעכער פּאַסירונג. בוזשעלע איז געווען אַ קינד, און דער פאַל פראַנטשישקאַ איז ביי אים נישט געווען פיל אַנדערש ווי אַ סך אַנדערע פאַלן. דערפאַר האָט עס אים נישט ווייניק געוואונדערט זיין מוטערס פלוצלינגדיקע ענדערונג צו אים. געוואונדערט און פאַרדראָסן. און ער האָט עס טאַקע נישט געקענט אַזוי לייכט אַרונטערשלינגען.

האָט ער פאַר קרענקונג און פאַרדראָס אויפגעהערט צו עסן און אויפגעהערט צו טרינקען. אַזוי אויך אַ קנאַפּער גבור, האָט זיך דאָס אויף אים זייער שטאַרק אָנגעזען. די דינע הויטן פון די גרינע אויסגעדאַרטע באַקן זיינע האָבן אָנגעהויבן איינפאַלן אין מויל אַריין און די גרויסע שאַרפע אייגעלעך האָבן אָנגעהויבן זינקען אין קאָפּ אַריין. און וואָס טיפער זיי זענען געזונקען, אַלץ שאַרפער און אַלץ טראַציקער איז געוואָרן דער גלאַנץ אין זיי, אַלץ פאַרעקשנטער און פאַרדעכטיקער דער בליק. ער האָט אויפגעהערט אינגאַנצן צו רעדן. אפילו מיט דער מוטער און אַפילו מיט דער נייער דינסט האָט ער אויפגעהערט צו רעדן. חיהלע איז אַרומגעגאַנגען און ס'איז איר געווען אַ מינוט צום טויט.

אָבער צום ערגסטן זענען געווען די נעכט. בוזשעלע, צורייצט און אָנגעשטרענגט ביז דער העכסטער שטופּע, מיט אַ ליידיק, שלאַף מעגעלע, און אַ הערצל, איבערפולט פון בענקשאַפט און פּיין, האָט נישט געקענט שלאָפן. דאָס בעטל איז אים געווען דאָ צו־קליין, דאָ צו־גרויס. צו־קליין איז עס געווען דערפאַר, ווייל ער האָט זיך נישט געהאַט וואו אהינצוטאָן מיט די אַלע צרות זיינע, וואָס האָבן זיך אויף זיינע יונגע, שוואַכע פּלייצעלעך אַרויפגעלייגט מיט דעם גאַנצן שווערן און דריקנדיקן באַלאַסט און אים געהאַלטן אַרומגענומען פון אַלע זייטן. צו־גרויס איז עס געווען, ווייל עס איז דאָרטן געווען אַ ליי־

דיק שטיק פּלאַץ, פראַנטשישקאַס פּלאַץ, וואָס האָט צו אים פון דער נאַכטיקער פינסטערניש אַרויס געוואונקען מיט שטילע, פייערדיקע בליקן. אָבער ער האָט נישט געהאַט וואו צו גיין, וואוהין צו אַנט־לויפן. ער האָט נישט געהאַט קיין איינציקן פריינט אויף דער וועלט. קיינער האָט אים נישט פאַרשטאַנען. קיינער האָט זיך צו אים קיינ־מאָל נישט צוגעהערט ווי ס'באַדאַרף צו זיין. קיינער האָט צו אים קיינמאָל נישט גערעדט אַזוי ווי מען רעדט צו אַנדערע קינדער: מיט אינטערעס און מיט באַציאונג. זאָל עס זיין מיט אַ קילן טאָן, זאָל עס זיין מיט אַ וואַרימען טאָן, אָבער אינטערעס, אמתן, עכטן. זאָל מען זיך מיט אים רעכענען ווי מען רעכנט זיך מיט אַנדערע קינדער, זאָל מען אים ליב האָבן ווי מען האָט ליב אַנדערע קינדער, ווייל ער, בוזשעלע, איז אויך אַ קינד. ער וויל, אַז מען זאָל צו אים זיין וואַרים (אמת וואַרים, נישט היסטעריש היים ווי זיין מאַמע); אַז מען זאָל צו אים רעדן, מען זאָל זיך מיט אים שפּילן, מען זאָל אים ליב האָבן, ליב האָבן! . . .

דאָס דאָזיקע האָט בוזשעלע דורכגעפילט (נישט דורכגעטראַכט, ווייל ער איז נאָך געווען צו־יונג) אין יענע ערשטע שלאָפלאָזע נעכט זיינע. זיין הערצל איז אים געווען אינגאַנצן צובלוטיקט, זיין יונג וועזן — צעוויטיקט און באַליידיקט. עס איז נישט געווען זיין שולד וואָס ער האָט זיך אַזוי צוגעוואוינט צו פראַנטשישקאַן. ווייל זי איז פּאָרט געווען די איינציקע, די איינאונאיינציקע, וואָס האָט צו אים גע־רעדט און זיך מיט אים געשפּילט און אים געגעבן וואַרימקייט, אַזוי פיל וואַרימקייט! איז ווי זאָל זי אים נישט פעלן, ווי זאָל ער נאָך איר נישט וויינען? . . .

האָט ער דעריבער געבענקט נאָך איר. געוויינט און זי גערופן פונם שלאָף אַרויס. „פראַנטשישקאַ!" — האָבן די הייסע בלייכע קינדערשע ליפּעלעך געפּליסטערט אין דער נאַכט אַריין — „פראַנ־טשישקאַ! . . ."

און ווען ער פלעגט זיך אויפכאַפּן און זי נישט געפינען לעבן זיך, פלעגט ער זיך אַזוי יאָמערלעך צעוויינען מיט דעם הייזעריקן און טרוקענעם קולכל זיינעם, אַז ס'האָט זיך איינגעשניטן אין דער נאַכטס איינגעווייד. און די נאַכט האָט אָנגעהויבן אָפּגיין מיט בלוט און אָפּענטפערן אויף זיינע געשרייען מיט שרעקלעכע ווידער־קולות. דאַמאָלס האָבן די שטוביקע זיך אָנגעהויבן אויפכאַפּן, ווער ראַפּטום און ווער אַביסל שפּעטער, און פון אַלע צימערן האָבן זיך גענומען שיטן בייזע ווערטער אויף זיין קאָפּ און אַלערליי זידלערישע אויס־

דרוקן. עס האָבן געשיקט קללות די שוועסטער און עס האָט געשריגן דער ברודער. דער פאָטער אַליין איז ניט זעלטן אין אַזעלכע פאַלן אַראָפ פונם בעט און אין איין רציחה זיך געלאָזט צו בוזשעלעס בעטל אים מקיים פסק זיין. ער האָט געשטעלט גרויסע, זעלנערשע שפרייזן, אַזוי אַז דאָס לאַנגע נאַכט־העמד האָט זיך געהאַלטן אין איין פלאָנטערן צווישן זיינע פיס. די רויטע באָרד האָט זיך ביי אים, ווי געווינלעך אין אַ מאָמענט פון כעס, שטאַרק צופלאַמט און די טיפע נאַכט־יאַרמלקע האָט אַרומגעטאַנצט אויף זיין קאָפ. ער פלעגט צוקומען צום אינגלס בעטל, אים געבן אַ כאַפ־אָן ביי אַ הענטל און אים געבן אַזאַ זעץ־אויף, אַז דאָס בעט פלעגט אַזש אַ סקריפע טאָן. דערנאָך פלעגט ער אים אַראָפלאָזן אַ פאַטש פון איין זייט פנימל און אַ פאַטש פון דעם צווייטן זייט פנימל. און נאָך אַמאָל דאָס אייגענע. ערשט ווען ער האָט זיך שוין געהאַט עטוואָס אָפגעקילט, פלעגט ער, שפאַנענדיק צוריק צו זיין געלעגער, שוין מיט קלענערע שפרייזן, אַ רעד טאָן אין זיין אייגענער באָרד אַריין:

— א, דיר אַכט־און־אַכציק שוואַרצע יאָר! אַזא קליינער בענקאָרט עט מעך נישט לאָזן שלאָפן ביינאַכט...

געמיינט, אַז ער האָט שוין זיינס אָפגעטאָן, איז ער זיך אַזוי בנעימותדיק צוריק אַרונטערגעקראָכן אונטער דעם איבערבעט, און, אַוועקלייגנדיק די האַנט צווישן פנים און קישן, האָט ער גענומען זיך מכין זיין צוריק איינצושלאָפן, כדי אָפצוראַטעווען כאָטש אַ שטיקל נאַכט, וואָס אַ היפשן טייל פון איר האָט דער קליינער בענקאַרט שוין געהאַט איבערגעפירט. אָבער דאָ איז אַרויסגעשפרונגען חיהלע. לייכט ווי אַ בינטל פעדערן פונם איבערבעט אַרויס איז זי געגעבן אַ פלי־אַראָפ פונם בעט, אויך אינם נאַכט־העמד, און צו צו בוזשעלעס בעטל, אים געכאַפט אויף די הענט און אים גענומען איינשטילן. דאָס קינד, דערפילנדיק אַ מענטש לעבן זיך, וואָס גייט אַריין אין זיין לאַגע, האָט זיך פון דעם ערשט רעכט פונאַנדערגעוויינט. האָבן די געשרייען פון די קינדער זיך אויפסניי צוטראָגן איבער אַלע צימערן פון דער גרויסער וואוינונג מיט אַזאַ פאַרנעם, אַז אַפילו די אַלטע קאַץ האָט זיך איבערגעוועקט פונם שלאָף און זיך צומיאַוקעט.

אין איינער אַזאַ נאַכט, נאָך אַזאַ מין סצענע, ווען בוזשעלע איז געבליבן ליגן מיט אַן אָפגעשלאַפטן אָטעם און האָט אינגאַנצן געציטערט מיט דעם שוואַכן קערפערל, איז אים אַריין אַ געדאַנק אין קאָפ. אַ נייער און ליכטיקער געדאַנק איז דאָס געווען: ער וועט גאָר שטאַרבן.

יאָ, אַ טייערער נעדאַנק, אַ גליקלעכער. פאַרוואָס איז דאָס אים פריער נישט איינגעפאַלן ?..

ניין, ער וויל מער נישט לעבן. צו וואָס ? ס׳באַדאַרף אים דען עמיצער האָבן ? דער טאַטע שלאָגט אים. די שוועסטער באַשפּייען אים. דער ברודער וויל אים נישט קענען. און די מוטער קוויטשעט — אוי, ווי זי קוויטשעט ! און קיין חברים האָט ער אויך נישט. אַלע אינגלעך האָבן חברים, נאָר ער איינער האָט קיינעם נישט... און פראַנטשישקאַן, דעם איינציקן פריינט זיינעם, האָט מען אים אויך צוגענומען... און ער — — ער מוז איצטער זיין אַליין. שטענדיק אַליין. אָבער ער וויל דאָס נישט. ניין, ער וויל דאָס נישט !...

וועט ער בעסער שטאַרבן. דאָרטן, אין הימל, וועט ער שוין נישט זיין אַליין. דאָרטן, אין הימל, וועט ער שוין האָבן מיט וועמען זיך צו שפּילן, מיט וועמען צו רעדן, מיט וועמען צו לאַכן, צו שרייען, צו זינגען — פּונקט ווי משהלע און פּונקט ווי צדוקל און פּונקט ווי אַלע, אַלע קינדער אויף דער וועלט. ווייל אין הימל, האָט ער געהערט, זענען די מענטשן גאָר אַנדערש ווי די מענטשן פון דער ערד. ווייל אין הימל, האָט אים זיין זיידע אַמאָל דערציילט, זענען אַלע מענטשן מלאכים — דאָס הייסט, גוטע זענען זיי, אַזוינע גוטע !... קיינמאָל קריגן זיי זיך נישט און קיינמאָל שלאָגן זיי זיך נישט. און זיי רייצן זיך נישט איינס מיט דאָס אַנדערע... גוטע מענטשן אין הימל... ער וויל אויך אַהין גיין. עס איז אים שוין נמאס דאָ צו זיין. אַזוי שטאַרק נמאס !...

וואָס־זשע דאַרף ער טאָן, כדי אַרויפצוקומען אין הימל אַריין ? ער ווייסט שוין. נישט אומזיסט האָט ער לעצטנס אַזוי פיל נאָכגעקוקט דעם ברודער זיינעם. נישט אומזיסט האָט ער זיך אַזוי שטאַרק צוגעהערט וואָס ער האָט גערעדט מיט העניאָך דעם שניידערס יענעם נאָכמיטיק. ער ווייסט וואָס דער ברודער זיינער האָט ליגן דאָרטן אין קאַמער פון זייער פאָדערשטער שטוב. ביקסן האָט ער דאָרטן. און „ליוואָלווערן" האָט ער דאָרטן. ער האָט אָנומלטן אַליין געזען ווי זיי ביידע, מאָניק מיט העניאָך דעם שניידערס, האָבן דאָרטן אוועקגעלייגט אָט די זאַכן... קיינער איז דאַמאָלס נישט געווען אין הויז, אַ חוץ ער מיט פראַנטשישקאַן. אָבער פראַנטשישקאַ האָט סיי ווי נאָרנישט געזען. זי איז געווען פאַרנומען מיטן רוימען די אינווייניקסטע צימערן. איז זיין ברודער מאָניק שטילערהייט אַריינגעקומען אין הויז, אַרומגעקוקט זיך פון אַלע זייטן, נאָכדעם האָט ער אַריינגעלייגט אַ פינגער אין מויל אַריין און אַרויסגעלאָזט אַ סווישטש.

פונדרויסן האָט עמיץ באַלד אָפגעענטפערט מיט פונקט דעם זעלבן סווישטש. און באַלד דערויף איז אַרײנגעקומען הענאָך דעם שנײדערס, מיט אַ לאַנגן, ברײטן מאַנטל, מיט אַן אויפגעשטעלטן קאָלנער. און אָנגעבלאָזן איז ער געווען, הענאָך, ווי נאָך קײנמאָל נישט פריער — אין דעם איז בוזשעלע געווען זיכער. „ווי קומט עס, האָט ער זיך טאַקע דאַמאָלס געטראַכט, וואָס הענאָך איז ראַפּטום אַזוי גראָב געוואָרן?“ ... אָבער באַלד האָט ער אויסגעפונען פאַרוואָס. אַזוי ווי זײ (הענאָך מיט זײן ברודער) זענען נאָר אַרײן אין קאַמער און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, האָט ער, בוזשעלע, זיך שטילערהייט צוגעשאַרט און צוגעלײגט אַן אויער צום טיר־ווענטל. נאָכדעם האָט ער גענומען דורכקוקן דורך אַ שפּעלטל. ער ווײסט נישט פאַרוואָס ער האָט דאָס געטאָן, אָבער עס האָט אים געצויגן, גוואַלדיק געצויגן צו זען וואָס זײ טוען דאָרטן.

ער האָט געזען ווי הענאָך האָט פון אונטערן מאַנטל אָפּער ארויסגענומען לאַנגע אײנגעוויקלטע זאַכן און זײ אַרונטערגעשטופּט אונטערן האָלץ. נאָכדעם האָט ער דעם זעלבן הענאַכן געזען אַרויסנעמען קירצערע זאַכן פון די קעשענעס און זײ אַרונטערדרוקן אונטערן האָלץ. און בשעת מעשה האָבן זײ בײדע גערעדט צווישן זיך, מאָניק מיט הענאַכן, שטילערהײט אַזוי, קײנער זאָל נישט הערן. אָבער ער, בוזשעלע, האָט דאָך עפּעס דערכאַפּט.

— ווײסט, — האָט הענאָך געזאָגט צו מאָניקן, — אײן שאָס פון דער־אַ ביקס (און דערבײ אָנגעוויזן אויף אַן אײנגעוויקלטער זאַך, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט) און מען פליט גלײך אין הימל אַרײן ...

נאָכדעם ווי מאָניק מיט הענאַכן זענען אַוועק, איז ער שטילערהײט אַרײן אַהין אינווײניק און האָט גענומען אָפּערגראָבן אָט די אַלע האַרטע זאַכן, פון וועלכע מען פליט אין הימל אַרײן. אָפּערגראָבן און זײ באַטראַכטן. אָבער באַלד האָט ער געהערט עמיצן אַרײנקומען און ער האָט געמוזט פון דאָרטן אַוועק.

די גאַנצע סצענע האָט זיך אים אײנגעקריצט אין זכרון און ער האָט נישט אײן שעה אַוועקגעגעבן וועגן דעם צו טראַכטן. מערסטנס האָט ער געטראַכט וועגן דעם, ווען עס איז אים געווען שלעכט, ווען עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז די גאַנצע וועלט איז אויף אים אין כעס און וויל אים עפּעס אָפּטאָן. אין אַזאַ צײט האָט ער געטראַכט וועגן אַרײנגײן אין קאַמער, נעמען אַ ביקס און מיט איר אַזאַ מין מאַך טאָן, ער זאָל תיכף, באותו רגע, אַ פלי טאָן אין הימל אַרײן.

דאַמאַלס — — אָה, דאַמאַלס וועלן זיי וויסן. דער טאַטע וועט וויסן. און די מאַמע וועט וויסן. און די שוועסטער וועלן וויסן און דער ברודער — — און אַלע, אַלע וועלן וויסן ווי מיט אים אַרומצוגיין... נאָכדעם וועלן זיי אפשר נאָך אים בענקען, נאָכדעם וועלן זיי אפשר נאָך אים וויינען. אָבער אים וועט עס נישט אַרן. ער וועט פון זיי אַלעמען אַפּלאַכן. ער וועט שוין זיין אין הימל. און אים וועט דאָרטן זיין אַזוי גוט, אַזוי גוט!...

איז אין איינער אַ נאַכט, ווען ער איז געבליבן ליגן אַליין אין זיין צימער, אַ דערצערנטער פון דעם פאָטערס קלעפּ, אַ פאַרביטערטער פון די שוועסטערס געשרייען, אַ באַליידיקטער פון דעם ברודערס חוזקדיקע באַמערקונגען, אַ דענערווירטער פון דער מוטערס לאַסקעס, איז ער שטילערהייט אַראָפּ פונם בעט און קודם־כל צו צום נאַכט־לעמפּל, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ קליין טישל אין אַ ווינקל צימער, און האָט עס אויסגעלאָשן. נאָכדעם האָט ער זיך אָנגעהויבן שאַרן ביי די ווענט. ער איז געווען נאַקעט, אין אַ הויל העמדל, און אין שטוב איז געווען קאַלט. אָבער ער האָט עס נישט געפילט. ער האָט דורכגעשפּאַנט איין שטיק פינסטערניש נאָך דער אַנדערער. פון זיינע אויגן האָבן געשפּריצט גאָלדיקע פלאַמען, וואָס האָבן באַלויכטן זיין וועג, דעם וועג צו דער קאַמער, וואו עס זענען געלעגן באַהאַלטן די לענגעכדיקע האַרטע זאַכן, וועלכע מ׳דאַרף נאָר איין דריי טאָן, איין מאַך טאָן, — און מ׳פליט גלייך אַרויף אין הימל אַריין.

אַ לאַנגע צייט איז בוזשעלע אַפּגעווען אין קאַמער און געניש־טערט אונטערן האַלץ. צוליב דעם געדיכטן חושך איז אים אָנגעקומען שווער עפּעס צו דערגרונטעווען. אָבער ענדלעך האָט ער עס געפּאַקט! אַ לאַנגע האַרטע זאַך. אַ ברייט, דרייעקיק הילצערן אויסגעהובליעוועט הענטל פון איין זייט און אַ דין, פאַרקיילעכדיקט שטיק שטאָל פון דער צווייטער זייט. איצטער דאַרף מען בלויז איין דריי טאָן, איין מאַך טאָן. אָבער ווי אַזוי? ווי אַזוי? ער דרייט די ביקס אַהער, ער דרייט די ביקס אַהין — — עס גייט נישט. וואָס דאַרף גיין? יאָ, בוזשעלע ווייסט וואָס עס דאַרף גיין. עס דאַרף שיסן. דאָס ווייסט ער שוין גוט. אַ ביקס דאַרף שיסן. איז פאַרוואָס־זשע שיסט עס נישט? ער וועט פּרואוון נאָך אַמאָל. ער וועט פּרואוון אַזוי אַרומער. שאַ, אפשר יענע ביקס? צי אפשר גאָר אָט יענע קלע־נערע זאַך? יאָ, ער וועט נעמען דעם „ליוואָלווער“. אָט האַלט ער עס ביים הענטל. אָט נעמט ער אָן דאָס צינגל. מיט אַמאָל — פּלי! פּיף! — אַ גאַנץ שטיק פייער גיט אים אַ ברי דאָס פּנים.

נאָך אַמאָל — פּלי ! פּיף ! . . . עס פּליט נאָך אַ שטיק פּייער. עס הויבן אים אָן ברענען די שליפן. עס הויבן זיך אים די אויגן פונעם קאָפּ — אַריין און אַרויס. דאָס הערצל הויבט זיך אים אָן צו רירן פונעם אָרט. און דערווייל האַלט ער דאָס הענטל פונעם רעוואָל־ווער, און דאָס ווייז־פינגערל זיינס גיט שוין פון זיך אַליין אַ דריק צום דריטן מאָל, צום פערטן מאָל, צום פינפטן מאָל . . .

— פּלי ! — האָט ער געשריגן — פּיף ! — האָט ער געשריגן — פּייער ! פּייער ! . . .

און דער רעוואָלווער שיסט אַליין. און ער שטייט אינמיטן פון אַ גרויסן פלאַם. און דאָס האַליץ קנאַקט. און דאָס העמדל זיינס פּליט שוין אין דער לופטן. און ער — נאָכן העמדל, העט ,הויך, העכער, ווייטער, הייטאַ — וויאָ ! . . .

די עלטערן האָבן זיך אויפגעכאַפּט. און דער ברודער מיט די שוועסטער האָבן זיך אויפגעכאַפּט. און די איינוואוינער פונם גאַנצן הויז האָבן זיך אויפגעכאַפּט. איידער מען האָט זיך אומגעקוקט, איז שוין די קאַמער פון ריינאַרסקיס וואוינונג געשטאַנען אין פלאַמען. אַ רויך האָט זיך געטראָגן פון דאָרטן. פריער אַ דינער רויך, נאָכ־דעם אַ דיקערער, אַ געדיכטערער. עס איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע צווישן די דערוואַקסענע מענער, אַ גוואַלד צווישן די ווייבער און אַ פּישטשעריי צווישן די קינדער. „וואו איז עס ?" — האָט איינער געפרעגט ביים אַנדערן — „וואו ברענט ? . . ." „ביי ר'נחמן פּישע־לעס." — האָט איינער געזאָגט — „וואָס ? ! ביי ר' נחמן פּישעלע דעם „גאַפּטשאַק" ? " — האָבן עטלעכע צושראָקענע שטימעס אי־בערגעפרעגט — „אויב אַזוי, איז נישט פריילעך. אויב אַזוי, איז נישט גוט. ווייל באַלד וועט זיך זיין נאָפט געבן אַ צינד אונטער, אַז ס'וועט אונז אַלעמען אויסדישען . . ."

און דאָרטן ביי ריינאַרסקין אין קאַמער האָט עס געהאַלטן אין איין קנאַקן. דאָס פּולווער, וואָס אין די ביקסן און אין די רעוואָל־ווערן, האָט זיך דערוואַרימט און ס'האָט אַלע ווײַלע עקספּלאָדירט. חיהלע איז אַרומגעלאָפן אינם נאַכט־העמד, מיט אַ פאַרדרייטן שלאָף־טשיפּיק אויפן קאָפּ, און האָט זיך געבראָכן די הענט. „בוזשעלע !" — האָט זי געשריגן מיט פאַרבראָכענע הענט — „וואו איז מיר אַהינגעקומען מיין בוזשעלע ? דער מאַמעס האַרץ וועט עס דאָך נישט אויסהאַלטן . . ." אויך שמואל דוד איז אַרומגעלאָפן, מיט דער רוי־טער באָרד צופלאָשעט, מיט אָן אויפגעפּראַלעטן כאַלאַט און מיט די גאַטקעס אין דער האַנט. ער איז געלאָפן אַריין און אַרויס, פון שטוב

אויפן הויף אַרויס און צוריק. ער איז געווען צומישט, דערשראָקן און האָט נישט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טאָן. אונטערן כאַלאַט האָט ער געהאַלטן אַ קליין קאַסעלע מיט געלט וואָס ער האָט געכאַפּט אין איילעניש, — בוזשעלעס קאַסעלע, אַנשטאָט דער אמתער קאַסע מיט דער גרויסער אַפּותיקי, וואָס ער האָט גאָר אין זינען געהאַט אָפּצו־ראַטעווען...

און באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן טראָגן קולות פון אַלע זייטן:

— ס'ברענט!

— פּאָזשאַר!

— וואַסער! ברענגט וואַסער!...

— ניין, — האָבן געשריגן אַנדערע, — מען דאַרף רופן די פּיי־ערלעשער, די פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע...

יאָ, — האָט מען אונטערגעהאַלטן, — די פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע דאַרף מען האָבן, די גרויסע קישקע מיט וואַסער!...

— מען דאַרף נישט קיין פּאָזשאַרנע קאָמאַנדעס! — האָט זיך צווישן אַלע שטימעס געלאָזט הערן העכער דעם שניידערס קול — אינץ עמיר אַליין אויסלעשן דאָס פייער... שימקע, — האָט ער אַ געשריי געטאָן צו זיין אינגערן ברודער, וועלכער איז געשטאַנען אַ גרייטער צו לויפן, צו קלעטערן, צו טאָן, — ברענג אַהער די לייטער פונם בוידעם!... מאָניק, קום מיט מיר!...

און זיי אַלע, צוזאַמען מיט די אַנדערע יונגע חברה לייט פונם הויף, האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט. קודם־כל, האָט מען אַרויסגעקייקלט אַלע פעסער מיט וואַסער פון די שטיבער. דערנאָך האָבן די ווייבער אָנגעברענגט טעפּ, מיט עמערס, מיט וואַש־שיסלען. און חברה האָט זיך גענומען שעפּן און גיסן אויפן פייער, שעפּן און גיסן... הענאָך מיט מאָניקן זענען געשטאַנען די סאַמע ערשטע ביים פייער און האָבן קיינעם נישט צוגעלאָזט נאָענט...

אָבער עליע „וואַלטשאַק", דער שוסטער געזעל, וועלכער איז געשטאַנען צום נאָענטסטן צו זיי, האָט באַלד אויסגעפונען פאַרוואָס. ער האָט נאָר איין קוק געטאָן אונטער דעם האַלב־פאַרלאָשענעם האָליץ, האָט זיך אים זיין נאָז אַ פאַרקאַטשעט געטאָן אַרויף־צו. זיינע קליינע ביר־אויגן זענען איבערגעגאַנגען פון אַ פּלוצלונג אָנגעלאָפענער שוים אין זיי. „אוי, אַ בראָך זאָל מע נאָך ענק האָבן, — האָט ער אויס־געשריגן צו הענאָכן און מאָניקן, — וואָס איז דאָס?..."

מאָניקס צופּ ביים אַרבל און הענאָכס אַ בליק האָבן ביי אים באַלד אָפּגענומען דאָס לשון. עליע וואַלטשאַק האָט פאַרשטאַנען. ער

האָט געוואוסט ווער העגאָך איז געווען. ער האָט אויך געוואוסט אביסל וועגן מאָניקן. האָט ער דעריבער באַלד פאַרגעסן וואָס ער האָט נאָר־וואָס געזען אונטערן האַלץ און זיך מיט אַ באַנייטן ברען גענומען אויסלעשן די לעצטע גלאָוונעס.

אָבער דער סוד איז סיי ווי אַרויסגעקומען.

ווען די שרפה (וועלכע האָט אייגנטלעך נישט פאַרדינט דעם נאָ־מען שרפה, ווייל עס האָט זיך האַרטן בלויז געהאַט אָנגעכאַפּט אַ פּאָר אַלטע שמאַטעס און עטלעכע שפּענדלעך האַלץ) איז אינגאַנצן איינגעלאָשן געוואָרן, האָט מען אין אַ ווינקל פון קאַמער געפונען בוזשעלען ליגן אַ פאַרחלשטן. ווען מען האָט אים פון דאָרטן אַרויס־גענומען און אָפּגעמינטערט, איז זיין פּנימל געווען שרעקלעך בלייך און פאַרענדערט. אויף דער רעכטער באַק, נישט ווייט פון דעם אויער לעפעלע, איז ביי אים געווען אויסגעברענט אַ שטיק פליישׂ.

אויף די אַלע פראַגעס פון זיינע עלטערן: ווי אַזוי ער קומט אַהין, וואָס האָט ער דאָרטן געזוכט אין דער קאַמער און וואָס עס איז מיט אים געשען, — האָט ער גאָרנישט געקענט ענטפערן. ער האָט בכלל קיין וואָרט פון מויל נישט געקענט אַרויסברענגען. ער האָט נאָר געהאַלטן אין איין אונטערציטערן מיט די דינע, טויטלעכע, ברוין־בלויע ליפּעלעך — און מיט דעם גאַנצן קערפּערל. אין זיין מויל האָבן זיך די ציינדלעך אָנגעקלאַפּט איינס אָן דאָס אַנדערע. די מו־טער האָט אים אַ טאַפּ געטאָן דעם קאָפּ — ער האָט געברענט ווי אַ פייער.

— שמי'טאָוויד! — האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ קוויטשל פון יענע קוויטשעלעך — דאָס קינד איז מיר פאַרביי! אַ נישט־גוטער האָט אים אַהין פאַרשלעפּט, שמי'טאָוויד. גיי גיב אַ קוק, צי די מזוזה הענגט אויף דער וואַנט!...

— פו! פו! פו! — האָט זי אָנגעהויבן אָפּבלאָזן בוזשעלען — אשאַ! אשאַ! — האָט זי גענומען צוטרייבן די בייזע רוחות פונם הויז — אין ענקער רו אַריין גייטש — — אשאַ ... אין ענקער רו אַריין, זאָגט מען ענק!...

די מזוזה איז געהאַנגען אויף דער טיר אין פולער אָרדנונג און אין קאַמער האָט שמואל דוד קיין שדים נישט געפונען. דערפאַר האָט ער אָבער געפונען עפּעס אַנדערש. די אמתע מחבלים האָט ער שוין דאָרטן געפונען.

אַרויס פון דאָרטן איז ער אַזאַ אָנגעצונדענער, אַזאַ אָנגעבורע־טער, אַז ווען ער טרעט דאַמאָלס אַרויף אויף אַ שפּיץ פון אַ נאָדל,

וואָלט דאָס בלוט פון אים אָנגעהויבן צו שפּריצן, ווי זאָדע וואַסער פון אַ געפּלאַצטן סיפאָן. דאָס פּנים, מיט די אויערן, מיט דער נאָז זענען ביי אים געווען אַזוי אָנגערויטיקט, גלייך מען וואָלט אים נאָר־וואָס געהאַט אַרויסגענומען פון אַ פעסל רויטן באָרשט. ער האָט געגעבן אַ פּראַל־אויף די טיר, אַ קום־אַריין אין שטוב מיט אויסגעגלאָצטע צוויי קוקערס, צו צום ווייב און ביי איר אַ פרעג געטאָן:

— וואו איז ער?

— ווער? — האָט זי נישט געוואוסט וועמען ער מיינט.

— ער, דער משומד. — האָט ער שוין געענטפערט מער צו זיך ווי צו איר — ס'אי נישט קיינעמס קאָפּ דערביי, נאָר זיינער...

און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ווייטערדיקע קשיות, האָט ער זי געגעבן אַ שאַר־אַוועק פונם וועג און זיך געלאָזט אין די אינוויי־ניקסטע צימערן אים זוכן.

באַלד איז ער פון דאָרטן אַרויסגעקומען אַליין און האָט זיך געלאָזט צו דער דרויסנדיקער טיר.

— וואוהין גייסטו? — האָט חיהלע געוואָלט וויסן.

— כ'על עס דיר לאָזן וויסן מאָרגן מעטשים מיט דער ערשטער פּאָטשט. — האָט ער איר געענטפערט, ווען די טיר האָט זיך געעפנט און מאָניק איז אַריינגעקומען פונם הויף, וואו ער האָט געהאַט אַ געהיימע סאָבראַניע מיט הענאָכן.

— הער נאָר, דו... — איז דער פאָטער באַלד צוגעגאַנגען צום פּסוק — וואָס האָסטו דאָרטן אַוועקגעלייגט ביי מיר אין קאַמער?...

— האָסט דאָך אודאי געזען וואָס, וואָס־זשע פרעגסטו מיך?...

— האָט מאָניק דוקא געענטפערט רואיק.

— וואָס? דו לייקנסט אפילו נישט? — האָט דער פאָטער נישט געקענט פאַרשטיין זיין זונס חוצפּה.

— רעוואָלוציאָנערן לייקענען נישט, טאַטע. — האָט מאָניק גע־רעדט מיט גרויס ווירדע — און חוץ דעם, אַז איך וועל שוין לייקע־נען, וועסטו מיר דען גלייבן?

— הייסט עס, אַז דו נעמסט און ביסט זיך טאַקע מודה, אַז דו ביסט דאָס דער האָזיקער... — האָט שמואל דוד דערוויל נישט גע־וואוסט אויף זיכער וואו ער האַלט מיט זיין זון. ווייל דאָס וואָרט, וואָס דער זון האָט צום ערשטן מאָל דערמאָנט, אָט דאָס מאָדנע וואָרט „וואָליציינער“ מיינט ער, — אָט מיט דעם־אָ איז ער נאָך עפּעס נישט געווען איינגאַנצן זיכער וואָס אַזוינס דער בנאָק זיינער איז פאַר אַ מענטש...

— הייסט עס, — האָט ער דעם זון זיינעם געקוקט גלייך אין די אויגן אריין, פונקט ווי דאָרטן וואָלט געלעגן דער באַשייד צו דעם מאָדנעם וואָרט מאַניקס, — הייסט עס, אַז דו ביסט אויכעט פון די...

— זיכער! — האָט מאַניק געענטפערט אָן דער מינדסטער מורא, אויסטייטשנדיק פאַלש דעם פאָטערס שטעלונג; מיינענדיק, אַז דער פאָטער פאַרשטייט דעם גאַנצן ענין און ער ווערט דערפון נישט שטאַרק נתפעל — יעדער רעכטדענקענדיקער מענטש — האָט ער איצטער נאָכגעזאָגט די ווערטער וואָס ער האָט אנומלטן געהערט פון איינעם, אַ גרויסן רעוואָלוציאָנער, אַן אריבערגעקומענעם פון דער גרויסער שטאָט — דאַרף קעמפן מיט אַלע כחות אַראָפּצעוואַרפן דעם פּאַראַזיט, דעם וואַמפּיר...

דער פאָטער איז געשטאַנען און האָט געפינטלט מיט די אויגן פון די אַלע שווערע און מאָדנע ווערטער, וואָס דער זון זיינער האָט דאָ אָנגערעדט. ער האָט געהאַט דאָס געפיל ווי פאַר זיינע אויגן וואָלטן פון ערגעץ אַ הויכער הייך געפאַלן שווערע געוויכטן און זיך מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ אָנגעשלאָגן אָן דעם באָדן, און אַזוי שטאַרק איז יעדער קלאַפּ געווען, אַז ער האָט אַזש יעדעס מאָל געמוזט די אויגן פאַרמאַכן. אָבער באַלד האָט ער זיך אויסגעניכטערט. אַ קלאָר גע־דאַנקל איז געגעבן אַ גיי־אויף אין זיין מח.

— דו מיינסט צו זאָגן, — האָט ער שוין איצטער געקוקט דעם זון זיינעם גלייך אין די אויגן מיט טאַטעשער גרויסקייט און מיט ווינציקער דרך ארץ פאַר די גרויסע און שווערע ווערטער, — מיינסט צו זאָגן, אַז דו, שמואל דוד ריינאַרסקיס זון, האָסט געמאַכט יד אחת מיט יענע, וואָס ווילן אַראָפּוואַרפן דעם קיסר?

— אודאי! — האָט מאַניק נאָך אַלץ נישט פאַרגעפילט, וואָס עס גרייט זיך פאַר זיינעטוועגן — מיט וואָס בין איך בעסער פון אַנ־דערע?...

— אַזוי? ביסט נישט בעסער פון אַנדערע? — האָט דער פאָ־טער זיך שוין מער נישט געקענט איינהאַלטן און אים אַראָפּגעלאָזט איין פאַטש און נאָך אַ פאַטש — אַנדערע קינדער ברענגען אויך אַהיים ביקסן? אַנדערע קינדער ברענגען אויך אַהיים רעוואָלווערן? אַנדע־רע קינדער ווילן אויך אומגליקלעך מאַכן זייערע עלטערן? דיר אַכט־און־אַכציק שוואַרצע יאָר!...

און אים אויפסניי אַראָפּגעלאָזט אַ פאַטש.

— הער־אויף, טאַטע! — האָט מאַניק, אַביסל אַ צוטומלטער פון די ערשטע צוויי קלעפּ, גענומען קומען צו זיך — איך וויל נישט,

אַז דו זאָלסט מיך שלאָגן. איך בין שוין מער קיין קינד נישט. איך וואָרין דיך...

— אזוי? דו וואָרינסט מעך?... — האָט דער פאָטער גערעדט מיט חוזק — אוּ־וואַ.. און יעך האָב גאָר נישט געוואוסט, אַז יעך האָב אַזאַ שטאַרקן זון... און יעך האָב גאָר נישט אָנגעהויבן צו וויסן, אַז מיין זון, שמואל דוד לעדערקרעמערס זון, פאַרמעסט זעך אַזש אויפן קיסר אַליין... אַ קשיא אויף אַ מעשה? ער קען נאָך אפשר וועלן צוריק־שלאָגן דעם טאַטן אויכעט...

— איך וועל עס טאָן, אַז דו׳סט מיך צווינגען דערצו. — האָט מאָניק, צורעכט מאַכנדיק דאָס קליינע קיילעכדיקע היטעלע אויף זיין קאָפּ, געענטפערט — געדענק, ס׳איז היינט אַ נייע וועלט, טאַטע. מיר וועלן זיך נישט לאָזן עקספּלואַטירן אַפילו פון אונזערע אייגענע טאַ־טעס. נידער מיט דער שקלאַפעריי!... — האָט ער אויסגערופן פייַ־ערדיק און פאַטעטיש און איז אַרויס פון שטוב, איבערלאָזנדיק דעם פאַרגאַפטן טאַטן מיט אַן אָפן מויל.

חיהלע, וועלכע איז געווען אין דער צווייטער שטוב און זיך גע־פּאָרעט אַרום בוזשעלען, האָט דערוויל אונטערגעהערט אַ טייל פון דעם שמועס צווישן פאָטער און זון. ווען דער לעצטער איז אוועק, האָט זי אַזוי אַ זאָג געטאָן צום מאַן:

— ני, האָב יעך דיר נישט פון שטענדיק אָן געזאָגט, אַז ער וועט אונז נאָך אַמאָל אומגליקלעך מאַכן? ט׳אָט ביסטו אַרויסגעקומען אויף מיינע רייד...

און צו זיך אַליין האָט זי, שוין אוים אַלטער געוואוינהייט אודאי, אַ זאָג געטאָן:

— ני, ווי דען? אַרעלע. זאָל עס פעלן אַ האָר פון דעם פע־טער אַרעלע...

— אַרעלע! אַרעלע! מאַך שוין צו ס׳מויל... — האָט דער מאַן, אַ געררייצטער אי פונם זון, אי פון איר, אויסגערופן מיט כעס — זאָג בעסער, וואָס מאַכט דער קליינער?

— וואָס ער מאַכט? אוי, רבונו של עולם, אונזערע שונאים זאָלן אַזוי מאַכן. די סטרייקערס זאָלן אַזוי מאַכן... טאַפּ אָן ס׳קעפּעלע, עסטו זען. ער ברענט ווי אַ פייער... כ׳דענק, אַז מ׳וואָלט גאָר גע־דאַרפט רופן דעם דאָקטאָר...

— יעכל גיין רופן געליבטערן. — האָט דער מאַן געזאָגט און זיך גענומען אָנטאָן.

— אזוי פרי? ס'איז דאָך נאָך פינסטער אין גאַס...
— ס'מאַכט נישט אוים. יעבל אים אויפוועקן.

::——::——::

אַ פּאָר טעג זענען אַוועק זינט יענעם פאַל. בוזשעלע איז גע־לעגן שווער קראַנק, אין אַ כסדרדיקער היץ. דער דאָקטאָר געליבטער האָט געזאָגט, אַז דאָס קינד איז אַוועקגעפאַלן פון צופיל אויסשעפּונג, צופיל אָנשטרענגונג, און ער האָט דערצו געקראָגן אַן ענטצינדונג אויפן מאַרך. אַ חוץ דעם, זענען נאָך זיינע נערוון, וועלכע זענען אין אַלגעמיין געווען זייער סענסיטיוו, געווען שטאַרק אָפּגעשלאָפט. זאָלן די עלטערן דעריבער זען אָפּצוהיטן דאָס קינד, האָט דער דאָק־טאָר געליבטער געזאָגט, מיט אַלע מעגלעכע מיטלען. מיט קיין שום זאַך אים נישט אויפרייצן, וועט ער אפשר דאַמאָלס געזונט ווערן...

דאָס וואָרט „אפשר" האָט דער דאָקטאָר געליבטער, דער גרייז־גרויער בחור, אַרויסגערעדט מיט אַ גאַנץ לייכטן געמיט, מיט אַ גאַנץ קילן דאָקטאָרשן טאָן, וואָס האָט דעם אינגלס עלטערן דורכגענומען דורך און דורך.

די ערשטע זאַך, וואָס חיהלע האָט געטאָן, איז געווען צו פאַר־טרייבן מאָניקן פון הויז.

— ווייל קיינער איז נישט דעם קינדס מלאך המות מער ווי ער...
— האָט זי געזאָגט — און ווער קען מעך צווינגען צו האַלטן דעם מלאך המות אין שטוב און אים פּאַשען? בין יעך גערעכט, צי ניין? האַ, שמי'טאָוויד? . . .

איצטער האָט זיך גראָד דער מאַן אירער מיט איר קיין סך נישט געשפּאַרט. ווייל ער אַליין איז דאָס מאָל נישט ווינציקער געווען אויפ־געטראָגן אויף זיין עלטערן בנאָק ווי זיין ווייב.

— אַז אַזאַ שמאַראַוואָז, — האָט ער זיך געקאָכט אין דער באָרד אַריין, — קען זעך היינט גיין פּאַרמעסטן אויפן קיסר אַליין, קען ער זעך דאָך מאָרגן איינרעדן, אַז יעך, שמואל דוד לעדערקרעמער, בין נישט דער בעל הבית איבער מיין אייגן געלט און ער קען מיר נאָך אַרויסגעבן אַ באַפעל, אַז יעך זאָל מעך גאָר צוטיילן מיט אים אַליין און אפשר נאָך מיט דעם שניידערס זון אויבעט, מיט דעם, ווי הייסט ער דאָרטן, דעם גלאָוונעם מאַכער זייערן...

און ער האָט דאָך איצטער אַליין באַשיינפּערלעך איינגעזען, אַז די אידענע זיינע איז גערעכט, אַז דער איינציקער שולדיקער, וואָס דער קליינער איז אַריינגעפאַלן אין אַ קראַנקהייט, איז טאַקע ווידער אַמאָל נישט קיין אַנדערער ווי דער גרויסער זון זיינער, דער סטריי־

קער... אַ סימן האָט ער: ווען דער קליינער האָט צוגעמאַכט די אויגן און הויבט אָן רעדן פון דער היץ אַרויס, הערט ער דאָך באַשיינפּער־לעך אָטאָ־די־אָ ווערטער:

— מאָניק, לאָז מיך גיין אין קאַמער אַריין... לאָז מיך אַ קוק טאָן אויף די ביקסן... איך וויל פליען אין הימל אַריין... איך וויל פליען אין הימל אַריין...

— יאָ! — האָט שמואל דוד געגעבן אַ שריי־אַריין אין דער באָרד אַריין — די אידענע מיינע איז געדערכט. די אידענע מיינע איז נישט משוגע. דער גרויסער יונג האָט מיר איבערגעפירט דעם קליינעם. ס'אַ מורא אים צו האַלטן אין הויז...

און ער האָט זיך מיט דער אידענע נישט געקריגט, ווען זי האָט פאַרטריבן מאָניקן.

איז מאָניק אַוועק פון דער היים און ער האָט זיך אינגאַנצן אַרײַ־בערגעקליבן צו הענאָכן אין הויז אַריין. ער איז שוין דאָרטן סיי ווי געווען אַ האַלבער איינענער. ווייל פון זינט הענאָך האָט אים אַריינגעצויגן אין דעם אומלעגאַלן קרייזל (דאָס ערשטע אין יענעם שטעטל), וואו מען האָט געמאַכט פּלענער אַראָפּצוּוואַרפן דעם קיסר, האָט זיך נישט נאָר דערוואַרימט זיין פריינטשאַפט מיט הענאָכן, נאָר מיט אַלע אַרבעטער און אָרימע מענטשן פון דער וועלט. זיין שנאה צו די רייכע, וועלכע זענען פון די אָנפירער פון דעם קרייזל געשיל־דערט געוואָרן אויף זייער נישט קיין שיינעם אופן, האָט זיך גענומען אין אים שטאַרק צעוואַקסן. זיינע עלטערן האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט געקענט אַרויספאַלן פון דעם קלאַס מענטשן, וועלכע ער האָט געמוזט פיינט קריגן. האָט ער טאַקע כסדר געהאַלטן אין איין דער־ווייטערט ווערן פון זיי, אין איין אָפּגעפרעמדט ווערן, אין איין איינ־רעדן און איינהאַמערן אין זיך אַ כעס אויף זיי, אויף די בורזשויען, עקספּלואַטאַטאָרס און בלוטזייגערס...

איז ער נאָך אין אַ געוויסן זין געווען צופרידן צו פאַרלאָזן דאָס הויז פון אַזעלכע מין מענטשן און זיך אַריבערקלויבן צו אַרבעטער, צו האָרעפּאַשניקעס. און כדי נישט צו זיין קיין אומזיסטיקער עסער, האָט ער זיך אַליין אויך געשמאַק גענומען צו דער אַרבעט. הענאָך האָט אים געהאָלפן, און פראַדל האָט אים געהאָלפן, און שלמה, און שימקע. אַלע האָבן אים געהאָלפן און געלערנט דאָס שניידעריי. עס האָט זיי מסתמא אימפּאָנירט וואָס שמואל דוד לעדערקרעמערס זון ווערט זייערער אַן איינענער, אַ קאָלעגע פּאָ פּאַכו, ווי עס האָט דאָרטן ביי זיי געהייסן.

כאַזקעלע אַליין איז אויך געווען צופרידן דערפון. אי ער האָט צו דעם מאָניקן גאָרנישט צוגעלייגט (ווייל דאָס עסן האָט ער זיך פאַר־דינט), אי עס האָט אים שטילערהייט הנאה געטאָן אויף דעם געלן שמואל דודס בראָך. ווייל ווער־ווער — ער, כאַזקעלע, האָט גוט גע־וואוסט, וואָס פאַר אַ שפרונג דאָס גבירישע זונדל האָט האָ געמאַכט. הער, אַ קלייניקייט אַביסל: אַ רייכער לעדערקרעמער מיט אפשר פופ־ציק טויזנט קאַרבאָוואַנצעס און אַ שניידער מיט אפשר פופציק טויזנט וואַנצן אין בעט... אָט דאָס, האָט כאַזקעלע געוואוסט, האָט דאָס גבירישע זונדל אויסגעביטן. נו, האָט ער נישט געדאַרפט לאַכן אין די פאָטשעווקעס אַריין אויף דעם געלן שמואל דודס בראָך?

אויף מאָניקן אַליין האָט ער קיין רחמנות נישט געהאַט. פאַר־וואָס זאָל ער אויף אים געווען האָבן רחמנות? ס'וועט אים דען עמי־צער צונעמען די ירושה נאָך זיין טאַטנס טויט? הלואי קען ער, כאַז־קעלע, זיינע קינדער באַזאָרגן כאָטש מיט אַ צענט־חלק. נע, ס'אי דאָ וואָס צו רעדן! שניידערשע חלומות... אַז ער וועט, נאָך הונדערט־און־צוואַנציק יאָר, זיי איבערלאָזן דעם שניידערשן וואַרשטאַט מיט אַ פאָר איינגעאַרבעטע קליענטן, וועט עס אויך זיין אַ גאַנץ פיינע ירושה. נישקשה, דעם קדיש, וואָס זיי וועלן נאָך אים זאָגן, וועט עס ווערט זיין...

די כאַזקעלעכע האָט שוין דערפאַר אויפגענומען מאָניקן ווי מען נעמט־אויף אַ זון — און אָן דער מינדסטער אויסרעכענונג עמיצן צו טאָן צו־להכעיס. די כאַזקעלעכע, בטבע אַ גוטע און אַ ווייכע, האָט מאָניקן ליב געהאַט אמתדיק און אָן קונצן. אַן איידל אינגל, מיט אַ גוטן כאַראַקטער, דערצו נאָך אַ פריילעכער, אַ גוט־ברודערשער מיט אירע קינדער, אָן דעם מינדסטן סימן פון גרויסהאַלטעריי, פון בלאָזן פון זיך, ווי עס איז דער פאַל מיט אַנדערע גבירישע זינדלעך, — פאַרוואָס זאָל זי אים נישט געווען ליב האָבן? באַזונדערס נאָך ווען ער האָט זי אָפט אַרומגענומען און זי געקושט און זי גערופן מאַמעשי (פון וואָס זי איז אַלע מאָל גליקלעך פאַרשעמט געוואָרן) — פאַרוואָס זאָל זי אים נישט געווען ליב האָבן און אים האַלטן ווי אַז איינגן קינד?

זי איז אים אַפילו מוחל געווען דאָס, וואָס ער איז מיט איר הענאַכן שיר נישט אַריינגעפאַלן אין קרימינאַל און וואָס זיי גייען בכלל אויף די וועגן. אָבער נאָכדעם ווי הענאַך האָט איר פאַרזיכערט, אַז עס איז גאָרנישט, און מאָניק האָט איר פאַרזיכערט, אַז עס איז גאָרנישט, האָט זי, אַן ערלעכע, אַ גלויביקע, עס אָנגענומען פאַר גוט

נעלט און צונעשווינן. אמת, מיט נענוג שרעק און ציטער אין איר האַרץ, אָבער אויך מיט אַ באַהאַלטענער האָפענונג און בטחון אין גאָט, אַז אַלץ וועט זיך אויסלאָזן צום גוטן.

האָט זי אים געמאַכט באַקוועם אויף וויפיל אירע אָרימע מיטלען און די צונעטיילטע פּאָר גראָשן האָבן דערלויבט. וואָס די קינדער האָבן געגעסן, האָט ער געגעסן. וואו די קינדער זענען געשלאָפן, איז ער געשלאָפן. אַז אַלץ איז פאַר אים געווען גוט. אַ תענוג צו האַלטן אין שטוב. אירע אייגענע קינדער, באַזונדערס שימקע ממזר, פלעגן גיכער אַמאָל זאָגן אַ חסרון אויפן עסן, אָדער גאָר אויסדינגען אַמאָל אַ גרעסערע פּאָרציע. אָבער ער, מאָניק, האָט אַלע מאָל געהאַלטן מיט איר. ער וועט נישט לאָזן טשעפּען דער מאַמעשי, האָט ער געזאָגט. אַניט וועט ער אים, דעם שימקע ממזר, אָפּערשלעפּן אַ בענקל פונם געלעגער, ווען יענער וועט זיך לייגן שלאָפן ביינאַכט, אָדער ער וועט אים אונטערגיסן אַ קוואָרט וואַסער און ער וועט דערנאָך אַלעמען דערציילן, אַז ער, שימקע, האָט עפּעס אָפּגעטאָן...

יאָ, ער האָט זיך געפילט גאַנץ היימיש דאָרטן, מאָניק. היימיש און תקיף. ווייל פאַר וועמען האָט ער געהאַט מורא צו האָבן, אַז הענאָך איז געווען מיט אים? און מיט הענאָכן איז מען געווען שטאַרק. מיט הענאָכן איז מען געגאַנגען אויף אַן אייזערנער בריק. ער האָט געוואוסט די ווערט פון הענאָכן. ווייל איינער פון די גרעס־טע איז הענאָך געווען אין יענעם קרייזל, וואָס האָט אין יענעם יאָר (1905) געגרייט אַ מתנה פאַרן קיסר...

מאָניק פלעגט שפּאַצירן מיט הענאָכן אין גאַס מיט אַן אויפגע־הויבענעם קאָפּ. זייענדיק כמעט ביידע פון דערזעלבער הייך, האָבן זיי געשפּאַנט זייט ביי זייט, איינער קורץ און שניידעריש אָנגעטאָן, מיט אַ שקצישן קאַשקעט אויפן קאָפּ און דער אַנדערער לאַנג און חסידיש געקליידט, מיט אַ קליין קיילעכדיק „אידיש" היטעלע. מענטשן, וואָס האָבן זיי געזען פאַרבייגיין, האָבן זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט, מורא געהאַט מיט זיי זיך אָנצורירן, געציטערט זיך צו באַגעגענען מיט זייערע בליקן.

— אָט גייען זיי! — האָט איין איד געהאַלטן פאַר אַ מצוה צו וואָרענען דעם אַנדערן — די צוויי סטרייקערס. די — — — די — — ציצילִיסטלעך...

— וואָס? אָט די ימח שמוניקעס? אַוועק פון זייערע דלד אמות, ר' שמעלקע! טאָמער דערזעט אונז אַ סטראַזשניק שטיין לעבן זיי...

— טפו ! טפו ! שקץ תשקצנו ! . . . — האָט אַ דריטער אויס־געשפּינן — מיין כּפּרה און אייער כּפּרה . . .

— אָבער איין זאַך פֿאַרשטיי יעך פונהעסטוועגן נישט . . . — האָט אַ פערטער גענומען לערנען דעם פּשט — מילא, אַז דעם שניי־דערס זון איז אַזאַ־אַ, קען יעך עס נאָך צוקייען. אָבער ער, ווי הייסט ער דאָרטן, מאָניקל, שמואל דוד לעדערקרעמערס קדיש — — דער־אָ זאָל ווערן איינער פון די — — די — — — ניין, אָט דאָס קען יעך שוין גאָר נישט תופס זיין, ווי עץ זעטץ מעך אַ אידן . . .

— אכיבע יעך זאָל זאָגן, אַז דער טאַטע זיינער קען גאָרנישט טאָן דערצו, — האָט אַריינגעוואָרפן אַ פינפטער — אכיבע יעך זאָל זאָגן, אַז ס׳אַרט אים נישט די גאַנציע מעשה . . .

אָבער דאָס איז דוקא נישט געווען אמת. די מעשה האָט שוין שמואל דודן גאָר און גאָר געאַרט. נאָך ווי געאַרט ! אָבער וואָס האָט ער געקענט טאָן ? נישט מער ווי איין זאַך האָט ער געקענט טאָן : זעענדיק זיין זון אין גאַס גיין מיט דעם שניידער־יונג, מיט אַזאַ אויפ־געהויבענעם קאָפּ, גלייך די גאַנצע וועלט איז זיינע, האָט ער נעבאַך, שמואל דוד, זיין אייגענעם קאָפּ געמוזט אַרונטערלאָזן, אַזוי נידריק אַרונטערלאָזן, אַז די צעוואָקסענע באָרד זיינע האָט דערגרייכט די אונטערשטע וועסטל קעשענעס און גענומען זוכן אַ פּלאַץ פאַר זיך, ווי אַריינצוקריכן אינוויינניק און זיך באַהאַלטן פון דער חרפּה און דעם בזיון, וואָס דער שייגאַץ מאָניק האָט איר אָנגעטאָן . . .

## קאַפּיטל פינף

בוזשעלע האָט דורכגעמאַכט אַ לאַנגע און געפערלעכע קראַנק־הייט. ווען ער איז געזונט געוואָרן, איז ער געווען אַזוי אַפּגעצערט, אַז מער ווי די אויגן און אַ פּאָרביינדלעך האָט מען ביי אים נישט אַרויסגעזען. גרויסע אויגן, מיט אַ ווייט־פונאַנדערגעעפנטן, פאַר־וואונדערטן בליק, ווי פון אַ ניי־געבוירענעם, אָדער ווי פון איינעם, וואָס קומט פון אַן אַנדער וועלט און דערבליקט מיטאַמאָל נייע און טשיקאַווע זאַכן. און מען האָט אים טאַקע, איצטער מער ווי תמיד, געקענט אָפּט זען אַ פאַרטראַכטן, אַ פאַרטוענעם אין זיך. שעהן־לאַנג האָט ער געקענט אָפּזיצן אויף אַ פּלאַץ, אַן אומבאַוועגלעכער, ווי אַ קליין סטאַטועלע, מיט אַ פינגערל ביים פּנים, נישט ווייט פונם אויער־לעפעלע, דאָרטן וואו עס איז ביי אים געווען דאָס אויסגעברענטע אָרט. מען האָט נישט געוואוסט, צי טראַכט ער, צי דרימלט ער; צי מאַכט ער אַ חשבון הנפש פון די אָפּגעלעבטע פּאָר יאָר זיינע, צי פּלאַנירט ער זיך אויס אַ וועג פאַר דער צוקונפט. און ווען ער האָט זיך באַוועגט, אָדער ווען ער איז געגאַנגען שפּאַצירן, האָט ער געמאַכט דעם אָנבליק פון אַ קליין סקעלעטל, וואָס האָט אַליין אויפגעגראָבן זיין אייגן קבֿרל און זיך אַרויסגעכאַפּט אַ קוק טאָן אויף דעם וועטער אינדרויסן...

ריטמיש און פאַרטראַכט איז געווען זיין גענגעלע, אין אַ האַרמאָ־נישער באַגלייטונג צו זיינע געדאַנקען. אויף דעם קליינעם, ביינער־דיקן שטערן זיינעם, לעבן שאַרבן, זענען געווען צוגעטשעפּעט צוויי אויגן, וועלכע האָבן פון דאָרטן אַרויסגעשיינט מיט אַ שטאַרקן בלישטש. דאָס זענען געווען די צוויי בליציקע פּאַקלען, וועלכע האָבן באַלויכטן דעם וועג פון זיינע געדאַנקען.

באַלד נאָך זיין געזונט ווערן, האָט די מאַמע צו אים אַ זאָג געטאָן:

— זאָג, מיין קינד, וואָס דו ווילסט און יעך וועל עס דיר פאַרשאַפן.

און צו זיך האָט זי געטראַכט:

„ער׳ט זעכער פאַרלאַנגען כ׳זאָל אים צוריקברענגען די שיקסע...“

אָבער געענטפערט האָט ער גאָר:

— כ׳וויל גיין אין שקאָלע.

און ווען דער פאָטער האָט צו אים געזאָגט:

— ני, שמשון הגיבור, ס׳וויסטע כ׳זאָל דיר ברענגען פון וואַרשע?

און צו זיך האָט ער געטראַכט:

„ער'ט זעכער וועלן מיטפּאָרן, דער קליינער שמויגער..."

אָבער צו זיין שטוינונג האָט ער גאָר געהערט דעם ענטפער:

— כ'וויל גאָרנישט. כ'וויל גיין אין שקאָלע.

— אין שקאָלע גאָר? — האָט ער איבערגעפרעגט אי פריילעך, אי פאַרוואונדערט—וואָס עפּעס מיט אַמאָל? ווילסט ווערן אַ דאָקטאָר?

און סיי ער, סיי זיין ווייב האָבן קיין ספק שהיות נישט געפּראַוועט, צוגענומען אים אַ לערער אויף רוסיש און אים אָנגעהויבן גרייטן אין שקאָלע אריין.

עס האָט זיי קנאַפּ־וואָס אינטערעסירט צו וויסן וואָס עפּעס פּלו־צים שקאָלע אין מיטן דרינען? וואו האָט ער דערטאַפּט דעם גע־דאַנק? ניין, זיי האָבן נישט געוואָלט וויסן פון גאָרנישט. אבי דאָס קינד איז, גאָט צו דאַנקען, צוריק געזונט געוואָרן און ער פאַרלאַנגט חלילה נישט קיין אוממעגלעכע זאַכן. אודאי איז עס נישט אַזאַ אי־דישע זאַך, די שקאָלע. אודאי האָבן זיי זיך קיינמאָל נישט פאָרגע־שטעלט, אַז זייערס אַ קינד, באַזונדערס נאָך דאָס אינגסטע, דאָס גע־ראָטנסטע, זאָל מוזן אָנקומען צו גוים נאָך תורה. אָבער וואָס האָבן זיי געקענט טאָן? ער האָט דאָך נאָך, חלילה, געקענט ווערן עפּעס אַנדערש? וואָס טוען זיי, אַז ער שפּאַרט זיך איין, אַז מ'זאָל נעמען און אים אויפזוכן די פראַנטשישקאַן — ני, וואָלטן זיי עס דען איצ־טער נישט געוועזן געטאָן?

האָבן זיי געשיקט נאָך דעם אָרימען סטודענט פרידמאַן און צו אים געזאָגט אַזוי:

— אָט איז אונזער אינגל. ער איז איצטער אַכט יאָר אַלט. שטעל אים צו אין דעם ערשטן קלאַס און עסט נישט צוליינן צום עסק.

ווען דער סטודענט פרידמאַן האָט בוזשעלען געגעבן די ערשטע פּאָר אורהאָקן איז ער נשתומים געוואָרן פון דעם קינדס פּייאיקייטן. און ווען ער האָט וועגן דעם איבערגערעדט מיט חיהלען, האָט זי, אַ גליקלעכע, אַ שיינענדיקע, אַריינגעקוויטשעט צום מאַן אינם צווייטן צימער:

— ני, שמי'טאָוויד, הערסט עפּעס? האָב יעך דיר נישט אַלע מאָל געזאָגט, אַז מע האָמאַ אַ „באַרליאַנט", נישט קיין קינד? אָט ביסטו אַרויסגעקומען אויף מיינע רייד. עסט נאָך זען וואָס ס'עט פון אים אַרויסקומען...

און צו די מיידלעך האָט זי אַרויסגעגעבן אַ באַפעל:

— יעך וויל נישט מ'זאָל מיר שטערן דעם קינד, ווען ער מאַכט

די אוראָקן, ווייל יעך נישט. יעך וויל, אז ס'זאָל מיר זיין שטיל, ווען ער שרייבט, וויל יעך. טאַמער עט'אים עמיץ פון ענק זאָגן אַ שלעכט וואָרט, עט'זי גיין דעם זעלבן גאַנג וואו אַרעלע איז געגאַנגען...

מיט דעם וואָרט „אַרעלע", האָבן שוין די מיידלעך געוואוסט, מיינט זי זייער ברודער מאָניקן.

און אפילו דער פאָטער האָט אויך אַריינגעוואָרפן אַ שטיקל וואָר־נונג:

— קיינער זאָל נישט דערוועגן צו טשעפּען דעם „דאָקטאָר" אונזערן, ווען ער זיצט און שרייבט! עץ הערט מעך? טאָמער דער־ווים'עך זעך, אַז מ'האָט יאָ געטשעפּעט, האָב יעך אַ גרויסן זשעמ־ניאַק אויף די הויזן...

דאָס האָט די מיידלעך ווי געטאָן און דער ריס צווישן זיי און דעם ברודערל איז דערפאַר געוואָרן נאָך טיפער. די פּריווילעגירטע לאַגע זיינע האָט זיי געדייצט. און כאָטש פון זינט ער איז געזונט געוואָרן, איז ער געוואָרן אביסל בעסער, עטוואָס געלאַסענער, האָבן זיי אים דאָך נישט געקענט מוחל זיין די אָן אַ שיעור זאַכן, וואָס האָט זיי אַזוי געשטאָכן די אויגן. זיי האָבן נישט געקענט נישט באַ־מערקן דעם אונטערשיד פון זייער עסן און זיין עסן; פון זייערע קליי־דער און זיינע. זיי, אַלס מיידלעך, איז עס באַזונדערס שווער געווען צו פאַרליידן, וואָס ער, אַ אינגל, אַ שנעקל, זאָל גיין אָנגעטאָן אין בגדי מלכות און זיי אין פּשוטע, אָדער קוים עטוואָס בעסערע, קליידער, ווי יעדעס פּראָסטע מיידל, וועמעס עלטערן עס זענען נישט קיין גבירים. און דער מאַמעס קאָמאַנדעווען, ווען עס איז געקומען צום עסן!

— מאַנקאַ, — האָט זי געשריגן אויף דער נייער דינסט, אַן על־טערער גויה, — בוזשעלע פּאָטרזשעבאַ מאַנע גרייפּעלעך נאַ שניאַ־דאַניע!...

— מאַנקאַ, — האָט זי זיך געקאָכט, — דזשעצקאָ פּאָטרזשעבויע יאַיקאַ נאַ קאָליאַציאַי...

און נאָך אַזוינע זאַכן. אַ גאַנצן טאָג האָט זי געהאַלטן אין איין מאַנקען, אַ גאַנצן טאָג האָט זי געהאַלטן אין איין דזשעצקען זיך. די קינדער זענען אויפגעגעסן געוואָרן פון ביטערער אייפערזוכט.

און ווען ער האָט שוין מיט מזל אָנגעהויבן גיין אין שקאָלע אַריין, איז גאָר נישט געווען פון איר אויסצוהאַלטן.

— שמי'טאָוויד, — האָט זי דורכגעצויגן איר שטימעלע צווישן איין געניץ און דעם אַנדערן, — פאַרגעס מעך נישט אויפצוואַוועקן

גאַנץ פרי. ס'קינד דאַרף גיין אין שקאָלע אַריין...

— מאַנקאַ, — האָט זי אַריינגעשריגן צו דער דינסט אין קיך אַריין, אַראָפּציענדיק פון זיך דעם סטאַניק. — פאַרשלאָף נאָר נישט אינדערפרי, מאַנקאַ. יעך וויל נישט, אַז ס'קינד זאָל אַוועק אין שקאָלע אַריין אָן קאַקאַאָ...

און אין מיטן טאָג, ווען דער מאַן פלעגט אַהיימקומען פון געשעפט עסן מיטיק, האָט זי צווישן איין מאכל און דעם אַנדערן, זיך געמאַכט אַ געוואוינהייט צו באַליינגן אַ קלאָג:

— אוי, ווער ווייסט, צי ס'קינד נעבאך איז דאָרטן נישט הונגעריק...

— אוי, ווער ווייסט, צי ער וועט נעבאך האָבן אַפּעטיט צו עסן...

און אין אָן אָוונט, ווען דער מאַן איז אַמאָל אַהיימגעקומען פרי, איז זי אים גלייך אַנטקעגנגעלאָפן מיט דער גרויסער בשורה אויף דער האַנט:

— שמי'טאָוויד, ווייסט, דאָס קינד האָט דאָך געקראָגן אַ פינף...

און אָן אַנדערש מאָל:

— ווייסט, שמי'טאָוויד, דאָס קינד קען דאָך שוין ציילן אויף רישיש...

די דריי שוועסטער, כאָטש גאַנץ פאַרשידן איינע פון דער אַנדערער אין כאַראַקטער, האָבן זיך ביי דער געשאַפענער לאַגע געהאַלטן צוזאַמען. אַז סיי ווי האָבן זיי קיינעם נישט געהאַט, אויסער איינס דאָס אַנדערע. אַז סיי ווי האָבן זיי דער פאַרנומענער טאַטע און די פאַרבוזשעלעטע מאַמע כמעט נישט באַמערקט. און מאָניק, דער עלטערער ברודער, וועלכן זיי האָבן דוקא נישט פיינט געהאַט, איז נישט געווען אינדערהיים. זענען זיי אַלע דריי געוואַקסן אין איין צימער, אין דער צייט, ווען דער גאַנצער איבריקער טייל פון דער וואוינונג איז געווען פאַרנומען פון בוזשעלען, אָדער האָט זיך מיט אים זייער נאָנט אָנגעקערט. זיי זענען געוואַקסן אַליין, אָן אַ שמירה איבער זיך, אָן דער מינדסטער אויפזיכט, ווי דריי יונגע געוויקסן ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענעם העק, הפקרדיק אויסגעשטעלט צו זון און צו רעגן, צו דונערן און צו בליצן. און דאָס האָט זיי פרי גערייפט און געציטיקט. סאַלטשע האָט שוין געטראָגן אויף זיך אַ פול פרוויאיש לייב, מיט פאַרבאַהאַלטענע, אומקלאָרע יונגפרויאישע גלוסטונגען. דבורהלע, די אינגערע, האָט שוין אויך געהאַלטן אין איין שטייפן אויף זיך די בלוזע און אייננציען אויף זיך די קליידלעך. און די

סאַמע אינגסטע, שבעלע, האָט געקוקט אויף אירע שוועסטער מיט קנאהדיקע בליקן... און נישט זעלטן האָט פּאַסירט, אַז זי איז ביי־נאַכט אַראָפּ פון איר געלעגער און אַריינגעקראָכן צו אירע צוויי על־טערע שוועסטער אין בעט, און, אַריינלייגנדיק זיך אינמיטן, האָט זי, מיט קנאה און באַוואונדערונג, באַטראַכט די גאָר־וואָס אַרויסגע־שפּראָצטע פאָרמען פון סאַלטשען און די ערשט־שפּראָצנדיקע פאָר־מען פון דבורהלען... און ווען יענע פלעגן זיך אויפכאַפּן און זיך אויף איר צושרייען, פלעגט זי, אַ פאַרשעמטע, אַ וויינענדיקע, מיט אַ נישט־געזעטיקטער נייגעריקייט, צוריקגיין צו איר געלעגער.

אָבער אויפן צווייטן טאָג איז אַלץ געווען פאַרגעסן און די דריי מיידלעך האָבן זיך ווידער געהאַלטן צוזאַמען.

בוזשעלען האָב זיי אויסגעמידן אויף וויפיל זיי האָבן נאָר גע־קענט. ער האָט האָס געוואוסט און עס האָט אים געריסן ביים הערצל. ער האָט זיך די לעצטע צייט מיט גאָרנישט נישט געפילט שולדיק קעגן זיי. ער האָט זיי די לעצטע צייט מיט גאָרנישט דאַקוטשעט. און די בייטש, וואָס זיינע עלטערן האָבן אים געגעבן אין האַנט, קעגן זיינע שוועסטער, האָט ער אויך נישט געוואָלט אויסנוצן. בוזשעלע האָט זיך לעצטנס אַ סך געענדערט. ער איז געוואָרן ליטישער און גע־צאַמטער. די קראַנקהייט האָט עס אים אַזוי געענדערט. ער איז עפּעס מיט איינמאָל ווי עלטער געוואָרן, אַ סך עלטער געוואָרן, אפשר מיט צענדליקער יאָרן. אמת, ער האָט נאָך צייטנווייז אונטערקאַ־פּריזעוועט, אַרויסגעוויזן קרענקלעכקייט. דאָס איז אָבער מערסטנ־טייל געווען קעגן זיין מוטער און טיילמאָל אויך קעגן דער דינסט. דאָס איז געווען דערפאַר ווייל די פּריווילעגירטע לאַגע האָט אים אָנ־געהויבן צו פאַלן שווער, האָט אים אָנגעהויבן דערעסן ווערן, און אויך — דערנידעריקן.

ווייל בוזשעלע איז איצטער נישט געווען דערזעלבער וואָס פריי־ער. בוזשעלע איז איצטער געגאַנגען אין שקאָלע. ער איז איצטער געווען וויכטיקער ביי זיך, שטאָלצער, אומאָפּהענגיקער. ער האָט איצטער געוואָלט שפּילן די ראָלע פון אַ שטאַרקן, פון אַן אמתן מאַנספּערשוין. אַ חוץ דעם, האָט ער גלאַט אָנגעהויבן פילן, אַז עפּעס איז דאָ נישט אין אָרדנונג מיט דער באַציאונג צו אים. אַז עפּעס איז דאָ נישט ריכטיק איינגעשטעלט. נישט נאָר האָבן די אַלע פּריווילעגיעס, וואָס ער האָט געקראָגן פון זיינע עלטערן, אים אָנגע־הויבן פאַלן שווער, נאָר די איבערגעוויכט פון לאַסקעס, די איבער־געלאָדנקייט פון גוטסקייט, האָבן אָנגעפילט זיין וועזן מיט מורא,

מיט שטילן פּחד. אַ דין־שיכטיקער פּראָטעסט האָט זיך אין אים צו־ לייגט, אַ פּראָטעסט קעגן זיך אַליין. מיט זיין דינעם חוש האָט ער דערפילט די גרויסע אומרעכט, וואָס ווערט קעגן אַנדערע באַגאַנגען אין זיין נאָמען. מיט זיין סענסיטיוון געהער האָט ער דערשפּירט די פאַלשע נאָטע, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט צווישן אים און זיינע אייגענע. די מאַמע איז פאַלש מיט איר הייסקייט און דער טאַטע איז פאַלש מיט זיין וואַרימקייט; די שוועסטער זענען נישט באַרעכ־ טיקט צו זייער געפאַלנקייט און דעם ברודער האָט מען נישט געדאַרפט פונם הויז פאַרטרייבן. און דאָס אַלץ, ווייסט ער, איז צוליב אים. און ער וויל דאָס נישט. ער דאַרף דאָס נישט. זיין ברודער מאָניק האָט אים, אין סך הכל, קיינמאָל קיין שלעכטס נישט געטאָן. און זיינע שוועסטער האָבן אים אויך קיין שלעכטס נישט געטאָן. אים וואָלט נישט געאַרט, ווען זיין ברודער קומט צוריק אַהיים און ווען זיינע שוועסטער גייען אויך אין שקאָלע אַריין. ער וואָלט געוואָלט מיט זיי אַלע זיין גוט און קריגן פון זיי וואַרימקייט און ליבע. און ער וואָלט צו זיי דאַמאָלס אויך אַזוי גוט געווען! און ער וואָלט זיי דאַ־ מאָלס אויך אַזוי ליב געהאַט! אים איז שווער צו לעבן אַזאַ לעבן פון צופיל און גאָרנישט. אפילו ווען דאָס צופיל קומט־אָן אים און דאָס צו־ווייניק קומט־אָן אַנדערע. ניין, ער וויל האַרמאָניע, ער וויל גלייכקייט און גאַנצקייט.

דאָס אַלץ האָט ער געטראַכט אין זיך, אויף אַ האַלב־רויען, קינ־ דערישן שטייגער, מיט צובראָכענע, צופלויגענע געדאַנקעלעך, מיט אַן אָנגעהיצט, גליענדיק מחל. קיין גאַנצן געדאַנק האָט ער דערפון נישט געקענט צוזאַמענשטעלן. קיין גאַנצן פּלאַן האָט ער נישט געקענט אויסלייגן. דערפאַר האָט קיינער נישט געוואוסט פון זיינע קריוו־ דעס. בוזשעלע האָט נישט געקענט אַרויספּלעכטן זיינע טענות צו דער וועלט. און עס איז אַ סברה, אַז ווען ער וואָלט עס יאָ געקענט, וואָלט ער עס אויך מסתמא געשטיקט אין זיך. בוזשעלע איז געווען גוואַלדיק שטאָלץ און צוריקגעהאַלטן. פון זיין ניינטן יאָר אָן איז ער געוואָרן אַזוי אומאָפּהענגיק, אַזוי זעלבסטשטענדיק, אַז עס איז אים אָנגעקומען גוואַלדיק שווער עפּעס צו בעטן ביי יענעם. ער וואָלט עס באַטראַכט פאַר דער גרעסטער דערנידערונג צו דאַרפן פאַר עמיצן עפּענען זיין האַרץ און לאָזן יענעם אַהין אַריינקוקן. אַלץ, וואָס האָט זיך דאָרטן געקאָכט, איז געווען זיין זאַך און נישט קיינעמס. אַלץ, וואָס האָט זיך דאָרט געוואַרעמט, צי דאָס זענען געווען געפילן פון

ליבע, צי שפּראָצן פון האַס, איז געבליבן ביי אים פאַרשלאָסן מיט א גרויסן שלאָס.

דערפאַר האָבן מענטשן, וועלכע האָבן בוזשעלען נישט געקענט (און ווער האָט אים דען יאָ געקענט?), אים גערופן: דער עקשן. דערפאַר האָבן מענטשן, וועלכע האָבן בוזשעלען נישט פאַרשטאַנען (און ווער האָט אים יאָ פאַרשטאַנען?) אים גערופן: דער פאַרבי־סענער יונג. און אויב דיביידע נעמען האָבן זיך אפשר געפּאַסט פאַר בוזשעלען, איז ער אָבער אויך געווען א סך מער ווי דאָס. ער האָט נאָך צו דעם פאַרמאָגט אזא סאָרט כאַראַקטער, מיט אזוינע מין אייגנשאַפטן, וואָס די מענטשן פון יענעם שטעטל האָבן אין יע־נער צייט נישט געהאַט קיין נאָמען דערצו.

אין שקאָלע האָט זיך בוזשעלע די ערשטע פּאָר יאָר געלערנט גוט און פלייסיק. דאָס איז, ערשטנס, געווען דערפאַר ווייל עס איז ביי אים געווען א נייס. צו יעדער נייער זאַך האָט ער געהאַט א טבע זיך צוצוכאַפּן מיט גרויס חשק און מיט דעם גאַנצן ברען פון זיין אומרואיקער, פאַרביקער נאַטור. צווייטנס, האָט זיך באַלד, ביים סאַמע אָנפאַנג, געשאַפן ביי אים די אַמביציע צו דעריאָגן און אפילו איבעריאָגן די אַנדערע קינדער פונם קלאַס. עס האָט אזוי פּאַסירט, אז ער האָט אָנגעהויבן גיין אין שקאָלע אינמיטן פונם זמן, ווען די אַנדערע קינדער האָבן שוין עפּעס געקענט, אַלנפאַלס, א סך מער פון אים, דעם גרינהוויטיקן, דאַרן בחורל, מיט די גרויסע, צעשראָקענע אויגן, מיט דער שלעכטער, קאָמישער ארויסרעדעכץ פון די פרעמדע רוסישע ווערטער. האָבן זיי דעריבער פון אים געלאַכט, די קריסט־לעכע קינדער, חוזק געמאַכט און נאָכגעשפּעט ווי אזוי ער רעדט. זיי האָבן דאָס געטאָן אין די אויגן און הינטער די אויגן. אפילו אין קלאַס־צימער האָבן זיי דאָס געטאָן, בשעתן לערנען, אין דער אַנוועזנ־קייט פון דעם לערער. און ער, דער לערער, אַלעמאָל אזא שטרענגער, אזא בייזער, וואָס פאַר דעם קלענסטן חטא פלעגט ער געבן א „לאַפּ־קע", פלעגט גאָרנישט זאָגן, נאָר שמייכלען, אונטערשמייכלען אין די דיקע וואָנסעס אריין און זיך מאַכן נישט ווייסנדיק.

בוזשעלע האָט דערפון שרעקלעך געליטן. פון אים לאַכן? זיין האָנאָר אָנרירן? אַך, ווי דאָס האָט אים וויי געטאָן. זיין ערשטער געדאַנק איז געווען: ארויסלויפן פון קלאַס־צימער, אוועקלויפן אהיים. ער וויל שוין נישט קיין שקאָלע. ער וויל שוין נישט לער־נען. ניין, ער וויל נישט! פון אים וועט מען נישט חוזק מאַכן!...

אָבער דער צווייטער געדאַנק זיינער איז שוין געווען א קילערער,

אַ געלאַסענערער: יאָ, פון אים מאַכט מען נישט חוזק, פון אים לאַכט מען נישט אָפּ. איז דען אָבער דאָס אַנטלויפן דער איינציקער וועג דאָס אויסצומיידן? ווער דאָס דען אַליין נישט אַרויסרופן נאָך אַ גרעסערן חוזק און נאָך אַ הילכיקערן געלעכטער? דאָס וואָס ער, בוזשעלע, וועט נישט זיין דערביי, איז גאָרנישט. ער וועט דאָס געלעכטער הערן פונדערווייטנס. ער וועט עס הערן אין דעם פאַרריגלטן צימער זיינעם. ער וועט עס אפילו הערן ליגנדיק אין בעט, איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ. עס וועט אים פאַרפּאָלגן, דאָס געלעכטער. עס וועט אים אויפרייצן. עס וועט אים לעכערן די אויערן.

ניין! ער וועט עס נישט טאָן! ער וועט נישט אַנטלויפן! דאָס נישט! ער וועט זיי ווייזן! די „אוטשעניקעס" אין קלאַס וועט ער ווייזן. און דעם לערער מאַליעוויטש וועט ער ווייזן. און דער גאַנצער וועלט וועט ער ווייזן, אַז ער, בוזשע ריינאַרסקי, וועט זיך אויסלערנען. אַלצדינג וועט ער זיך אויסלערנען: אי שרייבן, אי לייענען, אי אַרויסרעדן ריכטיק פרעמדע ווערטער, פּונקט אַזוי גוט ווי אַלע. ניין, בעסער פון אַלע וועט ער עס מאַכן! אַ סך בעסער!

און ער האָט געהאַלטן וואָרט. מיט אַן ענערגיע און אַ פליים, וואָס וואָלט געפּאַסט פאַר אַ מענטש דריי מאָל אַזוי אַלט ווי ער; מיט אַן אויסדויער און אַן עקשנות, וואָס וואָלט געקלעקט פאַר צען אַזעלכע גבורים ווי ער, האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט. בייטאָג און ביינאַכט, אין דער היים און אין שקאָלע, האָט ער אָנגענומען זיין סטאַטוס־מעסיק פּאַזעלע און איז געזעסן אַ טיף־פאַרטראַכטער, אַ שטום־פאַרביסענער, מיט אַ פינגער אויפן פּנים, דאָרט וואו דאָס אויסגעברענטע אָרט האָט זיך געפונען, ביז ער האָט זיינס דערגרייכט. ער האָט זיך אויסגעלערנט שרייבן, און ער האָט זיך אויסגעלערנט לייענען, און ער האָט זיך אויסגעלערנט רעדן, פּונקט אַזוי גוט ווי אַנדערע — און נאָך בעסער פון זיי.

אָבער מיט דעם האָבן זיך זיינע צרות אין שקאָלע נישט געענדיקט. אמת, מען האָט שוין מער פון אים נישט געלאַכט, ווען ער האָט זיך אויפגעשטעלט לייענען. מען האָט שוין מער פון אים נישט געחוזקט, ווען דער לערער האָט אים צוגערופן צום טאָפל, ער זאָל עפּעס אָנשרייבן. און ביי דער גרויסער געאָגראַפישער קאַרטע, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט, איז ער אויך נישט צומישט געוואָרן. ער האָט געוואוסט ווי אַזוי צו האַלטן דאָס שטעקעלע אין דער האַנט און אַרומפאָרן דערמיט איבער דער לענג און ברייט פון דער ריזיקער

רוסישער אימפּעריע. ער האָט גוט געקענט אַלע שטריכן און שטרי־כעלעך. ער האָט געוואוסט די סמנים פון וואסערן און ימים; פון בערג און פון טאָלן; פון די הויפּט־שטעט און די קלענערע שטעט־לעך. ער האָט אויך געקענט ענטפערן ווער עס איז געווען ריוריק און ווער עס איז געווען וולאַדימיר סוויאַטאָי; ווער עס איז געווען דער ערשטער האָמאַנאָוו און ווער עס האָט אָפּגעשאַפט פּאַנשטשיזנע. ער איז אויך נישט געווען שלעכט אין „סלאַוויאַנסקי“ (אַ מין רו־סישער העברעאיש). אַ חוץ דעם, האָט ער נאָך גאַנץ אָפט געדאַרפט ארויסהעלפן מיט אַ „זאַדאַטשע“ טאַקע די, וועלכע האָבן פריער פון אים חוזק געמאַכט. ער האָט דאָס געטאָן גאַנץ גערן, מיט אַ בייז־וויליקער צופרידנקייט, וואָס אָט די נארישע באָקעס דאַרפן צו אים אָנקומען.

די אינגלעך האָבן דאָס געפילט און זיי האָבן אים דערפאַר נישט ליב געהאַט. ער האָט דאָס געוואוסט און האָט עס אַראָפּגעשלונגען. ער האָט אָנגעהויבן זיך צוגעוואוינען צו דעם געדאַנק. אַ געדאַנק, וואָס האָט אים, אמת, אין דער שטיל אַ סך געפּייניקט. און וויפיל מאָל, ווען ער איז געבליבן אַליין מיט זיך, האָט ער צוגעלייגט אַ פינ־גער צום אויסגעברענטן אָרט פון זיין באַק און זיך פאַרטראַכט. לאַנגע מינוטן און שעהן פלעגט ער אַזוי זיצן און אָפּטראַכטן פאַרוואָס מען האָט אים פיינט. ער האָט געמאַטערט זיין מחל און געזוכט די סיבה דערפון.

אין כאַראַקטער איז בוזשעלע ריינאַרסקי נישט געווען קיין שלעכ־טער. ער איז אויך נישט געווען קיין ענגהאַרציקער. נישט נאָר האָט ער גערן אַרויסגעהאָלפן די אַנדערע אינגלעך מיט די לעקציעס מאַכן (זאָל זיין מיט אַ שטילער זעלבסטצופרידנקייט אַרויסצעוויזן זיין קענטשאַפט, זיין שטיין העכער פון אַנדערע), נאָר ער האָט זיי גאַנץ אָפט ליב געהאַט צו טאָן אַנדערע טובות אויך. זייענדיק אַליין אַ קינד פון רייכע עלטערן, האָט ער כמעט אַלע מאָל געהאַט געלט ביי זיך און אַלערליי גוטע זאַכן צו עסן, וואָס די מאַמע זיינע, אָדער די דינסט מאַנקאַ, האָט אים מיטגעגעבן אין שקאָלע אריין. אָבער אַזוי ווי ער איז אַלע מאָל געווען אַן איבערגעגעסענער, אַן איבערגעזעטיק־טער פון די אַן אַ שיעור גוטע שפּייזן, מיט וואָס די מאַמע זיינע האָט אים געהאַלטן אין איין שטאָפּן, האָט ער קיין גרויסן אַפּעטיט נישט גע־האַט און ער האָט דעריבער יעדן טאָג צוטיילט היפּשע פּאָרציעס צווישן די קינדער (נאַטירלעך, בלויז צווישן די אידישע. ווייל די קריסטלעכע, די פּוילישע אַזוי גוט ווי די רוסישע, האָבן זיך געהאַלטן

אָפּגעזונדערט). אָבער אַפילו מיט דעם האָט פונדעסטוועגן קיין חברשאַפט צווישן זיי און אים נישט געקענט געשאַפן ווערן. און קיין נאָנטע פריינטשאַפט האָט נישט געקענט אָנגעקניפּט ווערן. עפּעס איז געשטאַנען אין וועג. עפּעס האָט נישט דערלאָזט קיין בונד צווישן אים און זיי.

בוזשעלע איז טאַקע נישט געווען קיין שלעכטער און נישט קיין ענגהאַרציקער. ער איז אַפילו נישט געווען קיין אָנגעבלאָזענער און קיין פאַראומערטער. פאַרקערט, ער האָט אַפּטמאָל געקענט זיין זייער וויציק און שפּילעריש. ער איז באַזעסן אַן אינווייניקסטן עקסצענט־רישן הומאָר — וואָס, ווען ער איז געקומען צום אויסדרוק, איז נישט געווען קיין גרעניץ צו דער שטעכיקייט און בייסיקייט. און געשטאָכן האָט ער סיי זיך און סיי אַנדערע, אָן אונטערשיד. די ווייניקע, וועלכע האָבן אים אַביסל פאַרשטאַנען, האָבן דאָס אָפּגעשאַצט און מיט אים געשמאַק מיטגעלאַכט.

זיין ערגסטער פעלער איז מסתמא געווען זיין שטאָלץ, זיין גוואַל־דיקער שטאָלץ, וואָס האָט זיך אָפט געגרעניצט מיט גאוה. אומעטום און ביי יעדער געלעגנהייט האָט ער געוואָלט זיין דער ערשטער, דער העכסטער, דער בעסטער. דער צווייטער פון יענעם האָט אים נישט געפּאַסט. דער דריטער, דער פערטער, חלילה, — דאָס נישט. האָט ער איינגעזען, אַז ער קען ערגעץ נישט פירן די קאָמאַנדע, אַז מען הערט זיך צו אים נישט צו ווי געהעריק, איז ער אַוועק.

האָט מען אים דערפאַר פיינט געהאַט. האָט מען אים דערפאַר אויסגעמידן. מען האָט אים נאָר דאַמאָלס אויפגעזוכט, ווען מען האָט פון אים עפּעס געדאַרפט האָבן: אַ פּאָר גראָשן אויף עפּעס אַ שפּילכל, אָדער ביי אים עפּעס פרעגן וועגן דער און דער זאַדאַטשע, וועגן דעם און דעם קענגשטאַנד. איז ער געווען אין אַ גוטער שטימונג, האָט ער געזאָגט, האָט ער געגעבן געלט. האָט ער געפילט שלעכט, איז ער געווען אָנגעגריפן פון דער שלעכטער באַהאַנדלונג מצד זיינע שול־חברים, האָט ער זיך פון זיי אַוועקגעדרייט אָן אַן ענטפער. האָבן זיי, צוכעסטע, פאַרדראָסיקע, אים אַ שליידער געטאָן אין פּנים אַריין דאָס אים פאַרהאַסטע זידל־וואָרט:

— אויסגעברענטער אייטער!

דאָס האָט מען געמיינט דאָס אויסגעברענטע שטיק פלייש אויף זיין פּנים.

אויב בוזשעלע, דאָס עמפּינדלעך אינגל, האָט געהאַט וועלכע נישט איז צרות אין זיין לעבן, איז די וואונד אויף זיין באַק געווען די

גרעסטע צרה; אויב בוזשעלע, דאָס צערפּולע בחורל, האָט פאַרנומען וועלכע עס איז פּיין, איז דער פּיין פון דעם אויסגעברענטן שטיק פלייש אויפן פּנים געווען דער שטאַרקסטער. כאָטש אַלץ, וואָס איז געטאָן געוואָרן נישט לויט זיין שכל נאָך, נישט פּינקטלעך אַזוי ווי ער וואָלט עס געטאָן, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט עס זאָל געטאָן ווערן, האָט אים פאַרשאַפט שמערצן; כאָטש אַלץ, וואָס מען האָט זיך גע־קליבן צו טאָן, וואָס איז נישט געווען לויט זיין געשמאַק און וואָס האָט נישט האַרמאָנירט מיט זיינע באַגריפן, האָט אין אים אַרויסגע־רופן אַ שטילן, אינווייניקסטן שטורם פון פּראָטעסט און האָט אים אָנגעפּילט מיט אומגליקלעכע שעהן און ביטערע לײַדן, — האָט פונ־דעסטוועגן זיין פערזענלעך אומגליק, אָט־די אומגליקלעכע ראַנע אויף זיין פּנים, אים שטאַרקער פון אַלץ ווײַ געטאָן, אים טיפער פון אַלץ דערשיטערט. ווייל אויסער זיין אַמביציעזן פאַרנעם, צו זיין קליגער פון אַנדערע, שאַרפער פון יעדן און געלערנטער פון אַלעמען, האָט ער אויך געוואָלט זיין שענער פון אַנדערע, פיזיש שענער. און אַזוי ווי דאָס איז שוין געווען אַ זאַך, וואָס איז נישט געווען אָפּהענגיק אָן אים אַליין, אָן זיין טאַלאַנט און פייאיקייט, האָט ער אָנגעהויבן צו פילן, אַז דאָס איז אפשר אַ זאַך אויף שטענדיק, אַ זאַך אויף אייביק. האָט ער דערפון אַזוי געליטן, אַז ער האָט צוליב דעם נישט איין שלאָפ־לאָזע נאַכט דורכגעמאַכט.

און ער איז דווקא נישט געווען קיין מיאוסער אויפן אויסזען. אין לויף פון די עטלעכע יאָר האָט זיין מוטער חיהלע, מיט איר בסדר־דיקן שטאָפּן אין אים אַלערליי גוטע זאַכן, אים אַביסל געשטעלט אויף די פיס. דאָס אומנאַרמאַלע וואַקסן זיינס אין דער לענג האָט זיך אָפּגעשטעלט. אָנשטאָט דעם, האָט ער, ווי יעדעס נאָרמאַל קינד, גענומען וואַקסן לויט דער געהעריקער פּראָפּאָרציע, דאָס הייסט אין דער לענג און אין דער ברייט צוזאַמען. דאָס סקעלעטישע אין אים האָט זיך ביסלעכווייז גענומען אָפּטאָן, פאַרשוואונדן ווערן אין דעם אָנגעוואַקסענעם פלייש אויף זיינע ביינער. און די ביינער גופא האָבן זיך גענומען אויסברייטערן, זיך אָנשעפּן מיט דעם כל טוב פון זיין מאַמעס האָדעוואַניע. מיט דעם צוקריגן פון פרישע כחות און מיט דעם צופלוס פון פרישן און געזונטן בלוט, האָט זיין קרענקלעכ־קייט אָנגענומען אַ מילדערן כאַראַקטער, אָדער האָט אים גאָר צייטנ־ווייז איינגאַנצן פאַרלאָזט. ער וואָלט מסתמא מיט דער צייט געוואָרן איינער פון די אָן אַ שיעור דורכשניטלעכע קינדער, וועלכע קומען

פון רייכע אידישע עלטערן: אַ פּוילער, ציטערדיקער און אומבאַ־האָלפענער — אַ לעמעשקע.

אָבער ער איז דאָס נישט געוואָרן. און טיילווייז איז אין דעם געווען שולדיק די ראַנע אויף זיין פּנים, וואָס האָט אים כסדר גע־האַלטן אין אַ צונויפגעקראַמפּטן קלאַמער, אין אַ פיינלעכן באַוואוסט־זיין, אַז ער איז נישט ווי אַלע קינדער, אַז ער איז נישט ווי אַלע מענטשן. ער איז מיט אַ מום, מיט אַ מיאוסן פעלער, אַ העסלעכן חסרון, און ער דאַרף דעריבער זיין אַנדערש ווי אַנדערע. ער מוז זיין אַנדערש. די נאַטור פאַדערט עס פון אים. ער מוז זען צו זיין גרעסער, שטאַרקער. ווייל ער מוז האָבן אַ שטיקל פאַרגיטי־קונג פאַר דער עולה וואָס די נאַטור איז קענן אים באַגאַנגען. ער מוז האָבן אַ וואָפן אין דער האַנט זיך צו קענען ווערן קעגן דעם חוזק פון מענטשן, קעגן דעם אָפּשפּעטנדיקן געלעכטער, וואָס פלייצט ווי אַ שוואַרצע, אָפּשרפּענדיקע לאַווע, ווען מען דערזעט דאָס אויס־געבּרענטע שטיק פלייש אויף זיין פּנים.

דאָס האָט אים געגעבן די טרייב־קראַפט צו וואַקסן, איבערצו־שטייגן אַנדערע. דאָס האָט ער געטאָן, אמת, אומבאַוואוסטזיניק, מער מיטן געפיל, מיט דעם נאַטירלעכן פאַרטיידיקונגס־אינסטינקט, ווי מיט שכל, וואָס איז נאָך, סוף כל סוף, געווען גאַנץ רוי און קינדיש.

די זעלבע סיבה האָט אים אויך געטריבן צו ווערן אַ גוטער שווימער, אַ גוטער גליטשער אויפן אייז, אַ גוטער שלעגער מיט די קריסטלעכע אינגלעך. אַלץ, אַלץ האָט ער געוואָלט קענען. אין אַלץ, אַלץ זיך אויסצייכענען, אַלעמען, אַלעמען אריבערשטייגן.

האָט ער שוין צו עלף יאָר אַרויסגעוויזן קונצן אויפן אייז. האָט ער שוין צו צוועלף יאָר באַוויזן קונצן אויפן וואַסער. און ווען עס פלעגט אויסברעכן אַ געשלעג צווישן אידישע און קריסטלעכע אינג־לעך (ווייל די לעצטע פלעגן טיילמאָל אָן שום סיבה באַפאַלן די ערשטע און זיי נעמען שלאָגן, אָדער באַוואַרפן מיט שטיינער), איז ער אויך נישט געבליבן הינטערשטעליק. ער האָט געגעבן און גע־באַפּט קלעפּ ווי אַן אמתער העלד.

אָבער קיין העלד איז ער פונדעסטוועגן נישט געווען. די דאָ־זיקע גבורות זענען אים אָנגעקומען זייער שווער. ווייל אינצווישן די אַלע העלדנטאַטן האָט ער דורכגעלעבט טויטלעכע מינוטן פון מורא און שרעק, וואָס ער האָט געזוכט צו באַהאַלטן פון אַנדערע. אינמיטן גליטשן זיך, ווען ער האָט זיך אַזוי פריי און זיכער באַוועגט

אויפן אייז, אַזוי אַז אַ סך אַנדערע גליטשערס זענען אים מקנא געווען; אינמיטן שווימען, ווען ער האָט זיך אַזוי גרינגמוטיק אַריינגעוואָרפן אין וואַסער, אַזוי אַז אַנדערע שווימערס האָבן אים באַוואונדערט; אינמיטן אַ געשלעג מיט קריסטלעכע אינגלעך, ווען ער האָט זיך אַזוי הפקרדיק אַריינגעוואָרפן אין קאַמף, אַזוי אַז סיי די אידישע אינגלעך און סיי די קריסטלעכע האָבן אויף אים אָנגעהויבן קוקן מיט רעספּעקט און מורא,—אין אָט די אַלע פאַלן פון קנאה, באַוואונדערונג, רעספּעקט און מורא, האָט גאָר אויף דעם העלד בוזשעלע אַליין געציטערט די הויט, האָט זיך זיין וועזן געצאַפּלט אין שרעק, אַז טאָמערטאָמער גליטשט ער זיך אויס אויפן אייז און צוברעכט אַ פוס; אַז טאָמער־טאָמער פאַרלירט ער דאָס גלייכגעוויכט אין וואַסער און ער ווערט דערטרונקען; אַז טאָמער־טאָמער מאַכט אים אַ שגץ אַ לאָך אין קאָפּ... שטילערהייט האָבן די געדאַנקען אים געפּייניקט און צורודערט זיין וועזן. און די אויפרודערונג איז נאָך געווען פיינפולער דערמיט, וואָס ער האָט זי געמוזט שטיקן אין זיך, נישט אַרויסווייזן אָפן, אפילו נישט געבן דעם מינדסטן אָנדייט דערויף. פלעגט ער ביי יעדן העלדישן אַקט האַלטן צונויפגעשטשעמעט די ליפּעלעך און צוזאַמענגעהאַקט די ציינדלעך, ווי אין אַ שווערער, נסיונפולער אַגאָניע. מיט אַן אַנטשלאָסענעם, פאַרעקשנטן בליק אין זיינע אויגן איז ער געלאָפן פון איין געפאַר אין דער צווייטער. אויף גאָטס באַראָט איז ער געגאַנגען, אויף קידוש השם. ווייל ער האָט געמוזט שמידן זיין כאַראַקטער, ער האָט געמוזט אָנשטאָלן זיינע נערוון. „איך מוז! איך מוז!“ — האָט ער פאַרצווייפלט אַריינגעשריגן אין זיין פאַרוואונדעטער נשמה — „איך מוז!...“

און צו דעם האָט זיך געפאָדערט אַן אומגעהייערע אַנטשלאָסנקייט, אַן אומגעוויינלעך־שטאַרקער ווילן. און ער האָט עס, ווייזט אויס, פאַרמאָגט.

אָבער עס זענען געווען פאַלן, ווען זיינע נערוון האָבן נישט אויסגעהאַלטן און ער האָט צוזאַמענגעבראָכן. דאָס פלעגט געשען נאָך אַ טיפער פּערזענלעכער באַליידיקונג, אַ באַליידיקונג, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט נישט דוקא אין דעם, וואָס איינער אָדער אייניקע האָבן אים געזוכט ווי צו טאָן און דערנידעריקן, נאָר אויך, און צום גרעסטן טייל, וואָס ער האָט ווי געטאָן און דערנידעריקט אַנדערע, וואָס ער האָט ווי געטאָן און דערנידעריקט זיך אַליין... אים האָט געבלוטיקט דאָס הערצל צוצוזען ווי מענטש באַליידיקט מענטש, ווי איינער שפּייט דעם אַנדערן אין פּנים.

נישט איינמאָל האָט ער, ווען קיינער האָט נישט געזען, זיך ביי־טער צוהעשעט נאָך א פּאַסירונג אין שקאָלע אָדער ערגעץ אַנדערש וואו. „פּאַרוואָס" — האָט ער צו זיך אַליין גערעדט — „האָט מיך דער לערער מאַליעוויטש אַזוי באַליידיקט? פּאַרוואָס האָט ער מיך אַזוי פאַרשעמט פאַרן גאַנצן קלאַס? און אַז כ'האָב שוין געזאָגט „גאַזעטאַ" אָנשטאָט „גאַזיעטאַ", ווי מ'דאַרף עס אַרויסרעדן אויף דער רוסישער שפּראַך, קומט מיך אַזוי צו זידלען? דאַרף ער מיך אַזוי אויסלאַכן און מיך רופן „זשיד" און מיר זאָגן אַז די אידן קע־נען קיין רוסיש נישט רעדן? . . . ער ווייסט, אַז דאָס איז נישט אמת, דער לערער מאַליעוויטש. אַ סך אידן קענען רעדן רוסיש, קענען גוט רעדן! און איך אַליין רעד אויך בעסער פון אַ סך קריסטלעכע אינג־לעך . . . ער ווייסט דאָס, מאַליעוויטש. דער „סטאַרשי" לערער, דאַ־ניליעוויטש, וועלכער איז אַנומלטן אַריינגעקומען פאַרהערן די אינג־לעך פון דריטן קלאַס, האָט אַליין געזאָגט, אַז איך רעד אַ סך בע־סערן רוסיש ווי זיין אייגן אינגל, דעם לערער דאַניליעוויטשעס אינגל. היינט, פאַרוואָס זאָל ער זאָגן אַ ליגן, דער לערער מאַליע־וויטש, און מיך אומזיסט און אומנישט פאַרשעמען פאַרן גאַנצן קלאַס? . . ."

האָט ער זיך שוין דערפאַר נישט געוואָלט אויפשטעלן צו דער „מאָליטווע", בוזשעלע. אַ זשיד דאַרף נישט שטיין ביי דער „מאָ־ליטווע", האָט ער געזאָגט, ווען דער לערער האָט אים געפרעגט פאַר־וואָס ער שטעלט זיך נישט אויף. דער לערער האָט אים דאַמאָלס געשלאָגן, און פאַרנאַכט, ווען אַלע קינדער זענען אהיימגעגאַנגען, האָט ער אים איבערגעלאָזט אויף אַ שעה צייט אין שקאָלע, אַלס שטראָף.

אַלע אינגלעך האָבן דאַמאָלס פון אים געלאַכט. באַזונדערס האָט פון אים געלאַכט קאָוואַלסקי.

בוזשעלע האָט זייער אַ סך געהאַט אויסצושטיין פון דעם פּוי־לישן אינגל קאָוואַלסקי. נישט נאָר ער, נאָר אַלע אידישע אינגלעך פונם דריטן קלאַס. „בלע־בלע־בלע!" — האָט ער זיי נאָכגעשפּעט, ווען זיי האָבן אַמאָל צווישן זיך גערעדט אויף אידיש. „מאַישיניו!" — האָט ער אַלעמען גערופן — „מאַישיניו־קאַישיניו, באַרג סיני . . . ציצית, חנוכה — בלעבלעבלע! . . ."

די אידישע אינגלעך האָבן געשוויגן. וואָס האָבן זיי געקענט טאָן! אַז אַלע קריסטלעכע אינגלעך זענען געשטאַנען אַרום און אָנ־געקוואָלן פון קאָוואַלסקיס חכמות. זיי האָבן מורא געהאַט זיך מיט

אים צו זאַטשעפּען, די עטלעכע אידישע אינגלעך. זיי האָבן מורא נעהאַט אויפצורייצן קעגן זיך דעם גאַנצן קלאַס.

און איינמאָל, אַ מיטיקצייט איז דאָס געווען, האָט קאָוואַלסקי נאָר אָפּגעטאָן אַ מיאוס שטיקל אַרבעט. ווען די קינדער האָבן, זיצנדיק אויף זייערע פּלעצער, פונאַנדערגעוויקלט זייערע פּעקלעך שפּייז און אָנגעהויבן עסן, האָט ער זיך פּאַוואָליטשקע צוגעשאַרט צו הערשעלען, אַ שטיל, שלאַף בחורל, און פון הינטן־אַרומער אים אַריינגעשטופּט אַ שטיק חזיר־פלייש אין מויל אַריין. הערשעלע, וועלכער איז דווקא געווען אַ רעליגיעז בחורל, האָט אויפגעפּלאַמט פון דער גרויסער עבירה און ער האָט זיך אַזש אַ הויב געטאָן פונם אָרט. ער האָט זיך אָנגעהויבן רייבן די ליפּן מיטן אַרבל און שפּייען. רייבן און שפּייען. די שקצים אַרום האָבן געקייכט פון געלעכטער און די אידישע אינגלעך האָבן גלותדיק צוגעשוויגן.

ער, בוזשעלע, האָט דאַמאָלס אויך צוגעשוויגן, פּונקט אַזוי שרעקעדיק און פּחדנותדיק ווי די אַנדערע אידישע אינגלעך. אָבער ער איז געווען קראַנק פון חרטה און הילפלאָזיקייט. חרטה, פאַרוואָס ער האָט זיך דאַמאָלס נישט אַרויפגעוואָרפן אויף קאָוואַלסקין, און הילפלאָזיקייט, דערפאַר וואָס ער האָט גוט געוואוסט, אַז עס וואָלט סיי ווי צו גאָרנישט געפירט.

אָבער אויפן צווייטן טאָג, נאָכדעם ווי דער לערער מאַליעוויטש האָט אים געהאַט באַשטראָפט פאַר נישט אויפשטעלן זיך צו דער מאָליטווע, און נאָכדעם ווי קאָוואַלסקי האָט זיך מיט אים אַ רייץ געטאָן אויף זיין שטייגער, האָט שוין בוזשעלע מער נישט געקענט פאַרנעמען. דאָס כסדרדיקע אָפּשפּעטעריי פון אַלע אידישע אינגלעך אין קלאַס, דאָס חוזק פון דעם אידישן פאָלק, דער כוליגאַנישער איבערפאַל אויף הערשעלען, און, צום לעצט, דאָס טשעפּען זיך צו אים, בוזשעלען, אַליין, שוין אויך — דאָס אַלץ איז שוין געווען איבערגענוג אויסצושעפּן זיין געדולד. ער איז צוגעפאַלן צו יענעם מיט אַזאַ כעס, מיט אַזאַ אָנגעזאַמלטן האַס, אַז מען האָט דעם קאָוואַלסקין קוים אַ לעבעדיקן אַרויסגעריסן פון זיינע הענט.

די קריסטלעכע אינגלעך האָבן זיך, צו זיין פאַרוואונדערונג, נישט אַריינגעמישט.

שפּעטער, גייענדיק אַהיים און איבערלעבנדיק די סצענע, האָט עס אים אַזוי דורכגענומען, אַז ער האָט זיך פונאַנדערגעוויינט. ער האָט נישט געוואוסט, צי דאָס געוויין קומט אויס מיטלייד צו דעם

געשלאָגענעם קאָוואַלסקין, וועלכער איז שוין איצטער נישט געווען קיין שונא, נאָר אַ צוקלאַפּטער, אַ נעבאַכדיקער, צי קומט עס אוים פריידיקער באַפרידיקונג, וואָס ער האָט זיך מיט אים אָפּגערעכנט אי פאַר זיך, אי פאַר דעם שוואַכן הערשעלען, אי פאַר דעם האָנאָר פון דעם אידישן פאָלק? . . . און אפשר האָט ער גאָר געווײנט אויף זיין אייגענער שוואַכקייט — אויף דער שוואַכקייט אַרויסצעווייזן שטאַרקייט, גבורה? צי לעבט ער דען זיין אייגן לעבן? — האָט ער, גייענדיק מיט די ביכער אונטערן אָרם, אַן אָפּגעגאָסענער פון טרערן, זיך געפרעגט — ניין, — האָט ער זיך גלייך אַליין געענטפערט, — ער לעבט אַ פרעמד לעבן, אַ פאַלש לעבן . . . ער וויל זיין שטאַרק און ער איז עס נישט; ער וויל זיין האַרט און ער איז עס נישט; ער וויל זיין ברוטאַל און ער איז עס נישט . . . — האָט ער געשפּאַנט, אַ דורכגעברענטער פון די אייגענע געדאַנקען, מיט דער אָנגעגליטער ראַנע אויף זיין פּנים — ער האַלט זיך אין איין באַליידיקן . . . — האָט אַ געפּייניקט קול פון אים אַרויסגעשריגן — ער האַלט זיך אַליין אין איין שפּייען אין פּנים אַריין . . . ער פּראַוועט שטיק, ער באַווייזט גבורות, ער ברענגט צום לעבן גאָר אַן אַנדער מין מענטשן, אַ ווילד-פרעמדן מענטשן, און זיך אַליין באַגראָבט ער ערגעץ אין דער טיפעניש, אין פאַרבאָרגעניש. אָבער ער זעט סיי ווי אַלץ, ער הערט אַלץ. פון דעם טיפן און פאַרבאָרגענעם פּלאַץ קוקט ער אַרויס מיט אַזאַ שטומען בליק, אַן אָנגעגאָסענער מיט צער, — און ער ליידט אַזוי פיל, און ער ליידט אַזוי פיל . . .

ווען זיין מוטער חיהלע האָט אים דערזען אין אַזאַ פּאָזע, האָט זי זיך אָנגעהויבן צאַפּלען ווי ערב אַ קדחת.

— בוזשעניו! — האָט זי גענומען אויפן דינסטן קולכל, וואָס דאָס האָט געוויזן, אַז ס'איז איר טאַקע גוט ביטער אויף דער וועלט — קום אַהער, אוצר מיינער, און זאָג דער מאַמען, וואָס דיר איז!...

אָבער ער האָט נישט געהאַט וואָס צו זאָגן. ווייל ער האָט גוט געוואוסט, אַז זי פאַרשטייט אים נישט און קען אים נישט פאַרשטיין. זיין מוטער, האָט ער שוין פאַרשטאַנען, איז געווען אַ פּשוטע אידינע. וויינען האָט זי געוואוסט, ווײנט מען נאָך נאָך אַ געשטאָרבענעם, אָדער ווען ס'טוט עפּעס ווי: דער קאָפּ, צי דער בויך. אַז טרערן קענען אין זיך אויך אַנטהאַלטן רחמנות אויף דעם שלאָפן הערשעלען, מיטלייד מיט דעם געשלאָגענעם קאָוואַלסקין און אַ מיטגעפיל צו זיך אַליין, וואָס ער מוז זיין צוטיילט אויף צוויי בוזשעלעך, און וואָס איינער מוז כסדר שפּייען אויף דעם אַנדערן, — דאָס, האָט בו-

זשעלע זייער קלאָר פאַרשטאַנען, וועט זיין מאַמע נישט קענען צו־
קייען. עס איז פּשוט נישט פאַר איר קאָפּ.

— זאָג־זשע מיר גיכער.. — איז זי צו אים צוגעגאַנגען און
האָט אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיין הייסן שטערן — ס'טוט דיר
ווי ס'קעפּעניו?...

— ס'טוט מיר גאָרנישט ווי! — האָט ער זיך מיט כעס און
ווידערווילן פון איר אָוועקגעדרייט — לאָז מיך צורו!...

בוזשעלע האָט זיין מוטער נישט ליב געהאַט. שטאַרק נישט ליב
געהאַט. ער האָט וויפיל מאָל געפילט, אַז ווען מ'וואָלט פאַר אים
אויסגעשטעלט די גאַנצע וועלט מענטשן און מ'וואָלט צו אים אַ זאָג
געטאָן:

— קלויב זיך אויס אַ מענטש פיינט צו האָבן!!

וואָלט ער, אָן שום וואַקלעניש, אויסגעקליבן זיין מוטער.

ער האָט עס אַליין נישט געקענט באַגרייפן. ווייל לויט יעדן פּשוטן
שכל האָט ער זי געדאַרפט און געמוזט ליב האָבן. עס איז קיין
שום צווייפל נישט געווען, אַז זי איז אים געווען געטריי און איבער־
געגעבן מיט דער גאַנצער נשמה. אַז זי וואָלט פאַר אים אויסגעקווי־
לעט אַ וועלט מיט מענטשן, איינגעשלאָסן אפילו אירע אייגענע על־
טערע קינדער. עס איז כמעט נישטאָ קיין זאַך אויף דער וועלט וואָס
זי וואָלט פאַר אים נישט געטאָן. היינט, פאַרוואָס האָט ער זי אַזוי
פיינט? פאַרוואָס קען ער נישט פאַרליידן אירע ריידעלעך, אירע קווי־
טשיקלעך, אירע העויהלעך?... פאַרוואָס איז אים אַזוי דערווידער
איר ליבע? פאַרוואָס עקלט אים ממש פון אירע צערטלעכקייטן?...
צי איז עס דערפאַר ווייל זי האָט אים, מיט איר צופיל אויפמערק־
זאַמקייט, מיט איר אומדערטרעגלעכער פלעגע, בייטאָג און ביינאַכט,
יום טוב און אינדערוואָכן, מיט איר שטענדיקער, אומאונטערבראָ־
כענער שקלאַפישער באַדינונג, געמאַכט פאַר אַ ווערטלאָז און הילפ־
לאָז באַשעפעניש, וואָס קען אַליין אויף זיך נישט אַכטונג געבן?
פאַרוואָס זי האָט אים געמאַכט פאַר אַ דראָטן ליאַלקעלע, אָן אַן איי־
גענעם פאַרלאַנג און אָן אַן אייגענעם ווילן?... צי איז עס דערפאַר
ווייל ער קען גלאַט נישט פאַרטראָגן דאָס פאַרשווינדל: אַ דאַרס, אַ
קוויטשעדיקס, אַ היסטערישס, אַ מיאוס?... אַלץ אַזוינע אייגנשאַפטן,
וואָס ער האָט פיינט געהאַט, וואָס האָבן אים אָפּגעשטויסן, וואָס האָבן
ביי אים אַרויסגערופן אַ שלעכטן טעם אין מויל... צי אפשר איז
גאָר אין זיין אונטערבאַוואוסטזיין געלעגן באַהאַלטן אַ שנאה צו איר,
וואָס ער איז אויך טיילווייז געראָטן אין איר? ער איז אויך אַזאַ

קרענקלעכער ווי זי, אַזאַ פאַרביסענער ווי זי, אַזאַ שרעקעדיקער, אַזאַ היסטערישער, אַזאַ מיאוסער — אַלץ אַזוינע אייגנשאַפטן, וואָס ער האָט געירשנט פון איר, פון איר!...

— בוזשעלע, דו ביסט קראַנק, בוזשעניו... — איז זי גע־קראָכן צו אים — מעך עסטו נישט נאַרן. יעך דערקען עס אין דיינע אויגן. זאָג גיכער וואו ס'טוט דיר וויי, ווייל יעכל עס נישט אויס־האַלטן...

— ס'טוט מיר גאָרנישט וויי, האָב איך דיר געזאָגט! — האָט ער געענטפערט — וואָס האָסטו זיך צו מיר צוגעטשעפעט?

— אוי, אַ בראָך אי צו מיר, יעך האָב זעך צוגעטשעפעט. קוק זעך נאָר אָן ווי אַזוי דו זעסט אויס... זאָג מיר נאָר: ביסט שלעכט געשלאָפן ביינאַכט? האָסט געהאַט אַ בייזן חלום?

— יאָ, — האָט ער געענפערט, כדי זיך אָפּצוטשעפען פון איר, — כ'האָב געהאַט אַ בייזן חלום און לאָז מיך צורו...

— אהאַ, זעסטו ווי יעך האָב געטראָפן—האָט זי זיך געגעבן אַ כאַפּ אָן — ווי דען, אַ מאַמעס האַרץ וועט נישט דערפילן דעם אמת? זאָג־זשע, מיין קינד, געשווינדער, וואָס אַזוינס ס'האָט זיך דיר גע־חלומט... ניין, ניין, דערצייל נישט — האָט זי זיך פאַרכאַפּט אין צייט, — דערצייל מיר גאָרנישט... גיי לייג זעך בעסער צו שלאָפן. נאָכדעם, ווען דו וועסט זעך אויפכאַפּן, זאָלסטו צו קיינעם נישט רעדן קיין וואָרט, זאָלסט אַרויסגיין אינדרויסן, און דעם ערשטן־בעסטן גוי וואָס דו וועסט דערזען, זאָלסטו אויסבטלען אַלע בייזע חלומות צו זיין קאָפּ, צו זיינע הענט־און־פיס און צו זיין לייב־און־לעבן. עסט זען, אז ס'וועט זעך דיר שוין מער נישט חלומען קיין שלעכטע חלומות. ס'אַרט דעך: פאָלג דער מאַמען. ני, קום אַהער, בוזשע־ניו, על'עך דיר געבן אַ קוש... ני, קום, בוזשעניו, קום...

# קאַפּיטל זעקס

עס איז געווען אַרום דעם יאָר ניינצן־צען. בוזשעלע האָט באַלד געדאַרפט אַלט ווערן דרייצן יאָר. סיי די מוטער און סיי ער אַליין האָבן דערוואַרט דאָס אָנקומען פון דעם בר־מצוה טאָג מיט אַ געמישט געפיל פון פרייד און זאָרג. דער מוטערס פרייד איז געווען די פרייד פון אַ מאַמען, פון אַ הייסער, איבערגעגעבענער מאַמען, וועלכע קוקט־צו מיט אירע אייגענע אויגן דעם שטופּנווייזן וואוקס פון איר קינד; וועלכע פיבערט־דורך מיט אירע אייגענע בלוטן זיין גאַנג באַרג־אַרויף; וועלכע ווערט דורכגעדרונגען מיט גרויסן מאַמעשן שטאָלץ פון דעם באַוואוסטזיין, וואָס איר קינד איז געווען פריער און וואָס עס איז איצטער... בוזשעלעס פרייד איז געווען די פרייד פון אַ בחור, אַ דעליקאַט און סענסיטיוו בחורל, וואָס איז מיט זיין שכל אַריבערגע־וואַקסן זיינע יאָרן; וואָס איז מיט זיין אַמביציע אַרויסגעוואַקסן פון זיין קרייז; וואָס האָט מיט זיין פאַנטאַזיע פאַרקלעטערט אין ווייטע הייכן; וואָס מוז, צוליב זיין מוח, וואָס גיכער אַרויס פון דעם שוואַכן אינגלשן שטאַנד... עס איז געווען אַ פריידיקער פּראָצעס פון אי־בערגיין פון קליין אויף גרויס און פון שוואַך אויף שטאַרק. מיט דעם איז אָבער מיטגעקומען די זאָרג. פריער די מוטערלעכע זאָרג, וואָס מען טוט מיט דעם קינד. ווי אַזוי מאַכט מען אים פאַר אַ מענטש, זי זאָל זיך, חלילה, נישט דאַרפן מיט אים שעמען, ווי מיט דעם עלטערן זון, וועלכער האָט איר אַזוי פאַרשוואַרצט דאָס פּנים, אַוועקגייענדיק צו די זעלנער, (גלייך מיט אַלע יונגען פון די היינ־טערגעסלעך), נאָר, פאַרקערט, זי זאָל האָבן פון אים נחת אויף די עלטערע יאָרן, אַזוי אַז ווען מענטשן וועלן זי באַגעגענען, זאָלן זיי קענען צו איר זאָגן: „דאָס איז אייער זון, חיהלע? אי, איז דאָס אַ מענטש! אַז געבענטשט איז נאָר דער בויך, וואָס האָט אַזוינס אויס־געטראָגן..." און זי וועט דאָס אויסהערן און גאָרנישט זאָגן. זי וועט עס אָננעמען אַלס אַ נאַטירלעכע זאַך. אָבער אין אָוונט, ווען דער מאַן אירער וועט אהיימקומען, וועט זי אים אָפּוואַרטן ביי דער טיר און צו אים אַזאַ מאַך טאָן: „ני, שמי'טאָוויד, האָב יעך דיר נישט געזאָגט, אַז מעמאַ'ר נאָך האָבן נחת פון אונזער זון? וואָס דען, פון יענעם, פון אַרעלען, וועסטו האָבן נחת?..."

נאָכדעם איז געקומען דעם אינגלס זאָרג. אַ זאָרג, וואָס האָט, פּונקט ווי אַ טונקל רעמל, וואָס נעמט אַרום אַ ברייטע זוניקע לאַנד־שאַפט און וואַרפט דערויף שטילע שאָטנס, פאַרטונקלט זיין פרייד. און געגומען האָט זיך די זאָרג צום גרעסטן טייל פון אַ באַהאַלטע־נער אומרואיקייט, וואָס האָט אין אים גענומען אויפגיין מיט אַ ראַ־שיקן שוואונג. אַן אומרואיקייט צוזאַמען מיט אַ געהיימער מיס־טישער מורא פאַר דעם נייעם פאַרשטייענדיקן לעבן און פון דער גרוי־סער פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס עס טראָגט מיט זיך מיט.

אין שקאָלע איז ער שוין נישט געגאַנגען. עס איז אים סוף כל סוף נמאס געוואָרן סיי דער לערער מאַליעוויטש, סיי די אוטשע־ניקעס פון קלאַס מיט די הילצערנע קעפּ און סיי אַפילו דאָס לערנען גופא. מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס פאַר אַ חכמות מ׳קען זיך שוין אָפּ־לערנען פון אַזעלכע מענטשן ווי די מאַליעוויטשעס...

איז ער אַרומגעגאַנגען ליידיק און האָט נישט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טאָן. ער איז גאַנצע טעג אָפּגעלעגן ביים טייך און האָט זיך געבאָדן. ער האָט ליב געקראָגן דאָס וואַסער. עס האָט געקילט זיין הייסן געדאַנק און געדואיקט זיין אומרואיק האַרץ. און נאָכדעם האָט ער געטריקנט זיין לייב אויף דער זון, וועלכע האָט אַזוי פרידלעך און גוטמוטיק געגלעט די ראַנע פון זיין פּנים. ער איז דער זון דאַנקבאַר געווען דערפאַר. און דעם טייכל איז ער אויך געווען דאַנקבאַר. און דעם ריינעם, בלויען הימל, וואָס האָט זיך דערין אָפּגעשפּיגלט — אויך. און די שטילע גרינע לאָנקעס מיט די הויכע גראָזן און פאַרבלאָנדזשעטע פייגל — — אויך.

ער איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטער, מיט אָנגעגלאָצטע אויגן און אָנגעשפּיצטע אויערן. ער האָט אויף אַ באַזונדערס שאַרפן אופן אָנגעהויבן אויפנעמען פאַרב און קלאַנג. און עס איז געווען אַזוי פיל וואָס אויפצונעמען! ער האָט אַנטדעקט אַזאַ שפע פון פאַרב, אַזאַ פאַרשידנאַרטיקייט פון קלאַנג... און אַריינקוקנדיק אין יעדן פאַרב־שפּעלטעלע און פונאַנדערנעמענדיק יעדן שטיקל קלאַנג באַזונדער האָט זיך באַקומען אַ גאַנצער ים פון זאַכן און פאַסירונ־גען, וואָס ער האָט געוואָלט אָבער נישט געקענט אַזוי לייכט באַנעמען.

דערווייל איז ער אַרומגעגאַנגען מיט אַ צורודערט געמיט, אַ פאַרטראָגענער אין עולמות, אַ צוריסענער אויף אַ סך שטיקער.

קיינער אין הויז האָט עס נישט באַמערקט. דער פאָטער איז געווען פאַרטאָן אין זיינע אייגענע עסקים, געשעפט־עסקים. דער ברודער מאָניק איז אַוועק דינען פאָניען. ער האָט עס געטאָן נישט

אזוי פיל צוליב דעם דינען, ווי צו־להכעיס זיינע עלטערן. די שוועס־טער האָבן אויך מיט אים ווינציק־וואָס גערעדט. די עלטערע, סאַל־טשע, וועלכע איז שוין איצטער אַלט געווען ניינצן יאָר, איז שוין געווען אַ כלה מיידל. זי האָט שוין געטראָגן לאַנגע קליידער און איז שוין געשטאַנען אין שידוכים. מען האָט זי תמיד געקענט זען זיצן ביים פענסטער פון זייער אייבערשטער וואוינונג, אָנגעשפּאַרט דעם פּולן, ווארימן קערפּער אָן אַ ווייך קישעלע, און אַרונטערקוקן אין גאַס אַריין. זי פלעגט יעדן פאַרבייגייענדיקן יונגנמאַן דורכ־שטעכן מיט אירע גרינע, גיריקע בליקן און אים אַזוי לאַנג נאָכ־קוקן, ביז ער פלעגט פאַרשווינדן פון אירע אויגן.

סאַלטשע האָט געוואוסט, אַז מען רעדט איר שידוכים. רייכע, נגידישע קינדער האָט מען איר גערעדט. זין פון חסידישע הויפן. אייניקלעך פון רבנים. אַלץ פון גרויסן יחוס. פון סאַמאַראָדנעם קנאַק. אַזוי האָט געוואָלט דער טאַטע אירער. אַזוי האָט אויך געוואָלט די מאַמע. אָבער זי אַליין, סאַלטשע, האָט זיך נישט גע־מישט. עס איז דען געווען איר זאַך? מען האָט זי דען געפרעגט? מען וואָלט זיך דען צו איר צוגעהערט? איר זאַך איז געווען אַרויס־צוקוקן דורכן פענסטער פון זייער אייבערשטער וואוינונג און וואַרטן אויף איר באַשערטן.

האָט זי געוואַרט. אַ ברירה האָט זי געהאַט? אמת, עס האָט געדויערט אַ קאַפּיטשקע צו־לאַנג. די עלטערן אירע האָבן זיך נישט געקענט אַזוי שנעל צוקלויבן. עפּעס איז איינער געווען בע און אַ צווייטער איז געווען מע. איינער איז געווען אַביסל צו־דאָסיק און אַ צווייטער איז געווען אַביסל צו־אייסעך וואָס. ניין, זיי האָבן זיך נישט געקענט אַזוי גיך דערקלויבן. און זי, סאַלטשע? זי איז גע־זעסן אָנגעשפּאַרט אָנם פענסטער, אָנגעלענט דעם פולן, רייפן, זאַפּ־טיקן קערפּער אָן אַ קישעלע, און אַרונטערגעקוקט אין גאַס אַריין, און וואו נאָר זי האָט דערזען פאַרבייגיין אַ מאַנסביל האָט זי אים דורכגעבערענט מיט אירע בליקן.

די זיבעצן־יאָריקע דבורהלע איז געווען אַ סך געלאַסענער פון איר שוועסטער. אַ חוץ דעם, איז זי נאָר־וואָס געהאַט אויפגעשטאַ־נען פון אַ שווערער קראַנקהייט. איז זי אַרומגעגאַנגען מיט אַן אָפּגעשוירענעם קאָפּ האָר, איבערגעדעקט מיט אַ טיכל, און איר איינציקע זאָרג איז איצטער געווען צוריקצוקריגן דאָס ביסל האָר, וואָס די קראַנקהייט האָט ביי איר אָוועקגערויבט.

אָבער צום ווינציקסטן צופרידן מיט זיך איז געווען די פּופּצן־

יאָריקע שבעלע. זי איז גאַנצענע טעג אַרומגעגאַנגען איבער די שטי־
בער, מיט די נאַקעטע קני אינדרויסן, מיט די דיקע צעפּ אַבער די
קרעפּטיקע אָקסלען פאַרוואָרפן, און זיך געקריגט מיט דער וועלט:
מיט דער מאַמען, מיט דער דינסט, מיט די שוועסטער, מיט דער
פּיאַנאָ לערערן. זי האָט אַליין נישט געוואוסט וואָס זי וויל. אַן
אומרואיקייט האָט פון איר געשפּאַרט, אַ יונג־מיידלשע אומרואיקייט,
וואָס האָט איר פאַראומערט דאָס לעבן.

האָט קיינער נישט גערעדט צו בוזשעלען, קיינער האָט זיך אויף
אים נישט אומגעקוקט, אַ חוץ דער מאַמען. נאָר זי אַליין האָט
צוגעזען דעם אינגלס צער פון ליידיק גיין.

— שמי'טאָוויד, — האָט זי גערעדט צום מאַן אירן, — וואָס
וועט זיין דער תכלית, שמי'טאָוויד? ס'קינד וועט, חלילה, אַריינ־
פאַלן אין שלעכטע געדאַנקען, ס'קינד...

— וואָס ווילסטו פון מיר? — איז געוויינלעך געווען זיין ענט־
פער — וואָס קען יעך טי־הין, וואָס?...

— ס'הייסט וואָס דו קענסט טי־הין?... ביזט אַ טאַטע, צי
ניין? האַ, שמי'טאָוויד?

— ניי, און אַ טאַטע, איז וואָס?

— אָטאָט'ער געזאָגט: און אַ טאַטע איז וואָס... דו ווייסט,
אַז ער גייט שוין נישט אין שקאָלע, שמי'טאָוויד? דו ווייסט, אַז
ער ווערט אַ גאַסן־יונג, שמי'טאָוויד? דו ווייסט, אַז ער קען אַפילו
נישט לערנען קיין בלאַט גמרא, שמי'טאָוויד?

די שקאָלע ווי די שקאָלע. דאָס איז ביי שמואל דודן געווען
נישט פון די גרויסע זאַכן. אין אַ געוויסן זין, האָט ער געקענט
זאָגן, איז ער נאָך, יאַקאָש, געווען צופרידן, וואָס ער איז פּטור גע־
וואָרן פון דער גויאישער תורה. אָבער אין אַ חדר אַריין וואָלט
דער קליינער, יאַקאָש, געמעגט גיין. אַ בלעטל גמרא וואָלט ער,
יאַקאָש, געמעגט קענען. דער געדאַנק פון דער אידענע זיינער איז,
יאַקאָש, גאָר נישט קיין קרומער געדאַנק.

אַזוי איז בוזשעלע צום צווייטן מאָל אָנגעקומען אין חדר, דאָס
מאָל צו אַ גמרא מלמד (פריער, איידער ער האָט אָנגעהויבן גיין אין
שקאָלע, איז ער געגאַנגען צו אַ פּראָסטן דרדקי מלמד). דער פאָ־
טער האָט גוט באַצאָלט מען זאָל אים אַריינגעמען צווישן די אמתע
גמרא יונגען.

איז ער געזעסן אין חדר, ביים גמרא מלמד ר' איצעניו־פּיצע־
ניו, ווי די תלמידים האָבן אים גערופן, און האָט זיך געשאָקלט איבער

דער אָפּענער גמרא. ער איז געווען אַ איד אַ קליינטשיקער, ר׳ איצעניו־פּיצעניו, אַ איד אַ חלושל, דערפאַר האָבן עס אים די תּלמידים זיינע געקרוינט מיט דעם צונאָמען „פּיצעניו“. און קיין גוטער רבי איז ער אויך נישט געווען. תּמיד אַ בייזער, מיט אַ פינסטערן בליק אין זיינע אויסגעמוטשעטע, פאַרטרערטע אויגן, וואָס האָט ווי געזאָגט צו זיי:

„עס מיינט דאָך אודאי, קינדערלעך, אַז יעך מוטשע ענק, ווייל יעך וויל אַזוי, ווייל יעך בין מיר אַזאַ שלעכטער מענטש. זאָג יעך ענק, קינדערלעך, אַז יעך מוטשע מעך אַליין אויך. יעך מוטשע ענק, יעך מוטשע מעך, ווייל אַזוי איז מסתמא גאָטס רצון. מע דאַרף׳מאַ אָפּקומען אויף דער וועלט...“

אַזוי האָט גערעדט צו זיי זיין בליק. אָבער זיי, יונגע אינגלעך, לעבעדיקע חברה לייט, האָבן עס נישט פאַרשטאַנען, אָדער נישט געוואָלט פאַרשטיין. נאָך אַ גאַנצן טאָג לערנען, האָבן זיי געוואָלט גיין אַהיים, אָדער אין גאַס אַריין זיך שפּילן אין „גנבים און סטראַזשניקעס“, אָדער זיך גיין גליטשן אויפן אייז, אָדער גאָר אויסרויבערן די אָנגעזאַמלטע שטיקלעך פאַפּיראָסן, וואָס זיי האָבן געפונען אין גאַס אָדער אין בית מדרש. איז וואָס־זשע, וועלן זיי דאָ אויסזיצן אַ גאַנצע נאַכט? ר׳ איצעניו־פּיצעניו וועט נישט אַנטלויפן. ער קען וואַרטן ביז מאָרגן. און די גמרא קען אויך וואַרטן.

איז וואָס־זשע טוט מען, אַז דער רבי האַלט און האַלט און עס זעט זיך גאָר נישט קיין סוף צום היינטיקן לערנען? נעמט אַזוי מאיר לעדער, איינער פון די פאַרשייטע תּלמידים, און גיט זיך אַזוי פאַוואָלינקע, ר׳ איצעניו־פּיצעניו זאָל נישט זען, אַ לייג־אַריין אַ פינגער אין מויל און אַ פליוכע אַ שטיק שפּייעכץ גלייך אויפן גלעזל פונם לאָמפּ. עס דערהערט זיך באַלד אַ קנאַק. דער פלאַם לעשט זיך אויס און עס ווערט פינסטער. איידער דער רבי האָט צייט דאָס מויל צו עפענען, זענען זיי שוין נישטאָ.

אַלאַ, מאָרגן — מאָרגן איז אַ נייער טאָג. מאָרגן וועט זיך שוין אפשר ר׳ איצעניו־פּיצעניו האָבן איבערגעבעטן מיט דער רביצין, אָדער איינער פון די תּלמידים וועט אים אפשר ברענגען דעם שכר לימוד און ער וועט פאַרגעסן וועגן געפּלאַצטן גלעזל פונם לאָמפּ.

בוזשעלע האָט נישט געהאַט קיין צו־גרויסע הנאה פון אָט די סצענעס. אויב וועלכער פון די תּלמידים האָט געקענט אַרויסלייענען דעם צער פון ר׳ איצעניוס אויגן, איז עס געווען ער, בוזשעלע אַליין.

ער האָט מיט זיין שאַרף חושל דערשפּירט ר' איצעניוס ווייטיקן, ר' איצעניוס שווער לעבן. איז צו וואָס־זשע אים נאָך פּייניקן? צו וואָס־זשע אים נאָך אָנטאָן יסורים?

בכלל האָט זיך בוזשעלע אין יענע אינגלשע יאָרן זיינע געהיט עמיצן ווי צו טאָן, עמיצן צו־שטאַרק אָנצוטרעטן. פון נאָך דער פּאַ־סירונג אין דער קאַמער און נאָך זיין קראַנק זיין, האָט ער זיך גע־האַלטן אין כסדרדיקן ענדערן, אין כסדרדיקן ליטערן אין זיין איי־גענעם פּיין, אין זיינע אייגענע ליידן, וואָס ער האָט אָפּט נישט גע־וואוסט אין וואָס זיי באַשטייען. אויף ווי ווייט עס איז אים נאָר מעגלעך געווען, אויף ווי ווייט מען האָט אים נאָר געלאָזט, איז ער זיך נעגאַנגען זיין אייגענעם וועג און האָט קיינעם נישט אָנגערירט. און אַזוי ווי די צייט איז געווען אַ פרידלעכע, איז עס אים נישט אָנגעקומען צו־שווער דאָס דורכצופירן.

יאָ, עס איז דאַמאָלס געווען אַ רואיקע און פרידלעכע צייט אין דעם קליינעם פּוילישן שטעטל. אויסער די קליינע מחלוקותן אין דעם קליינעם בית מדרש צוליב גבאות און די גרויסע מחלוקותן אין דער גרויסער שול, ווען עס איז געקומען אויפצונעמען אַ נייעם חזן, האָבן קיין סך אַנדערע זאַכן נישט פּאַסירט, סיידן אַז מען וויל אפשר אַמאָל אַריינרעכענען ניקאָלאַיס אַ גזירה, אַז פאַר אידן איז דער איינטריט אינם שטאָטישן גאָרטן פאַרבאָטן, אָדער ווען אַ אידישער יונגערמאַן שטעלט זיך נישט צו צום פּריזיוו (ער אַנטלויפט קיין אַמעריקע, אָדער ערגעץ אַנדערש וואו), דאַרף דער פאָטער זיינער באַצאָלן דריי הונ־דערט רובל שטראָף... אָדער אַ נישט־געשריבענע גזירה, אַז אַ איד דאַרף אויסמיידן פאַרבייציוגיין די מיליטערישע קאַזאַרמעס, אויב ער וויל נישט כאַפּן אַ שטיין אין קאָפּ אַריין פון אַ קאָזאַק אָדער אַ פּשוטן זעלנער... אָדער אַן אַנדער נישט־געשריבענע גזירה, אַז ראש השנה, ווען אידן גייען צו תשליך אויסשיטן די עבירות, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט פון אַ גאַנץ יאָר, זאָלן זיי זיך גוט אַרומקוקן פון אַלע זייטן, צי ס'פליט זיי נישט אַן אַנדער „עבירה" אין קאָפּ אַריין, פון אַ פּאַסטוך פון פעלד... און סתם אַמאָל אַריינכאַפּן אַ פּאָר קלעפּ פון אַ שיכורן גוי, אָדער אַ שיכורן קאָזאַק איז דאָך אודאי נישט גע־ווען פאַררעכנט פאַר קיין גוואַלדיק־אינטערעסאַנטער נייעס...

איז בוזשעלע געווען פריי און דער קאָפּ איז אים געווען קלאָר אַרומצוגיין און טראַכטן זיינע אייגענע טראַכטענישן, פונקט ווי זיין פעטער אַרעלע פלעגט מסתמא טאָן מיט יאָרן צוריק. מיט דעם איינ־ציקן אונטערשיד בלויז וואָס אים איז קיינער נישט נאָכגעלאָפן און

קיינער האָט אים נישט גערופן משוגענער. ווייל די צייט איז געווען אַן אַנדערע צייט, אַ קליגערע צייט. מען האָט שוין געלייענט גאַזעטן, אמת אידישע גאַזעטן, אַראָפּגעקומענע פון ווארשע. מען האָט שוין מער־ווינציק געוואוסט וואָס אויף דער וועלט טוט זיך. מען האָט זיך שוין מער־ווינציק געקענט פונאַנדערקלייבן אין פּאָליטיקע. מען האָט זיך געקוויקט מיט איטשעלעס „פּאָליטישע בריוו“. מען האָט זיי געלייענט איינמאָל און נאָך אַמאָל. אין דער הויך און אין דער שטיל. נאָכדעם האָט מען גענומען דרינגען וואָס און וועמען ער מיינט. צי מיינט ער דעם טערק, צי מיינט ער דעם בולגאַר; צי מיינט ער דעם סערב, צי גאָר דעם טשערנאָגאָרעץ... „אוי־וואַ!“ — זענען די אידן נתפּעל געוואָרן — „האָט ער עס אַ פּען, דער איטשעלע־גנב! קען ער עס דערלאַנגען, דער באַנדיט!...“

אַז די צייט איז געווען אַן אַנדערע, אַז די צייט איז געווען אַ קליגערע, איז געווען אַ סימן אין דעם, וואָס עס איז שוין געווען אַ פּאָנאָגראַף, אָדער ווי זיי האָבן עס דאַמאָלס גערופן — אַ גראַמאָפאָן, אין שטעטל. איטשעלע גאָרדאָן איז געווען דער יעניקער, וועמען עס איז איינגעפאַלן אַראָפּצוברענגען האָס שפּילכל פון דער גרויסער שטאָט און מאַכן דערפון אַ געשעפט. האָט ער געעפנט אַ געוועלב און איז געווען גרייט פאַר מסחר. אָבער די שטעטלדיקע אידן, אַנ־שטאָט זיך איינצוקויפן אַ גראַמאָפאָן, וואָס איז געווען אַביסעלע צו־פיל פאַר זייערע קעשענעס, זענען געשטאַנען אינדרויסן פון געוועלב, מיט די שטעקנס אין די הענט, מיט די בערד פאַררידן אַרויף־צו, צום אויבערשטן פענסטערל, צום לופטשיקל, דורך וועלכן די נגינה פונם גראַמאָפאָן האָט זיך געטראָגן אַרוים אין גאַס אַריין, און האָבן זיך צוגעהערט — צוגעהערט זיך מיט גרוים חידוש און מיט גוואַלדיקער שטוינונג אויף דעם אויפטו, וואָס אַ כלי, אַ פּשוטע כלי פון האָלץ און פון שטאָל, אַן קאָפּ און אָן לייב־און־לעבן, זאָל קענען אַזוי־אָ, פּונקט ווי, להבדיל, אַ לעבעדיקער מענטש, אַרויסגעבן פון זיך אמתע טענער און אמתע ווערטער.

„יענטע די רויטע, יענטע די רויטע, יענטע די רויטע — מויד!
אוי, יענטע די רויטע, יענטע די רויטע, יענטע די רויטע — מויד!
אוי וויי, אוי וויי, סיאי ביטער ווי דער טויט.
ווייל יענטע די רויטע, יענטע די רויטע, יענטע די רויטע—מוידוי“

אַזוי־אָ: טאָג־טעגלעך, אומאויפהערלעך — יענטע די רויטע מויד.
די דאָזיקע יענטע האָט זיך מיט דער צייט אַזוי איינגעגעסן אין די ביינער פון די שטעטלדיקע איינוואוינער, אַז זי האָט זיי פאַרפאָלגט

אומעטום. וואו נאָר זיי זענען געגאַנגען און וואו נאָר זיי זענען גע־שטאַנען, האָט זיי געקלונגען אין די אויערן דער ניגון פון דעם ליד, די ווערטער פון דעם ליד.

אַ איד האָט געוואָלט איינהאַנדלען אַ פּאָר קערצלעך תבואה. איז אינמיטן לאָדן זיך מיטן גוי און זוכן אַראָפּצודינגען אַ קערבל, קלאַפּנ־דיק אים דערביי אין דער פּלייצע אַריין, שווערנדיק זיך, אַז ער קען נישט מער געבן, בהן שלי, בנאמנות, פלעגט ער ברוגז ווערן, זיך לאָזן אוועקגיין, זיך גלייך איבערבעטן און צוריקקומען, זיך ווידער שטעלן דינגען, — איז אינמיטן דעם אַלעם פלעגט אים כסדר האַלטן אין איין קלאַפּן אין קאָפּ אַריין דער ניגון צוזאַמען מיט די ווערטער: אוי, יענטע די רויטע, יענטע די רויטע... כ׳שווער דיר, פּאַניע דאָבראָ־דזשעיו, ווי איך קען נישט, נאַ מאָיע נאמנות, ווי כ׳קען נישט מער — יענטע די רויטע, אוי, יענטע די רויטע...

אַ אידינע איז געגאַנגען אין מאַרק אַריין איינקויפן.

— פּאָטזשעמו יאיקי? — האָט זי געפרעגט דער גויה, און ביי זיך האָט זי דערוויל געטראַכט:

— אַי, וואָס פאַר אַ שיינע, ווייסע אייער, יענטע די רויטע, זיי זענען...

— מיינסטער, — האָט אויסגערופן אַ געזעל צו זיין בעל הבית, — מ׳דאַרף האָבן נייע שטיפטן... די־אָ טויגן אויף כפּרות... זיי ברעכן זיך אונטער די הענט...

און צו זיך אַליין האָט ער דערוויל געטראַכט:

— אַי, זענען דאָס שטיפטעלעך — יענטע די רויטע, יענטע די רויטע — מ׳קען זיך מיט זיי די פינגער צושניידן... אוי, ווייל יענטע די פינגער, שטיפטן די רויטע, יענטע די רויטע — שניידט!...

— זי ווייסן, האָט געזאָגט אַן אויסגעשטראָצט פּאַצעטל צו זיין געליבטער כעלענאַ, — איך ליב אינען זייער שטאַרק... מיט מיין גאַנצן האַרץ...

— טאַקע? — האָט זי איבערגעפרעגט אַ צופרידענע—זי מיינען עס אויף אַן אמת?

און ביי זיך האָט זי געטראַכט:

— אוי, טאַטע האַרציקער, אפשר מיינט ער עס טאַקע...

אוןביידע זענען שטיל געבליבן. ביי ביידע האָט זיך געריסן אַ פרייד פון אינווייניק, אַזאַ זינגענדיקע פרייד, מיט אָט־די ווערטער באַגלייט:

אוי, יענטע די רויטע...

יאָ, ס׳איז גאָר אינגאַנצן אַן אַנדערע צייט געווען.

פונדעסטוועגן זענען נאָך קאָזעס און צאַפּן אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן הונגעריקע, מיט אויסגעשטרעקטע באַבערדלטע מאָרדעס, מ'זאָל זיי געבן עפּעס צו קייען. צו די עלטערע שטעטלשע בעל־הבתים האָבן זיי נישט געהאַט קיין מזל. הערפּאַר האָט שוין דאָס יונגוואַרג זיי צוגעזען. זיי האָבן די פרידלעכע חיות געקאָרמעט מיט פּאַפּיר. וואָס איז? ס'האָט זיי דען עפּעס געקאָסט? קאַרג פּאַפּיר געווען אין שטעטל? אָבער איינמאָל האָט איינער פון זיי שלעכט אָפּגעשניטן. אַ קאָזע, וועלכע האָט זיך, קענטיק, נישט געקענט דערוואַרטן אויף איר פּאָרציע פּאַפּיר, האָט דעם אינגל, איר פּרנסה געבער, אַ ביס געטאָן אויף גאָר נישט קיין שיין פּלאַץ. דערזעען אַזאַ זאַך, האָבן די איבעריקע אינגלעך דערקלערט אַ בונד קעגן די נאַרישע קאָזעס און בעק און זיי פון דאַמאָלס אָן געלאָזט אַרומגיין הונגעריקע, פאַרשמאַכטע, מיט די שיטערע בערדלעך אין דער לופטן.

אין יענע טעג פלעגט בוזשעלע אָפט אַרויסגיין מיט זיין טאַטן שפּאַצירן. מערסטנס אין די שבתדיקע נאָכמיטיקן איז דאָס געווען, נאָכן שלאָף און נאָכן פּרק. דער פאָטער פלעגט זיך געבן אַ טו־אָן די לאַנגע שבתדיקע קאַפּאָטע, מיטן שפּאַלט פון הינטן. באַלד פלעגט ער נעמען אויסליידיקן זיינע קעשענעס און געבן בוזשעלען צו האַלטן די זאַכן. ווייל ער אליין, א פרומער איד, וועט דאָך נישט גיין טראָגן אין שבת... זיי פלעגן פריער דורכשפּאַנען די ברוקאָוואַני גאַס, די לענגסטע גאַס אין שטעטל, און זיך לאָזן אַרויס פון שטאָט. אָבער בשעת מעשה פלעגט בוזשעלע גיין און לייענען די שילדן פון די געוועלבער און די נעמען פון די גאַסן. אַפּטיעקאַרסקי מאַגאַזין. בורמאַזשני מאַגאַזין. זובנאָי טיעכניק. באַקאַליעינאָיע. טשאַסאָוואָי מאַסטיער. אוליצאַ ברוקאָוואַננאַיאַ. אוליצאַ אַרמיאַנסקאַיאַ. פּראַנטשישקאַנסקאַיאַ אוליצאַ... און דער פאָטער, וועלכער איז אַליין געווען שטומפּיק אויף די גויאישע פינטעלעך, איז געגאַנגען און אָנגעקוואָלן פון נחת. „ער קען טאַקע, דער קליינער", האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט, „ער האָט אַ קעפּל אויף זיך, דער שמויגער מיינער..."

נאָך דעם זענען זיי פאַרביי־געגאַנגען דעם שלאָס, וועלכן מען האָט גערופן אַנדריאַנאָווסקי סאַד, און אין וועלכן קיין אידן האָבן נישט געטאָרט אַריינקומען, נאָר אַריסטאָקראַטן און הויכע מיליטער לייט, מיט זייערע הינט און גאַסן־פרויען. נאָך דעם האָבן זיי זיך מיט דער גימנאַזיע גאַס פאַרקירעוועט צום „גרינעם סעדל", וואָס איז אין דער אמתן נישט געווען גרינער ווי אַנדערע שטעטלשע סעדער. און באַלד זענען זיי געווען ביים „סטאַק", וואָס איז שוין גאַנץ העט הינ־

טער דער שטאָט. דער פֿאָטער האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט און אים גענומען פֿירן איבער די צעוואָרפֿענע בערגלעך און טאָלן. בוזשעלען האָט געוואונדערט דעם טאַטנס פֿלינקייט און רירעוודי־קייט, זיין לעבעדיקייט און באַרעדעוודיקייט. גאָר אַן אַנדערער מענטש ווי אין הויז.

— זעסט, — איז דער פֿאָטער זיינער געשטאַנען אויף אַ בערגל, אויסגעשטרעקט אין זיין גאַנצער לענג, מיט אַ זון־באַשיינטער באָרד, מיט איין האַנט אונטער דער הינטערשטער פּאָלע, דאָרטן וואו דער שפּאַלט פֿון דער קאַפּאָטע האָט זיך געפֿונען, — דאָ האָט מען זיך געשלאָגן, אַזש ס'איז געגאַנגען אַ רויך. די פּאָליאַקן מיט די רישישע. און ווער, מיינסטו, האָט געוואונען? — האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן צום זון זיינעם, ווי ער וואָלט אים געגאַנגען איינרוימען אַ סוד.

— ווער? — האָט בוזשעלע געפֿרעגט.

— די רישישע. — האָט שמואל דוד געענטפֿערט. און צו זיך אַליין:

— ניין־ניין, דער פּאָליאַק וועט געווינען.

און ווידער צו בוזשעלען:

— און פֿאַרוואָס מען רופֿט דאָס שטעטל אונזערס זאַמאָשטש, אָדער זאַמאָסטיע — ווייסטו?

— ניין. — האָט בוזשעלע געענטפֿערט — פֿאַרוואָס טאַקע?

— דערפֿאַר ווייל עס איז געווען אַ פֿעסטונג, אַ גרויס פֿעסטונג, יאַקאָש. דו זעסט די בערג מיט די טאָלן אַרום? — דאָס אַלץ וואָס ס'איז איבערגעבליבן פֿונם פֿעסטונג. אַ תּל געמאַכט און פּטור.

— ווער האָט אַ תּל געמאַכט? — האָט בוזשעלע געוואָלט וויסן.

— ס'הייסט ווער? די מלחמה. אַלע דריי זענען זיי באַפֿאַלן דעם פּאָליאַק. זיי האָבן זעך יאַקאָש פֿאַראייניקט קעגן אים.

— וועלכע דריי? — האָט דאָס אינגל, אַ געשפּאַנטער, איבער־געפֿרעגט.

— ס'הייסט וועלכע דריי? דער פּריים פֿון איין זייט, דער מאָסקאַל פֿון דער צווייטער זייט און דער קירישער פֿון דער דריטער זייט. וואָס פֿרעגסטו, זיי האָבן אים יאַקאָש גוט צונהרגט. אַ חידוש מעשה...

— ני, ס'ווערט שפּעט! — האָט ער זיך מיט אַמאָל אַ כאַפּ געטאָן — כ'האָ' מורא כ'על פֿאַרשפּעטיקן מנחה...

און ער האָט אויסגעצויגן איינעם פֿון זיינע לאַנגע פֿיס און גע־מאַכט אַ שפּאַן אַראָפּ־צו פֿונם בערגל. זיין גאַנצער געבוי האָט זיך אַ טרעסע געטאָן מיט קראַפֿט. די קאַפּאָטע האָט אַ פֿלאַטער געטאָן אין דער לופֿטן.

— און איצטער — האָט ער געזאָגט צום אינגל זײַנעם — לאָמיר זיך אָנטרינקען.

און טאַקע באַלד זיך געגעבן אַ ציִ־אוים אויף דער ערד, צוגעפאַלן צום פרישן קוואַליקן וואַסערל, וואָס האָט געפּלאָסן צווישן די שטיינער, און גענומען טרינקען, נישט מיטן מויל, נאָר מיט דער באָרד זײַנער, ווי ס'האָט זיך בוזשעלען אויסגעוויזן. בוזשעלען איז געווען מאָדנע צו זען זײַן גרויסן טאַטן אַן אויסגעצויגענעם אויף דער ערד אין זײַן גאַנצן ריזיקן וואוקס. ווי אַ גרויס קינד האָט ער דאַמאָלס אין זײַנע אויגן אויסגעזען. ווי אַ אינגל אַ שטיפער, אַ אינגל אַ לאָבוס, מיט אַ צוגעטשעפּעטער באָרד.

— נאַ ! — האָט ער געהערט זײַן פאָטערס קול — בייג זעך אַראָפּ און טרינק אויכעט. ס'גוט וואַסער...

און אַליין זיך אָפּגעווישט די פאַרנעצטע באָרד און וואָנסעס. עטלעכע געפאַלענע וואַסער־טראָפּנס האָבן אין דעם בליאַסק פון דער זון אויסגעזען ווי פליענדיקע שטיקער קוועקזילבער.

בוזשעלעס געפילן צום פאָטער האָבן שוין לאַנג געהאַט אָנגענומען אַן אַנדער כאַראַקטער ווי די געפילן, וואָס ער האָט צו אים געטראָגן אין די ערשטע יאָרן פון זײַן קינדהייט. דאַמאָלס, אַלס קינד, תמיד אָפּגעשוואַכט, תמיד אָנגעשטרענגט, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז די גאַנצע וועלט איז זײַן שונא און אַז דער איינציקער פריינט זײַנער איז זײַן מאַמע. אָבער מיטן אָנלויף פון צייט, מיטן אָנוואוקס פון יאָרן, מיטן רײַפן פון זײַן געדאַנק, האָט ער זיך ביסלעכווייז דערוואוסט, אַז זײַן מאַמע איז זיכער נישט דער סאַמע בעסטער פריינט זײַנער, אַז די נערוועזע און היסטערישע מאַמע, מיט איר כסדרדיקן מאַטערן אים, מיט איר שטענדיקן נגנען אים, מיט אירע לאַסקעס און פאָדערונגען, אַז ער זאָל, למען השם, זען אויפצעוואַקסן אַזוינס ווי אַזוינס, ווייל ער, — איז איר נישט נמאס געוואָרן איבערצוחזרן נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל — מיט זײַן קעפּל, מיט זײַן חכמה. — אָטאָ־דאָס אַליץ האָט אים שוין אַזוי געשלאָגן צום האַרץ, אַז ער האָט אָנגעהויבן פון איר צו אַנטלויפן, אויסמײַדן זי.

— און גיי שוין, בוזשעלע, אין שקאָלע אַרײַן... — האָט זי אים געיאָגט — און מאַך שוין, בוזשעלע, די אוראָקן און ברענג אַהיים אַ פינף...

נאָר אַ פינף האָט זי געוואָלט. זי האָט אים קראַנק געמאַכט מיט די פינפן אירע. טאָמער האָט ער אַמאָל אַהיימגעבראַכט אַ פיר, האָט נישט געטויגט. און טאָמער, חלילה, אַ דריי, איז געווען שרעקלעך.

— נישט אַנדערש, — האָט זי זיך צוקלאָגט, — אַז דאָס קינד איז נעבאַך קראַנק, דאָס קינד. נישט אַנדערש, אַז דאָס קינד איז עפּעס נישט מיט אַלעמען, דאָס קינד...

פונם פאָטער האָט ער דאָס קיינמאָל נישט געהערט. דער פאָטער, אַ געזינטערער מענטש, אַ גוטמוטיקער, האָט פון אים קיינמאָל נישט פאַרלאַנגט צופיל. האָט ער אים אַמאָל געוויזן דעם העפט מיט אַ פינף, איז געווען גוט. האָט ער אים, דעם מוזיניק זיינעם, דערפאַר געגעבן אַ קניפּ אין בעקל. אַמאָל אַפילו אַ פּאָר קאָפּיקעס אויך. אָבער ווען ער האָט אַהיימגעברענגט אַ פיר, אָדער אַ דריי, האָט ער זיך דערפון אויך נישט אָפּגעגעסן דאָס האַרץ. „מילא, ני, אויך מיר אַ זאַרג אין שטעטל“.

— ווייסטו וואָס, — האָט ער געזאָגט צו דער אידענע זיינער, — גיי דו אין שקאָלע און ברענג דו אַהיים פינפן, עסטו זען ווי גרינג ס'קומט אָן ביי אַ גויאישן לערער ארויסצוקריגן אַ גוטע אָטמיעטקע.

בוזשעלען איז געווען גוואַלדיק גוט דאָס צו הערן. ער איז דערפאַר דעם פאָטער זיינעם שטאַרק דאַנקבאַר געווען און ער האָט אים דערפאַר אָנגעהויבן ליב צו קריגן.

---

אויפן וועג צוריק האָט אַ צופאַל קאַליע געמאַכט שמואל דודם שבתדיקע שטימונג. אַזוי ווי זיי זענען צוריק צוגעקומען צום „גרינעם סעדל“, האָבן זיי דערזען ווי עטלעכע בחורים, און דוקא אין לאַנגע קאַפּאָטעס, אין „אידישע“ היטעלעך, שטייען צוזאַמען אין אַ רעדל און איינער פון זיי רייבט זיך אַזוי פאַמעלעך אָן אַ שוועבעלע און די אַנדערע אַרום פאַרדעקן עס מיט די פּאָלעס פון די לאַנגע קאַפּאָטעס, כדי דאָס פלעמל זאָל זיך נישט אויסלעשן פונם ווינט.

דערזען אַזאַ מעשה, האָט עס שמואל דודן געגעבן אַ הייב אין דער לופטן. ער איז תיכף ומיד געגעבן אַ לויף־צו צו זיי און די ערשטע זאַך, וואָס ער האָט געטאָן, איז געווען אַרויסצושליידערן מיט אַ שפּיץ פון זיין קאַפּאָטע דעם אָנגעצונדענעם פּאַפּיראָס פונם מויל פון דעם „רויכערער“. באַלד איינזעענדיק, אַז דאָס איז נישט גענוג, האָט ער יענעם דערלאַנגט איין פּאַטש און נאָך אַ פּאַטש, און נאָך דעם ערשט האָט ער זיך צושריגן:

— דו אַזוינער און אַזוינער! — האָט ער געוואַלדעוועט — דו ליידאַק איינער! שמאַראָוואַז! אום שבת וועסטו רויכערן פּאַפּיראָסן? האָסט פאַרגעסן וואָס דו האָסט געלערנט אין חדר? ווייסט נישט, אַז ס'שטייט געשריבן לא סבערו אש?... דו — — דו — — שמאַראָוואַז, דו... און יעץ — האָט ער זיך גענומען צו די אַרומשטייענ־

דיקע עטוואָס פאַרשעמטע, עטוואָס צומישטע יונגע לייט — עץ אוי־בעט? דעך קען'עך! — האָט ער אויסגעצויגן דעם ווייז־פינגער און שיעור נישט מיט אים אָנגערירט דאָס פּנים פון דעם איינעם — יעך קען דעם טאַטן דיינעם אויכעט... ר' יחיאל וואָלווישעם ביסטו... יעכל מעך שוין זען מיט דעם טאַטן דיינעם, מאָרגן מעטשים, בלי נדר... יעכל אים נאָר פרעגן איין זאַך: צי ער גיט זיין זון פּאָזוואָליעניע מחלל שבת צו זיין. מער וועל'עך אים נישט פרעגן... און דיין טאַטן קען'עך אויך, דו — האָט ער דעם זעלבן ווייז־פינגער שוין געשטופּט אין אַן אַנדערנס פּנים — יעך קען דעך, שבתים זון... וואָס מיינט עץ, ס'איז הפקר אַ וועלט? קיינער וועט ענק נישט זען, מיינט עץ? צי מ'עט ענק גאָר שווייגן, מיינט עץ? טפו, ימח שמיכם! רשעים! פּושעים ישראלים אַזוינע!... קום, בוזשע, יעכל זיי אָנלערנען. יעכל זיי צושטעלן אַ בענקעלע צו זייערע טאַטעס. דו קענסט מעך, בוזשע. יעך, אַז כ'זאָג אַ וואָרט, איז'ס הייליק.

— קושט אונז אין ת., שמי'דאָוויד לעדערקרעמער! — האָט איינער פון די יונגעלייט, וואָלווישעס זון, אויסגערופן — מאָמאַ'ר אייך וואו די אידן האָבן גערוט ערב שבועות אין דעם מדבר. גיט בעסער אַכטונג אויף אייער אייגענעם זון, וועלכער איז דאָרטן ביי די זעלנער און עסט טריפות...

און מיט אַ הוזשעריי, מיט אַ געלעכטער האָבן זיי פאַרהויבן די קאַפּאָטעס און זענען זיך צולאָפן.

יאָ, די שבת־מנוחהדיקע שטימונג שמואל דודס איז שוין געווען אַן איבערגעפירטע. ער איז געגאַנגען אַ בייזער, מיט אַן אָנגעבלאָ־זענער רויטער באָרד, און פון אונטערן קליינעם טוכענעם היטעלע זיי־נעם האָט אַפּערגעקוקט די יאַרמלקע, אויך אַן אויפגעבלעזלטע פון כעס.

— נע, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, נישט צו בוזשעלען, נישט צו קיינעם און נישט אַפילו צו זיך אַליין, ווייל ער איז איצטער געווען מיט אַלעמען ברוגז, — זיי וועלן טייער באַצאָלן דערפאַר, די שנעקעס.

בוזשעלען איז אַפילו געווען אינטערעסאַנט צו וויסן מיט וואָס אַזוינס זיי וועלן עס אַזוי טייער באַצאָלן, אָבער אַ קוק טוענדיק אויף זיין פאָטער פון דער זייט, איז אים פאַרגאַנגען דער חשק צו פרעגן.

— יאָ, — האָט שוין איצטער שמואל דוד גענומען אַן עטוואָס הייטערן טאָן, זיין בליק האָט שוין איצטער געטראָגן אין זיך ווייני־קער פאַרצווייפלונג, אויך די באָרד און יאַרמלקע זענען שוין געווען ווינציקער פאַרדראָסיק, — מ'עט זיי דאָרטן ריכטיק דערלאַנגען...

בוזשעלע האָט געוואוסט אויף אַזוי פיל, אַז מיט דעם „זיי" מיינט דער פאָטער זיינער די בחורימלעך, וואָס האָבן געררייכערט. אָבער דעם „דאָרטן", וואו מען וועט זיי דערלאַנגען — און וואָס מען וועט זיי דערלאַנגען, דאָס האָט ער נאָך אַלץ נישט געוואוסט.

— נאַ, זעסט? — האָט שמואל דוד פּלוצלינג אָנגענומען זיין זון ביי דער האַנט, אַ סימן, אַז דער כעס האָט אים שוין כמעט אינגאַנצן פאַרלאָזט, — קוקסט אָן דעם דאָרן איך דאָרטן? דאָס איז יונה־שיע פּרץ, לייבוש פּרצעס אַ ברודער.

— ווער איז לייבוש פּרץ? — האָט בוזשעלע געפרעגט.

— לייבוש פּרץ? אַ גרויסער שרייבער, זאָגט מען, און נאָך אַ גרעסערער אַפּיקורס. ער רייכערט, זאָגט מען, אויך אום שבת. ני, וואָס מיינסטו, מ'עט אים דאָרטן שאַנעווען? מ'עט אים דאָרטן אויך דערלאַנגען אַ היים שעפּעלע. מ'עט זעך, יאַקאַש, קנאַפּ רעכענען דערמיט וואָס ער איז דאָ געווען אַ שרייבער. ער וועט זעך, יאַקאַש, פּרעגלען אין גהינום באַגלייך מיט די־אַ שנעקעס...

איצט איז בוזשעלען קלאָר געוואָרן דער גאַנצער ענין. איצטער האָט ער שוין געוואוסט וואו דער „דאָרטן" מיינט.

— און דער־אַ, יאַקאַש, דער ברודער דיינער, — האָט שמואל דוד גערעדט צום אינגל, גייענדיק מיט אים אויף דער גימנאַזיע־גאַס, — ער פאַרשווארצט מיר אויך דאָס פּנים. האָסט געהערט וואָס זיי האָבן געזאָגט? יעך זאָל אַכטונג געבן אויף דעם זון מיינעם. ני יאָ, יעך זאָל אויף אים אַכטונג געבן! — האָט ער געגעבן אַ שריי־אויס מיט פאַרביטערונג און אַפּגעלאָזט דעם אינגלס האַנט — גלייך ער פאָלגט מעך. גלייך יעך האָב ביי אים עפּעס אַ דעה. ווייל ווער בין יעך עס דען אין שטעטל? יעך בין־דאָך נישט מער ווי אַ טאַטע...

— האָט ער כסדר געהאַלטן אין פאַרגרעסערן זיין שפּאַן און בוזשעלע האָט אים, באין ברירה, געמוזט מיטהאַלטן — מע שטעכט מיר די אויגן, אַז ער עסט דאָרטן טרפות. ני, אודאי עסט ער טרפות, וואָס דען? כשרע חזיר־פיסלעך וועט מען אים דאָרטן דערלאַנגען? אָבער יעך בין אין דעם נישט שולדיק. — האָט ער זיך ווי אָנגעהויבן צו פאַרענטפערן פאַר דעם קליינעם זון זיינעם — יעך האָב נישט געוואָלט ער זאָל אַוועקגיין דינען. יעך האָב אים געוואָלט געבן געלט ער זאָל פאָרן קיין אַמעריקע. יעך בין אפילו גרייט געווען צו צאָלן די דריי הונדערט רובל קאַרע דער רישישער רעגירונג. ני, האָט ער מעך אַלץ נישט געוואָלט פאָלגן. ער האָט מיר נישט געקענט שענקען דעם פּאַטש, וואָס כ'האָב אים דערלאַנגט פאַר יענער מעשה מיטן געווער. פּונקט

ווי יעך וואָלט נישט געווען קיין טאַטע און כ'וואָלט נישט געהאַט קיין פּראַווע אַ קלאַפּ צו טאָן מיין אייגענעם זון...

איצט האָט שוין שמואל דוד גערעדט אַביסל ווייכער, אַביסל באַזאָרגטער, מעשה טאַטע. אויך זיין שפּאַן איז געוואָרן קלענער און איינגעהאַלטענער. ער האָט צוריק בוזשעלען אָנגענומען ביי דער האַנט און ווייטער גערעדט:

— מיין נישט, אַז יעך בין, יאַקאַש, אַזאַ שלעכטער טאַטע. ווען ער איז אַ מענטש, ווען ער האַנדלט ווי אַן אמתער זון דאַרף האַנדלען, וואָלט יעך אים דען נישט צוגעזען? אַז יעך וויים גאָר נישט וואָס ס'איז מיט אים געשען. עפּעס אַ דיבוק איז אין אים אריין אין דעם געשטאַלט פון־פון־פון — — ווי רופט מען עס דאָרטן? — — פון ציציליזם. ווי ס'נעמט זעך צו אים אַזאַ זאַך, קען יעך עס גאָר נישט פאַרשטיין. ניין, נישט אַנדערש, נאָר עמיץ האָט אים אָפּגעטאָן אַ כישוף. כ'האָב מורא, אַז דאָס איז געווען דעם שניידערס זון, הענאָך. עפּעס אַזוי זאָגט מיר, יאַקאַש, מיין האַרץ...

עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס בוזשעלע האָט געהערט דעם טאַטן זיינעם אַזוי רעדן וועגן מאָניקן, מיט אַזאַ אמתער באַזאָרגטקייט, מיט אַזוי פיל באַהאַלטענער ליבשאַפט, מיט אַזאַ עכטן טאַטעשן באַדויערן. עס האָט אים אי געפרייט, אי געוואונדערט צו זען דעם גרויסן, הארטן טאַטן אַזוי קנייטשן דעם שטערן און בייסן שטיקער פון זיין באָרד וועגן זיין זונס גורל.

ווייל דאָס, וואָס בוזשעלע האָט איצטער געפילט צו מאָניקן, איז געווען בלויז אַן עכט ברודערלעך געפיל, אָן דעם מינדסטן שפּור פון דעם, וואָס עס איז צווישן זיי אַמאָל פאָרגעקומען. פאַר די קנאַפּע דריי יאָר צייט, וואָס מאָניק איז געווען ביי די זעלנער, האָט בוזשעלע דורכגעמאַכט אַ גרויסע ענדערונג. אויב אפשר נישט אַזוי פיל אין זיין כאַראַקטער, איז אין אויפנעמען און אין באַנעמען זאַכן. נישט איינמאָל האָט בוזשעלע, קוקנדיק אויף צוריק, אויפריכטיק באַדויערט זיינע פריערדיקע טאַטן. אַזוי האָט ער אויך באַדויערט פאַרוואָס ער האָט זיין ברודער אָפּטמאָל אָנגעטאָן אומזיסטע יסורים. האָט דעריבער איצטער אין אים געלעבט אַ געפיל פון חרטה פאַר דעם שלעכטן, וואָס ער האָט יענעם אַמאָל געטאָן, און צוזאַמען מיט דעם האָט שוין במילא געגליט אין אים אַ וואונטש וואָס גיכער צוריקצוזען זיין ברודער, וועלכער געפינט זיך אַזוי ווייט פון דער היים, ערגעץ אין טיף רוסלאַנד, כדי ער זאָל שוין וואָס גיכער קענען פאַרגיטיקן דאָס שלעכטע און אים פון איצטער־אָן ארויסווייזן אמתע ברודערלעכע ליבע.

ווען זיי זענען צוריק אַריינגעקומען אין שטאָט, האָט שוין אָנגע־הויבן טונקל צו ווערן. שבת־פאַרנאַכטיקע שפּאַציר־גייער זענען שוין געווען געדיכט פאַרשפּרייט איבער די גאַסן. עס זענען געגאַנגען אידן פונם באַלעבאַטישן שניט, מיט די הענט פאַרלייגט אויפן מחילה, די פּאַטשיילעס אַרום די העלזער אַרומגעוויקלט (כדי זיי זאָלן נישט דאַרפן טראָגן אין שבת) און עס זענען געגאַנגען אידן פּראָסטערע, באַלמעלאָ־כעס, וועלכע האָבן שוין נישט אַזוי שטאַרק מקפּיד געווען אין דער מעשה פון „טראָגן" אין שבת. עס האָבן שפּאַצירט פאַרלעך, אמתע קאַוואַליערן מיט באַרישניעס, שיין און פּאַצעטיש אָנגעטאָן, און עס האָבן שפּאַצירט שוסטער געזעלן און דראָזשקאַרעס מיט זייערע כלות, מערסטעט פון זיי דינסטמיידלעך אָדער איבערגעבליבענע יתומות. זיי זענען געווען פון די פרייליכסטע שפּאַצירער. זיי האָבן געלאַכט הילכיק און פונם האַרץ אַרויס און האָבן פאַרקנאַקט דאָס געלעכטער מיט סעמעטשקעס און באַניע קערלעך. עס האָבן שפּאַצירט אוטשעניקעס מיט אוטשעניצעס, קריסטלעכע און אידישע, וועלכע האָבן פון צייט צו צייט געפלירטעוועט צווישן זיך מיט שטילע אָנדייטונגען אין זייערע אויגן, אָדער מיט אָפענע אַרויספאָדערנדיקע שמייכלען, אָדער גאָר טיילמאָל מיט צוואַרפן איינס דאָס אַנדערע אַן אָפּגעבראָכן צווייגל פון אַ בוים, אַן אָפּגעריסן קווייטל פון אַ גאָרטן אַרויס... וואו נישט וואו האָט מען געקענט זען אַ פּאָר עלטערע אידענעס מיט שייטלען גיין און שמועסן פון נעכטיקע טעג... ווען נישט ווען האָט מען געקענט הערן אַ זידל־וואָרט קעגן אידן פון אַ קריסטלעכן פאַרבייגייער. און געקומען איז עס גלאַט אַזוי זיך, אויס געוואוינהייט מסתמא... און אַז דעם גלחס הונט האָט זיך פלוצלונג פאַרגלוסט אַ ביל צו טאָן פונם באַלקאָן אַראָפּ, האָט ער עס דוקא געמוזט טאָן אויף די אידישע פאַר־בייגייער מיט די לאַנגע קאַפּאָטעס...

— אוי־וואוי, — האָט שמואל דוד אַ זאָג געטאָן טיילווייז צו זיך און טיילווייז צו בוזשעלען, — ס'מוז שוין זיין גוט שפּעט. יעקל שוין אודאי נישט קריגן קיין ציבור צו מנחה. און אַלץ צוליב די־אַ... ני, כ'מיין, אַז כ'על שוין מוזן אַליין געבן אַ כאַפּ־אַפּ, אָט אַזוי טאַקע ווי מי גיי'מאַ דאַ...

און טאַקע באותו רגע, נישט טראַכטנדיק קיין סך, האָט ער גע־געבן אַ געשריי־אַרויס אויפן קול:

— אוי, אשרי יושבי ביתך, עוד יהללוך סלה!... — — —

אַז פאַרבייגייער, באַזונדערס קריסטלעכע, האָבן אויף אים גענו־מען קוקן.

— אוי, אשרי העם שככה לו, אשרי העם ש'יי אלהיו... — איז ער געגאַנגען און האָט געזאָגט און האָט געשטעלט גרויסע שפּרייזן און מיטגעשלעפּט בוזשעלן, ווי אַן עדות פּאַר גאָט, אַז ער, שמואל דוד, האָט, חלילה, נישט פאַרפעלט קיין מנחה, און זאָל זיך דאָרטן דער רבונו של עולם צו אים נישט טשעפּען פאַר גאָרנישט — אוי, כבוד מלכותך יאמרו, וגברתך ידברו... — האָט ער געשפּאַנט און געזען ווי מענטשן קוקן אים אָן, אָבער ביי זיך האָט ער געטראַכט, מיטן ניגון פון מנחה, אַז זאָלן זיי קוקן און זאָלן זיי זיך וואונדערן און זאָלן זיי זיך פאַרדרייען זייערע אייגענע קעפּ, ווייל — מלכותך, מלכות כל עולמים, — האָט ער געגלאָצט די אויגן צום הימל און זיך געטראַכט, אַז ווען זיין זון מאָניק וועט מעטשים צוריקקומען פון די זעלנער, וועט ער אים, יאָקאָש, אַלץ מוחל זיין און אים נעמען צו זיך און אים זען צו מאַכן פאַר אַ מענטש. ווייל — וממשלתך, וממשלתך וממשלתך...—האָט ער זיך אָנגעהויבן פּלאָנטערן מיטן דאַוונען, טראַכ־טנדיק פון אַנדערע זאַכן—אוי, וואו האלט יעך דאָרטן, וממשלתך?...— האָט ער געגעבן אַ געשריי אין דער הויך אַזוי, אַז בוזשעלע האָט אויף אים אַ קוק געטאָן מיט חשד. אָבער שמואל דוד האָט עס נישט באַ־מערקט. ער איז געבליבן שטעקן ביי דעם ממשלתך און האָט נישט גע־קענט גיין אַ טריט ווייטער. זיין זון מאָניק האָט זיך איצטער, ווי, להבדיל, דער שטן, געשטעלט אין וועג צווישן אים און גאָט. — וואָס קען דאָס זיין? — האָט ער, אינמיטן דרינען, אַ פרעג געטאָן אויפן קול, נישט זיך, נישט בוזשעלען און נישט קיינעם — אוי, וואָס קען דאָס הייסן, וממשלתך?....

# קאַפּיטל זיבן

די ניגונים און די ווערטער, וואָס זענען געקומען פון איטשעלע גאָרדאָנס גראַמאָפאָן, זענען פונדעסטוועגן נישט געווען די איינציק־געזונגענע לידער אין שטעטל. ווען „יענטע די רויטע", אָדער „חוה, אוי, אוי, אוי, חוה"! האָבן זיך אַביסל צוגעגעסן דעם שטעטלדיקן עולם, האָט מען זיך ביסלעכווייז צוריקגענומען צו די אַלטע לידער און צו די אַלטע מאָטיוון. די שניידער־און שוסטער געזעלן האָבן צוריק גענומען זינגען זייערע אַלטע באַליבטע לידער פון ציגיינער ליבע און בלאָטע יונגען; לידער פון אַרבעטער און סטרייקערס. אָרימע ניי־טאָרינס האָבן, נייענדיק חופּה קליידער פאַר נגידישע טעכטער, פאַר־צויגן טרויעריקע מאָטיוון פון זייער אייגן שווער לעבן און זיך אין די געדאַנקען אָנגעמאָסטן אָט די שיינע חופּה קליידער, און מיט אַ רויטער פאַרב אין פּנים האָבן זיי זיך פאָרגעשטעלט ווי אַזוי זיי וואָלטן אין זיי אויסגעזען... דינסטמיידלעך האָבן געזונגען פון זאַפּאַסנע סאָלדאַטן, ווייל אַ סך פון זיי האָבן געהאַט חתנים ביי די זעלנער. און סתם ראָמאַנטישע מאַמזעלן האָבן, קוקנדיק אין די פענסטער, מיט פאַרחלומטע בליקן, אויסגעזונגען דאָס פּאָפּולערע פענסטער־ליד:

אוי, דעם טאָג פון יוער, דעם טאָג פון יוער,
זיץ איך מיר ביי דעם פענסטער,
זיץ איך מיר ביי דעם פענסטער.
אַלע קאַוואַליערן גייען זיך שפּאַצירן —
לייבעלע זיגעווען דער שענסטער.
אוי, אַלע קאַוואַליערן גייען זיך שפּאַצירן — — — —
לייבעלע זיגעווען דער שענסטער...

אפילו קאָפּל, דער ראָמאַנטישער, פּאַצעטישער שטאָט־משוגענער, מיטן ווייסן שניפּס, וועלכער האָט זיך איינגעליבט אין נישט קיין אַנ־דערער ווי אין דער סאַמע שענסטער און רייכסטער מיידל פון שטאָט, איז צוריקגעקומען צו זיין אַלטן און באַליבטן מאָטיוו. מיט אַ שטימע, ווייך ווי פעדערן און זיס ווי אַ פּוטער־קיכל (ער האָט טאַקע געאַרבעט ביי שמואל לאָזער צוקער בעקער), האָט ער אויסגעגאָסן זיין צעווייטיקט האַרץ אין דעם ליד, וואָס ער האָט אַליין פאַרפאַסט אין די פיל שלאָפלאָזע נעכט, טראַכטנדיק פון זיין הייסגעליבטער פעליען:

וואָס אַמאָל ברענט דאָס פייער גרעסער,
און פאַרלעשן קען דאָס קיינער נישט, נישט, נישט.
געשטאָכן וואָלט איך פעליען נישט מיט קיין מעסער,
ווייל מיינע אויגן קענען דאָס נישט זען, זען, זען.

אין יענע טעג האָט זאַמאָשטש אויפגענומען אַ נייעם חזן. אַ חזן עפּעס גאָר אַ וואַזשנע כלי. ער איז געווען אַ „זאָגער", אַ קרעכצער, אַ דער אמתער בעל מנגן. זיינע קאָמפּאָזיציעס זענען גאָר געווען אַזוינס ווי אַזעלעכס. אָנצוקומען צו אים אַלס משורר איז געווען אַ גרויסער כבוד, אַ קריעת ים סוף. איינער פון די ווייניק גליקלעכע אָנצוקומען צו אים איז געווען בוזשעלע.

בוזשעלע איז געוואָרן אַ משורר צופעליק, פּונקט ווי אַ סך זאַכן אין זיין לעבן זענען געשען צופעליק. אַזוי האָט ער יעדנפאַלס געמיינט. און דאָס האָט זיך זייער אַריינגעפּאַסט אין זיין אומרואיקער נאַטור. באַזיצנדיק אַ שיין שטימעלע נאָך פון די סאַמע יונגע יאָרן אָן, מיט אַן אויסגעצייכנטן געהער, האָט ער נאָך אין שקאָלע געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם מוזיק לערער. יענער האָט אים, בוזשעלען, אַלעמאָל געזעצט צווישן צוויי אַנדערע אינגלעך מיט הילצערנע אויערן און זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן זיך צוהערן ווי אַזוי בוזשעלע זינגט, כדי זיי זאָלן אים קענען „נאָכגיין". אָבער נישט איינמאָל האָט זיך בוזשעלע אַ כאַפּ געטאָן פאַרן אויער, ווען יענע האָבן געפּרוווט אים „נאָכגיין". אַי, זענען זיי אים נאָכגעגאַנגען! עס האָט אים אַזוי געגרילצט אין די אויערן, אַז ער האָט עס נישט געקענט פאַרטראָגן. ער איז געווען אַזוי עמפּינדלעך צו אַ פאַלשן טאָן, אַז עס פלעגט אים אַזש דערפון אָנכאַפּן אַ ווייטיק אין בויך...

ער פלעגט זינגען איבערהיים. אין יענע יאָרן נאָך האָט ער אָנגעהויבן צו זינגען, ווען ער איז אָפט געבליבן אַליין אין הויז מיט פראַנטשישקאַן. ער פלעגט אָפט אויסזינגען די פאַרשידענע שטימונגען זיינע. דאַמאָלס איז זיין שטימעלע נאָך נישט געווען אַזוי ריין און מוזיקאַליש. אין יענע טעג איז ער געווען צו־אויפגערייצט, זיינע נערוון צו־אָנגעשפּאַנט, ער אַליין אפילו זאָל קענען הערן וואָס און ווי אַזוי ער זינגט. שפּעטער האָט זיך זיין שטימעלע גענומען אַנטוויקלען צוזאַמען מיטן געהער. דאָס איז געשען דאַמאָלס, ווען ער פלעגט אָפּליגן טעג ביים טייך, אויף די לאָנקעס, אָדער גאָר אַוועקגיין ווייט, ווייט הינטער דער שטאָט און דאָרטן אויסזינגען זיין זעלטענע פרייד און זיין אָפטן צער. נאָך שפּעטער, ווען ער פלעגט מאַכן די שבתדיקע שפּאַציר־גענג מיט זיין טאַטן, פלעגן זיי ביידע אויספּרוּוון זייערע

שטימעס אין דער זומערדיקער לופט. שמואל דוד האט געהאט א גע־זונטע ברוסטיקע שטים, מיט אונטערגעבעטע אונטערשטע טענער און העלע אויבערשטע טענער אלס צולאג. בוזשעלע האט געהאט א דין קוויטשעדיק קולכל, וועלכעס ער פלעגט קענען אויסציען אפשר ביז דער אייבערשטער „דא“. ביידע, ער מיטן פאטער, פלעגן אויף יענע שפאציר־גענג אויסזינגען אלערליי ניגונים, חזנישע און בדחנישע, פאלקס לידער, פון צונזערן און גאלדפאדענען און חסידישע לידער, וועלכע האבן נישט געהאט קיין פארפאסער. דער גרויס־גופיקער, לאנג־פוסיקער שמואל דוד פלעגט קענען געבן אן עפן־אויף א געמבע און א לאז־ארויס טאן א קול, אזש די גראזן אין פעלד פלעגן פארציטערט ווערן. זיין רויטע באָרד פלעגט בשעת מעשה, א חוץ רויט, אנטהאלטן אין זיך קאלירן פון גרין און בלוי. אויף אזא אופן פלעגן די טענער, באלד ווי זיי זענען ארויס פונם מויל, באשפרינקלט ווערן מיט כלערליי פארבן, און פריידיקע, טאנצנדיקע, פלעגן זיי פארפאלן ווערן צווישן די הויכע צייטיקע זאנגען.

— יא, — האט שמואל דוד נישט איינמאל געזאגט צום אינגל זיינעם, — האסט א קול צו זינגען. אז דו'סט מיצד שטארק בעטן, על־עך דער מאכן פאר א חזן . . .

אפגעזאגט, און עס אויפן צווייטן טאג פארגעסן, ווי זיין געוואוינ־הייט איז געווען. א חוץ דעם, איז ער גלאט געווען פארזעשט פון מסחר און דעם אינגלס חזנות איז אים נישט געלעגן אין דער לינקער פאה.

אבער דאס וואס ער האט פארגעסן, האט די מוטער בוזשעלעס אויפגעכאפט. דערהערט, אז ס'רודערט זיך עפעס אין שטעטל וועגן א נייער זאך, משוררייי, און אז עפעס שטעקט אין דעם גאר גרויסע קונצן, מיט כבוד, און אז מען דארף עפעס זיין מיט אכצן קעפ אנצו־קומען צום נייעם חזן, דעם „לוטוואק“, האט זי גלייך באשלאסן, אז דאס איז אן עסק פאר בוזשעלען. ווייל אויב ס'נויטיקן זיך טאקע אט־די אלע זאכן און אויב ס'שטעקט טאקע אין דעם אט די אלע קונצן, איז ווער קען זיין בעסער און בילכער פון (טאקע נאך אמאל דאס איי־גענע) איר בוזשעלען?

האט זי באשלאסן וועגן דעם איבערצורעדן מיט איר מאן.

—שמי'טאוויד, — האט זי געזאגט, שוין נישט מיט דער אמא־ליקער קלינגעוודיקייט פון איר שטימעלע, ווייל די יארן האבן עס גע־נומען אפבליאקעוועז, — ווי געפעלט דיר דער פלאן, שמי'טאוויד?

— האט זי גערעדט, שוין נישט מיט דער אמאליקער רוגזה, ווייל די

עלטער, וואָס האָט אויף איר גענומען גיין, האָט שוין איבער דער צייט באַוויזן אַריינצוגיסן אַ היפּשע פּאָר טראָפּנס וואַסער אין איר בלוט, — ווי מיינסטו, אַז אונזער בוזשעלע זאָל ווערן אַ — ווי הייסט עס דאָרטן? — אַ זינגער ביי דעם לוטוואַק? האַ, שמי'טאָוויד?...

— וואָועס? — האָט זיך דער מאַן אירער אַ כאַפּ געטאָן ביי דעם געדאַנק, פון וועלכן, ווי אים האָט זיך איצטער געדאַכט, ער האָט שוין יאָ עפּעס אַמאָל געהאַט געהערט — אַ זינגער ביי דעם לוטוואַק? וואָס מיינסטו מיט דעם?

די לעצטע פראַגע האָט ער געשטעלט גלאַט אַזוי זיך, אָן שום ציל, מיט דער איינציקער כונה בלויז, כדי צו קענען אַביסעלע אונ־טערטראַכטן, כדי צו קענען אַביסעלע נאָכזוכן אין זיין זכרון ווען און וואו ער האָט אָט דעם דאָזיקן געדאַנק וועגן דעם אינגל זיינעם גע־הערט.

— וואָס יעך מיין מיט דעם? — האָט דערווייל חיהלע געענט־פערט — גאָרנישט. וואָס זאָל'עך מיינען? דאָס אינגל גייט אַרום לײדיק. און ער ווערט טאַקע נישט איינגער, נאָר עלטער. מיין יעך, אַז ס'וואָלט נישט געשאַדט, ער זאָל האָבן מיט וואָס צו פאַרנעמען זיך די ליידיקע צייט...

שמואל דוד האָט געוואוסט, אַז חיהלע זיין ווייב זאָגט נישט דעם גאַנצן אמת. און חיהלע האָט געזען אין זיין קוקן אויף איר, אַז שמואל דוד איר מאַן ווייסט, אַז זי זאָגט נישט דעם גאַנצן אמת. זי האָט באַשיינפּערלעך געזען, אַז זיינע געזונטע, רויטלעכע ליפּן בעטן זיך ממש ביי אים, דעם בעל־הבית זייערן, ער זאָל זיי דערלויבן אַרויס־צוזאָגן עטלעכע ווערטער, נישט מער ווי בלויז אָט די פּאָר ווערטער:

— קיקטיז עס נאָר אָן, דאָס גבאיטע־פּנימל! — וואָלטן זיי גע־זאָגט, די ליפּן זיינע, ווען ער לאָזט זיי — זאָג נאָר, חיהלע סענדער איטשעס, דו מיינסט טאַקע, אַז מעך, דיין מאַן, קענסטו אויך נאַרן? געזאָגט האָט ער אָבער:

— קען זיין, אַז ביסט, יאַקאַש, גערעכט, מיין ווייב. ס'קען גריילעך זיין, אַז ס'כאַפּט זעך ביי דיר, יאַקאַש, אַמאָל אַרויס אַ גו־טער געדאַנק. אַ קולכל, נאָך אַלעמען, האָט ער דאָך... קום נאָר אַהער, בוזשע! זאָג, ווילסט ווערן אַ משורר ביים לוטוואַק?

ביי בוזשעלען האָבן זיך די אייגעלעך צובלישטשעט. ער אַ משורר? און ביים לוטוואַק דערצו! עס האָט אים געגעבן אַ פּאַרכאַפּ באַלד אויפן אָרט. עס האָט אין דער מינוט געגעבן אַ צינד־אָן זיין גאַנץ אומרואיק וועזן. אַזוי איז געשען אַלע מאָל, ווען ער האָט גע־

הערט פון אַ נייער זאַך. ווייל נייקייט האָט אים שטענדיק פאַר־אינטריגירט, האָט אים אַלע מאָל ארויסגעבראַכט פונם גלייכגעוויכט. און איצטער איז נאָך צוגעקומען די אמביציע צו דערגרייכן דאָס שווערע, צו באַזיגן זיין צווייפל און זיין מורא, אַז ער וועט נישט אויסהאַלטן דעם עקזאַמען.

ער האָט דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטן. לייכט אויסגעהאַלטן. דער חזן איז גאָר געווען באַגייסטערט פון זיין שטימעלע. „דו הערסט עפּעס, סאָניא ?...“ — האָט ער, מיט אַן אויפגעלויכטן דאַר, צו־קנייטשט פּנים, ארויסגערופן דאָס ווייב זיינס פונם צווייטן צימער — „אָבער דו הערסט אַ סאָפּראַנדעלע ?“

און די גרויסע ציין זיינע האָבן אַזש אַרויסגעקוואָלן פונם מויל.

אַ גליקלעכער, מיט צוויי פולע קעשענעס ניס, וואָס דער חזן האָט אים אָנגעשטופּט, איז בושעלע אַהיימגעלאָפן. אַ פריידיקע היץ האָט זיין קערפּער דורכגענומען. „דו הערסט, סאָניא ?...“ — האָט אים געקלונגען אין די אויערן — „הערסט אַ סאָפּראַנדעלע ?...“

ער האָט זיך צוגעכאַפּט צום זינגען מיט חשק און ברען, ווי צו יעדער נייער זאַך. דאָ נאָך אַביסעלע מער, דערפאַר ווייל דאָס דאָ־זיקע פעלד איז פאַר אים געווען נישט נאָר ניי אַליין, נישט נאָר פריש אַליין, נאָר אויך גוואַלדיק שיין און פול מיט קאָליר. עס האָט אין זיך אַנטהאַלטן די קאָמבינאַציע פון פאַרב און קלאַנג צוזאַמען. אַלץ, דאַכט זיך, אַזוי לעבעדיק, אַלץ, דאַכט זיך, אַזוי קלאָר — און דאָך וויפיל פאַרבאָרגענער רייץ עס איז אין דעם פאַראַן! וואָס פאַרא פּרעכטיקע מיסטעריעזע מעשהלעך עס ליגן איינגעדרימלט אין די פינף־שורותדיקע קעסטעלעך, וואָס דער חזן רופט נאָטן! זיי וואַרטן, דאַכט זיך, אָט די סודותדיקע קעסטעלעך, נאָר אויף דעם קאַמער־טאָן, וואָס זעט אָפּטמאָל אוים ווי יענער געפּאַנצערטער ריטער אין וואַלטער סקאָטס מעשה, ער זאָל געבן דעם סיגנאַל און זיי וועלן זיך אויפעפע־נען .... און זענען דען נישט דעם חזנס לאַנגע, דאַרע פינגער ווי כשוף־שטעקעלעך, מיט וועלכע ער עפנט־אויף פאַרבאָרגענע טירע־לעך, וועלכע פירן אין אַן אַנדערער וועלט אַריין, אין אַ וועלט, וואָס איז פול מיט נייע וואונדערלעכע מעלאָדיעס ?...

יענע אָוונטן, ווען עס איז איינשטודירט געוואָרן דאָס דאַווגען, זענען ביי אים געווען זייער געהויבענע. ער האָט אַלע מאָל פאַרלאָזט די רעפּעטיציעס מיט אַן אויפגערודערט געמיט, אַ צונומענער פון פרייד. און אַ פרייד איז דאָס געווען אַזאַ, וואָס האָט אַזש ווי געטאָן. ער האָט געהאַט גרויס אָפּשיי פאַר דעם חזן, אַ סך מער ווי די אַנדערע

משוררים. ער האָט אים געקוקט אין די אויגן מיט אַ פרומער פאַר־ערונג. ער איז אין דעם זינגען געווען אַריינגעטאָן מיט ליב און לעבן און מיט שטילער געהאָרכזאַמקייט האָט ער זיך צוגעהערט צום חזנס יעדן טאָן. ער האָט נאָכגעפאָלגט מיט באַוואונדערונג דעם חזנס יעדע דערקלערונג, יעדן באַוועג מיט די לאַנגע ווייעס, וואָס איבער די לענגעבדיקע, שמאָלע, מאנדל־קאָלירנדיקע אויגן. ער האָט שטום, מיט אַ רעליגיעזער איינגעהאַלטנקייט, נאָכגעפאָלגט די איינטיילונג פון די שטימעס. און נאָכדעם, ווען דער חזן האָט אַ קלאַפּ געטאָן דעם קאַמער־טאָן און אַ צעוויג געטאָן זיינע לאַנגע, דאַרע פינגער, און טענער דינע האָבן זיך גענומען גיסן אין טענער דיקע, און טענער גאָר קוויטשיקע (סאָפּראַן־טענער) האָבן גענומען אַריינפליסן אין טענער גאָר גראָבע (באַסיקע טענער), און אָנשטויסן זיך איינע אין די אַנדערע מיט אַזאַ פרידלעכן, מיט אַזאַ האַרמאָנישן געקלאַפּ, אַז זיסע כוואַליעדיקע שוידערס האָבן גענומען לויפן פון איין טייל קערפער אינם אַנדערן, — אין אַזאַ צייט האָט בוזשעלע נישט איינמאָל געהאַט דאָס געפיל צוצופאַלן צום חזן און אים נעמען קושן. דאָס איז געווען די אומגעהייערע באַגייסטערונג, וואָס האָט דורכגעברענט זיין טעמפעראַמענטפול וועזן. און אין זיין אָפּטער באַגייסטערונג האָט ער וויפיל מאָל גאָר אינגאַנצן געהאַט פאַרגעסן, אַז ער אַליין איז אַ טייל פון אָט דער וואונדערלעך־געשאַפענער האַרמאָניע — און גאָר אַ וויכטיקער טייל. אַלץ, וואָס ער האָט געזען, איז געווען דעם חזנס לאַנגע, דאַרע פינגער און דעם קאַמער־טאָן, און באַלד (ער דאַרף בלויז צומאַכן די אויגן אויף איין רגע) גיבן זיך די כשופדיקע טירע־לעך אַן עפן פונאַנדער און ער ווערט ווידער פאַרפאַלן אין דער וועלט פון די וואונדערלעכסטע מעלאָדיעס.

און עס האָט נישט איינמאָל געטראָפן, אַז דער עקסטאַז זיינער האָט דערגרייכט אַזאַ פּונקט, אַז ער האָט, אינמיטן אַ רעפּעטיציע, אינמיטן זינגען, דערפילט טרערן אין זיינע אויגן. האָט ער תיכף גע־מוזט אויפשטיין, גיין כלומרשט נעמען אַ טרונק וואַסער און אין איינ־ווינקל זיך אויסווישן די אָנגעלאָפענע טרערן.

אין יענע טעג איז בוזשעלע אויך אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטראַכ־טער, מיט אויפגעריסענע אייגעלעך, אָבער געזען האָט ער קיינעם נישט אַ חוץ יענע טירעלעך, וועלכע האָבן געפירט אין דער פאַרכשופטער וועלט אַריין פון געזאַנגען. און ווייל זיין וועזן האָט אַרומגעשוועבט אין מוזיקאַלישע ספערן, איז זיין אויסערלעכער אויסזען, ווי אויך זיין באַציאונג צו מענטשן, געווען שטיל, באַשיידן און פול מיט ריטם.

ער האָט געשטעלט שטילע, געמאָסטענע שפּרייזן. ער האָט גערעדט שטילע, געמאָסטענע רייד. ער האָט אומעטום געזוכט צו פאַרנעמען שטילע, באַשיידענע פּלעצער. אַפילו די ראַנע אויף זיין פּנים האָט אָנגענומען אַ שטילערן, מילדערן קאָליר. זי האָט אָנגעהויבן אַריינ־וואַקסן אין דעם פלייש אַריין און זיך אויסגלייכן מיט דער הויט.

ער איז שנעל געוואַקסן אַלס משורר. דער חזן, וועלכער איז געווען אַ קלוגער מענטש, האָט דערזען אין בוזשעלען אַ אינגל מיט אויסערגעוויינלעכע אייגנשאַפטן. ער האָט דערפאַר אויף אים אָנ־געשטעלט זיין באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט. ער האָט שנעל קול־טיווירט זיין שטימעלע און אים אָנגעהויבן צו לערנען נאָטן. ער האָט אים אויך אָנגעהויבן געבן סאָלאָס צו זינגען. חיהלע זיין מאַמע האָט נישט געוואוסט וואָס מיט אים צו טאָן פאַר גדולה. די פּאָר גרויע האָר, וועלכע האָבן זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן דורכצורייסן דורך איר שייטל, זענען עפּעס ווי איבער נאַכט פאַרלוירן געגאַנגען. זי איז ראַפּטום צוריק בלאָנד געוואָרן. און דער פּאָטער זיינער, שמואל דוד, איז אויך עפּעס ווי אונטערגעוואַקסן אויף אַ פּאָר צאָל. די אידן אין שול האָבן שוין געוואוסט, אַז ווען מען וועט זיך שטעלן צו דער שחריתדיקער קדושה, וואו בוזשעלע האָט אַ גרויסע סאָלאָ אויסצור־זינגען, „מתי, מתי“, וועט שמואל דוד אַרויסוואַקסן פון זיין אָרט, אַריבערוואַקסן דעם שטענדער מיט וואָסערע פּופּצן קעפּ, זיך אַריבער־הייבן איבער אַלע אַנדערע קעפּ פון שול, אַפילו איבער די העכסטע און גרעסטע קעפּ, ביז זיין קאָפּ וועט אויסקומען אַזוי הויך, פּונקט ווי ער וואָלט געהאַנגען אין דער לופטן. ערשט דאַמאָלס וועט ער אים אַ שטופּ טאָן פאַראויס, אַזוי ווייט פאַראויס, אפשר אויף אַן אַרשין די לענג, אַזוי וועט ער בלייבן שטיין, האָט מען געוואוסט, ביז נאָך זיין אינגלס סאָלאָ. נאָכדעם, אַז עמיצער וועט אים זאָגן:

— איר ווייסט, ר׳ שמואל דוד, אייער אינגל וואַקסט אַ כלי, אייער אינגל...

וועט ער ענטפערן:

— איר ווייסט שוין, אַז ער וואַקסט אַ כלי? יעך וויים עס נאָך דערוויילּ נישט. יעך האָב נישט ליב צו כאַפּן. אפשר, אַז ער וועט גיין אויף דעם וועג, עמיר, יאַקאָש, זען...

אָבער בוזשעלע האָט פון דעם אַלעם נישט געוואוסט. ער איז געשטאַנען ביים עמוד, אויף דער לינקער זייט פונם גאַניקל, וואָס פירט צום ארון־קודש, מיט די אַנדערע סאָפּראַנען, און אַנטקעגנאיבער זיי זענען געשטאַנען די אַלטן. אונטן, אין זיין זייט, איז געשטאַנען זלמן

דער טענאָר מיט אַ געהילף טענאָר. און אונטן, ביי דער זייט פון די אַלטן, איז געשטאַנען פּראָים באַס מיט אַ געהילף באַס (דער חזן האָט אים גערופן דער בן־בת). דער חזן אַליין איז געשטאַנען אינמיטן, מיט דעם שיינעם טלית אויף די אַקסלען, מיט אַ הויכער זילבער־באַפּוצטער יאַרמלקע. בוזשעלע איז געווען אין זייער אַן ערנסטער, פייערדיקער שטימונג. זיין פּנימל האָט געפּלאַמט פון אויפרעגונג, פון הויכער איבערלעבונג און פון די אָנגעצונדענע ליכט, וועמעס פלעמלעך עס האָבן געטאַנצט אין זיינע פונאַנדערגעעפנטע אויגן אַ הייליקן שבת־קודשדיקן טאַנץ.

## קאַפּיטל אַכט

חזן ר׳ דוב בער דאָבראַניץ איז טאַקע געווען אַ גוטער זאָגער, אַ פיינער קרעכצער, אָבער אַ נאָמען האָט ער געקראָגן דערהויפּט צוליב זיין נגינה. ער האָט גענומען עטלעכע אינגלעך, עלטערע און אינגערע, וועלכע האָבן, אמת, געהאַט נישקשהדיקע שטימעס, און פון זיי אויסגעאַרבעט אַזעלכע כלים, אַז מען איז געלאָפן פון ווי ווייט זיי הערן.

און צו הערן איז געווען וואָס. ווייל חזן דוב בער האָט, קיין עין הרע, פאַרמאָגט אַ פולע שאַפע מיט נאָטן און ער האָט תמיד געהאַלטן אין איינשטודירן מיט די משוררים נייע שטיקער, דאָ אַ הלל, דאָ אַ צור ישראל, אַ השכיבינו, אָדער אַ שטיקעלע צו סליחות, אַ שטיקעלע פאַר אַ וואָכעדיקן מעריב. עס האָט נישט אויסגעפעלט וואָס. זאַמאָשטשער בעל־הבתים האָבן נישט איינמאָל געהויבן מיט די פּלייצעס און זיך געפרעגט איינס דאָס אַנדערע:

— אפשר קענט איר מיר זאָגן, ר׳ עליע, ווי לאַנג דער לוטוואַק וועט אַזוי שעפּן פון דער שאַפע? עס איז דאָך ביי אים ווי אַ פּעסל אָן אַ דנאָי...

— ס׳אַרט אייך... — פלעגט ר׳ עליע ענטפערן — אַז ער האָט די סחורה...

— ניין, ס׳אַ׳רט מעך נישט, חלילה, נאָר גלאַט אַזוי, כ׳מיין...

— ער מיינט. — פלעגט ר׳ עליע פאַראיבל האָבן — אַ איד מוז נאָר בסדר מיינען. ווען מ׳גיט אייך אַ שיינע כלה, וואָלט איר זי, ווי יעך פאַרשטיי, אויסבראַקירט נאָר דערפאַר ווייל זי איז צו־שיין...

און איינער אַ איד, וועלכן מען האָט גערופן טוביה שגץ, ווייל ער איז געווען אָן עזות פנים און האָט ליב געהאַט יענעם אַריינצוקריכן אין די ביינער, איז געווען אַ בעלן איינמאָל אַליין אַרויפצוגיין צום חזן אין הויז אַריין און פאַר זיך אַליין אויסגעפינען, צי דער חזן האָט טאַקע אַזאַ שאַפע מיט נאָטן.

— חזן, — האָט ער ביי אים אַ פרעג געטאָן, נאָכדעם ווי ער האָט עטלעכע מאָל פאַרבייגעשפּאַנט די שאַפע און זי דורכגענישטערט מיט זיינע אויגן, — זאָגט מיר דעם אמת, חזן: אויף ווי לאַנג נאָך קענען אייך ווסטאַרטשען די קאָמפּאָזיציעס?

— אויפן גאַנצן לעבן. — האָט דער חזן געענטפערט, שמייכ־לענדיק.

— אויף מיין לעבן, צי אויף אייער לעבן? — איז טוביה שנײַ געווען נייגעריק צו וויסן.

— אויף אונזער ביידנס לעבן. — האָט דער לוטוואַק געענטפערט.

— האָט איר עס, הייסט עס, אַזוי פיל אָנגעשריבן, צי אַזוי פיל אָנגעלאַטכנט?

— מער געלאַטכנט ווי געשריבן. — האָט דער חזן געלאַכט.

טוביה שנײַ האָט אויך געלאַכט און ער איז אַוועק פונם לוטוואַק אַ צופרידנגעשטעלטער. „איצט", האָט ער שפּעטער געזאָגט צו עט־לעכע אָרומשטייענדיקע אידן, „ווייס'עך שוין אַלץ. נישטאָ קיין כשוף־מאַכער אויף דער וועלט. איינער גנבעט ביים אַנדערן, און פּטור."

נישט צופרידן איז אָבער געבליבן בוזשעלע, וועלכער האָט צו־געהערט דעם שמועס צווישן דעם חזן און טוביה שנײַ (ער האָט זיך צופעליק געפונען ביים חזן. ער איז געקומען נעמען אַ לעקציע פון נאָטן). עפּעס איז אים געבליבן אַ שלעכטער נאָך־טעם אין מויל פון דעם מאָדנעם גרינגשעצנדיקן טאָן וועגן די ביכער נאָטן, וועלכע האָבן אין זיינע אויגן אויסגעזען ווי די הייליקסטע ספרים — ספרים, וועלכע אַנטהאַלטן אין זיך אַזוינע פּרעכטיקע פּאַרבאָרגענע וועלטן... און דער חזן אַליין, צו וועלכן ער האָט מיט אַזאַ יראת הכבוד אַרויפ־געקוקט ווי צו דעם באַשאַפער פון די וואונדערבאַרע קלאַנגען — דער חזן אַליין זאָל אַזוי רעדן?

ער האָט שוין יענעם טאָג קיין לעקציע נישט גענומען. אָן אַ וואָרט צו רעדן, אָן דעם מינדסטן אויסרייד, האָט ער פאַרלאָזט דעם חזנס הויז. ער האָט אין יענעם מאָמענט פּשוט נישט געקענט אויף אים אַ קוק טאָן.

::——::——::

זינט דער חזן מיט די משוררים האָבן זיך דערוואָרבן אַזאַ גרויסן נאָמען, איז נישט אַוועקגעגאַנגען די וואָך, זיי זאָלן נישט געווען דער־האַלטן אַן איינלאַדונג פון אַ דערבייאיק שטעטל אַראָפּצוקומען צו זיי אויף אַ שבת, אָדער כאָטש אויף אַ פּראָסטן מיטנוואָכעדיקן מעריב. מען וועט זיי, דעם חזן מיט די משוררים, נישקשה, גאַנץ אָרנטלעך באַהאַנדלען. דאָס האָט אויך געגעבן אַן איידעלע אָנצוהערעניש, אַז ס'וועט, נישקשה, זיין אַ פּאָר קאַרבן אויך. געקומען זענען די איינ־לאַדונגען מערסטנס פון אַזוינע שטעטלעך, וועלכע זענען געווען אַ־ אָרימער, אי צוריקגעשטאַנענער פון זאַמאָשטש, וועלכע האָבן זיך

נישט געקענט פאַרגינען דעם האָסקאָש אַליין אויסצוהאַלטן אַ באַ־שטענדיקן חזן. פלעגן זיי זיך בלויז פון צייט צו צייט מוזן אויס־לייען אַ שטיקל חזן פון אַ דערבייאיקן שטעטל, פון אַזאַ שטעטל, וועל־לעכס האָט געהאַט וואָס אויסצובאָרגן. איז וואָס נאָך פאַר אַ שטעטל פון דעם גאַנצן געגנט אַרום האָט זיך איצט געקענט פאַרגלייכן צו זאַמאָשטש, וועלכעס גאָט האָט אָפּגעגליקט מיט אַ לוטוואַק?

אָבער דער לוטוואַק האָט זיך נישט גערירט פונם אָרט. אַלע בקשות, וועלכע זענען צו אים אָנגעקומען, זענען געבליבן נישט באַ־פרידיקטע. און געווען איז'ם דווקא נישט זיין שולד. ווייל ווען עס זאָל זיך נאָר געווען ווענדן אין אים, וואָלט ער זיך געלאָזט רעדן. ער וואָלט זיך סוף כל סוף נישט אָפּגעזאָגט פון פאַרדינען אַן איבעריק קערבל. און ביי די זאַמאָשטשער בעל־הבתים, האָט ער געוואוסט, וואָלט ער לייכט געקענט פועלן, זיי זאָלן אים אָפּלאָזן אויף אַ שבת. אָבער די שוועריקייט איז געלעגן אין די משוררים, אָדער בעסער: אין זייערע עלטערן, וועלכע האָבן באַין אופן נישט געוואָלט איינגיין, אַז זייערע קינדער זאָלן ווערן „אַרומשלעפּערס", פונקט ווי, להבדיל, אַקטיאָרשטשיקעס. און אָן די משוררים האָט דער חזן נישט געהאַט קיין חשק צו פאָרן, ווייל ער האָט געפילט, אַז ס'וועט נאָר זיין אָפּגע־נאַרט דעם עולם.

אָבער איינמאָל האָט זיך דאָס שטעטל טישעוויץ איינגעשפּאַרט, איינמאָל פאַר אַלע מאָל: עס מוז האָבן ביי זיך דעם לוטוואַק אויף אַ שבת — מעג עס איר קאָסטן (דעם שטעטל, הייסט עס) מי יודע וואָס.

איז נאָכדעם, ווי מען האָט געקראָגן דעם געווינטלעכן אָפּזאָג פונם חזן, האָט מען באַשלאָסן זיך משתדל צו זיין ביי די זאַמאָשטשער בעל־הבתים גופא. געפאַלן אויף דעם גוטן פלאַן, האָבן זיך עטלעכע שיי־נע טישעוויצער בעל־הבתים אוועקגעזעצט און אָנגעשריבן אַ בריוול, אָנגעפּיקעוועט מיט מליצה און משלים. און געשריבן האָט דאָס בריוול איינער מיט דער געפליגלטסטער האַנטשריפט, מיט אַזאַ מין האַנט־שריפט, וואָס זאָל זיך נישט לאָזן אַזוי לייכט דערקענען. און געשריבן איז דאָס בריוול געווען אין אַ מוסר טאָן, אַז וואָס אי? זיי, די טישע־וויצער, זענען נישט קיין אידן? און זייער מקום קדוש איז נישט גאָטס טעמפּל? היינט, פאַרוואָס־זשע זאָלן אידן נישט זען, און פאַר־וואָס זאָלן אידן נישט פאַרשטיין, אַז אַנדערע אידן זענען אויך אידן און אַז זייער מקום קדוש דאַרף אויך אַמאָל אויפגעריכט ווערן מיט אַ הייליקן זמר? „איז דען נישט גענוג אָך, האָבן די טישעוויצער גע־

שריבן, איז דען נישט גענוג ווי, אז מע זעמאַ נעבאָך אַזוי געשטראָפט און מ'האָט ביי אונז צוגענומען דעם בית המקדש וואו מאַמאַ געהאַט די לוויים, וועלכע האָבן אַזוי שיין געזונגען, און היינט, האָבן די טי־שעוויצער ווייטער געשריבן, געוועלטיקט דאָרטן דער טערק און אונדז זעמאַ נעבאָך אין גלות. לכן, האָבן די טישעוויצער פאַרענדיקט, זייטש ענק משתדל, ליבע אידן, און אין דעם זכות, פאַרזיכערן מיר ענק, וועט משיח קומען און מעמאַ אויסגעלייזט ווערן פון די גויימס הענט..."

די עובדה פון די זאַמאָשטשער בעל־הבתים איז איצטער געווען צו פועלן ביי די משוררימס עלטערן, זיי זאָלן דערלויבן זייערע קינדער צו פאָרן מיט דעם חזן. און זיי האָבן זיך די עובדה גענומען אויס־פירן. זיי האָבן מיט די אינגלעכס עלטערן איינגעטענהט בזה הלשון:

—אינץ זעמאַ אידן, ניין, ר' נחמן־ברוך? ני, און וואָס זענען יענע נעבאָך? גויים, חס וחלילה? ישמעאלים, נישט דאָ געדאַכט? ווי זאָגט איר, ר' זלמן־יצחק? ס'אי נישט אַזוי? ... ניין, איר מעגט אינץ אויסהערן ... איז זאָגט אינץ, כ'בעט אייך זייער, וואו ס'שטייט געשריבן, אַז אינץ קומט די גאַנצע עולם הזה און אַנדערע גאָרנישט... וואָס, מע זעמאַ נישט גערעכט אפשר, האַ, ר' ניסן־שייקעניו? ...

אָט אַזוי האָבן זיי געטענהט כמעט מיט יעדן טאַטן באַזונדער, אבי זיי זאָלן פאַזוואָליען זייערע בנאָקלעך צו פאָרן מיטן לוטוואַק.

אָבער צום שווערסטן איז זיי אָנגעקומען איבערצורעדן בוזשע־לעס עלטערן, דערהויפּט דער מוטער זיינער.

— אַז יעך וויל נישט מיין קינד זאָל ווערן אַ ציגיינער! — האָט זי זיך איינגעשפּאַרט — ער האָט, בושעם (ברוך השם), אַ היים, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, און ער איז נאָך דערוויילּ, בושעם, קיי־נעם נישט גרויס אין די אויגן...

— אָבער עס איז דאָך נישט די רייד דערפון, חיהלע שמואל דודס, — האָבן אידן, און נישט אבי וואָס פאַראַ אידן, זי געפּרואווט איבער־דברן, — עס גייט דאָך דאָ אין קהל. עס איז דאָך פאַרמישט אַ גאַנצע עדה אידן...

— און וואָס האָבן יענע אידן געטאָן פאַר מיר? — האָבן אירע אויגן געשריגן מיט רשעות.

— מילא, אַז איר רעדט שוין אַזוי־אָ... — האָבן די אידן, וועלכע זענען געווען נישט אבי וואָס פאַראַ אידן, אָפּגעענטפערט מיט פאַראיבל — איז דאָך נישטאָ, זאָלט איר אינץ מוחל זיין, אינגאַנצן וואָס צו רעדן.

און זיי האָבן שוין, גאַנץ פיין באַלײדיקטע, געוואָלט אַוועקגיין.

אָבער שמואל דוד, וועלכער איז זיך בשעת מעשה געזעסן און מיט גרויס הנאה געזופּט די טיי, און האָט, ווי ס׳האָט זיך געקענט אויסדאַכטן, גאָרנישט געהערט וואָס אַרום אים גייט פאָר, האָט זיך, ערב זייער אַוועקגיין, ווי אויפגעכאַפּט פון שלאָף, און, אַוועקרוקנדיק פון זיך דאָס ליידיקע גלאָז אָן אַ זייט, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— אייסאַך וואָס זי רעדט דאָרטן. מיט אַ אידענע האָבן זיי זעך אַוועקגעשטעלט אויסטענהן. מעך פרעגטיץ, נישט זי...

די אידן זענען אַביסל געפּלעפּט געוואָרן פון זיין לשון און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן איבערצוקוקן. חיהלע, ווידער, דערזעענדיק, אַז זי האָלט שמאָל, איז שוין געווען גרייט צו עפענען דאָס מויל און עפּעס זאָגן, כדי כאָטש אויף וויפיל נישט איז צו ראַטעווען איר ווייבערשן כבוד, אָבער דער מאַן אירער האָט איר נישט געגעבן די געלעגנהייט, נאָר ער האָט ווייטער, גלייך ווי זי וואָלט זיך דאָ אינגאַנצן נישט געפונען, פאַרגעזעצט:

— ניין, יעקל נישט זיין קיין אויסנאַם פון אַנדערע אידן. אַז אַלע קענען באַשטיין, קען יעך, יאַקאָש, אויכעט באַשטיין. מ׳עט מיר נישט אָפּבייסן דעם אינגלס אויערן, עט מען מיר נישט אָפּבייסן. וואָס זאָגסטו, בוזשע? — האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צום אינגל — ווער איז גערעכט: יעך, צי דיין מאַמע? ווילסט פאָרן מיטן לוטוואַק קיין טישעוויץ, צי ניין?

— יאָ! — האָט דאָס אינגל געענטפערט שנעל און גערן, מיט אַ גייציקן בליק אין זיינע אויפגעבליצטע אייגעלעך.

— גוט געזאָגט, בוזשע. — האָט שמואל דוד, אַ צופרידענער, זיך אויפגעשטעלט. און צו די אידן:

— ער פאָרט! יעך זאָג עס אייך צו. דערווייל בין יעך נאָך דער טאַטע אין דעם הויז...

דאָס אינגל האָט אויף אים אַ דאַנקבאַרן קוק געטאָן מיט זיינע פונאַנדערגעעפנטע, בלישטשענדיקע אויגן.

---

עס איז געווען אַ וואַרימער זומער פאַרנאַכט. דאָס שטעטל, וואָס איז אַ גאַנצן טאָג געשטאַנען אַרומגענומען פון אַ שווערער, שרפענדיקער היץ, האָט זיך איצט גענומען אָפּקילן, קומען צו זיך. אַ דורכזיכטיקע פאַרע האָט געשלאָגן פון די שטיינער און פון די מויערן. דער הימל איז געוואָרן לייכטער און שיטערער. די לופט דינער און דורכדרינגעוודיקער. די זון, ווייט אין מערב פאַררוקט, האָט שוין איצטער אומשולדיק און שאַדנלאָז געשטיפט מיטן שטעטלדיקן טייך.

די שטעטלדיקע איינוואוינער האָבן זיך אָנגעהויבן ארויסלאָזן פון די הייזער, כדי אָנצושעפּן זיך אַ קאַפּיטשקע מיט דער שמעקעדי־קער פאַרנאַכטיקער זומער לופט. מיט שפּאַציר־שטעקנס אין די הענט האָט מען זיך אַוועקגעלאָזט איבער די סעדלען און אַרום שלאָס און הינטער דער שטאָט און מיט אויפגעעפנטע נאָזלעכער האָט מען גע־נומען אַריינזאַפּן אין זיך די זאַפטיקע אַראָמאַטן, מיט וועלכע יעדעס ווינקעלע איז געווען אָנגעפילט. פאַר גרויס תענוג און הנאה האָבן זיך די העלזער אַזש פון זיך אַליין געעפנט און וואַרימע זומערדיקע ניגונים, שטילע און באַזאַכטע, האָבן זיך פון דאָרטן אַרויסגעריסן און זענען זיך פונאַנדערגעפאַלן איבער די גרינע וועגן און ראָמאַנ־טישע אַלעיען.

אין עק פון שטאָט, עטוואָס אַוועק פון דער שול און פונקט אַנט־קעגנאיבער די יאַטקעס, איז אויף אַ לײדיקן, גראָזיקן פּלאַץ געשטאַ־נען אַ ברייטער, פון אינווייניק גוט־אויסגעבעטער וואָגן, אַ געפּאַקטער מיט פאַרשוינען. פון אויבן־אָן, אויף דעם סאַמע „קאָזשאָל“, איז געזעסן דער בעל־עגלה מיט אַן אומגעדולדיק פּנים און מיט דער בייטש אין דער האַנט, מיט וועלכער ער האָט, טאַקע צוליב אומגעדולד, מסתמא, אַלע ווײַלע אויסגעשמיסן איבער דעם פערדס רוקן. די בייטש האָט געגעבן אַ הילך־אָפּ מיט אַ סווישטש און דאָס פערד, לויט דעם אויסזען נישט קיין נאַריש פערד, האָט דערביי אויסגעדרייט דעם קאָפּ און פון דער זייט אַ קוק געטאָן אויפן בעל־הבית זיינעם, און, ווי ס׳האָט זיך אויסגעוויזן, אַ קנייטש געטאָן מיט אַן אויג, דורכשמועסנ־דיק זיך אויף אַזאַ אופן. דער בעל־עגלה, פאַרשטייענדיק דעם פערדס וואונק, האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו די פאַרשוינען, וואָס אינם וואָגן, און אַ פּאַראיבלדיקן זאָג געטאָן, מער צו זיך, ווי צו עמיצן:

— ני, ווי לאַנג על׳עך נאָך דאַרפן וואַרטן? ני, יאָ. ס׳האָט זעך מיר פאַרגלוסט אַ יאַזדע מיט אַ חזן... מעמא שוין אָנקומען קיין טישעוויץ זיבן שעה נאָך דער מגילה...

— ר׳ איד, דרייט ניט קיין ספּאָדיק מיט קיין מגילות. מיר האָבן נאָר־וואָס דעם שבועות אַרויסגעפּטרט פון שטאָט. און שרעקט זיך ניט. מיר פאָרן באַלד. אין אַ צען מינוט אַרום מסתמא. מיין פּרנסה גע־בער וועט גלייך צוקומען.

די רייד זענען געקומען פונם וואָגן אַרויס און געזאָגט האָט זיי דער חזן ר׳ בער דוב דאָבראַניץ. מיטן „פּרנסה געבער“ האָט ער גע־מיינט בוזשעלען, אויף וועלכן אַלע האָבן איצטער געוואַרט.

— דאָס מאַמעלע זיינס קען זיך אודאי נישט געגוג אָנשמאָטש־

קען מיט אים... — האָט געזאָגט פּראָים דער באַס, אַ מיטלוואוקסי־קער, ברייטפּלייציקער בחור, מיט עטוואָס אַנגעלאָפענע ליפּן.

— דאָס מאַמעלע.. אַי, דאָס מאַמעלע זיינס... — האָט זיך אָפּגערופן זלמן דער טענאָר, אַ הויכער און אַ דאַרער, מיט אַ שפּי־ציכדיקן גאָרגל, אויף וועלכן ער האָט געקענט אויסציען אַזוינע הויכע טענער, אַז נישט איינמאָל זענען סיי דער חזן, סיי די משוררים און סיי סתם צוהערער געבליבן שטיין פאַרגאַפט און ווי פאַר אַ רע־טעניש ווי אַזוי דער גאָרגל האַלט עס אויס און ער ווערט, חלילה, נישט צופּלאַצט.

— ווען דער חזן פאָלגט מיך, וואָלטן מיר אָוועקגעפאָרן אָן אים.

— האָט אַריינגעוואָרפן מרדכי דער אַלט, אַן אָנגעבלאָזן אינגל פון אַ יאָר פופצן, וועלכער האָט אַ טבע זיך צו שווערן אויף זיין „ערן וואָרט" ביי יעדער מינדסטער געלעגנהייט.

— אַזוי? אָוועקפאָרן אָן אים? — האָט זיך איינגעשטעלט דעם חזנס אינגל, ניאָמקע, אויך אַן אַלט און אין שטענדיקן קריג מיט מרדכין, וועלכער וויל אַלע מאָל אַלע סאָלאָס פאַר זיך פאַרכאַפּן — נו, און ווער וועט זינגען זיינע סאָלאָס? דו?...

— וואָס הייסט ווער? — האָט אויסגערופן סראָלקע, דער צווייי־טער סאָפּראַן. ער איז געווען אַ בחורל פון אַ יאָר פופצן־זעכצן, אַ דינער און אַ זשוואַווער, מיט צוויי זייער לעבעדיקע לאַכעדיקע אייגע־לעך און רירעוודיקע הענטלעך, מיט וועלכע ער קען נאָכמאַכן אַלע העויות פון די שטאָטישע בעל־הבתים און אַנדערע מענטשן. דער חזן האָט אים זייער ליב געהאַט און שטאַרק געלאַכט פון זיינע שטוקעס — און איך ליג דען אין קינפּעט?... — האָט ער געזאָגט און געגעבן אַ ציי־איין דאָס דאַרע נעזל און אַ וואונק מיט די צוויי בלאַטע איינעלעך.

— אוי, איך חלש! ער איז דאָך אַ ממזר!... — האָט דער חזן גענוצט זיין באַליבטן אויסדרוק וועגן סראָלקען.

— שאַ, דער רבי גייט! — האָט פּראָים דער באַס צו וויסן גע־טאָן טאַקע אויפן באַס זיינעם — און די רביצין פירט אים אונטער.

— זי האַלט אים אונטער דעם קיטל? — האָט סראָלקע געפרעגט.

— ניין, זי טראָגט אים אונטער דעם משא ומתן. — האָט זלמן דער טענאָר געענטפערט.

— זי טראָגט אים נאָך אפשר אויף אַ חודש צייט צו עסן. — האָט מרדכי דער אַלט אַריינגעוואָרפן.

מער האָבן זיי נישט געקענט רעדן. בוזשעלע מיט דער מוטער זענען צוגעקומען.

— ני, זיי נעזונט, קינדעניו... — האָט חיהלע שוין צום פופ־ציקסטן מאָל זיך מיט אים אָפּגעזעגנט און אים אַ קוש געטאָן שוין אפשר צום הונדערטסטן מאָל — און זאָלסט נישט פארגעסן אָן דער מאַמען. ני, גיי אריין...

און צום חזן:

— געדענקט, חזן, איר האָט מיר צוגעזאָגט אויף אים אכטונג צו טיאָן... ער איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אוועק פון דער היים אָן מיר... און דאָס קינד איז נאָך דערצו זייער אָן איידל קינד...

און צום בעל־עגלה:

— און איר זעט, מאַנישעם (למען השם), אַז דער וואָגן זאָל זעך נישט טרעסלען. ס'קינד איז נישט געוואוינט, אַז ס'טרעסלט...

— ני, פאָר געזונטערהייט... — האָט זי נאָכגעשריגן בוזשע־לען, ווען דער וואָגן האָט זיך שוין געהאַט גערירט פון אָרט און אָנגע־הויבן גיין — און געדענק: פארגעס נישט אָן דער מאַמען, פארגעס נישט!...

אָבער בוזשעלע האָט זי שוין נישט געהערט. בוזשעלע האָט זי שוין נישט געזען. אַ סברה, אַז ער האָט זי די גאַנצע צייט ערב זיין פאָרן נישט געהערט און נישט געזען. אַ סברה, אַז ער האָט נישט געזען דעם חזן און נישט קיינעם פון די משוררים ארום זיך. און דאָס, כאָטש זיינע אויגן זענען געווען אָפן, ברייט, ברייט פונאַנדער־געעפנט. און דאָס, כאָטש זיינע אויערן זענען געווען אָנגעשפּיצט און גרייט אויפצונעמען יעדן קלאַנג. אָבער דאָס זענען געווען נייע מענטשן און נייע געשעענישן, וואָס זיינע אויגן האָבן זיך געקליבן צו זען אין דער פרעמד און נייע קלאַנגען און נייע ווערטער, וואָס זיינע אויערן האָבן דערוואַרט צו הערן אין דער נייער שטאָט. דאָס נייע, דאָס אייביק־מיסטעריעזע נייע, וואָס האָט בוזשעלען אַזוי געצייצט, וואָס האָט אים שטענדיק ארויסגעשליידערט פון זיין גלייכגעוויכט, האָט אויך איצטער נישט פארפעלט אָפּצוטאָן איר אויפגאַבע.

---

פאַרטאָג.

שטיל און לאַנגזאַם האָט אָנגעהויבן אָפּטרעטן די נאַכט. מוטע־ריש־פאַרזיכטיק האָט זי זיך גענומען אויפקלויבן די פארבלאָנדזשע־טע שטערנדלעך, וועלכע האָבן נאָך איינציקווייז דאָ און דאָרט אַ שוואַכן פינקל געטאָן אויפן הימל, און האָט זיי אריינגעוואָרפן צו זיך אין גרויסן פארטוך. „אַ היים! אַ היים, קינדערלעך!" האָט זי אויף זיי נוטמוטיק אָנגעשריגן — „באַלד קומט אייער שונא אפּער, די

גרויסע, הייסע זון, און וועט אייך אָפּשרפּען, הע־הע, און וועט אייך אָפּקאָכן פּאַר אָנבייסן, הע־הע־הע".

„איהי! איהי! איהי!..." — האָבן זיך די שטערנדלעך צע־ווײנט און זייערע ווידער־קולעכלעך האָבן זיך אָפּגעקלאַפּט אינם שטילן פּליסיקן וואַסערל — „איהי! איהי! איהי!..." און דאָס וואַסערל האָט זיך געררודערט און געריינצלט פֿון דעם אָפּדרוק פֿון די שטערנד־לעכס קולעכלעך און זייערע טרערן.

אויפֿן ברייטן, משופּעדיקן שאָסײ, וואָס איז פֿון ביידע זייטן גע־ווען אַרומגערינגלט מיט וואַלד, האָט זיך געשלעפּט אַ וואָגן פֿול מיט פֿאַרשווינען. סײ דער וואָגן, סײ די פֿאַרשווינען אין אים זענען געווען אַרומגעוויקלט פֿון אַ טונקעלער בלויקייט. שווער איז דער וואָגן גע־פֿאָרן. מיד האָט דאָס פֿערד געשלעפּט די משא. אויסגעשעפּט איז דאָס פֿערדל געווען. און דער וואָגן, אוים מיטגעפּיל צו זיין שותּף, האָט דערפֿאַר שטאַרק אונטערגעקרעכצט. ביסלעכווייז האָט די טונ־קעלע בלויקייט אָנגעהויבן פֿאַרשווינדן און אַ העלערע בלויקייט איז אויפֿגעקומען. נאָכדעם האָט די העלע בלויקייט אויך געגומען איינ־גיין און אַ גרויע פֿאַרב האָט פֿאַרנומען איר פּלאַץ. איצט האָבן די געקרייזלטע שאָטנס פֿון די ביימער אָנגעהויבן נאָכיאָגן דעם פֿאַמע־לעך־פֿאָרנדיקן וואָגן.

דער פֿויגל האָט זיך אויפֿגעכאַפּט און אָנגעהויבן זינגען.

אַ דינער פּאַס ליכטיקייט האָט אַריינגעדרונגען אינם פֿאַמעלעך־פֿאָרנדיקן וואָגן און געגומען איינציקווייז אַרויסשיילן די פֿאַרשווינען, וואָס זענען אין אים געזעסן. צום אַלעם ערשטן האָט זיך אַרויסגע־שיילט דער בעל־עגלה, וועלכער איז געזעסן אויף זיין באַשטענדיק פּלאַץ, אויפֿן קאָזשאָל, און געשמאַק געשלאָפֿן, האַלטנדיק פֿעסט די בייטש אין איין האַנט און די לייצעס אין דער אַנדערער. ער האָט געכראָפּעט אויפֿן קול און געזיפֿט מיט דער נאָז די קאַלטע פֿרימאָרגן לופֿט. דורך די ליפּן האָט ער דורכגעלאָזט אַ דין ריטשקעלע פּאַרע, באַגלייט מיט אַ ניכטערן שוימל. פֿון צייט צו צייט האָט ער זיך גע־געבן אַ וועק־איבער אויף עטלעכע רגעס, אַ לאָז־אַרויס אַ קללה אויפֿן פֿערדל, מיט אַ נאָכפֿאָלגנדיקן טפֿררו!... — און איז ווייטער איינ־געשלאָפֿן.

איינס נאָך דאָס אַנדערע האָבן זיך דער חזן מיט די משוררים געגומען אויפֿכאַפּן פֿונם שלאָף. די פּנימער זענען ביי זיי געווען צו־קנייטשט און אויסגעמאַטערט פֿונם נאַכטיקן פֿראָסט. די אויגן האָבן זיך געקלעפּט פֿון אַן איבערגעריסענעם שלאָף. צוזאַמענגעפּלאָכטענע

אין די קליידער, צונויפגענורעטע איינס אין דאָס אַנדערע, האָבן זיי זיך איצטער גענומען פונאַנדערנעמען און אויסגלייכן די אָפּגעלעגענע, פאַרשטאַרטע ביינער. און ווען די פור איז שוין מיט דער פאָדערש־טער העלפט געשטאַנען אינם שטעטל טישעוויץ, זענען זיי שוין אַלע גע־ווען אין אַ האַלב־וואַכעדיקן, אין אַ האַלב פונאַנדערגעטשוכעטן צו־שטאַנד.

רואיק און געהויקערט, ווי צופרידענע זקנות, זענען געשטאַנען די קליינע הייזלעך מיט די נידעריקע, מאָך־באַוואַקסענע דעכלעך און מיט צוגעמאַכטע לאָדנס, ווי מיט ברילן איבער די אויגן, האָבן זיי אַזוי שטייענדיקערהייט געדרימלט. רו און שטילקייט האָט געהערשט אַרום. נאָר מיט אַמאָל, נאָכן ערשטן קרעכץ פונם וואָגן, האָט זיך פון ערגעץ וואו אַ הויז דערטראָגן אַ קריי פון אַ האָן, און באַלד אַן ענט־פער פון אַ צווייטן און פון אַ דריטן. אַ הונט האָט זיך צעבולן. אַ קאַץ האָט אַ שפרונג געטאָן פון איין דאַך אויפן אַנדערן.

זיי זענען צוגעפאָרן צו אַ גאַסט הויז. דער חזן האָט געהייסן זיך אָפּשטעלן. איינציקווייז האָבן זיי גענומען אַראָפּשפּרינגען פון דער פור. מען האָט אָנגעקלאַפּט. דאָס דינסטמיידל, אַ באָרוועסע, אַ דריי פערטל נאַקעטע, האָט אויפגעעפנט. דערזען די געסט, האָט זי זיך שטאַרק פאַרשעמט און, אָנווייזנדיק אין איילעניש מיט דער האַנט אויף אַ דערבייאיקן צימער, האָט זי, אויך אין איילעניש, אַרויסגע־זאָגט:

— דאָ־דאָרטן! . . .

און איז אַנטלאָפן געוואָרן.

דער חזן מיט די משוררים זענען אַריין. באַלד האָט מען אויף דעם חזנס באַפעל זיך אויסגעטאָן און זיך געלייגט אין די בעטן. עס איז נישט אַוועק קיין פערטל שעה און אַ געדיכט כראָפּען האָט זיך איבערן צימער צוטראָגן.

ווען זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען אַ שטיק אויפן טאָג. ערשט איצט האָבן זיי זיך גוט אַרומגעקוקט צו באַטראַכטן דאָס צימער, וועלעכס איז געווען אַ גרויס און אַ ריינס, מיט אַ הויכן ווייס־אָפּגעקאַלעכטן באַלקן פון וועלכן עס האָט אַראָפּגעהאַנגען אַ לאָמפּ אויף מעשענע קייטן. די ווענט זענען געווען געמאָלן אין צוויי פאַר־שידענע קאָלירן: פון אויבן ווייס און פון אונטן ברוין. די פאָדלאָגע איז געווען געפאַרבט רויט.

אין מיטן צימער איז געשטאַנען אַ קיילעכדיקער טיש, איבער־געדעקט מיט אַ גרין טישטוך. אַרום טיש זענען געשטאַנען שטולן,

אויסגעבעטעט מיט שוואַרצן סאַמעט. אין אַ ווינקל צימער איז אויף אַן „אומיוואַלניק“ געשטאַנען אַ וואַש־שיסל און פֿונם אײַזערנעם שטענגל פֿון דעם אומיוואַלניק איז אַראָפּגעהאָנגען אַ בלאַנק־ווײַס האַנטוך מיט געלע שטרײַפֿן. דערלעבן איז געשטאַנען אַ קוואָרט פֿון בלויען ענאַמעל.

בוזשעלע האָט באַוואונדערט די שפֿע פֿון קאָלירן, וואָס זענען דאָ אודאי געווען צופֿעליק פֿונאַנדערגעשפּרייט. „מאָדנע, ווי אַלצדינג אין לעבן איז אַזוי צופֿעליק“, האָט ער אַ טראַכט געטאָן, „פּונקט אפֿשר ווי דאָס לעבן אַליין...“

באַלד האָט ער וועגן דעם פֿאַרגעסן און זיך גענומען אָנטאָן גלײַך מיט אַלע. זיי האָבן זיך אַרומגעוואַשן און זיך געשטעלט דאַווי־נען. צום ערלעכסטן האָבן געדאַוונט די צוויי עלטערע משוררים, פּראַים דער באַס און זלמן דער טענאָר, צום ערגסטן — סראָלקע. ער האָט פּשוט דערבײַ געפּראַוועט שטיק. דער חזן איז נישט געווען אין שטוב און די צוויי גרויסע משוררים זענען אַזוי אין כּעס גע־וואָרן אויף דעם סראָלקען, אַז זיי האָבן אים געוואָלט דורסן. עס וואָלט זיכער צו דעם געווען געקומען, ווען נישט ניאָמקע, דעם חזנס אינגל, וועלכער האָט זיך אין דעם פֿאָטערס אָפּוועזנקייט געפֿילט דער במקום. ער האָט זיך אַרײַנגעלייגט און נישט דערלאָזט צו קיין געשלעג. בו־זשעלע, כאָטש ער האָט די גאַנצע צײַט געשוויגן, איז געווען אויף דער זײַט פֿון די צוויי גרויסע משוררים. אַליין שוין אויך אַ קנאַפּער דאַוונער, האָט ער פֿונדעסטוועגן נישט געקענט פֿאַרלײַדן, אַז מען זאָל דערפֿון חוזק מאַכן. חוזק האָט אין בוזשעלען תּמיד אַרויסגערופֿן אַ געפֿיל פֿון עקל.

דער חזן איז געקומען און קיינער האָט אים וועגן דעם אינצידענט נישט דערציילט. מען האָט אָפּגעגעסן אָנבײַסן, זעמל מיט פּוטער מיט קאַווע. נאָכדעם האָט דער חזן פֿאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל עטוואָס איבערגיין דאָס שבתדיקע דאַוונען, ווײַל, האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל, מען דאַרף דאָך עפּעס הײַנט אָפּגעבן קאָנצערט!

דאָס יונגוואַרג האָט דערצו קיין חשק נישט געהאַט. עס האָט זיי בעסער געצויגן אַרויס אויף דער גאַס, זען ווי עס זעט אויס אַ פֿרעמדע שטאָט. אַ חוץ דעם, האָבן זיי געזאָגט, געדענקען זיי דאָס דאַוונען גאַנץ גוט און עס זענען דעריבער נישט נייטיק קיין רעפּעטיציעס.

אָבער קיין נחתדיקער קבלת פּנים האָט זיי אינדרויסן נישט דער־וואַרט. ווײַל ווי נאָר זיי זענען אַרויסגעקומען און האָבן זיך אַוועק־געשטעלט פֿאַרן טויער אַביסעלע באַטראַכטן די שטאָט מיט די מענטשן,

האָט מען זיך גאָר אָפּגעשטעלט צו באַטראַכטן זיי, די משוררימלעך, אָט די, וועגן וועלכע מען האָט זיך עס אַזוי פיל אָנגעהערט. עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט גרויסע מענטשן און קליינע מענטשן, אָרימע און רייכע, מענער און פרויען. „אָט דאָס זענען זיי!" — האָט איינער געזאָגט דעם אַנדערן, אָנשטעלנדיק די וויַיז־פינגער פּונקט אויף זיי — „דאָס זענען זיי! אָטאָ־דאָ־אָ! אָטאָ דאָרטן אָ! . . ."

די משוררימלעך, אָנגעגריפּענע, באַליידיקטע פון דעם צו־אויס־דרוקפולן כבוד, האָבן געמוזט צוריק אַריינגיין אין שטוב. כאָטש עטוואָס צובאַלעוועטע און צופּיעשטשעטע פון די דערפּאָלגן אין זייער איינגן שטעטל, האָבן זיי דאָך נישט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס מען מאַכט פון זיי אַזאַ וועזן. כאָטש ווען עמיצער נעמט יעדן איינעם פון זיי אַוועק אין אַ זייט און גיט אים אַזאַ שטילן און פאַרטרויַילעכן פרעג, צי עס איז אים טאַקע אַזוי שטאַרק דערווידער, אָט דאָס דאָזיקע טישעוויצער באַוואונדערן, וואָלט ער, גאַנץ מעגלעך, געזאָגט, אַז נישט. אָבער אַזוי ווי זיי זענען געווען אַלע צוזאַמען, האָט זיך מסתמא איינער געשעמט פאַרן אַנדערן, האָט מסתמא איינער געוואָלט וויַיזן פאַרן צווייטן, אַז עס גייט אים נישט שטאַרק אין לעבן, אַז מען זאָל אויף אים טייטלען מיט פינגער, האָבן זיי דעריבער אַלע מיט אַמאָל מיט בייזע אָנשטעלערישע מינעס פאַרלאָזט דעם דרויסן און זענען אַריין אין שטוב.

לאַנג האָבן זיי זיך אָבער אין שטוב נישט געקענט דערהאַלטן. זיי זענען אַלע געווען יונג און אומרואיק (די צוויי עלטערע משוררים זענען ערגעץ געהאַט אַוועקגעגאַנגען מיטן חזן). דערצו נאָך איז דער דרויסן געווען אַ שיינער, אַ זוניקער. עס האָט געצויגן און גע־מאַניעט. אַ חוץ דעם, האָבן זיי געמיינט, אַז די פּאָר נייגעריקע פאַר־בייגייער זענען שוין לאַנג אַוועק. זענען זיי דעריבער נאָך אַמאָל אַרויס אין גאַס.

אַרויסגעקומען, קיינעם נישט געטראָפן, האָבן זיי זיך, פרייע, צופרידענע, גענומען צוצופירן די הענט: אַרומקוקן די געסלעך, די הייזלעך, באַטראַכטן מענטשן, די מענטשנס אָנטועכץ, די מענטשנס העויות. און נאָכדעם — נאָכקרימען זיך, נאָכשפּעטן, און בכלל אָפּ־חוזקן פונם גאַנצן שטעטל טישעוויץ. „ווי קומט דאָס צו אונזער שטאָט!" — האָט איינער געזאָגט צום אַנדערן מיט שטאָלץ — „אונ־זער שטאָט („שטאָט" האָבן זיי געזאָגט, נישט „שטעטל") זאַמאָשטש איז דאָך אַ קיסרישע קעגן שטיפּעוויץ . . ." דער גרעסטער נאָכקרימער איז, נאַטירלעך, געווען סראָלקע און דער קלענסטער מיטלאַכער איז

געווען בוזשעלע. אָבער געלאַכט האָט ער פונדעסטוועגן. ווייל איי־ניקע געסלעך און איניקע הייזלעך און איניקע פאַרביילויפנדיקע טיפּן האָבן טאַקע אין זיינע אויגן אויסגעזען גוואַלדיק קאָמיש. אַלץ אַזוי קליין, קאָמיש קליין, אויסגעבויגן, משופּע, אויף איין פּוס, אויף אַנ־דערטהאַלבן פיס... אָבער צו־לאַנג שטיין אַזוי און חוזקן האָבן זיי נישט געקענט. באַלד האָט זיך דאָס רעדל געגעבן אַ קער־איבער. די טישעוויצער האָבן אַפּנים דערשנאַפּט ווער די חברה־לייט זענען און האָבן גלייך אָנגעהויבן אַ קאָנטר־אַטאַקע. עס האָט לאַנג נישט געדוי־ערט און עס האָט זיך אָנגעהויבן איבערחזרן דאָס פריערדיקע, נאָר פילפאַכיק מער. אַ איד, לויפנדיק אין איין אָטעם אין מרחץ אריין, מיט דעם ריינעם שבתדיקן העמד אונטערן אָרם, מיט אַן אויפגע־שטעלטן קאָלנער, מיט אַן אויפגעשנורעוועטן שוך, — געלאָפן אין גרויס איילעניש, מיט שנעלע טריט און מיט נאָך אַ שנעלערן געדאַנק, וואָס טרייבט אים, וואָס שטופּט אים, וואָס שרייט צו אים: „גיכער, גיכער! וועסט פאַרשפּעטיקן! וועסט מחלל שבת זיין!" — — האָט אָט דער איד, אין דעם סאַמע געיעג זיינעם, נאָר דערזען די משוררימ־לעך — — אהא! כ'בין דאָ! ער שטייט שוין און קוקט. אַ אידענע, לויפנדיק צום בעקער מיטן טשאָלנט אין דער האַנט, דער טשיפּיק איז ביי איר פאַרדרייט, דאָס אונטערשטע קלייד קוקט אַרויס מיט איין אויג, דער שלייף פונם פאַרטוך איז ביי איר אַזוי לויז פאַרבונדן, אַז אָט־אָט און זי פאַרלירט עס אינגאַנצן. „אוי, וויי מיר", רעדט זי צו זיך אַליין, „ווי וועל יעך צייט האָבן צוצורוימען די שטוב? מ'קלאַפּט דאָך שוין באַלד אין שול..." — פונדעסטוועגן, דערזען די משוררימ־לעך, זיך געגעבן אַ שטעל־אָפּ, אַ פאַרטשעפּע געטאָן אַן אַנדער אידענע:

— איר זענט עפּעס אַ מבין, כאַ'ביילע (חיה־ביילע), אָט דאָס זע־נען דאָך זיי!...

און ווער שמועסט פון ליידיק־גייער, פּוסטעפּאַסניקעס און סתם ווייסע חברה־ניקעס, וואָס פעלן, ברוך השם, נישט אויס אין קיין שטעטל, וועלכע האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום די משוררימלעך, און זיי געגנומען באַטראַכטן ווי אַ מציאה אויפן יאריד! הכלל, זיי האָבן געמוזט, די משוררימלעך טאַקע, איבערבעטן זייער איינגענעם כבוד און אריין צוריק אין שטוב.

בייז זענען זיי פונדעסטוועגן געווען, סכנות נפשות! סראַלקע האָט אפילו געזאָגט, אַז אויב ער וועט באַגעגענען איינעם פון די טי־שעוויצער אין זאַמאָשטש, דרייט ער אים אויס אַ פּוס פון די הויזן...

אַזוי איז דער פרייטיקדיקער טאָג דערוויילן אַוועק. עס האָט אָנ־

גערוקט דער אָוונט און עס איז געקומען די צייט פון שול אַריין גיין.

ווען דער חזן מיט די משוררים האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איבער דער גאַס אין שול אַריין, האָבן זיי באַלד אַרום זיך געהאַט אַן עולם אידן. מען האָט זיך געגריסט צום חזן, מען האָט געוואונקען צו די משוררים, און קליינע אינגלעך האָבן זיך אַפילו געקוואַפּעט אויף אָנצו־רירן כאָטש איינעם פון די משוררים ביי אַן אַרבל. און אַזוי ווי דער מענערשער טישעוויץ האָט זיי באַגלייט אין גאַס, אַזוי האָט זיי דער ווייַ־בערשער טישעוויץ באַגלייט מיט די אויגן פון די שטיבער אַרויס. באַזונדערס האָבן זיך יונג־מיידלשע בליקן איינגעגעסן אין די פּנימלעך פון די משוררים. און ווען איינע פון זיי האָט נאָך געהאַט די זכיה צו כאַפּן אַ קעגן־בליק, אָדער אַזאַ מין גנבהשן צוואַוואונק מיטן אויג פון סראָלקען, איז זי, אַ גליקלעכע, אַ באַגאָסענע מיט רויטקייט, אַוועק פונם פענסטער און צו צום שפּיגל און נישט אָפּגעטראָטן פון דאָרטן, ביז זי איז נישט געווען מיט זיך אינגאַנצן צופרידן. ערשט דאַמאָלס איז זי מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ געלאָפן אין שול אַריין.

די שולן, די מענערשע ווי די ווייבערשע, זענען געווען איבער־פולט מיט מענטשן. פון אַלע „שטיבלעך" און פון אַלע בתי מדרשים איז מען זיך צוזאַמענגעקומען אַהער. מען איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. דאָס געדרענג איז געווען אין לשער. עס זענען נישט געווען קיין איינצלנע באַזונדערע מענטשן, מיט באַזונדערע לייב־און־לעבנס, נאָר איין גאַנצע צונויפגעוואַקסענע מאַסע, אַ הייסע און באַוועגלעכע מאַסע, וואָס האָט זיך געבאָדן אין איר אייגענעם שווייס.

די מענערשע שול איז געווען געבויט אינם בית המקדש סטיל, מיט אויסגעמאָלענע חיות און כלי זין אויף די ווענט. דער באַלקן איז געווען פון אַ בלויען הימל־קאָליר, אויסגעטיפּט אין סאַמע מיטן און פאַרקיילעכדיקט ביי די ראַנדן. אינמיטן שול איז, פונקט ווי אין דער זאַמאָשטשער שול, געשטאַנען דער באַלעמער. ער איז געווען אַרומגע־צוימט מיט אייזערנע, אָפּגעזילבערטע שטאַכעטלעך מיט מעשענע קעפּ־לעך. פון ביידע זייטן באַלעמער זענען געווען טרעפּלעך אַרויפצו־גיין. אויבן פלעגט מען אויפרופן צו דער תורה, געבן עליות.

אויבן־אָן, אויף דער סאַמע מזרח זייט פון שול, איז געווען דער עמוד. דאָרט איז אויך געווען דער ארון קודש. אינווייניק זענען גע־לעגן די הייליקע ספרים. דער ארון קודש איז געווען פאַרהאַנגען מיט אַ סאַמעטן פּרוכת, וואָס איז געווען גאָלדיק באַפּוצט.

עס איז געווען ליכטיק אין שול. אַלע הענג־לייכטער און **אַלע** ליכט און עטלעכע ספּעציעל־צוגעגרייטע גאַז־לאָמפּן האָבן היינט גע־

ברענט. דאָס אַלץ האָט געשאַפן נאָך מער היץ. אָבער דער עולם איז געדולדיק געזעסן און געשטאַנען און געוואַרט, ביז דער בעל־תפילה האָט אָפּגעדאַוונט מנחה און דער חזן מיט די משוררים האָבן זיך צוגעלאָזט צום עמוד דאַוונען.

ערשט איצטער האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטורעם. אַ געדיכטע מענטשן־כוואַליע האָט זיך געגעבן אַ לאָז גלייך צום עמוד צו, וועלנדיק שטיין נענטער צו די זינגער. איז געוואָרן דאָס אמתע שטופּעניש און געדרענג. גרופּע האָט זיך געפּלאָכטן אין גרופּע. מענטש האָט זיך איינגעדרייט אין מענטש. בייז בלוט האָט גענומען אויפזידן. איינער האָט אָנגעהויבן וואָרגען דעם אַנדערן. דער צווייטער האָט גענומען באַשולדיקן אַ דריטן, אַז ער איז אים ארויף אויף אַ קראַנקן פוס. האָט דער דריטער אַ שטורקע געטאָן אַ פערטן (מיינענדיק, אַז דאָס איז דער צווייטער) אין דער זייט. האָט דער פערטער, אויך על פי טעות, אַ זידל געטאָן אַ פינפטן. דער פינפטער האָט דערלאַנגט אַ זעקסטן אַ גאַנצן מי שברך. און אַזוי איז זיך עס כסדר ברחבהדיק צעוואַקסן.

— ששש — שש! ששש — שאַ־אַ! — האָט עס געדונערט פון אַלע זייטן.

— ני, שאַ שוין!... — האָבן די שמשים שוין קיין הענט נישט געהאַט פּאַטשנדיק איבערן באַלעמער־טיש.

— שששאַ! שטילערטש! — האָבן געשוויצט די גבאים.

— אוי ווי שאַ! אוי ווי שטילערטש!... — האָבן ווייסע חברהניקעס איבערגעשריגן אַלעמען.

דער טומל איז געווען מוראַדיק.

דער חזן מיט די משוררים זענען געשטאַנען און האָבן זיך איבערגעקוקט מיט הילפלאָזע און דערשטוינטע בליקן. דער ים מענטשלעכע קעפּ מיט די קיילעכדיקע „אידישע" היטלעך האָט זיך, לויט זייער שווינדלעניש אין זייערע אויגן, געוויגט אַראָפּ און ארויף, אהין און אהער. און מחמת דעם, וואָס די וועגט זענען געווען נאָס, האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די אויסגעמאָלענע חיות ווערן פון דאָרטן אַראָפּגעשווענקט, ווערן לעבעדיק און הויבן אָן פויזען איבער די אַלע קעפּ מיט די אידישע היטלעך און נאָכדעם צונעמען זיי די מיילער און הויבן אָן רעווען און אַרויסלאָזן אַזעלכע מין געשרייען, וואָס קלינגען ווי די געשרייען פון די אַרומיקע:

— ני, שאַ שוין! ני, שטילערטש!...

ענדלעך איז דער עולם געוואָרן מיד און עס איז געוואָרן שטיל. דער חזן האָט זיך דורך צייכנס דורכגערעדט מיט די משוררים. אַלע בליקן זענען איצטער געווען געווענדט אַהין, צום עמוד. אַ כוואַליע ווייבערשע קעפּ האָט זיך געשפּאַרט דורך די גראַטענע פענסטערלעך פון דער ווייבערשער שול. פייערדיקע דורכבויערנדיקע בליקן פון יונגע טישעוויצער שבת מלכהלעך האָבן זיך איינגעגעסן אין די פּנימ־לעך פון די יונגע משוררימלעך און דערביי גערויטלט זיך, גערויטלט זיך אָן אַ שיעור.

דער חזן האָט אַ קלאַפּ געטאָן דעם קאַמער־טאָן און זיך דער ערשטער צולאָזט אויפן קול. באַלד זענען געגעבן אַ קום־אונטער די משוררים און יעדער אויף זיין קול האָט גענומען אונטערהאַלטן. זלמן האָט געגאָרגלט אויפן טענאָר, פּראַים האָט געגאָנערט אויפן באַס, מרדכי האָט דערלאַנגט די „טערציע" און בוזשעלע האָט זיך צוטרי־לערט ווי אַ קאַנאַריק (אַזוי האָבן די טישעוויצער באַלד אויפן אָרט באַשלאָסן). און די אַנדערע משוררים האָבן אויך נישט געשוויגן. יעדער אויף זיין קול און נאָך זיין טאַלאַנט נאָך האָט מיטגעהאַלטן דעם אוניסאָן מיט אַזוי פיל געשמאַק, מיט אַזאַ געפיל, אַז דאָס חיות איז שיעור נישט אויסגעגאַנגען.

די טישעוויצער זענען געשטאַנען און געזעסן און מיט אָפענע מיילער־און־אויערן האָבן זיי אַריינגעזאַפּט אין זיך די מחיהדיקע נגונים. זיי האָבן שוין נישט געפילט קיין היץ. זיי האָבן שוין נישט געשפּירט קיין ענגשאַפט. זיי האָבן בכלל גאָרנישט געפילט, אַ חוץ אַן אויסשפּרייטן איבער זיך פון דינע זיידענע פליגלען און זייער אויפהויבן זיך אין דער לופטן און נעמען פליען הויך, הויך, אין די אמתע ווייטע עולמות, וואָס קיין לעבעדיקער מענטש האָט נאָך פאַר זיי נישט דערגרייכט. . .

— ניין ! — האָבן זיי זיך נאָכן דאַווענען אַליין מודה געווען — מאַמאַ נאָך אַזוינס נישט געזען. מאַמאַ נאָך אַזוינס נישט געהערט. ווייל דאָס איז עפּעס אַזוינס, וואָס־וואָס — וואָס איז עפּעס גאָרנישט מענטשלעך. דאָס איז עפּעס חוץ לדרך הטבע, אַ געשאַנק פונם הימל איז עס. אַן אמתע ברכה פון זיין ליבן נאָמען. . .

# קאַפּיטל נײַן

עס איז געווען פרײַטיק־צו־נאַכטס אין שטעטל.

איינע פון יענע כשופדיקע זומער נעכט, וועלכע לאָזן זיך מיט אַזאַ שפּעדיקער פּראַכט אַראָפּ איבער די קליינע, אָרימע פּוילישע שטעטלעך, ווי צו פּאַרגיטיקן זיי פאַר זייער נעבעכדיקייט און נויט. דער הימל איז געווען מאָגיק העל און די לבנה האָט געלויכטן מיט געקילטע זונען. די גאַסן זענען געווען איינגעטונקען אין ליכט און אין שטילקייט. אַרום די הײַזלעך האָבן זיך געשאַרט ווייכע ווינטלעך.

די דרויסנדיקע לאָדנס פון די אידישע וואוינונגען זענען געווען צוגעמאַכט, כדי אַ דורכגייענדיקער ערל זאָל נישט קענען אַרײַנקוקן אינווייניק און מיט זײַן אויג טמא מאַכן דעם ווײַן, אָדער כדי נישט אויפצורייצן אים מיט דער שבתדיקער מנוחה, וואָס שמייכלט אַרויס פון יעדן ווינקעלע, און פון דעם געדעקטן טיש, וואָס אַמאָל איז אויף אים פאַראַן עפּעס רעכטס און אַמאָל נישט. אָבער אין מערסטע אידישע הײַזער איז מען דאָך מקבל שבת מיט אַ ברייטער האַנט, ווײַל דאָס איז אַ גרויסע מצוה.

דער הויפּט פון דער פאַמיליע זיצט געווײַנלעך אויבן־אָן און זײַן בני בית אַרום אים. דער טיש איז געדעקט מיט אַ קלאָר ווײַס טישטוך און די ליכט טאַנצן פײַערדיק אונטער. און ווען עס מאַכט זיך אַמאָל, אַז אַ ליכט הויבט אָן טריפן, און אָנרירן עס מיט דער האַנט און עס אויסגלייכן טאָר מען נישט, לייגט מען פּונקט אַנט־קעגנאַיבער דעם אַ חלה אָדער אַ קוילעטש און עס הערט תיכף אויף טריפן . . .

דער מאָלצײַט הויבט זיך אָן מיט קידוש איבער ראָזשינקע ווײַן. נאָכדעם קומען די פיש. נאָך די פיש, אַז מען איז אַן אמתער איד, מאַכט מען אַ שנעפּסל. נאָך דעם שנעפּסל ווערט דעם מאַן געוויינ־לעך וואַרים אויפן האַרץ און פרייליך אין גומען. אין אַזאַ מין שטי־מונג הויבט ער אָן אַנטדעקן אין זײַן ווײַב אַ גרויסע בריה. אַלע געריכטן שמעקן עפּעס איצטער אַזוי גוט . . . די לאָקשן שלינגען זיך פון זיך אַליין, אָן שום מי און אָנשטרענגונג. היינט, דאָס שטיקעלע בשר מיט די פעטע מערן־צימעס! . . . אַלץ צוגייט ממש אונטער דער

צונג. און דאָס פיינע גלעזעלע טיי, וואָס קומט נאָך דעם אַלעם, איז זיכער נישט פון די לעצטע זאַכן. זינגט זיך טאַקע דער זמירות נאָכדעם לייכט און הנאהדיק. די טענער קלינגען אי דאַנקבאַר, אי גדלותדיק. מען גיט, הייסט עס, אַפּ אַ שבח צו זיין ליבן נאָמען, וואָס מען איז געבוירן געוואָרן אַ איד. ווייל נאָר ביי אידן, טראַכט מען זיך, איז פאַראַן אַזאַ הייליקער שבת מנוחה, מיט אַזעלכע געשמאַקע מאכלים. מען פאַרגעסט גאָר אינגאַנצן, אַז מען איז נישט מער ווי אין גלות און מען לאַכט פון דער וועלט.

און די טישעוויצער האָבן היינטיקן פריטיק־צו־נאַכטס געהאַט די וועלט ביי זיך אין וועסטל קעשענע.

דער חזן מיט די משוררים האָבן אָפּגעגעסן, אָפּגעטרונקען און זענען אַרויס אין גאַס אַביסעלע שעפּן לופט.

אַ קיל, מילד ווינטל האָט זיי באַגעגנט. זיי האָבן פריי אויפגעאָטעמט, אַרומגעוואַשט זיך דעם שווייס און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק, וואָס איז געשטאַנען לעבן טויער פונם גאַסט־הויז.

— נו, ווי איז אייך געפעלן דאָס היינטיקע דאַווענען? — האָט דער חזן אין שפּאַס אַ פרעג געטאָן ביי זיינע משוררים.

האָ האָט זיך אָנגעהויבן אַ שפּאַרעניש מיט אַן אויסרעכעניש סיי פון די עלטערע, סיי פון די אינגערע משוררים. איינער האָט געפּרואווט איבערשטייגן דעם אַנדערן אין גבורה פון זינגען. כמעט יעדער פון זיי האָט געלערנט דעם פּשט פאַר זיך.

— ווען נישט איך, — האָט געזאָגט מרדכי דער אַלט, — וואָלט ניאָמקע געווען פאַרקראָכן קיין אָטוואָצק. ווען מיר האָבן אָנגעהויבן זינגען דעם אהבת עולם...

אָבער ניאָמקע איז מיט אים נישט געווען מסכים. ער האָט נאָך, האָט ער געזאָגט, פאַרקערט, יענעם אַרויסגעהאָלפן, ווייל מען האָט געדאַרפט זינגען אויף „מי" און מרדכי איז נאָר אַ קנאַקער ביז „רע". האָט ער אים נאָך אונטערגעהאַלטן און איצטער קריגט ער דעם דאַנק דערפאַר...

בוזשעלע האָט געשוויגן און סראָלקע האָט זיך געזשאַלעוועט און באַרימט אין דער זעלבער צייט, אַז דער חזן האָט זיי היינט (די סאָפּראַנען, הייסט עס) אָפּגעטאָן אויף יוקיש: אַנשטאָט זיי אָנצושטעלן דעם „על כן" אויף „סאָל", האָט ער זיי אָפּגעשטעלט אויף „לאַ", און ביים פאַרענדיקן האָבן זיי שיעור געדאַרפט פאַרקריכן ביז דער אייבערשטער „דאָ". „איז וואָס־זשע מיינט ער, דער חזן", — האָט סראָלקע געזאָגט, — „ער און בוזשעלע האָבן גומענע שטימעס, וואָס

מען קען אויסציִען אויף דריי קלאַפּטער? זיי האָבן זיך שיעור איבער־גערים די מאַרדעס ..."

פראַים האָט גאָר געהאַט אַ מאָדנע טענה צום חזן. „ס׳איז אים", — האָט ער געזאָגט, — „קאַליע געוואָרן דער באַס".

— ווי אַזוי? — האָט דער חזן געוואָלט וויסן.

— כ׳בין הייזעריק. — האָט פראַים געענטפערט אַ פאַרזאָרגטער.

— גוט! — האָט דער חזן אויסגעשריגן — אַ הייזעריקער באַס — וואָס קען זיין בעסער? ...

דערנאָך האָבן זיי גערעדט פונם מאָרגנדיקן דאַווענען. איינער האָט געזאָגט, אַז מ׳זאָל זינגען „ברום עולם" (באַשר ער האָט דאָרטן געהאַט אַ סאָלאָ). האָט דער אַנדערער געהאַלטן, אַ ס׳איז גלייכער צו זינגען דעם „לאל ברוך נעימות". פאַרוואָס? ווייל ער האָט דאָרטן געהאַט אַ סאָלאָ. אַזוי האָט מען זיך געשפּאַרט און געאַמפּערט. דער חזן האָט דאָס צוגעהערט און געשמייכלט אין זיך בשעת מעשה געטראַכט, אַז זינגען וועט מען דאָס וואָס ער וועט הייסן.

באַלד זענען צוגעקומען עטלעכע אידן, פון די שיינע טישעווי־צער בעל־הבתים, און מען האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס מיטן חזן. גערעדט האָט מען וועגן וועלט זאַכן, פּאָליטיקע. אַן עלטערער משורר האָט שוין אויך אַמאָל אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט. בלויז דאָס יונגוואַרג איז געזעסן און האָט זיך צוגעהערט שווייגנדיק.

מיט אַמאָל האָבן זיך באַוויזן עטלעכע מיידלעך. יונגיטשקע, ריינינקע, שבתדיק־אויסגעפּוצטע, מיט גלאַט־פּאַרקעמטע האָר, מיט צונויפגעפלאָכטענע גלאַנציקע צעפּעלעך, מיט ווייסע, געפּרעסטע קאָפּ־טעלעך. אָרעם צו אָרעם, אין איין שורה געפלאָכטן, האָבן זיי זיך אָנ־געהויבן פאַרבייצודרייען דאָס פּלאַץ, איינמאָל און נאָך אַמאָל, און עפּעס אַזוי מאָדנע אונטערשמייכלען, אַזוי מאָדנע זיך רויטלען און וואַרפן פאַרשעמטע און אין דער זעלבער צייט אַרויסרופנדיקע בליקן צו די משוררים, דווקא צו די יונגע, און באַלד אַוועקכאַפּן דעם בליק. נאָך אַמאָל אַ קוק טאָן און ווידער אַוועקכאַפּן ...

חברה יונגוואַרג האָט פאַרשטאַנען אַן עסק. דער הויפּט פאַר־שטייער איז געווען סראָלקע. ער האָט מיט אַ וואונק געגעבן צו פאַר־שטיין די דריי קלענערע משוררים, מרדכין, ניאָמקען און בוזשעלען, אַז זיי זאָלן זיך אָפּרוקן פון דעם אַלטוואַרג. יענע האָבן געפאָלגט. באַלד איז מען שוין געשטאַנען אָפּגעזונדערטע פונדערווייטנס, אין אַ באַשאָטנט פּלאַץ, און מען האָט געוואַרט אויף געשעענישן.

יענע זענען צוגעקומען.

זייער נישט קיין דרייסטע, זייער צוריקגעהאַלטענע, מיט פאַר־שטיקטע פאַרלעגנהייט־שמייכעלעך, האָבן זיי קוים געעפנט די מייד־לעכלעך און אָנגעהויבן צו רעדן. א סך ארויסגעהאָלפן האָט זיי סראָלקע מיט זיין לייכטמוטיקן טאָן, מיט וועלכן ער האָט זיי גערן געענטפערט.

צום אַלעם ערשטן האָבן די מיידלעך אויסגעדריקט זייער באַ־וואונדערונג פאַר דעם היינטיקן דאַוונען, ווי שיין עס איז זיי געפעלן! באַזונדערס האָט איינע פון זיי, מלכהלע, א דאַזאַרס א טעכטערל, א קינד פון א יאָר פופצן־זעכצן, מיט א שרעקלעך באַטעמט פּנימל און א קינדערש שנעל, צו־שנעל, פּיסקעלע, זיך אָנגעזעצט אויף בוזשעלען און אים אַזוי פאַרלויבט, אַז ער האָט זיך אַזש געשעמט און זיך גע־פילט שולדיק פאַר די אַנדערע משוררימלעך. מילא, סראָלקען האָט עס ווינציק־וואָס געאַרט, ווייל חוה, נאָך איינע פון די מיידלעך, וועל־כע איז אויך געווען דעם בעל־אכסניהס טאָכטער, האָט זיך שוין גע־האַט פאַרקוקט אויף זיינע צוויי בלאָטע אייגעלעך און האָט שוין בכלל פון אים דאָס אויג נישט אַרונטערגענומען. און חוה איז געווען א שיין מיידעל, אַן אַנטוויקלטערע פון מלכהלען, כאָטש מסתמא נישט קיין סך עלטער פון יענער. ניאָמקען האָט מלכהלעס לויב אויף בו־זשעלען אויך נישט גערירט. ערשטנס, איז ער נישט געווען קיין סאָפּ־ראַן. צווייטנס, איז ער נישט געווען קיין סאָליסט. דריטנס, איז ער שוין געווען פאַראינטערעסירט אין פריידען, אויך נישט קיין קליינע יפהפיה. און זי אין אים — אודאי! אייפערזיכטיק איז געווען איין מרדכי. כאָטש ער האָט זיך אָפּגעקראָגן זיין פּאָרציע קאָמפּלימענטן, באַזונדערס פון מרימען, דעם פערטן מיידל (עס זענען, ווי אויסגע־רעכנט פון די מיידלעך אין פּאָראויס, געווען פּונקט פיר און פיר). אָבער מרדכי איז געווען א גרויסער נישט־פאַרגינער. ער האָט גע־האַט א טבע צו זאָגן: „דאָס מיינט מען מעך!" — ווען מען האָט אין דער אמתן געמיינט עמיצן אַנדערש פון די משוררים, אָדער גאָר אַלע צוזאַמען. ניין, מרדכי האָט נישט געקענט פאַרגינען אַן אַנדערן דאָס לעבן.

וואָס ווייטער איז דער געשפּרעך געוואָרן אינטערעסאַנטער און לעבעדיקער. די טישעוויצערינס האָבן געקראָגן צוטרוי צו די זאַ־מאָשטשער און האָבן זיך פאַר זיי אויסגערעדט די הערצער. זיי האָבן באַקלאָגט זייער ביטערע דאָליע. אַז עס איז אין גאַנץ טישעוויץ נישט פאַראַן קיין איין לייטישער יונגערמאַן, מיט וועמען מען זאָל קענען אַרויסרעדן א וואָרט, האָבן זיי געזאָגט. טאָ וואָס פאַר א לעבן

איז דאָס ?... ביי די־אָ רייד האָבן די טישעוויצערינס פּנימער אויס־געדריקט פיל צער, און די זאַמאָשטשער משוררים האָבן זיי מיטגע־פילט. די פּערצן און פופצן און זעכצן־יאָריקע בחורימלעך האָבן גע־רעדט פון זייער „דערפאַרונג" אין זייער אייגן שטעטל. ווי ראָמאַנ־טיש עס איז! ווי פריי דאָרטן איז אין פאַרגלייך מיט הי... אַז דאָרטן, אין זאַמאָשטש הייסט עס, קען אַ יונגערמאַן גיין געאַרעמט מיט אַ מיידל, און — גאָרנישט, ס'וועט אָפּגיין גלאַטיק... און די טישעוויצערינס האָבן דאָס געמוזט אויסהערן מיט גרויס קנאה און ביי זיך אין האַרץ האָבן זיי זיך געוואונטשן צו זיין אויפן אָרט פון די זאַמאָשטשער מיידלעך... אָבער ווי קומען זיי אַהין! אַז ס'איז אַזאַ מין ווייטער מהלך! אַז ס'איז אפשר צען שעה פאָרן אַהין מיט אַקס...

אַזוי האָט מען גערעדט און גערעדט, געווען העכסט פאַרטיפט איינס אין דאָס אַנדערע. זיי האָבן גאָר נישט באַמערקט ווי די צייט איז געלאָפן. יונגע געדאַנקען האָבן געשוועבט אין דער לופטן און הייסע, פלאַטערנדיקע פאַנטאַזיעס האָבן זיך פאַרטשעפּעט אין די וואָלקנס. עס איז אַנטשטאַנען אַן אינטימע וואַרימקייט צווישן זיי. אויף די פרישע יוגנטלעכע פּנימלעך האָבן זיך צוטאַנצט פריילעכע טייוואָלימלעך מיט רויטע מיצעלעך. די מיצעלעך האָבן געהאַט גלעק־לעך. און די גלעקלעך האָבן געקלונגען אין די מיידלעכס אויערן און זיי געגעבן עפּעס גאָר מאָדנע סיגנאַלן. זיי גערופן אויף עפּעס גאָר מאָדנע און נישט גאָר זיכערע וועגן. אָבער לעבן זיי זענען געשטאַנען די משוררימלעך, וועלכע האָבן, ווי געטרייע שומרים, באַלד סיי מיט זייערע רייד און סיי מיט זייער באַנעמען זיך, פאַרטריבן די טייוואָ־לימלעך פון די מיידלעכס פּנימער.

אומבאַמערקט פון זיי אַליין האָבן זיי זיך אָפּגעטיילט אין פּאָר־לעך. נאָך איידער בוזשעלע האָט צייט געהאַט זיך ארומצוקוקן, איז ער שוין געשטאַנען מיט מלכהלען אין אַ באַזונדער ווינקל און האָט געפילט ווי דער הייסער סאַמעט פון אירע אויגן גלעט זיין פּנים. אַ שוואַרצער סאַמעט איז דאָס געווען, מיט אַ טיפן הינטערשלאַק. בו־זשעלע איז אַלט געווען קנאַפּע פערצן יאָר. ער איז געווען הויך גע־וואַקסן, שיין געוואַקסן, אין אַ גלייכער ליניע. ער איז נאָך אַלץ גע־ווען איידל געבויט, איידעלער ווי ס'איז אים געקומען לויט דער פּראָ־פּאָרציע פון זיין הייך, אָבער פולער און מאַסיווער ווי אין אַמאָליקע יאָרן. דאָס פּנים איז ביי אים איבער דער צייט געוואָרן רונדיקער מיט לעבעדיקע ראָזעווע קאָלירן. זיינע האָר זענען געווען פון אַ

טונקל־ליימיקן קאָליר און די ראנע, כאָטש פאַרהיילטער און איינ־
געגאַנגענער, איז נאָך דערווייל אַלץ געבליבן ראנע און די וואונד פון
זיין לעבן.

מלכהלע איז אַלט געווען ארום פופצן און א האַלב יאָר. זי איז
געווען אַנטוויקלט מיט א פולער קליינשטעטלדיקער שפע און מיט דער
זאַרגלאָזיקייט פון א רייך טעכטערל: שטיפעריש און קאַפּריזנע. מיט
א צוגעגרייטן אינסטינקט פון קינדווייז אַן, אַז אַלץ וואָס זי זעט איז
אירס, האָט זי כסדר געהאַלטן אויסגעשטרעקט די האַנט, א גרייטע
צו נעמען אַלץ וואָס וועט איר געפעלן. אין דעם קליינעם שטעטל אירן,
טישעוויץ, זענען איר נישט אַנטקעגנגעקומען צופיל זאכן, וואָס זאָלן
באַפרידיקן איר כסדר וואַקסנדיקן און אַנטוויקלטן געשמאַק. האָט זיך,
צו איר פערצנטן און פופצנטן יאָר, אין איר אָנגעהויבן צו באַזעצן
אַן אומרואיקייט פון אומבאַפרידיקטע פאַרלאַנגען. וואָס אַזוינס זי
האָט פאַרלאַנגט, האָט זי מסתמא נישט געוואוסט גענוי, ווי א סך קינ־
דער אין אירע יאָרן, אָבער דאָס האָט אויף א האָר נישט געמילדערט
איר אומרואיקייט און נישט אָפּגעשטעלט איר זוכעניש...

די ידיעה, אַז עס קומט אַראָפּ אין שטעטל א חזן מיט משוררים,
האָט אין איר אויפגעוועקט פונקט אַזאַ אינטערעס ווי ביי א סך אַנ־
דערע שטעטלדיקע איינוואוינער. אפשר האָט עס זי מער א רייץ גע־
טאָן, ווען מען האָט דערמאָנט די משוררים, ווי דעם חזן. ווען זי האָט
געהערט, אַז יענע זענען שוין אין שטעטל, איז זי געוואָרן נייגעריק צו
זען ווי זיי קוקן אויס. וועגן עפּעס אַנדערש האָט זי מסתמא נישט גע־
טראַכט. איר קליינשטעטלדיקע פאַנטאַזיע איז געווען א געצאַמטע.
אירע השגות — — באַגרעניצט.

עס איז אַזוי אויסגעקומען, אַז די משוררים האָבן זיך אָפּגע־
שטעלט אין דער אכסניה פון איר חברטע חוהס פאָטער. און יענע איז
עס טאַקע געווען די יעניקע, וועלכע האָט געסטראַיעט די באַקאַנט־
שאַפט.

פאַרוואָס האָט זיך מלכהלע צוגעלאָזט צו בוזשעלען און נישט
צו קיין אַנדערן פון די משוררימלעך? אויף דעם וואָלט זי נישט גע־
קענט ענטפערן.

סראָלקע איז געווען שענער פון בוזשעלען. און עלטער אויך.
ניאָמקע, דעם חזנס אינגל, איז אויך געווען שענער פון בוזשעלען.
און געקליידט איז ער געווען אויך אַזוי קורץ און וואָוילעריש, בלויז
עטוואָס אָרימער. מלכהלע האָט נישט געוואוסט פאַרוואָס, אָבער זי
האָט ליב געהאַט אינגלעך קורץ און שקציש געקליידט. זי האָט גע־

האָסט די לאַנגע קאַפּאָטקעלעך מיט די קליינע אידישע היטעלעך. דערפאַר טאַקע, קען זיין, האָט זי, פונם ערשטן בליק, אויסבראַקירט מרדכין.

און אפשר האָט צו איר אַזוי שטאַרק אַפּעלירט בוזשעלעס שיין זינגען!... יאָ, בוזשעלע האָט געזונגען שיין. שענער, דאַכט זיך איר, ווי אַלע אַנדערע. אַזוי דינטשיק, אַזוי געשמאַקטשיק... צי אפשר איז ער איר גאָר געפעלן געוואָרן מיט זיין קאַלטער און צוריקגעצויגענער האַלטונג? אמת, מרדכי האָט זיך אויך געהאַלטן קאַלט און צוריקגע־צויגן, אָבער דאָס, האָט מען געקענט זען, איז געקומען אוים גאוה, אוים גרויסהאַלטעריי. אָבער בוזשעלעס צוריקגעצויגנקייט, האָט זי געזען, איז געווען גאָר אַן אַנדערע: אוים שעמעוודיקייט. יאָ, האָט זי באַ־שלאָסן, ער איז אַ שעמעוודיקער... אָבער, האָט זי ווידער געטראַכט, פאַרוואָס איז ער אַזאַ טרויעריקער, אַזאַ ערנסטער? ער לאַכט דאָך כמעט נישט. ער שמייכלט דאָך אַזוי זעלטן... ווי־זשע קומט דאָס, האָט זיך מלכהלע, דאָס טישעוויצער מיידל, געבראָכן דאָס קעפל, וואָס ער, אַ זאַמאָשטשער אינגל, אַזוי אָנגעטאָן, מיט אַזאַ קולכל, זאָל זיין אַזאַ?...

— איר זענט עפּעס אַזאַ שעמעוודיקער... — האָט זי צו אים געהאַט אַ טענה — איר זענט עפּעס אַזאַ שווייגער... — האָט זי אים געבריט מיט דעם שוואַרצן סאַמעט פון אירע אויגן.

בוזשעלע איז מיט איר געשטאַנען אין דעם אָפּגעזונדערטן טונ־קעלן ווינקל און ער האָט נישט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טאָן. אים איז געווען היים. דאָס נייע גראַניטורל איז אויף אים איצטער געווען ענג צוגעקלעבט צום לייב. דאָס האַלב־שטייענדיקע קעלנערל האָט אים איצטער מער ווי שטענדיק געשניטן דעם האַלז. דאָס היטל מיט דער האַרטער דענקע און גלאַנציקן דאַשעק האָט געהאַלטן אַרומגע־פּענטעט זיין געדאַנק. ער האָט נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן. ער האָט נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן אויף אירע רייד. עס איז איצטער געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס ער איז געווען אַזוי נאָענט מיט אַ מיידל. אַזוי אויג צו אויג נאָענט. אַזוי לייב צו לייב נאָענט. און דאָ שטייט זי נאָך און נענט זיך צו אים מיט איר וואַרים, אומרואיק קערפּערל. און דאָ שטייט זי און בלאַנקט מיט איר ריין, ווייס קאָפּ־טעלע.

— פאַרוואָס רעדט איר אַזוי ווייניק? — הערט ער איר שטיל, ניך שטימעלע— פאַרוואָס לאַכט איר אַזוי זעלטן?...

„איר“. זי זאָגט אים „איר“. צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן

הערט ער ווי מען אירצט אים. אַ זעלטן געפיל נעמט אים אַרום. אַ געפיל פון שטאָלץ און דאַנקבאַרקייט. ער פילט ווי אַ פּליסיקער שטראָם הויבט אָן אָנקומען אין זיינע אויגן. דאָס מיידל, וואָס שטייט לעבן אים, הויבט אים אָן ווערן ליב. דאָס מיידל, וואָס שטייט לעבן אים, הויבט אים אָן ווערן נאָנט און אייגן. ער הערט איר פליסטערנ־דיק שטימעלע:

— זענען אַלע זאַמאָשטשער אינגלעך אַזוי ווי איר?

ער האָט איר געוואָלט ענטפערן. זייער אַ סך האָט ער איר גע־וואָלט ענטפערן. יאָ, איצטער קען ער שוין רעדן. איצטער, אַז זי איז צו אים אַזוי גוט, אַז זי רעדט צו אים אַזוי שיין, אַז ער פילט צו איר אַזאַ נאָנטקייט, וועט ער איר אַלץ זאָגן. ער וועט איר זאָגן, אַז ער איז נישט קיין שעמעוודיקער. ניין. אַ שווייגנדיקער איז ער יאָ. אָבער נישט צוליב דעם, ווייל ער שעמט זיך צו רעדן, שווייגט ער, נאָר דערפאַר ווייל ער קען נישט אַרויסברענגען דאָס וואָס ער טראַכט. ער קען נישט איבערגעבן קלאָר דאָס וואָס ער זעט. יאָ, ער זעט זאַכן, וועט ער איר זאָגן, וואָס וועגן זיי קען מען נישט נעמען רעדן גלאַט אין דער וועלט אַריין. אַ חוץ דעם, ער פאַרשטייט זיי אַליין נישט אַזוי גוט. וויל ער אַביסעלע צווואַרטן, ביז ער וועט זיי אַליין פאַרשטיין אַביסעלע בעסער. און פאַרוואָס ער לאַכט אָדער שמייכלט אַזוי זעלטן? דאָס — וועט ער איר זאָגן — איז אַ זאַך וואָס ער קען אויך נישט דערקלערן. נאָר ער דענקט, אַז בלויז נאַראָנים לאַכן, אַז בלויז לעקי־שעס שמייכלען תמיד ... און צי אַלע זאַמאָשטשער אינגלעך זענען אַזוי ווי ער? ניין! — וועט ער איר זאָגן — קיין איין זאַמאָשטשער איז נישט אַזוי ווי ער! און ער איז נישט ווי זיי! ניין!

און ער האָט שוין געהאַט געעפנט דאָס מויל און ער האָט שוין געוואָלט אָנהויבן צו איר רעדן און איר זאָגן די אַלע זאַכן. נאָר דאָ האָט ער באַמערקט ווי זי קוקט אויף אים, ווי זי קוקט זייער שטאַרק אויף זיין פּנים. זי עסט זיך ממש איין מיט אירע אויגן אין — — — אין — — — אין — — — —

— אַ גוטע נאַכט! — האָט ער פּלוצלונג אויסגעשריגן אינגאַנצן מיט אַ פרעמד קול — עס ווערט שפּעט ...

און זיך געלאָזט אַוועקגיין.

— וואַרט ... — האָט זי אים פאַרהאַלטן — בוזשעלע, האָב איך אייך — — — האָב איך אייך — — — — מיט עפּעס באַליידיקט? ...

און דער שוואַרצער סאַמעט אין אירע אויגן האָט זיך אָנגעהויבן פייכטן.

— נ־ניין. — האָט ער געענטפערט מיט אַ חרטהדיק קול. עס האָט אים גענומען פאַרדריסן אויף זיין האַנדלונג — אָ, ניין. אָבער ס׳איז שוין שפּעט. דער חזן וועט זיך אפשר ביי׳זערן אויף מיר. מיין מאַמע האָט אים געבעטן אַכטונג צו טאָן אויף מיר.

— און מאָרגן... — האָט זי גערעדט צו אים מיט אַ ווייך, הכנעהדיק קולכל און דאָס ווייסע קאָפּטעלע אירס האָט צו אים גע־רעדט מיט דער שטים פון איר האַרץ, אַ וואַרימע, גלעטנדיקע שטים — און מאָרגן וועלן מיר זיך נישט זען?

— יאָ, — האָט ער געזאָגט, — מאָרגן וועלן מיר זיך זען. נאָכן עסן — יאָ?

— יאָ, נאָכן עסן. אָט דאָרטן, ביי דער רויטער קאַמעניצע. איר זעט?...

— יאָ, — האָט ער נאָכגעזאָגט, — ביי דער רויטער קאַמעניצע.

— אַ גוטע נאַכט, בּוזשעלע. — האָט זי אים אויסגעשטרעקט אַ קליין פּוכקע, אַנגעגליט הענטל.

— אַ גוטע נאַכט, מלכהלע.

„ניין! — האָט ער שפּעטער, ליגנדיק אויפן געלעגער, צו זיך גערעדט — זי האָט נישט געקוקט אַהין, זי האָט נישט געקוקט אַהין, אַהין — — אויף דער ראַנע... ניין!...“

---

דאָס שבתדיקע דאַוונען איז אַדורך מיט דעם זעלבן דערפאָלג ווי דאָס פּרייטיק־צו־נאַכטיקע. די טישעוויצער האָבן דעם חזן מיט די משוררים ממש אויף די הענט אַרומגעטראָגן. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט בּוזשעלע. צי דערפאַר ווייל ער האָט געהאַט עטלעכע שיינע סאָלאָס בייביידע קדושהס, צי צוליב אַן אַנדער אורזאַך, ער האָט היינט געזונגען ווי נאָך קיינמאָל נישט פריער. נישט נאָר זענען נתפּעל געוואָרן די טישעוויצער, נאָר דעם חזן אַליין, די משוררים אַליין האָט עס געוואונדערט. דעם חזנס צופרידנקייט איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט איינמאָל, ווען בּוזשעלע האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן אַ סאָלאָ, „אוי, מתי, מתי“, אויסגערופן אינמיטן דאַוונען:
— טוב, בּוזשעלע, טוב מאוד!

די אַנדערע אורזאַך איז געווען מלכהלע.

באַלד ביים אָנפאַנג שחרית, ווען דער חזן האָט געגעבן אַ לאָז־אַרויס דעם „שוכן עד“, און ער, בּוזשעלע, צוזאַמען מיט די אַנדערע משוררים, האָבן אונטערגעהאַלטן: „שוכן עד, עד מרום, וקדוש שמו, וקדוש שמו, שמו...“ — האָט ער עפּעס אַן אינסטינקטיוון וואָרף

געטאָן זיין בליק אַרויף־צו, אין דער ווייבערשער שול, און — צי האָט זיך עס אים נאָר אויסגעדאַכט, צי נישט? — ער האָט דערזען מלכהלעס פּנימל, דאָס קליינע באַטעמטע פּנימל מיט דעם חנעוודיק געבוינענעם נעזל... און די אויגן אירע זענען געווען אָנגעשטעלט אויף אים, גלייך אויף אים... ער האָט באַלד פון דאָרטן אַוועקגע־כאַפּט זיין בליק און מער אַהין נישט געקוקט אין פאַרלויף פון דעם גאַנצן דאַווגען. אָבער ער האָט שוין פונדעסטוועגן די גאַנצע צייט געפילט איר בליק אויף זיך... אַפילו, האָט ער געטראַכט בשעתן זינגען, ווען יענס קעפּל, וואָס האָט זיך אַזוי געשפּאַרט דורך דעם גראַטענעם פענסטערל, זאָל נישט געווען זיין מלכהלעס קעפּל, און יענע אויגן, וועלכע האָבן זיך אין אים אַזוי איינגעגעסן, זאָלן נישט געווען זיין מלכהלעס אויגן, האָט ער דאָך די גאַנצע צייט פונם דאַוו־נען, פון שחריתדיקן אַזוי גוט ווי פון דעם מוספדיקן, געפילט, אַז זי געפינט זיך דאָ ערגעץ נאָענט, אַז זי קוקט אויף אים און הערט זיך צו צו זיין זינגען מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, וואָס אונטער דעם פלאַטערנ־דיקן ווייס קאָפּטעלע.

אַלע זענען פון אים געווען אַנטציקט. אַלע האָבן אים אָפּגעגעבן יישר כח. אַלע העגט האָבן אָנגעוויזן אויף אים, נאָר איין מרדכי דער אַלט האָט עס נישט געוואָלט אַנערקענען. ער האָט געהאַלטן אין איין שרייען:

— דאָס מיינט מען מעך!

ביים עסן האָבן זיך די משוררים געאיילט. דער חזן האָט דאָס באַמערקט און געפרעגט וואוהין זיי איילן זיך אַזוי.

— וואָס, איר ווייסט גאָרנישט? — האָט געזאָגט פּראַים דער באַס נישט אָן אַ שטיקל קנאה — זיי גייען זיך דאָך טרעפן מיט זייערע מיידלעך.

— וואָס? — האָט דער חזן זיך נישט געקענט צוגלויבן — אַזוי גיך האָבן זיי עס געמאַכט? דו אויך, ניאָמקע? — האָט ער זיך גע־ווענדט צו זיין אייגן אינגל.

— אודאי ער אויך. — האָט סראָלקע געענטפערט פאַר אים — וואָס מיינט איר, חזן, זיין נשמה איז פון אַ ראָזשינקע?

— האַ־האַ־האַ! — האָט דער חזן געלאַכט — נו, און דו, סראָלקע, דו האָסט אויך אַ מיידל?

— אודאי ווי דען! — האָט סראָלקע געענטפערט פאַר זיך אַליין שוין — אַלע האָבן מיר מיידלעך. וואָס העט, מיינט איר, זענען מיר געפאָרן קיין טישעוויץ: לייגן תפילין?

— האַ־האַ־האַ! — האָט דער חזן געלאַכט פונם פולן מויל — איך חלש, דער יונג איז דאָך אַ ממזר!...

—גיטץ נאָר אַ קוק מײַנע מענטשן... — האָט זלמן דער טענאָר גערעדט מיט פּאַרדרוס — זעטץ נאָר ווער ס׳גייט מיט מיידלעך... קענען זיך נאָך רעכט די נעזער נישט אָפּווישן...

—קומטשע אַהער, ר׳ זלמן, און זייטשע מוחל!... — האָט סראַלקע נישט געוואָלט צונעמען די באַליידיקונג — אָט איז אַ פּאַ־טשיילע. ווישט אײַנץ אָפּ...

דער חזן האָט זיך געקאַטשעט פון געלעכטער.

געטראָפן האָבן זיי זיך אַלע ביי דער רויטער קאַמעניצע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויף דעם שכל איז נישט געפאַלן מלכהלע אַליין, נאָר אירע חברטעס אויך (די משוררים האָבן געגלייבט, אַז דאָס איז ביי זיי, ביי די מיידלעך, הייסט עס, געווען פון פריער אָפּגערעדט). די מיידלעך זענען שוין דאָרטן געשטאַנען און געוואַרט. זיי האָבן זיך, ווייזט אויס, געאײַלט נאָך מער ווי די משוררים. געכאַפּט אַלץ אין איין מויל אַריין. נישט געפילט קיין שום טעם פון דעם געשמאַקן עסן. אַזוי גיך ווי מ׳איז פאַרטיק געוואָרן, איז מען צו צום שפּיגל, אַ קוק אַריין אינוויייניק, אַ צי דאָס בלוזקעלע, אַ פּאַרדריי אַ לעקעלע און מיט אַ קלאַפּנדיק הערצעלע אַרויס אין גאַס.

מען האָט זיך באַגעגנט מיט לויכטנדיקע פּנימער און גלאַנציקע אייגעלעך, וואָרים זיך די הענט געדריקט, ליב זיך צוגעשמייכלט. פון יענע שמייכעלעך זענען דאָס געווען, אין וועלכע יונגע קינדער, ווי זיי זענען געווען, לייגן אַריין אַלץ וואָס זיי פאַרמאָגן, אָן שום רעזער־וואַציעס. זיי האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע איצטער בעסער באַט־ראַכט, כאָטש נישט צו־דירעקט, נאָר האַלב־זייטיק, פון ווייטן, און זענען, ווי ס׳האָט אויסגעוויזן, געבליבן צופרידן.

— וואוהין גייען מיר? — האָט אַ פרעג געטאָן סראַלקע, נישט ווייל ער האָט עס טאַקע געוואָלט וויסן, נישט ווייל עס האָט זיך אים שטאַרק געוואָלט פון דאַנען אַוועקגיין. ניין, אים איז געווען גוט אַזוי אויך. פון זיינעטוועגן וואָלט ער אַזוי געשטאַנען דאָ אויפן אָרט, מיט חוהן ביי דער זייט, און געפילט איר אָרם נאָענט צו זיינעם ביז משיח וועט קומען. ער האָט עס געפרעגט גלאַט אַזוי זיך, דערפאַר ווייל עמיצער האָט דאָך עס געמוזט פרעגן.

— ווייסט איר וואָס... — האָט זיך מלכהלעס קליין פּנימל צו־שטראַלט, קענטיק אויס צופרידנקייט פון דעם געדאַנק, וואָס זי איז נעגאַנגען אַרויסברענגען, — לאָמיר זיי ווייזן די בערג פון אונזער שטעטל...

— טאַקע אַ גוטער פּלאַן. — האָט די פרידלעכע מרים מיטגע־האַלטן.

— יאָ, זייער אַ גוטער פּלאַן, — האָט אויך חוה צוגעשטימט.

— אָ, דאָרטן איז זייער גוט! — האָט מלכהלע געגעבן צו פאַר־שטיין די משוררים מיט איר גיך מיילכל, און דעם פאַל: דאָפּלט גיך. ווייל זי איז מיט יעדער רגע אַלץ מער באַגייסטערט געוואָרן פון איר אייגענעם איינפאַל. — דאָרטן איז אַזוי שטיל, אַזוי שיין! און קיינער וועט אונז נישט שטערן . . .

ביי דעם לעצטן וואָרט האָט זי זיך שטאַרק פאַררויטלט. אויך די אַנדערע יונגע מענטשן האָבן זיך דערפילט עטוואָס אין אַ פאַרלעגנ־הייט. דאָס האָט אָבער געדויערט נישט מער ווי אַ רגע. באַלד האָבן זיי וועגן דעם פאַרגעסן און זיך געלאָזט אַרויס פון שטאָט.

זיי זענען געגאַנגען צוטיילט אין פּאָרלעך, פּונקט ווי זיי האָבן זיך פאָרמירט נעכטן ביינאַכט. מלכהלע איז געגאַנגען לעבן בוזשעלען. זי האָט שוין אַזוי אויסגעמאַרקירט, אַז זיי זאָלן בלייבן אַ היפּשע שטרעקע הינטערשטעליק פון די אַנדערע. זי האָט דעם גאַנצן וועג געהאַלטן אין איין רעדן מיט איר גיך מיילכל. זי האָט גערעדט קינ־דערשע רייד, אומוויכטיקע רייד. בוזשעלע האָט דאָס געוואוסט. אודאי האָט ער דאָס געוואוסט. אָבער עס האָט אים נישט געאַרט. ניין, גאָר־נישט. פאַרקערט, ער האָט דערפון געהאַט הנאה. איר קולכל איז נישט געווען אַזאַ, וואָס מען זאָל עס נישט געוועלן הערן. עס איז געווען אַ דין און אָנגענעם קולכל. עס האָט נישט געשאַפן קיין שום דיסאָ־נאַנס אין זיין סענסיטיוו אויער, ווי עס פלעגט זיין מיט אים דער פאַל מיט אַנדערע מענטשן, וועלכע האָבן ליב געהאַט צו פּלאַפּלען אָן אַ זין. מלכהלעס ווערטער, מיט די שנעלע איבערגאַנגען, מיט דעם ספּאָנטאַנעם איבערבייט פון אירע מיינונגען, מיט דעם גאַלאָפּירנדיקן, סדרלאָזן לויפן פון איין מעשה צו דער אַנדערער, האָבן אים זייער שטאַרק אַמוזירט. נישט באַמערקנדיק ווי אַזוי, איז ער אַליין געוואָרן פרייער מיט רייד, אַריינגעצויגענער אין איר אַטמאָספער. נישט פילנ־דיק ווי אַזוי, האָט זיך זיין מויל פונאַנדערגענומען, זיך אויסגעבריי־טערט אין אַ שמייכל, פריער אַ שוואַכן, איבער אַ קליינעם טייל פון פּנים, נאָכדעם איבער אַ גרעסערן טייל, איבערן גרעסטן טייל פון פּנים. ער האָט שוין אויך וועגן נישט וועגן אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט. ער האָט שוין אַפילו וועגן נישט וועגן זיך דערלויבט אַ לאַך צו טאָן. מלכהלע, דאָס נאַאיווע, אָן־קונציקע, קליינשטעטלדיקע מיידל, האָט עס אָנגענומען אַלס אַ נאַטירלעכע זאַך. עס איז איר אַפילו אויפן גע־

דאַנק נישט געקומען, אַז בוזשעלע האָט זיך שוין נישט געפילט אַזוי פריי מיט אַ מענטש, דערצו נאָך מיט אַ פרעמדן מענטש, פון פראַנטשישקאָס צייטן אָן . . .

די אַנדערע פאָרלעך, זעענדיק, אַז מלכהלע מיט בוזשעלען זענען שוין געבליבן הינטער זיי אַ צו־גרויסע שטרעקע, האָבן זיך אָפּגעשטעלט וואַרטן. יענע האָבן זיך מערסטנטייל געהאַלטן צוזאַמען. בלויז סראָלקען איז פון צייט צו צייט געלונגען אַוועקצונעמען חוהן אויף אַ צען־פופצן שפּאַן פאָראויס, אָדער אָן אַ זייט. מרימען איז מיט מרדכין נישט געווען צו־פריילעך און ניאָמקע האָט מיט דער וויניק איבערגעשפּיצטער פריידען אויך נישט געקענט אַריינגיין אין קיין צו־הויכע דרכים. האָבן זיי זיך דעריבער אָנגעהויבן צו לאַנגווייליקן און אַרויסקוקן אויף דער שטורעמדיקער מלכהלען נאָך הילף.

אָבער מלכהלען איז נישט געווען לאַנגווייליק. מלכהלען איז געווען גוט. און ווען זי האָט באַמערקט פונדערווייטנס, אַז מען האָט זיך אָפּגעשטעלט וואַרטן אויף איר און בוזשעלען, האָט זי צו יענע געפּאָכעט מיט דער האַנט, אַז מען זאָל נישט וואַרטן, נאָר גיין ווייטער, ווייטער.

— פאַרוואָס טוט איר דאָס? — האָט בוזשעלע זי געפרעגט — אפשר ווילן זיי אייך עפּעס פרעגן . . . אפשר ווילן זיי אויסגעפינען וואוהין מיר וואָלטן וועלן גיין . . .

— זיי ווייסן, אַז מיר גייען צו די בערג. — האָט זי געענטפערט — און אויב זיי ווילן פרעגן ביי מיר עפּעס אַנדערש, וועלן זיי מעגן צוואוואַרטן ביז מאָרגן. איצטער גייט עס מיך נישט אָן...

זי האָט דאָס אַרויסגעזאָגט מיט אַן ערנסטער מינע און מיט דער געוויינלעכער שנעלקייט אירער, אָן דעם מינדסטן אָנדייט, אַז זי האָט דאָ געזאָגט אַ גלייכע זאַך אָדער אַ קרומע זאַך. בוזשעלען האָט אודאי געשמייכלט דער געדאַנק, אַז ער פילט אַזוי אוים איר צייט, אַז עס גייט איר קיין אַנדער זאַך נישט אָן. ער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן פון דער זייט. אין דעם יונגן, ברוויזנדיקן הערצל זיינעם האָט זיך גענומען עפּעס שטאַרק באַוועגן. זיינע פערצן טעמפּעראַמענטפולע יאָר האָבן זיך אין דעם איצטיקן מאָמענט ראשיק גענומען ציטיקן און וואַקסן — וואַקסן אין צאָל און אין קראַפט. ער האָט איצטער גאַנץ גענוי באַמערקט איר דין, רייצנדיק, איינגעשטייפט טאַליעלע און די אנטבלויזטע טיילן פון איר יונג, דופטיק לייב. ער האָט איצטער צום ערשטן מאָל דערפילט דעם ריח פון אירע וואַקסנדיקע, שפּראָצנדיקע גלידער, וועלכע האָבן זיך איצט געברוינט אויף דער זון.

ער האָט זיך ראפּטום פון איר געגעבן אַ רוק־אָפּ. ווי אַ קליין אינגל, וואָס רוקט זיך אָפּ פון אַ כמעט צייטיקן בוים, אָנגעפּיקעוועט מיט פּרוכט, מורא האָבנדיק, אַז דער יצר הרע זאָל אים נישט אַ שטופּ טאָן אויסצושטרעקן אַ האַנט און אַ שאָקל טאָן אַ צווייג, אַזוי האָט זיך בוזשעלע אָפּגערוקט פון מלכהלען. עס קען זיין, אַז בוזשעלע האָט עס געטאָן אינגאַנצן אומבאַוואוסטזיניק, דאָך האָט ער מיט זיין דינעם חוש דערשפּירט, אַז ערגעץ־וואו, אָט דאָ אַרום, לויערט עפּעס אַ שטיקל געפאַר און מען דאַרף זיך היטן.

זיי זענען איצטער אַרויף אויף אַ שמאָל און זאַמדיק סטעזשקעלע. איינצלנע זעמדעלעך האָבן בריליאַנטיק אָפּגעגלאַנצט אין דער זון.

— איר ווייסט וואָס: — האָט מלכהלע צו אים אַ זאָג געטאָן — לאָמיר קלויבן שטיינדלעך.

— שטיינדלעך? — האָט ער נישט פאַרשטאַנען.

— יאָ, שטיינדלעך. — האָט זי געענטפערט — בריליאַנטן! איר ווילט אַ פּאָר?

און אַ כאַפּ געטאָן אַ זשמעניע זאַמד, אַ דריי זיך אויס צו אים מיטן פּנים, אַ זאָג געטאָן:

— איר ווילט אַ פּאָר בריליאַנטן? כאַפּט מיך!

און מיט אַ קלינגענדיק געלעכטערל גענומען אַוועקלויפן פון אים.

—כאַפּט מיך! — האָט זי געשריגן צו אים, ווען ער האָט זיך נישט געאײַלט זיך צו יאָגן נאָך איר — כאַפּט מיך! ...

בוזשעלע האָט זי אָנגעהויבן יאָגן. זי איז געלאָפן שנעל. נישט נאָר מיט די פיס איז זי געלאָפן, נאָר מיטן גאַנצן קערפּער. זי איז געווען יונג און פלינק. אַ חוץ דעם, האָט אין איר איצט געברויזט אַ גרויסע פרייד, וואָס האָט אַריינגעגעבן נאָך אַ גרעסערע מאָס לייכטקייט אין איר קערפּער. געלאַכט האָט זי שטאַרק, גרינג און פּליסיק. איבערן גאַנצן שטח וואו זי איז געלאָפן, האָט זי פאַרזייט איר געלעכטער. און נאָכדעם, ווי וועלנדיק עס צוריק צוזאַמענעמען, אָט דאָס געלעכטער, האָט זי גענומען לויפן גיכער, פעסטער געוואָלט עס דערכאַפּן.

בוזשעלע, אַליין נישט קיין שלעכטער לויפער, האָט זי נישט געקענט אַזוי גיך דעריאָגן. ער איז געלאָפן שנעל, מיטן גאַנצן כח, געלעבערט די לופט מיט זיינע עלנבויגנס, און — אָנגעהויבן מיד ווערן. זיין פּנים איז געווען אָנגעהיצט, די ראַנע האָט געגלאַנצט, די טונקל־ליימיקע האָר זיינע האָבן געשניטן שטיקער זון אויף פּאַסן. ער האָט געסאָפּעט, געלאָפן און געסאָפּעט, און פונדעסטוועגן נישט אָפּגעשטאַ־

נען. זיין מויל איז געווען אָפן. אויפן פּנים איז געלעגן נישט קיין זייער קלוגער שמייכל.

ווען ער האָט זי דעריאָגט, זענען זייביידע געווען ארויסגעשלאָגן פון די כחות. ביידע האָבן שנעל געאָטעמט און געלאַכט. זי איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרטע אַן זיין לינקן אָרעם, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט איבער איר פּלייצע. מיט דער אַנדערער, רעכטער, האַנט האָט ער געהאַלטן איר לינקע האַנט. זיי זענען ביידע נישט געווען באַוואוסטזיניק פון זייער נאָנטקייט. ערשט ווען ער האָט מיט דער אַפּענער האַנט, וואָס לעבן עלנבויגן, דערפילט עפּעס א ווארימע זאַך, א צו־ווארימע פולסירנדיקע זאַך, האָט ער זיך א כאַפּ געטאָן. ער האָט דערזען, אַז זיין האַנט איז צוגעדריקט צו איר יונגער, קליינער ברוסט. ער האָט זי באַלד פון דאָרט אַוועקגעכאַפּט און צו דער זעלבער צייט באַפרייט די אַנדערע האַנט אויך.

איצט האָבן זיי א ווײַלע שפּאַצירט שווייגנדיק. דער שמאָלער, זאַמדיקער פּאַס האָט זיך געענדיקט און זיי זענען ארויסגעקומען אויף א גרין־באַוואַקסענעם פּלאַץ מיט שטעכיקע גראָזן. נישט ווייט פונם פּלאַץ איז געווען א קליין טייכל. אינם טייכל האָט זיך אָפּגעשפּיגלט א דערבייאיק וועלדל.

— מען זעט זיי נישט דאָ. — האָט בוזשעלע א זאָג געטאָן, כדי איבערצורייסן די שטילקייט, וואָס האָט אָנגעהויבן ווערן אומהיימלעך.

— צו וואָס דאַרפסט איר זיי? — האָט מלכהלע געענטפערט — קומט, לאָמיר זיך בעסער זעצן לעבן טייכל און מאַכן רינגען. קומט, וועלן מיר אָנקלויבן א סך שטיינדעלעך און מירן זען ווער ס׳וועט מאַכן מער רינגען. גוט?

— ווער האָט אייך אויסגעלערנט צילעווען? — האָט בוזשעלע געפרעגט.

— קיינער האָט מיך נישט געלערנט, — האָט זי געענטפערט, — אָבער איך דענק, אַז איך קען...

זיי זענען געזעסן לעבן טייך און האָבן געוואָרפן שטיינער, אָבער קיינער פון זיי האָט נישט געקוקט אהין, אויפן וואַסערל, צי ס׳מאַכען זיך דאָרטן רינגען, צי נישט. ביידע קינדער זענען איצטער געווען פאַרטראַכט. עפּעס האָט זיך עס גערודערט אין זייערע יונגע וועזנס. עפּעס א שטורם האָט זיך געקליבן אין זייערע יונגע נשמהלעך. זיי זענען געזעסן אָפּגערוקט איינס פון דאָס אַנדערע און דורך די ביימער, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין וואַסער, האָבן זיי געקוקט אויפן הימל. א קלאָרער הימל, אָן איין פלעק. קלאָרער א סך ווי

זייערע איצטיקע געדאַנקען. קלאָרער אַ סך ווי זייערע איצטיקע גע־פילן. מלכהלעס לעבעדיק, אָפֿן פּנימל איז איצטער געווען פֿאַרשלאָסן, איר לעבעדיק מיילכל — פֿאַרקייטלט מיט אַ שוואַך בלעכן קייטעלע.

פֿונדעסטוועגן האָט זי פֿון צייט צו צייט אַ צוק געטאָן מיט אירע דינע ליפּעלעך, האָט זי פֿון צייט צו צייט נערוועז אַ צוק געטאָן מיט אַן אַקסל. דאָס שווייגן איז איר, קענטיק, נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט ווי בוזשעלען, וועלכער איז געזעסן מיט אַ סטאַטוע־מעסיקער פֿאַרגלי־ווערטקייט און מיט אַ פֿאַרשטיינערטן אויסדרוק אויף זיין, פֿונדעסט־וועגן, געפּייניקט פּנימל.

זי איז געווען די ערשטע, וואָס האָט איבערגעשלאָגן די שטיל־קייט.

— איר ווייסט, — האָט זי געזאָגט, — ווען איר האָט היינט ביי־טאָג געזונגען, האָב איך זיך צוגעהערט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ. איך האָב נאָר געציטערט, איר זאָלט נישט מאַכן קיין פֿעלער. אמת, איך בין אַ נאַריש מיידל?

— ניין, איר זענט נישט קיין נאַריש מיידל. — האָט בוזשעלע געענטפֿערט אַ גערירטער. — פֿאַרקערט, עס איז זייער שיין פֿון אייך.

— און נאָך אַ זאַך האָב איך געפֿילט. — איז זי אָנגעגאַנגען, ווי זי וואָלט איינגאַנצן נישט געווען פֿאַראינטערעסירט אין זיין ענטפֿער — איך האָב געפֿילט, אַז איר האָט היינט געזונגען פֿאַר מיר און מער פֿאַר קיינעם נישט. איך ווייס, עס וועט אייך אפֿשר פֿאַרדריסן, אָבער איך האָב אַזוי געפֿילט.

— עס איז נישט ריכטיק אַזוי צו פֿילן. — האָט ער אָנגענומען אַ מוסר טאָן — איך האָב נישט געזונגען פֿאַר איין מענטש. איך וואָלט קיינמאָל נישט געזונגען פֿאַר איין מענטש. איך זינג פֿאַר אַ סך. פֿאַר הונדערטער. פֿאַר טויזנטער!...

— פֿאַר אַלע יאָ און פֿאַר מיר נישט? — האָט מלכהלע נאַאיוו אַ פֿרעג געטאָן און טרערן האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אין אירע אויגן.

—— צווישן אַלע זענט איר אויך פֿאַראַן. — האָט ער קורץ געענט־פֿערט.

מער האָט זי וועגן דעם נישט גערעדט. זי האָט זיך מיט אים נישט געקענט אויסטענהן. די פּופּצן־און־אַ־האַלב יאָריקע מלכהלע האָט געפֿילט, אַז דער פֿערצן־יאָריקער בוזשעלע איז אין דער אמתן מיט אַ סך יאָרן עלטער פֿון איר. האָט זי דעריבער אַראָפּגעשלונגען די דאָזיקע פֿאַר איר אומפֿאַרשטענדלעכע האַרטע פֿילאָזאָפֿיע. און, ווי וועלנדיק וואָס גיכער אין דעם פֿאַרגעסן, האָט זי צו אים פּלוצלינג אַ זאָג געטאָן:

—לאָמיר זיך באָדן.

— וואָס ?! — האָט ער געמיינט, אַז ער האָט נישט גוט דער־הערט.

— באָדן. — האָט זי געענטפערט ערנסט און גלייכגילטיק.

— אָבער וואו ? — האָט ער געשטאַמלט — ווי אַזוי ?

— דאָ, אינם טייכל. — האָט זי געזאָגט מיט אַ טאָן, גלייך אָט דאָס, וואָס זי ליגט איצטער פאַר, וואָלט געווען די נאַטירלעכסטע זאַך אויף דער וועלט — שווימען קענט איר ?

— יאָ, — האָט ער געענטפערט, — איך קען שווימען.

און ער האָט פונדעסטוועגן אָנגעהויבן צו קוקן אויף איר מיט אַ פאַרבאָרגענעם חשד, צי זי מאַכט אַמאָל נישט חוזק פון אים.

—איך פאַרשטיי נישט ... — האָט ער געזאָגט — ווי קענט איר דאָס זאָגן ...

— וואָס זאָגן ? — האָט זי שוין דערווייל געהאַט פאַרגעסן די גאַנצע מעשה.

— אָט דאָס וועגן באָדן זיך ...

—אָ, דאָס ? כ'האָב זיך געמאַכט אַ געלעכטער. — און זי האָט בשעת מעשה געקוקט אין דער ווייטקייט אַריין, מיט פאַרחלומטע צו־עפנטע אויגן און מיט אַמאָל האָט זי זיך פונאַנדערגעלאַכט מיט אַ פרעמד, ניט־דאָאיק געלעכטער, און די אויגן האָבן ביי איר אָנגעהויבן בליאַסקען, קענטיק פון אַ נייער המצאה, וואָס איז איר געקומען אין קאָפּ אַריין. און באַלד האָט זי טאַקע אַ זאָג געטאָן :

— איר ווייסט וואָס ?

— וואָס ? — האָט בוזשעלע געפרעגט מיט אַ טאָן וואָס אַן אַלטער זיידע, וועלכער איז אָנגעפּראָפּט מיט געדולד, פרעגט זיין נאַ־ריש און פאַרשייט איניקל.

— לאָמיר זיך אויסטאָן די שיך און אַריינטאָן די פיס אין וואַסער...

און זיצנדיק אַזוי ביידע, מיט די פיס אין וואַסער, איז איר איינגעפאַלן פונאַנדערצופלעכטן זיך די צעפּ אירע און נאָכדעם זאָגן בוזשעלען, אַז ער זאָל זיי איר צוריק פאַרפלעכטן. און ער האָט זי געפאָלגט. ער האָט געבאָדן זיינע פינגער אין די קילע, זיידענע כוואַ־ליעס פון אירע שוואַרצע האָר. ער האָט דערביי איבערגעלעבט אַ גרויסן מאָמענט. די עלעקטריציטעט פון אירע האָר האָט זיך צו־שפילט צווישן זיינע פינגער, נאָכדעם אונטער די הויטן און פון דאָרט האָבן זיך די הייסע שטראָמען צוטראָגן איבערן גאַנצן קערפּער זיינעם.

און מלכהלע איז שוין איצטער מער נישט געווען טרויעריק. זי איז שוין איצטער מער נישט געווען אַזוי פאַרטראַכט. איר צינגל איז שוין איצטער ווידער געווען לויז און עס איז אַרומגעפּאָרן אין איר מויל מיט אַ פרייען בילעט.

— לאָמיר עפּעס זינגען! — האָט זי, אינמיטן דרינען, אַ זאָג געטאָן.

— איך קען נישט זינגען. — האָט ער געענטפערט מיט אַ שמייכעל — זינגט איר עפּעס.

— איך? גוט. — האָט זי זיך נישט געלאָזט שטאַרק בעטן — וואָס, ווילט איר, זאָל איך אייך זינגען: אַ ליבע ליד, צי אַזוי אַ ליד?

— וואָס איר ווילט אַליין.

— גוט. כ'איל אייך זינגען ליובעניו־קרוינעניו.

און נישט וואַרטנדיק מער אויף גאָרנישט, האָט זי, מיט אַ שוואַך פאַלש קולכל, אָנגעהויבן זינגען:

אוי, ליובעניו, קרוינעניו, ליובעניו האַריץ,
דו ביסט ביי מיר איינציק און טייער,
דו ביסט ביי מיר איינציק און טייער.
אַז איך דערמאָן זיך אין מיין טייער לעהעבן
ברענט אין מיין האַרצן אַ פּאַהאַ־יער!
אַז איך דערמאָן זיך אין מיין טייער לעהעבן,
אוי, ברענט אין מיין האַרצן אַ פּאַ־אַ־יער...

— ני, — האָט זי אַ פרעג געטאָן — ווי איז עס אייך געפעלן? ער האָט נישט געענטפערט.

— וואָסי? — האָט זי אים אַריינגעקוקט אין די אויגן — ס'געפעלט אייך נישט?

— ניין. — האָט ער געזאָגט — ס'געפעלט מיר נישט.

— פאַרוואָס?

— ווייל איר זינגט שלעכט, פאַלש.

— איך זינג פאַלש? — האָט זי זיך קוים געקענט צוגלויבן. און אין אַ רגע אַרום:

— ני, האָב איך אַ דאגה! מיין שוועסטער שיינדל זינגט שענער פון מיר...

און ווידער אין אַ ווײַלע אַרום:

— קומט אין וואַלד אַריין קלייבן מאַלינעס!...

ער האָט זי דאָס אויך געפאָלגט. זיי זענען ביידע אַריין אינם דערבייאיקן וועלדל. עס האָט נישט געדויערט קיין מינוט און זי האָט

אין אים אָנגעהויבן פֿאַרגעסן. מיט פונאַנדערגעפּלאָכטענע שוואַרצע צופֿלאָשעטע האָר, וואָס האָבן דערגרייכט כמעט ביז צו אירע היפּטן, האָט זי, ווי אַ וועוועריקל, געגומען שפּרינגען פֿון בוים צו בוים. געזען, אַז קיין מאַלינעס זענען היינט נישטאָ, האָט זי אָנגעהויבן קלויבן קאַלינעס. זי האָט אָנגעקליבן צוויי פולע זשמעניעס און זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן גראָז זיי אַרויפֿציען אויף אַ פֿאָדים, וואָס זי האָט אַרויסגעצויגן פֿון איר קלײדל. ווען זי האָט שוין געהאַט פֿאַרטיק אַ גאַנצן האַלזבאַנד, האָט זי געבעטן בוזשעלען, אַז ער זאָל עס איר אָנטאָן.

— אוי, סאַראַ שיינע פּאַטשערקעס! — האָט זי אויסגערופֿן אַ באַגייסטערטע, ווען זי האָט זיך אַ ווײַלע שפּעטער אָנגעשפּיגלט אינם טײַכל — ס'פּאַסט מיר, ניין אפשר? און איך בין אַ שיינע אויך — — ניין? זאָגט אַליין!...

בוזשעלע האָט נישט געענטפֿערט. וואָס האָט ער איר געקענט זאָגן? אין זיינע אויגן איז טאַקע מלכּהלע געווען אַ שיינע. אפשר טאַקע זייער אַ שיינע. אָבער זאָגן דאָס איר? ניין, ער וועט אויסזען נאַריש. אַזעלכע זאַכן דאַרף מען נישט זאָגן. אַזעלכע זאַכן דאַרף מען זען, פֿילן, פֿאַרשטיין — און שווייגן. יאָ, שווייגן. באַהאַלטן דאָס שיינע אין זיך, טיף אין זיך, נישט רעדן דערפֿון. נישט אַרויס־שליידערן עס פֿון זיך דורכן מויל.

און איר האָט ער געוואָלט זאָגן, אַז ס'איז נאַריש פֿון איר זייט אים צו שטעלן אַזאַ פֿראַגע. זייער נאַריש! אַז עפּעס איז שיין, איז עס שיין. מען שטעלט נישט קיין פֿראַגעס און מען דאַרף וועגן דעם נישט ענטפֿערן. שיינע זאַכן ווערן מיאוסער, ווען מען רעדט וועגן זיי צופֿיל...

אַזוי האָט בוזשעלע געטראַכט. אָבער איר האָט ער גאָרנישט געזאָגט. האָט זי, אַ באַליידיקטע, אַ געטראָפֿענע, זיך אַוועקגעדרייט פֿון אים. אין אירע אויגן האָבן אָנגעהויבן אָנקומען טרערן.

דאָס האָט ער שוין נישט געקענט פֿאַרנעמען. ער האָט קיינמאָל קיין פֿרעמדע טרערן נישט געקענט פֿאַרנעמען. אַזאַ אָנבליק פּלעגט אים פּשוט צוברעכן. ער פֿלעגט זיך דערביי צונויפֿקרעמפּעווען פֿון ווייטיק.

— ניין, — איז ער צו איר צוגעקומען נאָענט און גערעדט צו איר מיט אַ ציטערדיקער שטים, — איך בעט אייך: דאָס נישט. איר דאַרפֿט נישט וויינען. איר זענט אַ שיינע. אויפֿן וואָרט, אַז איר זענט זייער אַ שיינע...

דער וואָלקן פון איר פּנים איז גלייך אַוועק. די פייכטקייט פון איר אויג איז אין דער רגע אויסגעטריקנט געוואָרן. זי האָט זיך צו אים האַסטיק אויסגעדרייט, אַרומגענומען אים און אים אַ קוש געטאָן אויף די ליפּן.

אים האָט אַ ברי געטאָן דאָס מויל. אַ הייסע כוואַליע איז איבער זיין גאַנצן קערפּער אַריבער. באַזונדערס הייס איז אים געווען אין דער ברוסט, אויף יענעם פּלאַץ וואו איר יונגע, זודיקע, שטייפע ברוסט האָט זיך אָפּגעדריקט.

— איר זענט זייער... איר זענט זייער אַ... אַ...

— אַ, אַ, אַ! — האָט זי אים נאָכגעשפּעט — איך ווייס וואָס איר ווילט מיר זאָגן. קומט בעסער, וועלן מיר אונטעריאָגן די חברה. קומט, ווייל איך בין איצטער אַזוי צופרידן! איך בין איצטער אַזוי גליקלעך! קומט, — האָט זי אים גענומען אונטערן אָרעם, — לאָמיר זיי אויפזוכן. און איכ'ל אייך דערוויל זינגען ליובעניו. מעג איך?

— האָט זי אים געפרעגט. און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט זי מיט איר שוואַך, פאַלש קולכל גענומען אויסשרייען אין דער לופט אריין איר איבערפילט הערצל:

אוי, ליובעניו, קרוינעניו, ליובעניו האַרץ...

---

ביי די בערג האָבן זיי געטראָפן די אַנדערע דריי פּאָרלעך וואַרטן אויף זיי. יענע האָבן זיי באַגעגנט מיט פאַרשנדיקע, דורכדרינגענדיקע בליקן.

— וואו זענט איר געווען אַזוי לאַנג? — האָט געפרעגט איינע פון די מיידלעך.

מלכהלע האָט עפּעס געענטפערט. עפּעס אַ זאָג געטאָן מיט אַ גיך און פריידיק קולכל. אָבער עס איז געווען קענטיק, אַז קיינער פון די זעקס יונגע מענטשן האָט עס נישט גענומען ערנסט. שטומערהייט האָבן זיי זיך איבערגעקוקט און צוגעשמייכלט. בוזשעלען איז דאָס דאָזיקע שמייכלען נישט געווען צום האַרץ.

אַ קאַרגע שעה צייט זענען זיי איצטער דאָ געזעסן, די אַכט יונגע מענטשן, אין דעם האַלב-ווילדן געגנט און די גאַנצע צייט כמעט גאָר־נישט גערעדט. צווישן מלכהלען און אירע טישעוויצער חברטעס איז איצטער געשטאַנען אַ באַרג, אָט פּונקט אַזאַ גרויסער, ווי איינער פון דאָ אַרום. און צווישן בוזשעלען און די אַנדערע משוררימלעך, מיט וועלכע ער האָט קיינמאָל, אין די בעסטע צייטן אפילו, נישט געהאַט קיין גרויסע עסקים, זענען איצטער געשטאַנען אפשר צוויי בערג, אָט

פונקט אַזוינע גראַמאַדנע, ווי דאָ אַרום. פאַרוואָס עס האָט זיך ביי זיי געשאַפֿן אַזעלכע געפֿילן, וואָלטן מסתּמא די קינדער נישט געקענט זאָגן. זיי וואָלטן אודאי נישט געקענט זאָגן, צי זענען דאָס געווען געפֿילן פֿון אייפֿערזוכט — אייפֿערזוכט אויף די צוויי בכיון אַנטרונענע און אומישנע אויסגעבליבענע אויף אַזוי לאַנג (און וואו זענען זיי געווען ?.... און וואָס האָבן זיי געטאָן ?...), צי געפֿילן פֿון כּעס, פֿון פֿערזענלעכן און באַהאַלטענעם כּעס, וואָס אַלע מיידלעך האָבן געטראָגן אויף מלכהלען דערפֿאַר, וואָס זי האָט צוגענומען בוזשעלען, און וואָס אַלע אינגלעך האָבן געטראָגן אויף בוזשעלען פֿאַר צונעמען מלכהלען ?... אַזוי צי אַזוי, צוליב דער זאַך אָדער אַן אַנדער זאַך — זיי זענען געזעסן שטומע, דערווייטערטע, מיט שווערע געוויכטן אויף די הערצער.

און דערווייל איז געוואָרן פֿאַרנאַכט. די זון האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ פֿעלד, וואָס דאָ נישט ווייט, און באַלויכטן די פּולע צייטיקע קאָרענע זאַנגען מיט גאָלדענער שפֿע.

אויף דעם זעלבן פֿעלד, אַביסל ווייטער, זענען געשטאַנען פֿויערים מיט פֿויערטעס און האָבן געקאָסעט היי. ווען עס האָט אָנגעהויבן טונקל ווערן, האָבן זיי זיך אויפֿגעזעצט אויף צוויי פֿולע, באַלאָדענע פֿורן און זענען אַוועקגעפֿאָרן. זיי זענען געזעסן אויפֿן היי, די פֿויערים מיט די גרויסע שטרויענע היט און קאָסעס אין די הענט, און די פֿויערטעס מיט קאָלירטע פֿאַטשיילעס אויף די קעפּ, מיט די רויטע נאַקעטע קני אינדרויסן. מידע און אומבאַוועגלעכע, האָבן זיי אויסגעזען ווי אויפֿגעווירענע יויזלעך.

די משוררים מיט די מיידלעך זענען אויפֿגעשטאַנען אַהיימצוגיין. אַ גאַנצן וועג צוריק אין שטאָט אַריין האָט זיי באַגלייט דאָס געזאַנג פֿון די פֿייגל, וועלכע זענען צוריקגעקומען אין זייערע נעסטן מיט שפּייז אין זייערע פּיסקלעך.

— איר זעט דאָס קלויסטער ? — האָט מלכהלע אָנגעוויזן בורזשעלען אויף אַן אַלטער גרויער מויער, ווען זיי זענען צוריקגעקומען אין שטאָט אַריין.

— יאָ, — האָט בוזשעלע געזאָגט, —וואָס איז דען ?

— אָ, אַ גאַנצע מעשה. אַ רבי האָט עס אַמאָל פֿאַרשאָלטן. איר זעט ווי קליין און אָנגעבויגן עס איז איצט ? נאָר איינצופֿאַלן. מיט יאָרן צוריק איז עס אַזוי נישט געווען. מיט יאָרן צוריק איז אָט דאָס קלויסטער געווען הויך און פֿעסט. אָבער פֿון זינט דער גוטער איד האָט עס פֿאַרשאָלטן, האַלט עס אין איין זינקען אין דער ערד אַריין.

יעדעס יאָר זינקט עס אויף אַ פּאָר צאָל. און ווען דעם גוטן אידס קללה וועט אינגאַנצן מקוים ווערן, וועט עס אינגאַנצן איינגעזונקען ווערן און זיך אויסגלייכן מיט דער ערד.

— און פאַרוואָס האָט עס דער רבי פאַרשאָלטן? — האָט בוזשעלע געוואָלט וויסן.

— דאָס וויים איך נישט. — האָט מלכהלע געענטפערט — אָבער מסתמא איז עס געווען אַ שלעכט קלויסטער. אַ גוט קלויסטער וועט דער רבי נישט פאַרשעלטן.

דאָס האָט זיך געקענט זיין אַ גוטער און צופרידנשטעלנדיקער ענטפער פאַר מלכהלען. פאַר בוזשעלען איז דאָס אָבער געווען אַ קנאַפּער תירוץ. בוזשעלע האָט ליב געהאַט צו וויסן זאַכן קלאָרער און גענויער. ער האָט קיינמאָל צו גאָרנישט צוגעשטימט מיט צוגעמאַכטע אויגן. און כאָטש ער איז אין יענע יונגע יאָרן זיינע געווען גאַנץ רעליגיעז געשטימט, ווי כמעט אלע אידישע קינדער אין פּוילן, האָט ער דאָך נישט געקענט אָננעמען די מעשה מיט דעם פאַרשאָלטענעם קלויסטער אָט פּונקט אַזוי ווי מלכהלע האָט זי אים איבערגעגעבן.

— ניין! — האָט ער געזאָגט מיט זיכערקייט אין זיין קול — אַזוי פּשוט האָט עס נישט געקענט זיין! דער רבי האָט געמוזט האָבן אַן אורזאַך...

— איך דענק, — האָט מלכהלע געזאָגט נאָכטראַכטנדיק, — אַז דער טאַטעשי האָט אונז אַמאָל דערציילט וועגן דעם. אין קלויסטער האָט געוואוינט אַ שלעכטער גלח, וועלכער האָט נאָר געוואָלט דישען אידן. ער האָט אַרויסגעגעבן איין שלעכטע גזירה נאָך דער אַנדערער, ביז די אידן האָבן עס שוין נישט געקענט איבערטראָגן. זענען זיי אַוועק צום גוטן איד און אים געבעטן עפּעס צו טאָן. האָט זיי דער גוטער איד צוליב געטאָן...

— און פון וואַנען ווייסט עס אייער טאַטעשי?

— אָ, ער האָט דאָס, זאָגט ער, געהערט פון קיווע ליפּטשיק. קיווע ליפּטשיק איז זייער אַן אַלטער איד, אפשר הונדערט יאָר אַלט. ער ווייסט אַלצדינג...

ביידע האָבן פאַרטראַכטע געשפּאַנט אויף די שטילע, טונקעלע געסלעך. בוזשעלע האָט געטראַכט פון דעם גוטן איד און דעם שלעכטן גלח. אים האָט געוואונדערט ווי אַזוי עס איז מעגלעך, אַז אַ מענטש זאָל קענען פאַרשעלטן אַ קלויסטער. און נאָך דעם האָט ער ווידער געטראַכט וואָס עס האָט געקענט ווערן פון דעם גלח, ווען דאָס קלויסטער איז פאַרשאָלטן געוואָרן... צי האָט דער רבי פאַר־

שאָלטן דעם גלח אויך ? ... און צי קען אַ גלח פֿאַרשעלטן אַ רבין ? און וואָס וואָלט, אַ שטייגער, געווען, ווען זיי פֿאַרשעלטן זיך איינס דאָס אַנדערע אין דער זעלבער צייט ? וועמענס קללה וואָלט געווען גרעסער און הייליקער ? ...

אָט וועגן דעם איז איצטער בוזשעלע געגאַנגען און געטראַכט. מלכהלע, האָט ער געוואוסט, וועט אים אויף דעם נישט קענען ענט־פֿערן. מלכהלע, האָט ער געוואוסט, איז אַ נאַריש אָבער אַ ליב מיידל. זי גייט אַזוי נאָנט צוגעדריקט צו אים... ער פֿילט אַזאַ מחיהדיקע גלעטעניש אויף זיין ליב... אויך זי גייט אַזוי פֿאַרטראַכט. וועגן וואָס טראַכט זי?

מלכהלעס געדאַנקען זענען געלאָפֿן אין אַ גאַנץ אַנדערער ריכ־טונג. זי האָט איצטער נישט געטראַכט פֿונם רבין און נישט פֿונם גלח און אודאי נישט פֿונם קלויסטער. זי האָט איצט געטראַכט פֿון בוזשעלען, וואָס פֿאַר אַן אינטערעסאַנט אינגל ער איז, און ווי גוט עס איז מיט אים צו פֿאַרברענגען ... און ווי שלעכט עס וועט זיין, ווען ער וועט אַוועקפֿאָרן, ווי פּוסט און ליידיק עס וועט שוין מאָרגן זיין אויף איר האַרץ... און אפשר וואָלט מען עפּעס געקענט טאָן, ער זאָל בלייבן דאָ, אין טישעוויץ. יאָ, — האָט זי אַליין אָפּגעלאַכט דעם געדאַנק, — אין טישעוויץ וועט ער בלייבן. וואָס וועט אַזאַ קלוג אינגל טאָן אין שטיפּעוויץ ?

— און אַ בריוו וועט איר מיר כאָטש שרייבן — האָט זי פֿון דער העלער הויט אים אַ פֿרעג געטאָן.

—איך ווייס נישט. — האָט ער געענטפֿערט. — אפשר...

— וואָס, איר ווילט אפילו נישט צוזאָגן ?

— פֿאַרוואָס זאָל מען צוזאָגן זאַכן, וואָס מען ווייסט נישט צי מען וועט זיי דערפֿילן אָדער נישט ? ...

— איז לאָמיר זיך כאָטש צושווערן ביי דער לבנה — יאָ ? — האָט זי אַזש אויפֿגעשריגן אַ באַגייסטערטע פֿון דעם געדאַנק.

— וואָס זיך צושווערן ?

— אַז מיר האָבן זיך ליב... אַז מיר וועלן זיך שטענדיק, שטענ־דיק ליב האָבן ... און אַז מיר וועלן ווערן גרויס, אַז מיר וועלן ווערן גרעסער, וועלן מיר אפשר חתונה האָבן... אמת, דאָס וועט זיין אינ־טערעסאַנט ? — האָט זי אויסגעדרייט איר אָנגעשפּאַנט און אויפֿגע־לויכטן פּנימל צו אים, אויפֿגעלויכטן פֿון אַ מאָמענטאַלער באַגייס־טערונג.

ער איז געשטאַנען אַ צומישטער און אָן אויפגערודערטער פון אירע ווערטער. ער האָט נישט געקענט זאָגן, אַז זיי זענען אים נישט געפעלן. ער האָט נישט געקענט זאָגן, אַז זיי האָבן אים געלאָזט קאַלט. נאָך אַלעמען, אַזאַ מיידל, ווי מלכהלע, זאָגט אַזוי אָפן, אַז זי האָט אים ליב — זי איז אַפילו גרייט דערויף צו שווערן; נאָך אַלעמען, אַזאַ מיידל, ווי מלכהלע, אַזאַ שיינע, עלטער פון אים, זאָגט איצטער צו אים אַזאַ זאַך, וואָס קיינער, קיין שום מיידל פאַר איר, האָט צו אים פריער נישט געזאָגט, — ווי האָט ער, נאָך דעם אַלעמען, געקענט בלייבן קאַלט און גלייכגילטיק צו איר? ער האָט דאָך, פון תמיד אָן, פון זיין פריער קינדהייט אָן, נישט צוריקגעוואָרפן קיינעמס ליבע. ער איז דאָך אַלע מאָל געווען אַזוי דאַנקבאַר פאַר דעם מינד־סטן ברעקל וואַרימקייט, אַ וואַרימקייט, וואָס איז נאָר געווען עכט און אויפריכטיק... טאָ ווי האָט ער איצטער געקענט אָפּזאָגן איר אַזאַ זאַך, אַזאַ זאַך, ווי... צושווערן ביי דער לבנה?... אָה, ניין! — האָט ער אין זיך אַליין אויפגעשריגן — עס איז שוין גאָר אַ גרויסע זאַך! אַ שרעקלעכע זאַך! אַ שבועה איז הייליק! אויסער דעם, וואָס מען מוז גלויבן יעדעס וואָרט וואָס מען זאָגט אַרויס פונם מויל, מוז מען עס אויך האַלטן, אָפּהיטן. איז ווי קען ער דאָס טאָן? ער האָט דען ליב מלכהלען? קען ער דען איצטער זאָגן, אַז ער וועט זי אַלע מאָל ליב האָבן?...

און זי שטייט אַנטקעגן און קוקט אויף אים מיט ווייטע, בעטנ־דיקע אויגן. און אַרום און אַרום איז שטיל. אַזוי שטיל, אַז ער קען אַפילו הערן דעם קלאַפּ פון איר האַרץ. דאָס געסל איז אַ קרומס און די הייזלעך שטייען אָנגעבויגן, משופּעדיק, ווי זיי וואָלטן זיך צו־געהערט וואָס צווישן אים און מלכהלען קומט פאָר. אפשר ווילן זיי זיין די עדות אויף דער שבועה, וואָס ער און מלכהלע וועלן זיך געבן? און וואו זענען אהינגעקומען די אַנדערע, די משוררים מיט די מייד־לעך? ער געדענקט נישט ווי אַזוי זיי האָבן זיך צושיידט... און ער הערט אַלץ דאָס קלאַפּן פון מלכהלעס האַרץ. און זיין האַרץ קלאַפּט שוין אויך. טיק־טיק! טיק־טיק! — קלאַפּט מלכהלעס האַרץ. טיק־טיק! טיק־טיק! — ענטפערט אָפּ זיין האַרץ. אפשר רעדן זיך אַזוי די ביידע הערצער צוזאַמען?... אפשר האָבן זיי זיך טאַקע ליב?... זאָל ער צושווערן? ווילן טאַקע די אָנגעבויגענע הייזלעך זיין זייערע עדות?...

מלכהלע האָט אַ ווענד געטאָן דאָס קעפּל אָן אַ זייט און אַ לבנה־פּאַסל איז געגעבן אַ ניי־אַרויף אויף איר פּנים, וואָס האָט זיך באַלד

געגעבן אַ צוטײל אין צװײען. אײן העלפֿט פּנים איז געבליבן ערדיש — ערדיש באַטעמט און באַחנט, װי פֿריער, און די אַנדערע העלפֿט איז געװאָרן דורכזיכטיק פֿון דער לבֿנה־שײַן, און דורך דער דורכזיכטיקײט האָט בוזשעלע דערזען אַן אַנדער מלכּהלען, נישט מער קײן ערדישע, מיט די ערדישע חנען און גראַציעס, נאָר אַ הימלישע, אַ לופֿטיקע, אַ שװעבנדיקע... און שײן איז די הימלישע מלכּהלע געװען נאָך מער װי די ערדישע. אַן אַנדער סאָרט שײנקײט איז דאָס געװען, אַ װײַטע שײנקײט, אַ מוראַדיקע, אַ נישט גרײַכבאַרע. אָבער װי איז דאָס מעגלעך, האָט אַן אינװײיניקסטע שטים אים אַ פֿרעג געטאָן, װאָס אײן און דער זעלבער צײַט זעט ער פֿאַר זיך צװײ מלכּהלעך אויף אַמאָל? צי איז׳ס נישט אַמאָל אַ צײכן, אַז אין דער צײַט, װען ער װעט צושװוערן אײן מלכּהלען, װעט ער נישט טראָגן קײן אַחריות צו דער צװײטער? צי איז׳ס נישט אַמאָל אַן אָנדײט, אַז אין דער צײַט, װען ער װעט זײַן צוגעבונדן צו אײנער, װעט ער זײַן פֿרײַ פֿון דער צװײטער? װעלכער־זשע דאַרף ער צושװוערן? װעלכער־זשע װיל ער צושװוערן? בײדע זענען אַזױ שײן!... די הימלישע עטװאָס שענער, אָבער ער האָט מורא פֿאַר איר; די ערדישע עטװאָס װײניקער, אָבער עס ציט צו איר אַזױ...

און זי:

— פֿאַרװאָס שטײט איר אַזױ פֿאַרטראַכט, בוזשעלע? פֿאַרװאָס קוקט איר אַזױ שטאַרק אַהין?...

— װאוהין, מלכּהלע?

— אָט דאָרטן אַהין. כ׳װײס אַלײן נישט װאו. — האָט זי געענטפֿערט מיט אַ געדריקט און געשלאָגן קול — אַז איר װילט נישט צושװוערן, דאַרף מען נישט. מסתּמא האָט איר דאָך מיך נישט ליב.

— און איר מיך, מלכּהלע — איר האָט מיך דען ליב?...

און זײַן קול האָט דערבײַ שטאַרק געציטערט.

— אודאי האָב איך אײַך ליב! — האָט זי געענטפֿערט —אַניט װאָלט איך דען דאָ מיט אײַך געשטאַנען? אַניט װאָלט איך דען צו אײַך אַזױ גערעדט?

— אַנטשולדיקט, מלכּהלע: גיט מיר די האַנט... אַ, װי װאַרים זי איז!...

— און אײַערע איז װי אַ שטיק פֿײַער...

— װאָס דאַרף מען זאָגן, מלכּהלע, װען מען שװערט זיך צו?..

— מען דאַרף זאָגן, אַז מען האָט זיך ליב. און מען דאַרף נעמען די לבֿנה פֿאַר אַן עדות. און אויב אײנער פֿון די צװײ געליבטע

ווערט פאַלש דעם אַנדערן נעמט די לבנה נקמה און זי באַשטראָפט דעם אַפּנאַרער. אָבער איצטער דאַרפן מיר דערפון נישט רעדן. איצ־טער דאַרפן מיר זיך האַלטן ביי די הענט און קוקן אויף דער לבנה און זיך אָנרופן ביי די נעמען און שווערן.

— ווי אַזוי שווערט מען ?

—זאָגט דאָס זעלבע וואָס איך זאָג : איך, מלכהלע, ליב דיך, בוזשעלע... נו, זאָגט נאָך !...

— איך, בושעלע, ליב דיך, מלכהלע... — האָט ער נאָכגעזאָגט.

— איך, מלכהלע, פון טישעוויץ, נעם די לבנה פאַר אַן עדות, אַז איך גיב מיין האַרץ אַוועק בוזשעלען, פון זאַמאָשטש... זאָגט נאָך !

— איך, בוזשעלע, פון זאַמאָשטש, נעם די לבנה פאַר אַן עדות, אַז איך ליב מלכהלען, פון טישעוויץ...

— די לבנה מיט די שטערן זענען עדות, אַז אַלץ וואָס מיר זאָגן איז אמת. — האָט מלכהלע געזאָגט.

— די לבנה מיט די שטערן זענען עדות, אַז אַלץ וואָס מיר זאָגן איז אמת. — האָט בוזשעלע נאָכגעזאָגט.

איצטער זענען זיי שוין ביידע געשוואוירן אין לבנה־שיין. אויף ביידנס פּנימלעך האָט גערוט די שכינה. אַ שכינה פון גליק און לי־בע איז דאָס געווען. זיי האָבן קיינעם נישט געזען. זיי האָבן אַלע־מען פאַרגעסן. און די וועלט איז געווען גוט צו זיי און האָט זיך פאַררוקט ערגעץ אין אַ ווינקעלע, כדי נישט צו שטערן די צוויי יונגע קינדער אין זייער שיינער און לויטעריער שעה.

— איצטער מעגסטו מיך קושן, בוזשעלע, — האָט זי געפּלים־פּערט. — איצטער זענען מיר חתן־כלה...

## קאַפּיטל צען

בוזשעלע איז געפאָרן קיין טישעוויץ זינגען און צוריקגעקומען איז ער פון דאָרטן א זינגענדיקער און א באַזונגענער. בוזשעלע איז געפאָרן קיין טישעוויץ א הונגעריקער נאָך נייע וועלטן, א דורשטיקער נאָך נייע זעאונגען און צוריקגעקומען איז ער א געשטילטער פון הונ־גער און א געלאָשענער פון דורשט. זאַט און צופרידן זענען איצטער געווען זיינע אויגן, ווייל אויף זיי זענען געהאנגען מלכהלעס בליקן. פול איז געווען זיין אומרואיק האַרץ, ווייל דאָרטן האָט איצטער גע־לעבט מלכהלע, די טישעוויצער מלכהלע, וועלכע האָט אריינגעבראַכט אהין א שפע פון מנוחה. איצטער איז ער שוין מער נישט געווען אליין. וואו ער איז געגאַנגען און וואו ער איז געשטאַנען, וואו ער איז געזעסן און וואו ער איז געלעגן, האָט ער שוין איצט געהאַט א חבר, א פריינט, א געליבטער און א כלה...

ווען בוזשעלע האָט איצטער גערעדט, האָט ער, צו זיין פאַר־וואונדערונג, אויסגעפונען, אז טייל פון זיינע טענער, בייטענער און אונטערטענער געהערן גאָר צו מלכהלען. אזוי הויבט זי אָן א וואָרט. אזוי פאַרענדיקט זי א מעשה. ווען ער האָט איצטער געהערט עמיצן, האָט זיך אינמיטן דרינען, אין יענעמס רייד, אין יענעמס געלעכטער, אין יענעמס געוויין אפילו, געהערט דער צומיש פון מלכהלעס קולכל. דערפאַר האָט ער איצטער אזוי גערן געהערט, אזוי גערן גערעדט. דערפאַר איז ער איצטער געוואָרן אזוי ווארים און אזוי צוגענגלעך צו מענטשן. ווייל אומעטום, פון יעדן איינעם, וואו ער האָט זיך גע־קערט און וואו ער האָט זיך געווענדט, — אומעטום איז זי געווען, אין יעדן איינעם האָט זי געלעבט, די גאַנצע וועלט איז געווען פול מיט איר, מיט דער מאָדנער, גיכער, קאַפּריזנער, ליבער מלכהלען פון טי־שעוויץ.

און ווען ער האָט צו איר געשריבן דעם ערשטן בריוו, האָט ער איר געשריבן אזוי:

איך ווייס נישט וואָס אייך צו שרייבן, מלכהלע. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געשריבן קיין בריוו צו א פרעמדן מענטש. בלויז צו מיין ברודער מאָניקן האָב איך צוויי מאָל געשריבן. אָבער דאָס איז

געווען אין מיין טאַטעשים נאָמען. צו קיין מיידלעך האָב איך נאָך קיין מאָל נישט געשריבן און איך ווייס נישט ווי אַזוי אָנצופאַנגען.

אייערנעכטן בין איך אַהיימגעקומען. כאָטש עס איז שוין געווען פאַרנאַכט און מיר זענען געפאָרן אַ גאַנצן טאָג, פונדעסטוועגן האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דער וועג פון זאַמאָשטש קיין טישעוויץ איז געווען אַ סך אַ לענגערער וועג ווי דער וועג פון טישעוויץ קיין זאַמאָשטש. אפשר קענט איר מיר זאָגן פאַרוואָס דאָס איז אַזוי? צי איז׳ס נישט אַמאָל דערפאַר, ווייל אַהינצואוועגס בין איך געפאָרן אַליין און צוריקצואוועגס בין איך געפאָרן מיט אייך צוזאַמען?... איך בעט אייך, לאַכט נישט פון מיר, מלכהלע. אַז אַזוי האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, וואָס בין איך שולדיק? איז עמיצער שולדיק, אַז ער זעט זאַכן אַנדערש ווי אַנדערע זעען זיי?...

אַהינצואוועגס, קיין טישעוויץ, בין איך געפאָרן מיטן חזן און מיט די אַנדערע משוררים. אָבער געזען האָב איך זיי נישט. דערפאַר בין איך געווען אַליין. אָבער צוריקצואוועגס בין איך אויך מיט זיי געפאָרן און האָב זיי טאַקע ווידער נישט געזען, אָבער אַליין בין איך שוין מער נישט געווען. איר זענט לעבן מיר געזעסן די גאַנצע צייט. וואָס מיר האָבן געטאָן, געדענק איך נישט. אָבער עס איז געווען זייער גוט...

אַלע פרעגן מיך נאָך, ווי אַזוי עס איז אונז דערגאַנגען דאָס דאַווענען ביי אייך אין שטעטל, און ווי אַזוי מיר האָבן אויסגענומען. פונקט ווי איך וואָלט געוואוסט. גלייך ווי מיך וואָלט עס אָנגעגאַנגען. איך האָב דען געזונגען פאַר עמיצן אַנדערש, אַ חוץ פאַר אייך? אודאי נאָר פאַר אייך אַליין. דאָס וואָס איך האָב עס אָפּגעלייקנט, איז גאָר־נישט. אפשר בלויז דאָס ערשטע דאַווענען האָב איך געדאַוונט פאַר אַנדערע. אָבער מער נישט. עס קען זיין, אַז איך טאָר אַזוי נישט רעדן. עס קען זיי, אַז גאָט וועט מיך שטראָפן דערפאַר. ווייל מיין טאַטעשי זאָגט, אַז עס איז אַ גרויסע זכיה צו שטיין בראש פון אַן עדה אידן און אויסזינגען תפילות צו גאָט און בעטן אין אַלעמענס נאָמען. און דאָ זאָג איך, אַז איך האָב גאָר נישט געזונגען פאַר גאָט, און איך האָב גאָר נישט געבעטן פאַר קיינעם. איך האָב בלויז געזונגען צו אייך ווי שיין איך האָב נאָר געקענט, און איך האָב נאָר געבעטן, אַז דאָס זאָל אייך זייער געפעלן. מיינט איר, מלכהלע, אַז גאָט וועט מיך דערפאַר באַשטראָפן?...

מענטשן זאָגן מיר, אַז זינט איך בין צוריקגעקומען פון טישעוויץ בין איך גאָר אַ נייער מענטש. איך ווייס נישט גענוי וואָס זיי

מײנען מיט דעם. איך דענק, אַז דאָס איז זײער אַ נאַרישער אױסדרוק. װאָס הײסט אַ „נײער מענטש"? בין איך דען נישט דערזעלבער װאָס פריער? מײן מאַמעשי זאָגט מיר, אַז איך זע איצטער אױס שענער, בעסער. דאָס קען איך גיכער פאַרשטײן. איך קוק אַרײַן אין שפּיגל און פרעג מיך בלױז: איז׳ס אמת? און באַלד ענטפער איך אַלײן: יאָ, עס איז אמת. איך זע טאַקע אױס אַביסל בעסער. און אפשר טאַקע אַביסעלע שענער אױך. אָבער פאַרװאָס דאָס איז אַזױ, װײסט איר? נײן, איר װײסט נישט. איך בין זיכער, אַז איר װײסט נישט. אָבער איך װײס. עס איז דערפאַר װאָס איר שטײט מיר אַלע מאָל פאַר די אױגן. און אַז איך זע אײַך פאַר מײנע אױגן, װער איך מסתמא אַן אַנדערער, מײן אױסזען בײַט זיך איבער...

איך בעט אײַך איבער פאַר מײן שלעכטער האַנטשריפט. די פּע־דער האַלט בײַ מיר אין אײן קלעקן. מײן האַנטשריפט איז תמיד אַ שלעכטע. אָבער איצטער איז זי ערגער װי תמיד. דאָס איז דערפאַר, װײַל איך װיל דוקא, אַז זי זאָל אַרױסקומען װאָס שענער. מיט אַ סך זאַכן איז דאָס אַזױ. פאַרװאָס? װײסט איר נישט, מלכהלע?...

איך האָב שױן מער נישט װאָס צו שרײַבן. איך דענק, אַז איך האָב שױן אַ סך נאַרישקײטן אָנגעשריבן. איך גריס אײַך גאָר פרײַנט־לעך. פון מיר,

בוזשע רײַנאַרסקי

אױף דערױף האָט זי אים געענטפערט:

בוזשעלע!

דײַן בריװ האָב איך ריכטיק דערהאַלטן און איך דאַנק דיר זײער פאַרן שרײַבן. אַזױ דאַרף טאַקע זײַן: אַ אינגל שרײַבט פריער און אַ מײדל ענטפערט. אָבער אײן זאַך פאַרדריסט מיך פונדעסטװעגן: דו באַדאַרפסט מיר נישט זאָגן „איר". װאָס זענען מיר: אַלטע מענטשן? אַלטע מענטשן באַדאַרפן זיך זאָגן „איר". אַ חוץ דעם: האָסט שױן פאַרגעסן די נאַכט לעבן קלױסטער? געדענקסט דאָס קלױסטער װעגן װעלכן איך האָב דיר דערצײלט, און װעגן װעלכן מײַן טאַטעשי האָט אונז דערצײלט, און װעגן װעלכן קיװע ליפּטשיק האָט דערצײלט מײַן טאַטעשין... און דו שרײַבסט מיר אַפילו קײן אײנמאָל נישט, צי דו בענקסט נאָך מיר!... װײסט, איך האָב דײַן בריװ גע־לײענט אפשר הונדערט מאָל — נײן, לאָמיך נישט זאָגן קײן ליגנט. — אפשר פיר מאָל האָב איך אים זיבער געלײענט. אָבער אײן זאַך פאַרדריסט מיך פונדעסטװעגן: פאַרװאָס עפּעס אַזאַ קלײנער בריװ? און, װײסט, דײַן האַנטשריפט איז גאָר נישט אַזאַ מיאוסע. מײנע איז

אפשר ערגער. און דו לייגסט אזוי גוט אוים די ווערטער... ווער האָט דיך געלערנט אזוי גוט אויסלייגן די ווערטער? ... ווייסט, אַלע מיידלעך זענען מיך מקנא. פון אַלע טישעוויצער מיידלעך בין איך די איינציקע, וואָס דערהאַלט בריוו פון אַ זאַמאָשטשער. אַי, זענען זיי מיך מקנא! ...

פונדעסטוועגן פאַרדריסט מיך וואָס דו שרייבסט, אַז דאָס איז צום ערשטן מאָל, וואָס דו שרייבסט צו פרעמדע מענטשן. ס'קומט אוים, אַז איך בין ביי דיר אַ פרעמדער מענטש. און דאָס קענסטו שרייבן נאָך דער נאַכט לעבן קלויסטער, וואו מיר האָבן זיך ביידע צוגע־שוואוירן... אפשר האָסטו שוין טאַקע פאַרגעסן אָן דעם... אויב האָסט פאַרגעסן, שרייב מיר צו, וועל איך דיר מוחל זיין די שבועה. וועל איך וויסן, אַז קיין זאַמאָשטשער אינגל טאָר מען נישט גלייבן.

און דאָס וואָס דו האָסט ביי אונז אין טישעוויץ געזונגען נאָר פאַר מיר אַליין און ווייטער קיינעם נישט, איז זייער פיין. איך אַליין זינג אויך צו דיר לידער. אַלאַ, ביסט נישטאָ דערביי, — אפשר איז'ס גאָר בעסער. דיר געפעלט דאָך סיי ווי נישט מיין קול... און איך בין זיכער, אַז גאָט וועט דיך נישט שטראָפן דערפאַר. אָט בין איך אַנו־מעלטן, באַלד נאָכדעם ווי כ'האָב דערהאַלטן דיין בריוו, ארוים הינטער דער שטאָט און האָב געזונגען ליובעניו־קרוינעניו, און כאָטש דו ביסט דערביי נישט געווען, האָב איך פונדעסטוועגן געזונגען בלויז פון דיינעטוועגן. און איך בין זיכער, אַז גאָט וועט מיך דערפאַר נישט שטראָפן. וואָס איז גאָטס דאגה פאַר וועמען מען זינגט? ...

איך דענק, אַז איך האָב דיר שוין מער נישט וואָס צו שרייבן, בוזשעלע. ס'הייסט צו שרייבן האָב איך דיר אַ סך, אָבער איך שעם מיך אַלצדינג ארויסצושרייבן. מיינע חברטאָרינס לאַכן פון מיר וואָס איך האָב זיך אויסגעזוכט אַזאַ קליינעם חתן. זיי מיינען נישט, אַז דו ביסט קלענער פון מיר. זיי מיינען, אַז דו ביסט אינגער פון מיר. לאַכן זיי פון מיר. זיי זאָגן, אַז ווען אַ אינגל איז עלטער פאַרן מיי־דעל מאַכט נישט אוים. אָבער אַ אינגל טאָר נישט זיין אינגער פאַרן מיידל... אָבער מיך אַרט נישט וואָס זיי זאָגן. אַבי איך וויים, אַז דו ביסט קליגער פון מיר. איך דענק, אַז דו ביסט אפילו קליגער פון זיי, כאָטש מרים איז, זאָגט מען, זייער אַ קלוגע... און ווען דו קענסט כאָטש זיין לעבן מיר נאָנט, וואָלט מיך אודאי נישט געאַרט וואָס זיי זאָגן. אָבער וואָס קומט אַרוים, אַז מיר זענען אַזוי ווייט איינס פון דאָס אַנדערע! ... אַז צווישן אונז ליגט אַזאַ מהלך! ...

איך גרים דיך גאָר פריינטלעך, בוזשעלע, און איך שלים מיין

בריוו און האָף, אַז מיר וועלן זיך אין גיכן זען. און שרייב מיר נישט „איר". און איך שרייב דיר דאָ אַן אַ סך פּינטעלעך (........) און די פּינטעלעך מיינען קושן. און איך וועל ציילן דיינע פּינטעלעך אויך, ווייל איך וויל וויסן, צי דו געדענקסט נאָך די נאַכט לעבן קלויסטער . . .

פון מיר, מלכה ראַבין.

נאָכן איבערלייענען איר בריוו האָט בוזשעלע נישט געקענט ביי זיך באַשטימען, צי איז דער בריוו אַ נאַרישער, צי נישט — ניין, נישט דאָס. אַז דער בריוו איז נישט פון די קלוגע, דאָס האָט ער געוואוסט אויף זיכער. דאָס וואָס ער האָט יאָ געוואָלט וויסן איז געווען, צי דער בריוו איז טאַקע אַן אמת נאַרישער ,אַ שטאַרק נאַרישער, צי אַ קליין ביסעלע נאַריש בלויז. ווייל אַ קליין ביסעלע נאַרישקייט האָט ער איצ־טער נאָך געקענט אַרונטערשלינגען. פּאַר אַ קליינער פּאָרציע נישט־איבערגעשפּיצטקייט האָט ער, אין זיין איצטיקער שטימונג, נאָך גע־האַט גרייט אַ שמייכל. דער שמייכל איז אָבער אָפּגעווישט געוואָרן פון זיין פּנים, ווען ער האָט נאָך אַמאָל אַ נעם געטאָן דעם בריוו אירן און ער איז צוגעקומען צו דער שטעלע וואו עס רעדט זיך וועגן דעם געשפּעט פון די טישעוויצער חברטאָרינס אירע. „מילא", האָט ער אַ טראַכט געטאָן, „ס'איז דאָך נישט איר שולד. וואָס קען זי טאָן, אַז יענע לאַכן ? . . ." אָבער דער שמייכל האָט זיך צוריק באַוויזן אויף זיין פּנים, נאָך מיט אַ העלערן קאָליר, ווען ער איז צוגעקומען צו אַן אַנדער שטעלע אינם בריוו. „אַבי איך וויים", שרייבט זי, „אַז דו ביסט פליגער פון מיר . . ." און אויף אַן אַנדער פּלאַץ: „אָבער וואָס קומט אַרויס, אַז מיר זענען אַזוי וויים איינס פון דאָס אַנדערע . . ."

יאָ, זי האָט אים ליב, מלכהלע. ליב ! אים, בוזשען . . . און דאָס איז געווען געווען, אַז עס זאָל אים געבן אַ וואַרים־דורך מיט דעם פריערדיקן פייער, נאָך מיט באַנייעטע פלעמלעך, און די צינגלעך, היי־סע און ראָזאָווע, זאָלן זיך ציען צו איר, ציען, אַזש אַזוי ברייט, אַזש אַזוי וויים, אַזש ביז טישעוויץ . . .

ער האָט זיך פאַרקייטלט אין זיין צימער און איר אָנגעשריבן אַזאַ בריוו:

מלכהלע:

היינט אינדערפרי האָב איך זיך אויפגעכאַפּט מיט דיין נאָמען אויף די ליפּן. ווייסט פאַרוואָס ? ווייל אַ גאַנצע נאַכט האָב איך פון דיר געחלומט. אַלע מאָל בין איך מיט דיר געווען אויף אַן אַנדער אָרט און יעדעס מאָל האָבן מיר געטאָן אַן אַנדער זאַך. איינמאָל האָט

זיך מיר געחלומט, אַז מיר שטייען ביידע אויף אַ באַרג, אויף איינעם פון אייערע טישעוויצער בערג, און מיר קוקן אַרונטער אין אַ טיפן טאָל. דער טאָל איז אַזוי טיף, אַז מען זעט נישט קיין גרונט. מיט אַמאָל נעמען מיר זיך ביידע אָן ביי די הענט און מיר זאָגן איינס צו דאָס אַנדערע: „לאָמיר אַרונטערשפּרינגען, זען וואָס דאָרטן טוט זיך". און באַלד דערזע איך זיך אָנגעטאָן אין דעם קליינעם טליתל, מיט וועלכן איך שטיי ביים עמוד און זינג, און דיך דערזע איך אַ ווייסע, מיט צולאָזענע לאַנגע האָר, און אויף די אַקסלען אונזערע וואַקסן אויס פליגל, ווי ביי מלאכים. מיר קוקן איינס אויף דאָס אַנדערע און מיר דערקענען זיך כמעט נישט. און פילן פילן מיר שוין אויך נישט איינס דאָס אַנדערע. ווייל אונזערע קערפּערס זענען ווי הוילע לופט. אָבער פונדעסטוועגן האַלטן מיר זיך נאָך אַלץ ביי די הענט. פּלוצלינג לאָזן מיר ביידע אַרויס אַ געשריי, צולאָזן אונזערע פליגל, און לאָזן זיך פליען...

לאַנג זענען מיר נישט געפלויגן. די פליגל האָבן עפּעס נישט גע־אַרבעט. אַלע מאָל האָבן מיר זיך אָנגעקלאַפּט אָן אַן אַנדער זאַך. צום סוף איז דאָס פליען געוואָרן אַזוי שווער, אַז איך האָב זיך אויפגע־כאַפּט פון שלאָף. און כאָטש איך בין געווען אַן אָפּגעגאָסענער אין אַנגסטן, האָב איך פונדעסטוועגן געזוכט צו דערגיין פון וואַנען דער חלום האָט זיך צו מיר גענומען.

איך דענק, אַז דער חלום שטאַמט נאָך פון טישעוויץ. געדענקסט, ווי דו האָסט מיר יענעם פרייטיק־צו־נאַכטס, נאָך אונזער ערשטער באַ־קאַנטשאַפט, געמאַכט אַ קאָמפּלימענט? האָסט מיר דאַמאָלס געזאָגט, אַז שטייענדיק ביים עמוד, אָנגעטאָן אינם טליתל, האָב איך אין דיינע אויגן אויסגעזען ווי אַ מלאכל. מיר איז דאָס זייער גוט געווען צו הערן. עס איז מיר דאַמאָלס גוט אַריין אין געדאַנק. אָבער אויפן צווייטן טאָג, שבת, ווען איך האָב דיך געזען מיט דיינע צולאָזענע האָר, אַ שוועבנדיקע, אַ ווינטיקע, האָסטו אין מיינע אויגן אויך אויס־געקוקט ווי אַ מלאך. איך האָב אַנומלטן געלייענט אין אַ בוך פון חלומות, אַז וואָס מען זעט און וואָס מען הערט בייטאָג, זעצט זיך עס אָפּ אין מח און ביינאַכט קריכט עס אַרויס און עס ווערט מגולגל אין מאָדנע־משונהדיקע בילדער. דו גלייבסט נישט אין דעם? איך יאָ.

און דאָס וואָס דו שרייבסט, מלכהלע, אַז מיר זענען אַזוי ווייט איינס פון דאָס אַנדערע, דענק איך, אַז דאָס איז נישט אמת. אַז צוויי מענטשן האָבן זיך ליב, איז נישטאָ קיין ווייטקייט. איינער טראָגט

דעם אַנדערן שטענדיק ביי זיך אין האַרץ. איך דענק, אַז מען קען אַפילו רעדן צווישן זיך, מען קען אַפילו הערן יענעמס לאַכן, מען קען אַפילו זען יענעמס מינע אויפן פּנים. אָט בין איך אַנומלטן געגאַנ־גען שפּאַצירן לעבן גרינעם סעדל. עס איז געווען אינמיטן טאָג און אין דער צייט גייען דאָרטן נישט קיין סך מענטשן. איז געווען זייער שטיל אַרום. איך בין געגאַנגען און געטראַכט פון דיר. אַזוי טראַכטנ־דיק, בין איך דערווייל דאַרשטיק געוואָרן. בין איך אַראָפּ צום „סטאָק" זיך אָנטרינקען. ווען איך בין צוגעקומען צום סטאָק און האָב זיך אַראָפּגעבויגן צום ריטשקעלע קוואַל־וואַסער, איז ווער, מיינסטו, האָב איך דאָרטן, אינם וואַסערל, דערזען? — דיך! פון אונטער די לויטערע שטיינדעלעך אפער האָסטו אַרויסגעקוקט, מיט דיין ראָזאָווע פּנימל, מיט דיין קליין, גיך מיילכל און מיט דיינע לאַכעדיקע, גלאַנ־ציקע אייגעלעך... ווען איך האָב צוגעלייגט מיינע ליפּן צום וואַסער, האָסטו אויך געטאָן דאָס זעלבע. ווען איך האָב אָנגעהויבן טרינקען, האָסטו אויך געטרונקען. איצטער איז שוין אויסגעקומען ווי אונזערע ליפּן וואָלטן זיך באַגעגנט. דאָס ריינע קוואַל־וואַסערל האָט זיך אָנגע־הויבן צו צאַפּלען און אונזערע ביידנס פּנימער האָבן זיך דערביי שטאַרק געקנייטש און געריזצלט, ווי ביי אַלטע לייט. מיר האָבן זיך ביידע צולאַכט, אונזערע ליפּן האָבן זיך נאָך אַמאָל באַגעגנט און דאָס וואַסערל האָט אַ פּליעסק געטאָן מיט די פּיצעלעך כוואַליעלעך און ס'האָט זיך אויך צולאַכט...

שרייב מיר, מלכהלע, ווי דאָס געפעלט דיר. איך גריס דיך. דיין פריינט, וועלכער צייכנט זיך מיט דעם נאָמען,

בוזשע רייזאַרסקי

אויף דעם האָט זי אים געענטפערט אַ שנעל בריוול:

צו מיין ליבן פריינט בוזשע רייזאַרסקי:

ערשטנס קען איך דיר שרייבן פון מיין ליבן געזונט. צווייטנס קען איך דיר שרייבן, אַז דיין פלוידעריי מיט איינגעמאַכטס האָב איך דערהאַלטן. איך קען גאָר נישט פאַרשטיין ווי אַזאַ קלוג אינגל ווי דו זאָלסט אָנרעדן אַזוי פיל נאַרישקייטן, ווי דו רעדסט דאָרטן אָן אין דיין בריוו. דו פליסט מיט מיר אַרום אין דער לופטן, און דו פליסט מיט מיר אין די טאָלן, און ביי מיר פרעגסטו גאָר נישט אָן, צי כ'וויל מיט דיר פליען... נאָכדעם קומסטו צו גיין מיט אַ נייעם שפּיל, אַז דו האָסט מיך געזען אונטערן וואַסער. איך האָב נאָך נישט געזען, אַז אַ חתן זאָל וועלן זען זיין כלה אונטערן וואַסער... הכלל, איך דענק, אַז ביסט גאָר נישט אַזוי קלוג, ווי איך האָב געמיינט. אַלע מיינע חבר־

טאָרינס לאַכן פון מיר. און דו ביסט טאַקעש מער נישט אַלט ווי פערצן יאָר? ... די איינציקע, וואָס לאַכט נישט פון דיר, איז חוה. ווייסט וואָס זי זאָגט? זי זאָגט, אַז דו רעדסט ווי אַ פּאָיעט. און דאָס וואָס מיר האָבן זיך צוגעשוואוירן, דאָס דענק איך, איז טאַקעש אַן ערנסטע זאַך. איך דענק, אַז מירן טאַקעש מוזן חתונה האָבן. אָבער דו ביסט טאַקעש מער נישט אַלט ווי פערצן יאָר?? ... ווייסט, ווען דו קענסט האַלטן אין איין וואַקסן, וואָלט שוין געווען נישקשה. אַזוי ווי עלטער קענסטו נישט ווערן, ווער־זשע כאָטש גרעסער ... איך האָב דיר מער נישט וואָס צו שרייבן. דער קאָפּ טוט מיר וויי. און טאָמער שרייבסטו מיר נאָך אַ בריוו, זע, אַז דו זאָלסט שרייבן וועגן קליגערע זאַכן. שרייב מיר וואָס דיין מאַמעשי מאַכט, און שרייב מיר וואָס פאַרא קליידער דיינע שוועסטער טראָגן, און שרייב מיר ווי אַזוי דיין עלטע־רער שוועסטערס חתן זעט אויס (איך האָב דיך עס פאַרגעסן צו פרעגן ווען דו ביסט געווען אין טישעוויץ) ... און איך לאָז דיך זייער שטאַרק גריסן. פון מיר, די וואָס איך פאַרבלייב אויף אימער און עוויק, מלכה ראַבין.

ביים לייענען דעם בריוו האָט זיך זיין פּנים געהאַלטן אין איין מיניען. זיינע אויגן זענען אָנגעלאָפן געוואָרן מיט שאַרפע וואַסער־ליעך פון אומצוטרוי און שטוינונג. אומצוטרוי צו דעם געלייענטן און שטוינונג, אַז זי זאָל אַזוינס קענען שרייבן. זי, אָט דאָס אומ־באַשטרייטבאַר־נאַריש מיידל! ער האָט עס גאָר נישט געקענט פאַר־שטיין. ער האָט עס גאָר נישט געקענט באַנעמען. אַזוי צו לאַכן פון זיינע געפילן! אַזוי טויב צו זיין צו ווערטער, וואָס קומען פון דער טיפעניש פון האַרץ! און צום סוף רעדט זי נאָך פון חתונה האָבן מיט אים. און אינמיטן דרינען קלאָגט זי אויף זיינע יאָרן ... און גאָר צום סוף גריסט זי אים ערשט זייער שטאַרק און שרייבט זיך אונטער אויף „אימער און עוויק". זאָל ער זאָגן, אַז זי איז אפשר נישט אַזוי נאַריש? זאָל ער זאָגן, אַז זי לאַכט אפשר אַזוי אָפּ פון אים? היינט, ווי קען ער זיין זיכער, אַז זי האָט די גאַנצע צייט פון אים נישט אָפּגעלאַכט? ... און אפשר איז זי גאָר נישט אַזאַ נאַרישע, ווי זי מאַכט דעם איינדרוק? אפשר, אַ צובאַלעוועטע, אַ קאַפּריזנע, אַ ליידיק־גייערקע, האָט זי מער נישט וואָס צו טאָן, נאָר צו פּראַ־ווען לצנות?... האָט זי גענומען אים, בוזשען, אַן אומדערפאַרן, גלויביק אינגל, און זיך מיט אים גענומען שפּילן, פּונקט ווי מיט עפּעס אַ קאָמיש, אומבאַהאָלפן באַשעפעניש ...

אַזוי־אָ האָבן זיך ביי אים גענומען מישן די געדאַנקען. און

צוזאַמען מיט די געדאַנקען האָט זיך ביי אים גענומען מישן דאָס בלוט. אַ שטראָם איז אים אַלעמאָל אַריין אין אַן אַנדער פּלאַץ. דאָ האָט אים אָנגעהויבן פלאַמען אַן אויער, דאָ אַ באַק, דאָ האָט אים אָנגעהויבן האַמערן אין די שלייפן און דאָ האָט זיך גאָר אַ רויטער פלעק אָפּגעזעצט אין אַ ווינקל לעבן אויער, דאָרטן וואו די ראַנע זיינע האָט זיך געפונען. די ראַנע, וועלכע איז שוין געווען שטאַרק פאַרהיילט, און וועלכע האָט איצטער זיך אָנגעפילט מיט דעם אָנגעלאָפענעם בלוט, האָט גענומען גלאַנצן און בלעזלען זיך, אַז ס'האָט זיך געדאַכט: אָט־אָט — און זי וועט אָנהויבן צו אייטערן.

נאָכדעם האָט ער געכאַפּט דעם בריוו און אים צוריסן אויף פּיץ־פּיצלעך. באַלד האָט אים באַנג געטאָן און ער האָט אַ כאַפּ געטאָן די שטיקלעך און האָט זיי אָנגעהויבן צוזאַמענצולייגן און צונויפ־צושטוקעווען. נאָכדעם האָט ער דעם בריוו ווידער געלייענט. איינגע־זען, אַז ער האָט אַ סך איבערגעטריבן, איינגעזען, אַז זי האָט גאָר קיין שלעכטס און אפשר קיין חוזק נישט געמיינט, האָט אים אַרומ־געכאַפּט אַ פּלוצלינגע חרטה — אַ חרטה, פאַרוואָס ער האָט קענען איר געזינדיקט מיטן געדאַנק. עס האָט זיך אין אים אויפגעכאַפּט אַ פאַרלאַנג תשובה צו טאָן, פאַרריכטן דעם פעלער פון זיינע שלעכטע מחשבות. האָט ער זיך אַוועקגעזעצט איר אָנשרייבן אַ וואַרימען בריוו, אַ ליבן בריוו, פול מיט צערטלעכע אויסדרוקן, אַזעלכע וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון די ביכער, וואָס ער האָט געלייענט.

„מיין הויכגעשעצטע מלכהלע! מיין ליבע און טייערע כלה!“ אַזוי האָט ער אָנגעהויבן שרייבן דעם בריוו. איבערגעלייענט די פּאָר ווערטער, האָט ער זיך אַליין צולאַכט. איינגעזען, אַז דאָס זענען צו־שווערע נעמען, אַ סך שווערערע ווי די געפילן קענען טראָגן. האָט ער זיי אויסגעמעקט און אָנגעהויבן עטוואָס מילדער. „צו מיין כלה מלכהלע פון טישעוויץ!“ — האָט ער געשריבן. אָבער ווייטער האָט ער נישט געקענט גיין. ער האָט איר געוואָלט שרייבן וועגן זיך: וואָס פאַר אַ שלעכטער מענטש ער איז. ווי פאַלש ער האָט אויסגע־טייטשט איר בריוו צו אים. ווי פול מיט חרטה זיין האַרץ איז. און ווי שטאָלץ ער איז וואָס ער האָט אַזאַ כלה... און ווי ער ווייסט וואויל, אַז ער איז זי נישט ווערט... אָבער די האַנט האָט זיך אים נישט געריררט. „ווער איז זי אַזוינס, וואָס איך זאָל צו איר שרייבן אַזאַ בריוו?“ — האָט ער זיך אַליין אַ פרעג געטאָן. און ער האָט זיך נאָך אַמאָל אָנגעבויגן און אַריינגעקוקט אין דעם צוזאַמענגע־קלעפּטן בריוו. „ניין!“ — האָט ער אים געגעבן אַ וואַרף־אָפּ פון

זיך מיט כעס — „איך בין משוגע! איך בין משוגע און אַ נאַר דערצו! זי לאַכט פון מיר אָפּ. זי לאַכט פון מיר אָפּ די גאַנצע צייט. זי מאַכט חוזק פון מיינע יאָרן. אירע חברטאָרינס מאַכן חוזק. און אירע חברטאָרינס חברטאָרינס... אָ, פאַרוואָס בין איך אַזוי נאַריש?! פאַרוואָס מוז איך דווקא געבן יענעם אַ געלעגנהייט פון מיר צו שפּעטן, זיך מיט מיר צו רייצן? פאַרוואָס האָבן מענטשן אַזוי ליב צו פאַרצאַפּן מיין בלוט, דווקא מיין בלוט?..."

ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער קושעטקע און אַרויסגעלאָזט אַ פאַרצווייפלטן קרעכץ. זיין האַרץ איז אים געווען אַזוי צעווייטיקט, זיין נשמה אַזוי צושניטן, אַז ער האָט מיט זיך איצטער פאַרגעשטעלט אַ מאַסע פון צעוואָרפענע פאַזאַמאַטישע שטיקער. ער האָט נישט געוויינט, נאָר שטילערהייט געיאָמערט, ער האָט נישט אויסגעשריגן זיין ווייטיק מיט אָפענע טענער, נאָר ער האָט אָנגעשטיקט זיין האַלז מיט אַ זויערן פּיין, אַ פּיין אַזאַ פּליסיקן, אַ פּיין אַזאַ טריפנדיקן, וואָס האָט אַלע זיינע ביינער אָנגעפילט, וואָס האָט אַלע זיינע אָדערן אַרומגענומען.

עס איז אים שוין נישט געגאַנגען אַזוי פיל אין מלכהלען, עס האָט אים שוין נישט אַזוי פיל געאַרט, צי זי ליבט אים, צי נישט; צי זי איז טאַקע זיין כלה, צי נישט. עס איז אים איצטער מער געגאַנגען אין דער ערע זיינער, אין דעם האָנאָר זיינעם. עס איז אים, איבער אַלעם, געגאַנגען אין לעבן צו וויסן, דורכאויס און אָן שום ספק צו וויסן, צי מען האָט טאַקע פון אים געלאַכט, צי נישט; צי וועט ער שוין אַזוי איביק פאַרבלייבן די אורזאַך פאַר יענעמס געלעכטער און פאַר יענעמס פאַראַכטונג, צי נישט... דאָס האָט ער, אָן שום ספק און איבער אַלעם, געמוזט אויסגעפינען. און שוין! און באַלד!

אָבער ווי אַזוי? אַז ער האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי. פון מלכהלעס בריוו, וועלכן ער האָט שוין איבערגעלייענט אַ דריט מאָל און אַ פערט מאָל און אַ צענט מאָל, קען ער פאָרט נישט דערגיין דעם אמת. ווי קען ער, נאָך אַלעמען, זיין זיכער וואָס זי האָט געמיינט מיט דעם וואָרט אירן, מיט יענעם אויסדרוק אירן? זי איז דאָך אַזאַ גיכע, אַזאַ פלאַטער־קאָפּ...

אָבער ענטפערן וועט ער איר נישט. ניין, דאָס נישט. צי זי האָט יאָ געמיינט, צי נישט געמיינט — ענטפערן אויף אַזאַ בריוו וועט ער איר נישט. זאָל זי וויסן. יאָ, זאָל זי וויסן, אַז מיט אים שפּילט מען זיך נישט, אַז צו אים דאַרף מען וויסן ווי אַזוי צו רעדן און ווי אַזוי צו שרייבן...

אַבי ער האָט געמיינט, אַז ער האָט שוין עמיצן געפונען. אַבי ער האָט זיך געפרייט, וואָס ער וועט שוין נישט דאַרפן זיין אַזוי איינזאַם אויף דער וועלט. איצטער, האָט ער געמיינט, האָט ער שוין אַ מענטש, צו וועלכן ער וועט זיך קענען ווענדן מיט זיינע געדאַנקען. אַ מענטש, פֿאַר וועלכן ער וועט קענען עפענען דאָס האַרץ און זיך אָנפאַרטרויען מיט די אַן אַ שיעור פראַגן, וואָס באַאומרואיקן אַזוי זיין געמיט, און צו וועלכע ער זוכט אַן ענטפער און געפינט נישט. מלכהלע, כאָטש ווייט אַוועק פון אים, וועט זיך טיילן מיט זיינע פריידן און מיט זיינע ליידן, פונקט ווי ער וועט זיך טיילן מיט אירע פריידן און מיט אירע ליידן.

זעט ער, אַז עס איז נישט אַזוי, ווייסט ער איצטער, אַז ער האָט אומזיסט געהאָפט, ווייסט ער, אַז ער האָט זיך אָפּגענאַרט. ער איז איר נישט געפעלן פון סאַמע אָנהויב־אָן און פאַרטיק. און פאַרוואָס זאָל ער איר געפעלן? קיין שיינער איז ער נישט. אַ שיינער! ווי קען ער גאָר רעדן דערפון? אַ שיינער מיט אַ ראַנע אויפן פנים! צי האָט ער דאָס נישט געוואוסט? צי האָט ער דען געטאָרט אַזאַ זאַך פאַרגעסן אויף איין רגע? האָט ער דען נישט באַמערקט אירע בליקן אויף זיין פנים, אָט אויף יענעם אָרט, פונקט אויף יענעם אָרט, דעם ערשטן פרייטיק־צו־נאַכטס? האָט ער דען נישט דערפילט דעם ברי פון אירע אויגן? אַ ברי פון חרפה, אַ ברי פון בזיון, איז דאָס געווען. אַ ברי, וואָס האָט אים פאַרקלעמט דעם אָטעם ביז שטומקייט. ער האָט דאַמאָלסט געדאַרפט אַוועקגיין פון איר, אַנטלויפן פון איר, און נישט מער זיך אומקערן, אָבער זי האָט נישט געלאָזט. זי האָט אים אַזוי געבעטן... „מאָרגן לעבן דער רויטער קאַמעניצע", האָט זי אים געדריקט די האַנט, „יאָ?" פאַרוואָס האָט זי דאָס געטאָן? נאָר כדי צו רייצן זיך מיט אים? צו שפילן זיך מיט אים אַביסעלע? כדי זי און אירע חברטאָרינס זאָלן קענען פון אים לאַכן?

ער ווייסט נישט. אויף זיכער קען ער פונדעסטוועגן אַזאַ זאַך נישט זאָגן. אָבער שרייבן צו איר וועט ער סיי ווי נישט.

ניין, ער וועט נישט שרייבן. אָבער וואָס וועט זיין מיט דער שבועה, וואָס זיי האָבן זיך געגעבן? און וואָס וועט זיין מיט דער לבנה, וועלכער זיי האָבן גענומען פאַר אַן עדות? און די קליינע, משופּעדיקע טישעוויצער הייזלעך — זיי וועלן דען שווייגן? און גאָט אַליין — האָט דען גאָט נישט געהערט די שבועה?... וועט דען גאָט לאָזן פאַרשעמען די לבנה זיינע?...

גוט וואָלט געווען, ווען ער קען צוריקנעמען די שבועה. דער

איינציקער מענטש, וועלכער קען זי אים צוריקגעבן, איז זי, מלכהלע, אַליין. וועט זי עס טאָן? זאָל ער איר זאָגן, אַז ער וויל צוריק די שבועה? זאָל ער איר זאָגן, אַז ער וויל זי זאָל אים מוחל זיין? אָבער ווי אַזוי טוט מען דאָס? ער וועט איר שרייבן אַ בריוו. „ווערטע פריינדין מלכה ראבין!" — וועט ער איר שרייבן. בלשון פרעמדער. ווייל פון איצט אָן געהערן זיי זיך מער נישט אָן. „איך, בוזשע ריי־נאַרסקי", וועט ער איר שרייבן, „קום אייך בעטן אַ גרויסע געפעליקייט. אַזוי ווי מיר האָבן זיך אַנומלטן צוגעשוואוירן ביי דער לבנה אין טישעוויץ, קום איך אייך איצטער בעטן..."

ניין, ער וועט נישט שרייבן! ער קען נישט שרייבן צו איר אַזאַ בריוו. עס וועט אויסקוקן ווי זיך נאַריש געמאַכט. און ער האָט זיך שוין גענוג ביי איר נאַריש געמאַכט. ער וועט בעסער לאָזן דעם גאַנצן עסק אַזוי, ביז ער וועט פון זיך אַליין פאַרגעסן ווערן? פאַר־געסן ווערן... אַ שבועה ווערט נישט פאַרגעסן. אַ שבועה, וואָס מ'האַלט נישט, נעמט נקמה. ווייל דאָס איז נישט נאָר אַ זינד קעגן גאָט, נאָר אויך קעגן דעם צווייטן מענטש, וואָס איז אין דער שבועה...

אָבער אפשר וויל זי אַליין ברעכן די שבועה... פאַרוואָס האָט ער וועגן דעם ביז איצט נישט געטראַכט? זיכער וויל זי! שרייבט זי דען נישט אויסדריקלעך, אַז די חברטאָרינס אירע לאַכן פון איר פאַרוואָס זי האָט זיך אויסגעקליבן אַזאַ קליינעם חתן? חזרט זי דען נישט עטלעכע מאָל איבער: „און דו ביסט טאַקעש מער נישט אַלט, ווי פערצן יאָר?" אויב אַזוי, איז זי דאָך אויך נישט צופרידן, און אין אַזאַ פאַל, ווען די שבועה ברעכט זיך אָפּ, פאַלט דאָך די שולד אויף זיי ביידע. באַשטראָפט מען זיי ביידע גלייך. איז'ם מעגלעך, אַז אין הונדערט־און־צוואַנציק יאָר ארום וועלן זיי זיך ווידער צוזאַמענטרעפן אויף יענער וועלט, אין גהינום, און ביידע צוזאַמען וועלן זיי מוזן אָפּקומען די שטראָף פאַר דער איצטיקער עבירה?...

אַ פאַרקייטלטער ביי זיך אין צימער, איז ער געלעגן אויף דער קושעטקע, מיטן פּנים אַרויף, די הענט אַרום האַלז פאַרפלאָכטן, און מיט אויפגעריסענע, פאַרגלעזערטע אויגן האָט ער געקוקט אַוועק אין דער ווייטקייט אַריין. ער האָט אַריבערגעקוקט אויף יענער וועלט, אין גהינום אַריין, וואו ער מיט מלכהלען וועלן זיך ווידער צוזאַמענטרעפן.

אין גהינום מיט מלכהלען... אַ שווידער איז איבער זיין לייב אַריבער. מ'וועט זיי ביידע גלייך שמייסן מיט מעשענע ריטער. עס וועט אַזוי ווי טאָן!... ער אַליין וועט נישט שרייען. ער אַליין

וועט האַלטן פאַרשטשעמעט די ציין, פאַרשלאָסן דעם האַלז און קיין איין געשריי נישט טאָן. אָבער זי, מלכהלע? זי וועט דאָס נישט קענען אויסהאַלטן. און ער — ווי וועט ער קענען צוזען אירע ליידן? ווי וועט ער קענען צוהערן אירע קולות? „שלאָגט מיך נישט!" — וועט זי זיך בעטן — „איך בין נישט די איינציקע שולדיקע!... ער, בוזשע רייזאַרסקי פון זאַמאָשטש, איז אויך שולדיק!... ווען נישט ער, וואָלט איך דאָ נישט באַדאַרפט זיין!..."

און די מלאכי הבלי וועלן שטיין מיט די מעשענע ריטער אין די הענט, מיט די גלאַנציקע פייערן אין די אויגן, און וועלן לאַכן, לאַכן.. און ער אַליין, בוזשעלע, וועט גאָרנישט קענען טאָן. ער אַליין וועט אויך ליגן אַ נאַקעטער, ער אַליין וועט אויך ליגן אַ געשלאָגענער. אָבער די קלעפּ, וואָס ער וועט קריגן, וועלן אים נישט ווי טאָן, נאָר די קלעפּ וואָס מלכהלע וועט קריגן וועלן זיך אַזוי איינעסן אין זיין לייב, אַזוי זיך איינשטעכן אין זיין נשמה...

בוזשעלע האָט נישט געפּילט ווי אַ שווערער שוויים האָט אַרויסגעשלאָגן אויף זיין שטערן און אויף זיין לייב. הענט און פיס האָבן ביי אים געציטערט. די בילדער פון גהינום האָבן אים אַזוי איבערגעוועלטיקט, אַז זיין האַלז האָט זיך אויטאָמאַטיש ביי אים פונאַנדערגעעפנט און טויבע, פאַרחלשטע טענער האָבן זיך פון דאָרטן גענומען רייסן. אָבער ער האָט עס נישט געהערט, כאָטש ער איז נישט געשלאָפן. ער האָט אויך נישט געהערט זיין מאַמעס קול הינטער דער טיר רופן צו אים און בעטן זיך ביי אים, ער זאָל אויפעפענען. באַלד איז ער אַנטשוויגן געוואָרן און פאַר די אָפענע אויגן זיינע האָט זיך באַוויזן אַן אַנדער וויזיע: ער האָט דערזען מלכהלען אַ שוועבנדיקע אין לבנה־שיין. נייַן, נישט די גאַנצע מלכהלע, נאָר אַ האַלבע. די צווייטע העלפט מלכהלע איז געבליבן אין איר ערדישן אויסזען: באַטעמט און באַחנט, פּונקט ווי זי האָט אויסגעקוקט יענע נאַכט אין טישעוויץ... איצט האָט בוזשעלע נישט געוואוסט וועלכע מלכהלע עס געפעלט אים בעסער: די ערדישע, צי די הימלשע. איצט האָט בוזשעלע נישט געקענט זאָגן וועלכער מלכהלען ער האָט צוגעשוואוירן: דער ערדישער, צי דער הימלשער?... איצט, אַ פאַרהיפּנאָטיזירטער פון דער נייער וויזיע, האָט זיך בוזשעלע, אין זיין וואַכנדיקן שלאָף, געשטעלט די פראַגע: וועלכער מלכהלען האָב איך פאַרט צוגעשוואוירן? וועלכע מלכהלע איז פאַרט מיין כלה?...

# קאפּיטל עלף

עס איז געווען שבת־צו־נאַכטס ביי שמואל דוד ריינאַרסקין אין הויז. ער איז שוין געהאַט געקומען פון שול פון מעריב דאַווענען. ער האָט שוין געהאַט אָפּגעמאַכט הבדלה, אָפּגעזאָגט ויתן לך, מיט אַלע לילהס, ער האָט שוין געהאַט אָנגעפילט אַלע קעשענעס מיט הבדלה יויך, און פּונקט דאַמאָלס, ווען ער איז שוין געווען גרייט צוצומאַכן דעם סידור און זאָגן „גוט וואָך" ! און זיין ווייב חיהלע איז געשטאַנען אָנגעגרייט צו ענטפערן : „אַ גוטע וואָך, אַ מזלדיקע וואָך" ! — פּונקט דאַמאָלס האָט זיך די טיר געגעבן אַן עפן־אויף און עס איז אַריינגעקומען אַ זעלנער, אַ פרעמדער און אומבאַקאַנטער זעלנער מיט וואָנסעס, דערצו נאָך אַ רויטער און אַן אויסגעפּאַשעטער.

—זדראַווסטוואויטיע, גאָספּאָדאַ ! — האָט דער זעלנער אויסגערופן און זיין פּנים איז בשעת מעשה נאָך רויטער געוואָרן.

שמואל דוד האָט געקוקט אויף זיין ווייב, זיין ווייב האָט געקוקט אויף אים, און ביידנס פּנימער האָבן אויסגעדריקט פאַרוואונדערונג אויף דעם אומגעריכטן און פריילעכן ברוך הבא, וואָס גאָט האָט זיי צוגעשיקט אויף דער פולער וואָך.

— נע, נע... — האָט שמואל דוד אָנגעהויבן צו רעדן צו זיין ווייב אונטער דער נאָז, מחמת גרויס צומישונג, און אויף גיך צוגעמאַכט דעם סידור, און אויף גיך באַהאַלטן דעם ווייַן אונטער איינער פון זיינע פּאָלעס — פרעג שנעלער דעם ערל וואָס ער וויל און ווי ער קומט אַהער...

און חיהלע, נישט לאַנגדיק זיך קיין סך בעטן ; און חיהלע, נאָך זייענדיק צופרידן וואָס זי קען ווייזן איר וואוילקענעוודיקייט, האָט גלייך אָנגעשרויפּט איר מיילכל, אויסגעדרייט דאָס קעפּל צום זעלנער און אים אַ פרעג געטאָן אויף אַן אמתן „רישיש" :

— אַ כטאָ ווי פּוסקאַלי ? האַ ?

און צום מאַן האָט זי אַ זאָג געטאָן :

— ווייסט, שמי'טאָוויד, עפּעס זעט ער מיר אויס קענטלעך, דער גוי. דער רוח ווייסט אים וואו כ'האָב אים ערגעץ געזען...

—האָסט נאָך אַלץ נישט פאַרגעסן דאָס שעלטן, מאַמע ? — האָט דער זעלנער געזאָגט מיט זייער אַ ברייטן און גליקלעכן שמייכל.

— וואועס ? ! — האָט זי געגעבן אַ גלאָץ אויס אַ פּאָר אויגן און אַ לאָז־אַרויס אַ קוויטשל, נישט קיין הויכס און נישט קיין נידריקס, נישט קיין צו־פריילעך קוויטשל און נישט קיין צו־טרויעריק קוויטשל — הערסט עפּעס, שמי׳טאָוויד ? וואָס שטייסטו ווי אַ באַרופענער ? ס׳אי דאָך מאָניק !

און אַליין איז זי געבליבן שטיין מיט די הענט אויף די באָקעס און האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן.

— מאָניק ? ! — האָט שמואל דוד אויסגערופן און פון גרויס איבערראַשונג האָט ער געגעבן אַ פיר פונאַנדער די הענט און דאָס פּלעשל, וואָס הינטער זיין שבתדיקן כאַלאַט, האָט זיך געגעבן אַ גליטש אַרויס פון דאָרטן און אַ פאַל געטאָן צו דער ערד מיט אַ קנאַק.

— קאָניעטשנאָ יאַ מאָניק ! — האָט דער זעלנער אָפּגעענטפערט — איר אוזנאַיעט מיך נישט ?

— אוי, גיטע נאָר אַ קוק, ס׳איז דאָך טאַקע ער ! . . . — האָט שמואל דוד אויסגערופן אויפסניי אַן איבערראַשטער.

און די באָרד זיינע האָט זיך אַזש געגעבן אַ בלאָז־אָן און אַ צוגיי זיך אויף אַלע זייטן, ווי אַ ראָטע סאָלדאַטן אין דער צייט פון מושטירן. אַ בינטל האָר אויף רעכטס און אַ בינטל האָר אויף לינקס; אַ בינטל האָר פאָראויס און אַ בינטל האָר אויף צוריק, צום האַלז־צו. און דאָס קליינע אידישע היטעלע האָט זיך פון זיך אַליין געגעבן אַ פאַררוק, העט, העט אויפן קאָפּ אַרויף.

און פונקט ווי ער פלעגט אויסשטרעקן דעם קאָפּ אין שול אויף וואָסערע דריי־פיר איילן פאָראויס, ווען בוזשע האָט געדאַרפט זינגען אַ סאָלאָ, אַזוי האָט ער איצטער געגעבן אַ ציי־אויס די האַנט אפשר אויף אַן אַרשין און אַ זאָג־געטאָן צו מאָניקן :

— שלום עליכם, דו—דו — — קאַצאַפּ ! . . .

מאָניק האָט אָנגעכאַפּט זיין פאָטערס אויסגעשטרעקטע האַנט און אים אַרומגענומען.

— אָ, פּאַפּאָטשקא, — האָט ער געזאָגט, — ס׳איז אַזוי פריאַטנע דיך צו זען ! . . .

און אים אַ קוש געטאָן אין דער לינקער זייט באָרד.

פון דעם איז שמואל דודן אַזוי דערגאַנגען צום האַרץ, אַז ער האָט קוים געקענט אַ וואָרט אַרויסברענגען פון מויל.

— דו — דו — שייגאַץ איינער ! — האָט ער אים אַרומגענומען און געדריקט צו זיך מיט זיין גאַנצער גבורה — דו לאָבוס איינער ! . . . — האָט ער שטאַרק געפינטלט מיט די אויגן, ווי וועלנדיק

דאָרטן בכיון אויסטריקענען די אָנגעלאָפֿענע פּייכטקייט אין זיי — האָסט גאָרנישט געבענקט נאָכן טאַטן אַזאַ צייט? ...

— כ׳האָב געבענקט, טאַטע. טשעסטנאָיע סלאָווא, ווי כ׳האָב געבענקט ...

— פאַרוואָס־זשע האָסטו נישט געשריבן אַזאַ צייט? ביסט געווען ברוגז? און אַז אַ טאַטע גיט אַמאָל אַ קלאַפּ, דאַרף מען ווערן ברוגז? ... — האָט שמואל דוד נישט אָפּגעלאָזט דעם זון זיינעם.

— זע נאָר ווי ער האָט אים אינגאַנצן צוגעכאַפּט צו זיך ...

— האָט חיהלע זיך ערשט אַ כאַפּ געטאָן — און צו דער מאַמען טאָר ער גאָר נישט צוגיין? ...

— גיטע נאָר אַ קוק ... — האָט זיך שמואל דוד פאַרענטפערט — יעך האָב גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן אָן דיין געטרייער מאַמען ... זי האָט דאָך פּשוט נישט געקענט לעבן אָן דיר די גאַנצע צייט ...

מאָניק איז, אַ שמייכלענדיקער, צוגעגאַנגען צו דער מוטער, זי ארומגענומען און זיך מיט איר צוקושט.

— אוי ווי מיר נישט געשען! — האָט זי אויפגעשריגן — האָסט דאָך מיר שיעור נישט דאָס גאַנצע פּנים צושטאָכן! וואָס וואַקסט דאָרטן ביי דיר אויפן פּנים: האָר, צי שפּילקעס? ... שאַ, שמי׳טאָוויד, זיי שטיל! ... — האָט זי פּלוצלונג אַ וואָרין געטאָן דעם מאַן, ווען זי האָט דערזען דבורהלען ביי דער טיר — זאָג אים נישט ווער זי איז ... לאָמיר זען, צי ער וועט זי דערקענען ...

— דבורהלע! — האָט מאָניק דוקא גלייך דערקענט זיין שוועסטער.

— מאָניק! אָ, מאָניק! ... — איז יענע צוגעלאָפן און אריינגעפאַלן אין זיינע אויסגעשטרעקטע ברייטע אָרעמס.

— עך, טי סיאָסטריטשקאַ מאָיאַ! ... — האָט ער זי געגלעט — ווי גרויס דו ביסט געוואָרן! ווי שיין דו ביסט געוואָרן! ... אָבער זאָג מיר, וואו האָסטו פּאָטיעראַיעט דיינע שיינע האָר? ...

— איך בין געווען שלאַף. — האָט זי געענטפערט, טוליענדיק זיך צו זיין סאָלדאַטישן שינעל.

— יאָ, זי איז געווען זייער שלאַף, די שוועסטער דיינע, — האָט שמואל דוד געזאָגט צום זון. מאָמאַ זעך שוין נישט געריכט אויף איר. נאָר גאָט האָט אונז געהאָלפן.

— טיפוס האָט זי געהאַט. — האָט אריינגעוואָרפן חיהלע — אַ שווערן טיפוס, נישט פאַר די אַנדערע קינדער געדאַכט — טפו! טפו! — האָט זי אַ שפּיי געטאָן אויף רעכטס און אויף לינקס.

— עך, טי קאַראָוואושקא מאָיא!... — האָט מאַניק געגלעט דבורהלען — זי האָט נעבאך געמוזט אזוי סטראַדאַיען...

— ני, טו דעך אוים, בחור, און מאַך דעך היימיש... — האָט דער פאָטער אַן אויפגעלייגטער צו אים אַ זאָג געטאָן — דיין ספּאַלניע ווארט אויף דיר...

— מ'האָט זי ערשט נעכטן געלופּטערט. — האָט די מוטער צו־געגעבן.

מאַניק האָט אַראָפּגעצויגן פון זיך דעם שינעל. דבורהלע האָט אים געהאָלפן. ער איז געבליבן שטיין אין אַ גרינער, געפּאַסטער רו־באַשקע, מיט אַ גלאַנציקן פּאַסיק, ברייטע הויזן און הויכע לאַקירטע שטיוול. ער האָט אויסגעטאָן דאָס זעלנערשע היטל און איז געבליבן שטיין מיט אַ הויכן געגאָלטן קאָפּ.

— האָסט זעך, ווי יעך זע, דאָרטן גאַנץ גוט אויסגעפּאַשעט. — האָט דער פאָטער געזאָגט, באַטראַכטנדיק זיין זון מיט אַ באַהאַלטענער צופרידנקייט.

— ס'האָט דיר דאָרטן, ווייזט אוים, גאָרנישט געפעלט. — האָט אויך די מוטער באַמערקט — אַלצדינג ליגט אויף דיר אַזוי אויסגע־פּאַסט...

— אַזוי האָט דיר פּאָליובעט פּאָניעם קעסט? — האָט דער פאָ־טער אים געפרעגט מיט אַ האַלב־שמייכלענדיקער באָרד.

— מסתמא האָט ער זיך דאָרטן געגנוג אָנגעגעסן מיט חזיר...

— האָט די מוטער מיטגעהאַלטן.

— קוויטשעדיקס רופן מיר עס. — האָבן מאַניקס צוויי רייען ווייַ־סע ציין זיך איצטער מיט איר צום ערשטן מאָל אַ רייץ געטאָן.

— אוי ווי מיר נישט געשען, ער באַרימט זיך נאָך דערמיט!... — האָט די מוטער אַרויסגעלאָזט אַ קוויטשל, אייגנטלעך דאָס ערשטע ביזוויליק קוויטשל זינט ער האָט אריבערגעשפּאַנט די שוועל פונם הויז — און יעך האָב מעך נאָך מיט אים געקושט... — האָט זי זיך אָנגעהויבן רייבן דאָס מויל מיט אַן אַרבל — יעך האָב אָבער באַלד דערשפּירט דעם ריח...

— שפּיי־אוים דעם קוש, מאַמע, וועסטו מער נישט שפּירן דעם ריח... — האָט מאַניק פון איר געלאַכט.

— נע, נע, מיין זון, — האָט שמואל דוד זיך אָנגערופן, — דאַרפסט פונדעסטוועגן אַזוי נישט רעדן צו דיין מאַמען. אַביסל האָט זי, יאַקאָש, נאָך דיר יאָ געבענקט. הלמאי זאָל'עך זאָגן ליגן? זי האָט. יאַקאָש, אַ פּאָר מאָל איבערגערעדט, אַז זי וואָלט דעך שוין געוואָל־

זען. און דו, אָטוואָצקער מאַדאַם מיינע, וואָלסט זען, יאַקאָש, געדאַרפט שעמען אים אַזוי צו באַהאַנדלען. מאַמאַ אים נישט געזען העכער דריי יאָר און איצטער... אייסאַך דאָרטן וואָס פאַר אַ טפשות יעך רעד דאָרטן מיט אַ אידענע...

— מאָלאָדיעץ, פּאַפּאַ! — האָט מאַניק וואוילינגעריש אַ זאָג געטאָן — איך האָב אָבער אַלע מאָל פריזנאַיעט, אַז דו ביסט אַ נאַסטאָ־יאַשטשי כאָזיאַאין. יעי באָג...

— נע, נע, נע — האָט דער פאָטער אים איבערגעשלאָגן, — זייַ נישט אַזוי ווילד, מיין זון. געדענק, אַז דו ביסט איצטער צוריק אַ ציווילנער מענטש און וועסט דאַרפן אוועקוואַרפן די סאָלדאַטסקי שטיק. גיי, טו זעך איבער. כאַפּ אויף זעך אַרויף וואָס דו קענסט. מאָרגן מעטשים על'עך דיר קויפן אַ נייעם גראַניטער. יעך דענק, אַז כ'וועל מיט דיר אַריבערגיין צו מאַיר נאַז. ער, דענק יעך, וועט מעך נישט אָפּנאַרן. און יעי באָגו מיר נישט צופיל, יעך בעט דעך. — האָט ער אים געזאָגט, ווען יענער איז שוין געשטאַנען ביי דער אַלקער טיר — און באַרים זעך אויבעט אַביסל וויניקער מיט דיין קוויטשע־דיקן. עסט מיר דערמיט, יאַקאָש, טאָן אַ גרויסע טובה. פאַרשטייסט מעך? כ'זאָג דיר נישט אַריין קיין דעות, כ'בעט דעך נאָר...

חיהלע זיין ווייב איז געשטאַנען מיט אַ פּאָר אויסגעגלאָצטע אויגן און האָט נישט געוואוסט מיט וואָס צו דערקלערן איר מאַנס פלוצלינג־דיקע רייד. עס האָט איר די גאַנצע צייט געביסן די צונג עפּעס צו זאָגן, אָבער זי האָט פונדעסטוועגן אַביסל מורא געהאַט אים איבערצושלאָגן. ערשט ווען ער האָט געענדיקט און מאַניק איז שוין געווען אין צווייטן צימער, האָט זי צו אים אַזאַ זאָג געטאָן:

—זאָג מיר נאָר, שמי'טאָוויד: ווער איז ער דאָס אַזוינס, דער גרויסער זון דיינער: אַ יעדנעראַל צי אַ פּאָלקאָווניק? כ'לעבן, איין זאַך האָט נאָך געפעלט, אַז זאָלסט פאַר אים אַראָפּנעמען ס'היטל. זינט יעך קען דעך, האָסטו, דאַכט זעך, צו מיר אַזוי נישט גערעדט. מיט וואָס, דערקלער מיר, איז עס דער זון דיינער אַ גרעסערער מיוחס פון מיר? הא?...

— האָסט זייער אַ גערעכטע טענה, מיין ווייב, און יעכל עס דיר דערקלערן מיטן שענסטן פאַרגעניגן. ערשטנס, — האָט ער אָנגעהויבן אויף אַ גמרא ניגון און אַריינגענומען די באָרד זיינע אין דער האַנט אַריין, — איז די מעשה אַזוי: דו ביסט מיין ווייב און ער איז מיין זון. דאָס איז איינס. צווייטנס, מיין ליבהאַרציק ווייב, — האָט ער אויסגעברייטערט דעם ניגון און מיט מער צערטלעכקייט גע־

נומען גלעטן די באָרד, — איז די מעשה, וואָס ער אַנטלויפט פון מיר, ווען יעך וויל עס נישט, און דו אַנטלויפסט נישט פון מיר, ווען יעך וואָלט עס דוקא זייער און זייער און זייער געוואָ־האָלט... היינט פרעג יעך ביי דיר, מיין ליבהארציק ווייבעניו, צי דו קענסט עס שוין מיט דיין קליינטשיק קעפעלע פאַרשטיין... וואָס זאָגסטו, דבורה? — האָט ער זיך געווענדט צו זיין מיטלסטער טאָכטער, וועלכער ער האָט דוקא זייער ליב געהאַט, ערשטנס, דערפאַר ווייל זי איז, מיט איר גוט־מוטיקייט און גוטהארציקייט, מער געראָטן געווען אין אים ווי אין דער מאַמען, און, צווייטנס, ווייל זי איז נאָר־וואָס געהאַט אויפגעשטאַנען פון אַ געפערלעכער קראַנקהייט — בין יעך אַן אמתדיקער מענש, צי נישט? זאָג, האָב נישט קיין מורא!...

— דער טאַטעשי וועט מיר אַנטשולדיקן. — האָט דבורהלע גע־ענטפערט מיט אַ באַהאַלטענער צופרידנקייט — איכל בעסער גיין צו וויסן טאָן סאַלטשען און שבעלען, אַז מאָניק איז געקומען.

— און וואו זענען זיי דען? — האָט שמואל דוד געפרעגט.

— זיי זענען אודאי אויפן שפּאַציר. איכל זיי געפינען.

— און בוזשעלען מעגסטו אויך צו וויסן געבן. —האָט אַריינגע־זאָגט חיהלע — 'שקשה, מאָניק איז אַזוי זיין ברודער, ווי דיינע שוועס־טערס...

חיהלעס באַציאונג צו מאָניקן האָט זיך איבער דער צייט קיין סך נישט געהאַט געענדערט. לויט איר באַגריף, איז ער נאָך אַלץ געווען דער פלעק אין דער משפּחה. זיין פריערדיק חברן זיך מיט די ציצי־ליסטלעך, באַזונדערס מיט דעם שניידער־יונג הענאָך, און זיין שפּע־טערדיק אַוועקגיין דינען, האָט אַזוי ביטער פאַרשעמט איר בעדערשן יחוס, אַז זי האָט עס אים בשום אופן נישט געקענט מוחל זיין. ווי אַ שווערער, בייזער גלאָק האָט ער געהאַלטן אין איין קלינגען אין אירע אויערן, אין איין וועקן זי, אין איין דערמאָנען, אַז זי איז נישט מער ווי חיהלע סענדער איטשע דעם בעדערס טאָכטער און נישט די צו־פּיעשטשעטע און צוקראָכענע מאדאַם בעלענאַ ריינאַרסקי מיט דעם זגראַבנעם שיקעלע, מיט דעם געמאַכטן גוידערל, מיט דעם אַנשטע־לערישן גענגעלע, מיט די אָטוואָצקער ריידעלעך. יאָ, ווי אַ גואל הדם איז ער איר כסדר געשטאַנען צוקאָפּנס און איר נישט געגעבן קיין רו און איר באַין אופן נישט געלאָזט אַריינלעבן זיך אין דעם נייעם לעבן אירן, אין דעם נייעם שטאַנד.

אַ חוץ דעם, האָט זי גלאַט געפילט, אַז מאָניק האָט זי נישט ליב ווי אַ זון דאַרף ליב האָבן אַ מאַמען. אַז ער האָט זי נאָך, האָט זיך

איר געדאַכט, גאָר פיינט אויך. זי האָט דאָס באַשיינפּערלעך אַרויס־געזען ביי אַ סך פאַלן. זי האָט דאָס אַפילו וויפל מאָל אויפגעוואָרפן דעם מאַן אירן, גלייך ווי יענער וואָלט געווען שולדיק אין דעם זונס שנאה צו איר.

— שמי'טאָוויד, —האָט זי געהאַט אַ טענה צום מאַן, — דער זון האַסט מעך, שמי'טאָוויד...

— וואָס־זשע קען יעך דיר טיהין? — פלעגט דער מאַן אירער געוויינטלעך ענטפערן — ווילסט יעך זאָל אים שרייבן, אַז ער זאָל דעך ליב האָבן? זייער גוט. יעכל עס פאַר דיר טיהין. פאַר אַזאַ ווייב ווי דו וועל'עך אַלצדינג טיהין. אָט זעץ יעך מעך שוין אַוועק אָנשרייבן אַ בריוו מאָניקן, אַז ער זאָל למען השם, זען תיכף ליב צו קריגן זיין מאַמען...

און חיהלע האָט זיך טאַקע נישט געגאַרט. דאָס דאָזיקע חיהלע איז שוין גאָר נישט געווען קיין נאַריש חיהלע. מאָניק איר זון האָט צו איר אַרויסגעוויזן גאָר אַ קנאַפּן געפיל. אין יעדער זאַך האָט זי עס אַרויסגעזען. אַפילו אין די בריוו, וואָס ער פלעגט אַמאָל אין אַ מיטוואָך אַהיימשרייבן, האָט זי עס אַרויסגעזען. „צו מיינע ליבע על־טערן", פלעגט ער טאַקע אין סאַמע אָנפאַנג שרייבן. אָבער באַלד האָט ער אָן דעם פאַרגעסן. באַלד האָט ער געביטן דעם טאָן און איז איבער־געגאַנגען צום פאָטער אַליין. „איך קען דיר שרייבן, ליבער פאָטער", פלעגט ער זי באַלד לאָזן שטיין, „אַז ס'איז מיר דאָ ביי די זעלנער נישט שלעכט. איך אַרבעט אין שיוואַלנע און ס'איז מיר גאַנץ גוט. דאָס וואָס כ'האָב מיך אייסגעלערנט נייען ביי כאַזקעלע שניידער, קומט מיר דאָ גאַנץ גוט צונוץ. ס'איז מיר דאָ, ליבער פאָטער, אין אַלגע־מיין גאַנץ גוט. אויף אוטשעניעס גיי איך זעלטן און אויף מאַניעוו־רעס וועט מען מיך, רעכן איך, אינגאַנצן נישט נעמען, און דאָס איז אַלץ דערפאַר ווייל איך האָב מיך ביי כאַזקעלע שניידער אויסגעלערנט נייען. אַרבעט איך איצטער דערפאַר אין שיוואַלנע. וואָס מאַכסטו, ליי־בער פאָטער, און די קינדער? אַ גרוס דער מאַמען. זאָרג נישט. מיר איז דאָ גאַנץ גוט. כ'בענק נישט אַהיים. די קינדער וואָלט איך שוין יאָ געוואָלט זען. זיי מוזן שוין זיין גרויסע מיידלעך. און בוזשע, שרייבסטו מיר, איז גאָר געוואָרן אַ גאַנצער קנאַקער אין שול! איך, ווי דו ווייסט, ליבער פאָטער, גלייב נישט אין די זאַכן. אָבער די צייט וועט איבערלויפן און מירן זיך אַלע זען בשלום. מיר איז נישט שלעכט ביי די זעלנער, טאַטע. דאַרפסט נישט זאָרגן. דיין זון מאָניק.

פּ. ס.

א גוטע נאַכט, טאַטע. כ'גיי שלאָפן. לייז אַ סך געלט.

דער זעלבער.

יאָ, חיהלע האָט גוט געקענט די דאָזיקע בריוו. זיי זענען איר גוט געלעגן אין די ביינער. „אַ גרוס דער מאַמען". דאָס אַלץ וואָס ער קען ווענן איר שרייבן. דער גאַנצער בריוו גייט צום טאַטן. אפילו אויף די קינדער פרעגט ער זיך נאָך עטלעכע מאָל. און ווענן איר גאָר־נישט. „אַ גרוס דער מאַמען".

אָבער דעם מאַן אירן האָט זי פונדעסטוועגן נישט געקענט פאַר־שטיין. ווי אַזוי קען עס אַ טאַטע אַזוי גיך פאַרגעסן אַזאַ עולה פון אַ זון ? אַזוי צו פאַרשוואַרצן דאָס פּנים, ווי מאָניק האָט אים פאַר־שוואַרצט פאַר דער וועלט, איז דאָך גאָר נישט געהערט געוואָרן. און וואו ס'האָט זיך צו אים פּלוצלינג גענומען אַזאַ גוטסקייט, ווייסט זי נישט, ניין. אכיבע, האָט חיהלע געטראַכט, ס'איז דערפאַר וואָס דער מאָניק איז אַזוי געראָטן אין אַרעלען. זיין ברודער אַרעלען, מיינט זי. יענער איז מסתמא אויך געווען אַזאַ טרייפנאַק ווי דער. יענער איז מסתמא אויך געווען אַזאַ גוי ווי ער. האָט זי דעריבער נישט געקענט פאַרשטיין דעם מאַן אירן, וואָס ער, אַ פרומער איד, זאָל זיך אַזוי צוריסן דעם לעטניק פאַר אַ משומד־לאַכעם (להכעים).

באַזונדערס האָט איר געקלאַפּט דאָס האַרץ פאַר זיין קומען. זאָגן אינגאַנצן, אַז זי האָט אים נישט געוואָלט זען, וואָלט זי נישט געקענט. אַביסעלע נייגעריק אים צו זען נאָך אַזאַ צייט איז זי געווען. אַ טראָ־פּעלע מוטער־ליבע האָט זיך נאָך ערגעץ געהאַט פאַרוואַלגערט אין איר ביטער הערצל. דער געדאַנק אָבער, אַז ער קומט צונעמען דעם טאַטנס ליבע, אַ ליבע, וואָס עס קומט לויט איר מיינונג, בלויז בוזשעלען און מער קיינעם נישט, — אָט דער געדאַנק האָט, ווי אַ שטאַרקער זשאַווער, אויפגעפרעסן יעדן געפיל פון מוטערלעכקייט און נייגיר.

---

ביי שמואל דודן אין וואוינונג איז געווען ליכטיק און טומלדיק. אַלע שטיבער זענען געווען באַלויכטן פון גרויסע בליץ־לאָמפּן און קאַנדעליאַברעס. די דינסט איז געווען שטאַרק פאַרנומען. זי איז אַרומגעלאָפן אַהין און צוריק, פון קיך אין דער סאַליע, וואו עס זענען געווען פאַרזאַמלט אַ סך מענטשן, און פון דער סאַליע צוריק אין קיך אַריין. זי האָט אַריינגעבראַכט און אַוועקגענומען איין געריכט נאָכן אַנדערן. שמואל דוד איז אַרומגעגאַנגען אינם שטוביקן כאַלאַט, מיט דער יאַרמלקע אויפן קאָפּ, אַ פריילעכער, אַן אויפגערוימטער, און האָט

אונטערגעגעבן קוראַזש דער דינסט, אַז זי זאָל דערלאַנגען נאָך און נאָך געריכטן צום טיש. און חיהלען, זיין ווייב, וועלכע איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ זויער פּנימל, מיט אַן איינגעשרומפּן מיילכל, מיט אַ בייז־אָנגעצויגן נעזל, בכלל מיט אַ מינעלע נאָר צום חלשן, — איר האָט ער אויך אַלע ווײַלע אַ מינטער געטאָן שטילערהייט:

— ני, אָבער דו זעסט קיין עין הרע אַן עולם? ביסט כאָטש אַ מבין אויף דעם וואָס פאַר אַ נאָמען שמואל דוד לעדערקרעמער האָט? אַ שעה צייט נאָכדעם ווי זיין זון קומט פון די זעלנער, און אַ האַלבע שטאָט ווייסט שוין דערפון...

שמואל דוד האָט געוואוסט, אַז זיין ווייב איז שטאַרק נישט צופרידן פון דעם גאַנצן עסק. שמואל דוד האָט פאַרשטאַנען, און געזען, אַז זי גייט אַרום מיט אַן אָנגעלאָדן געמיט, נאָר אויסצושיסן. ער האָט געוואוסט וואָס עס דריקט איר אויפן האַרץ. עטלעכע זאַכן אויף אַמאָל האָבן זיך איצטער אַוועקגעלייגט אויף איר קליין נשמהלע. ערשטנס, זיין פרייען זיך איבער מאָניקן. צווייטנס, מען פאַרשמוצט איר די דירות. „גיטע נאָר אַ קוק ווי מען איז זיך עס אַביסל אָנגעלאָפן אויפן גרויסן וואונדער! ... מיט נאַסע שיך, מיט נאַסע שטיוואַליעס, איז מען זיך אָנגעלאָפן אים הערן דרשענען. אים, מיינט זי, דעם פּאָניע־קאַפּוסטע...“ זי ווייסט נישט וואָס אַזוינס ער האָט צו דערציילן. און מען זיצט אַרום, און מען הערט זיך צו, און מען שלינגט יעדעס וואָרט. מ'איז זיך פּשוט מחיה, איז מען זיך...“

וואָלט שוין אַלץ געווען נישקשה, ווען זיי עסן נישט אַזוי פיל. ניין, האַלטן זיי די גאַנצע צייט אין איין עסן, האַלטן זיי די גאַנצע צייט אין איין טרינקען, און אין איין רויכערן. זיי האָבן שוין אפשר צען פודלעס מיט גילזעס אויסגערייכערט...“

יאָ, ער האָט געוואוסט, שמואל דוד, אויף וועלכן אָרט עס האָט זי געקוועטשט. און די מעשה האָט אים אַזוי שטילערהייט גוט פאַרדראָסן. „אַזאַ מכשפה פון אַ אידענע“, האָט ער געטראַכט, „אַזאַ מרשעת פון אַ אידענע — קעגן אַן איינגן קינד איז דאָס אַזוי־אַ אש להבהדיק! די גאַנצע וועלט וואָלט עס נאָר געוואָלט פאַרשלינגען מיט איר קליין מעגעלע. אַי, איז דאָס אַ מציאה פון אַ אידענע!“ — האָט ער כמעט ווי אויסגעשריגן אויפן הויכן קול. אָבער ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן. צו וואָס זאָלן מענטשן וויסן ווער זי איז אַזוינס? גענוג, אַז ער אַליין ווייסט דאָס. איבערגענוג...

און דער עולם, וואָס איז באַשטאַנען פון שכנים, שכנות און סתם גוטע פריינט, איז דערווייל געזעסן און געשטאַנען אין דער סאַליע און

פאַרזוכט פון כיבוד, וואָס חיהלע האָט באַין ברירה געמוזט דערלאַנגען. זי האָט נאָך געמוזט פון צייט צו צייט אַרומגיין צווישן די געסט און מיט אַ זויער קולכל און אַ צוגעפאַרבט שמייכעלע אויפמונטערן זיי צו עסן, צו פאַרזוכן דאָס איינגעמאַכטס, צו טרינקען... איר פּנים איז געווען זשאַבעדיק גרין פון ערגערניש. שמואל דוד איר מאַן האָט טאַקע אינצווישן דרינען, אַ קוק טוענדיק אויף איר, צו זיך אַ טראַכט געטאָן, אַז טאָמער וועט זי שוין, יאַקאָש, היינט נישט פּלאַצן, וועט זי שוין זיכער דערלעבן משיחן... מאָניק איז געזעסן אין דער רובאַשקע, מיט אַן אויפגעלאָזענעם פּאַסיק (ער האָט קיין ציווילן אָנצוג אויף זיין מאָס נישט געקענט געפינען צווישן דעם פאָטערס מלבושים). די פּאַגאָנעס האָבן אים צוגעגעבן אַ סך געוויכט אין די אויגן פון די אַרומזיצנדיקע. אידן האָבן אַלע מאָל געהאַט גרויס דרך ארץ פאַר מיליטערישע קליידער. אַ דרך ארץ געמישט מיט מורא איז׳ס געווען. אידן האָבן צו־אָפּט געהאַט די געלעגנהייט צו פילן די מאַכט פון אַ מיליטערישן אוניפאָרם... האָט מען דערפאַר מאָניקן געקוקט אין די אויגן און אין מויל אַריין. ער האָט זיי דערציילט פון טיף ראָסעי, וואו ער האָט געדינט. אין זיין שטאָט, האָט ער זיי דערציילט, וואו ער איז געווען אויף סלוזשבע, איז ווינטער אַזוי קאַלט, אַז ווען מען גיט אַ שפּיי־אויס אַ שטיקל שפּייעכץ פונם מויל, ווערט עס גלייך פאַרפרוירן און ביז עס פאַלט אַראָפּ אויף דער ערד, איז׳ס שוין פאַרוואַנדלט אין אַ שטיק אייז. און אַ סך אינטערעסאַנטע און טשיקאַווע זאַכן האָט ער זיי דערציילט וועגן די אוטשעניעס, וואָס עס איז ביי אים שווער געווען צו דערגיין אַ טאָלק, צי ער אַליין האָט זיי אויך מיטגעמאַכט, צי נישט. ער האָט דערציילט ווי אַ סך אידישע זעלנער, באַזונדערס די, וועלכע קומען פון די גאָר קליינע שטעטלעך, קענען קיין רוסיש נישט רעדן, און זיי פאַרשטייען די ערשטע צייט כמעט גאָרנישט וואָס דער „סטאַרשי" רעדט צו זיי. מען הייסט זיי לויפן, שטייען זיי. מען הייסט שיסן, לויפן זיי. אַנטיסעמיטן מאַכן זיך לוסטיק איבער די־אָ רעקרוטן. אַ ווזוואָדנע אָדער אַ פעלדפעבל קען מיט זיי טאָן אַלץ וואָס זיין האַרץ גלוסט. איין גליק כאָטש וואָס אַ טייל פון די דאָזיקע אומגליקלעכע ברענגען־מיט אַביסל געלט אויף סלוזשבע, אָדער מען שיקט זיי צו פונדערהיים. אַניט, וואָלט אפשר קיין איינער פון זיי נישט צוריקגעקומען קיין לעבעדיקער צו זיינע אייגענע.

אידן האָבן דאָס אויסגעהערט און געצופּט די בערד פון גרויס חידוש און מיטגעפיל צו די אַריינגעפאַלענע נעבאַך. די אידענעס האָבן כסדר געהאַלטן אין איין סמאָטשקען מיט די ליפּן און שאָקלען מיט די

קעפּ — אויך פון חידוש און באַדויערן. מען האָט אים געשטעלט פראַגעס, אַלערליי פראַגעס זענען דאָס געווען: צי ער האָט אַמאָל גע־זען דעם קיסר, צי דעם נאַטשאַלניק. זיי האָבן געהערט, אַז די זאַמאָשטשער אידן, אַז דער נאַטשאַלניק איז גאָר אַ קראַנקער, און ווען ער קומט מיטן קיסר אויף אַ „סמאָטר", האַלט ער אים אויף דער האַנט, דער פאָטער, דער סאַמאָדיערזשאַוויעץ. איז דאָס, הייסט עס, אמת, צי נישט? — האָבן זיי, אָן שום תירוץ, געוואָלט וויסן פון מאָניקן. זיי האָבן אויך שוין, אין איין וועגס, געוואָלט וויסן, צי מוז מען טאַקע עסן טרפות ביי די זעלנער. און, ווען ס'קומט אַמאָל אַ אידישער יום טוב, צי לאָזט מען זיי, די אידישע סאָלדאַטן, אָפּ צו גיין אין שול אַריין... און וויפיל זשאַלאָוואַניע, אַ שטייגער, קריגט אַ פּאָדפּראָפּאָ־שטשיק? הא, מאָניק?...

און מאָניק האָט זיך נישט געלאָזט קיין סך בעטן. ער האָט גע־רעדט, פריי געלאָזט זיין צונג, וואָס ביי די זעלנער האָט זי מסתמא גע־מוזט ליגן אַ געבונדענע אין מויל. ער האָט גערעדט אידיש מיט אַ סך רוסישע ווערטער און די אידן האָבן דערפאַר פאַר אים געהאַט גרויס אָפּשיי און די ווייבער האָבן קוים פאַרשטאַנען וואָס ער האָט גע־זאָגט. ער האָט אַ סך מאָל גענוצט די ווערטער ווסיאָ טאַקי און דאָס וואָרט קאָניעטשנאָ און די פראַזע טשטאָ זאַ וואָפּראָס. ער האָט גע־האַלטן אין איין שוויצן, מאָניק. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין ווישן דעם שווייס פונם פּנים. שמואל דוד האָט דאָס באַמערקט און גע־טראַכט ביי זיך, אַז מי יודע וויפיל חזירים עס ליגן שוין ביי זיין זון אין בויך, וואָס ער ווערט יאַקאַש אַזוי באַגאָסן מיט דער סאַדלע...

אַ חוץ די פרעמדע מענטשן, זענען אויך געווען שמואל דודס אַלע קינדער אין שטוב. אָבער צוליב דער מאַסע געסט, געבעטענע און אומ־געבעטענע (מערסטנס טאַקע אומגעבעטענע), האָט מען זיי כמעט נישט אַרויסגעזען. זיי זענען געזעסן אין די ווינקעלעך פאַררוקט און דורך אַ שפּאַרע צווישן איין פּלייצע און דער אַנדערער, דורך אַ שפּעלטל צווישן איין קאָפּ און דעם אַנדערן, האָבן זיי אַריבערגעקוקט צו מאָ־ניקן און באַגלייך מיט אַלע זיך צוגעהערט צו זיינע מעשיות. די גע־זונטע און ערדישע סאַלטשע איז געשטאַנען ביי דער טיר, אַ גרייטע אויף דער מוטערס רוף זי זאָל איר אַרויסהעלפן און מיט אַ שמייכ־לענדיק, צופרידן פּנים האָט זי אַריבערגעקוקט צו מאָניקן און זיך צו־געהערט צו דעם וואָס ער האָט דערציילט. אַזוי האָט עס אייגנטלעך אויסגעזען. אין דער אמתן האָט זי זיך מער צוגעהערט צו דעם וואָס איר אייגן בינטל געדאַנקען האָט איר געהאַט צו זאָגן. סאַלטשע איז

שוין געווען אַ כלה. אין דריי חדשים אַרום האָט געדאַרפט זיין די חתונה. איז זי איצטער און נישט נאָר איצטער, נאָר אַלע מאָל און אומעטום געשטאַנען און זיך פאַרגעשטעלט די גליקלעכע שעה... פון דעם חתן האָט סאַלטשע נישט אַזוי פיל געטראַכט, ווי פון דער חתונה גופא. אַלע אידישע טעכטער אין די קליינע שטעטלעך חלומען פון אָט דעם חתונה־טאָג אַלע מיידלשע יאָרן זייערע. אויך זי איז אין דעם נישט געווען קיין אויסנאַם. זי האָט זיך פאַרגעשטעלט די חתונה, מיט דער חופה, מיט די קלעזמאָרים, מיט די קאָלירטע ליכט־לעך, מיט די פאַרביקע טענץ, מיט דער גאַנצער פייערדיקער שטימונג, וואָס זי האָט נישט איינמאָל צוגעקוקט און בייגעוואוינט ביי אַנדערע מיט אַ גרויסער קנאה אין איר הארץ. אָך, ווי זי האָט געוואונטשן עס זאָל שוין האַלטן ביי איר. אָך, ווי זי האָט שוין געוואָלט דערלעבן די שעה... איצטער האָט זי עס שוין באַלד דערלעבט. נאָך אַ וואָך, נאָך אַ חודש... אָבער פאַרוואָס ציען זיך עפּעס די טעג אַזוי לאַנג? קיינמאָל פריער האָבן זיך די טעג אַזוי לאַנג נישט געצויגן...

דעם חתן אירן האָט זי סך הכל געזען איין איינציק מאָל. אַ שטילער זעט ער אויס צו זיין, אַ שעמעוודיקער. ער איז נישט קיין היגער. אַ וואָסלאָוויצער איז ער. אַ וואוילקענעוודיקער, זאָגט מען. נישט קיין נאַר, זאָגט מען. אַלץ זאָגט מען. זי אַליין ווייסט גאָר־נישט. פון וואַנען זאָל זי וויסן? איין איינציק מאָל האָט זי אים געזען. קיין שיינער איז ער, דאַכט זיך, אויך נישט. ניין, קיין שיי־נער איז ער נישט. זי ווייסט נישט פאַרוואָס, אָבער דאָס פּנים זיינס איז עפּעס פון אַזאַ סאָרט, וואָס ציט נישט צו צו זיך. אָבער פונ־דעסטוועגן וואָלט זי געוואָלט, אַז די צייט זאָל געבן אַ לויף־איבער. די קאָלירטע ליכטלעך, די פאַרביקע טענץ, דאָס באַזינגען די כלה, דאָס באַזינגען דעם חתן, די משפּחה... יאָ, דער חתן, נחמן הייסט ער, איז נישט קיין שיינער, אָבער זי וואָלט שוין געוואָלט, אַז די צייט זאָל פונדעסטוועגן געבן אַ לויף־איבער...

די גוטמוטיקע דבורהלע איז געזעסן אויפן בעט, אפשר אויף פיר קישנס און „יאַשיקלעך", כדי זי זאָל קענען זען דעם ברודער אירן. זי האָט מסתמא מאַניקן ליבער געהאַט ווי יעדן איינעם אין הויז. ווייל פּונקט ווי זי, איז אפשר מאַניק דער איינציקער וואָס איז שטענ־דיק גוט געשטימט, תמיד פריילעך און אויפגעלייגט, אָן קאַפּריזן און נערוועזע אויסברוכן, ווי עס באַזיצן שבעלע און בוזשעלע און וואָס זיי האָבן עס איבערגענומען ביי דער מאַמעשי. דעם פאָטער האָט דבורהלע אויך ליב געהאַט. אָבער צווישן אים און איר איז געווען אַ

גרעניץ, אַ מהלך. זי האָט פֿאַר אים מורא געהאַט. ניין, זי איז נישט זיכער, צי מען קען דאָס טאַקע אָנרופֿן מורא. פֿאַרוואָס זאָל זי טאַקע מורא האָבן פֿאַרן טאַטעשי? ער שלאָגט זי דען אַמאָל? ער שרייט דאָך כמעט אויף איר קיינמאָל נישט. טאַקע, פֿאַרוואָס זאָל זי פֿאַר אים מורא האָבן? אפשר איז דאָס גאָר אַ רעספּעקט אַזאַ גרויסער וואָס זי האָט פֿאַר אים? ער איז תמיד אַזאַ פֿאַרנומענער, שטענדיק אַזאַ פֿאַרדאַגהטער. יאָ, ער אַרבעט זייער שווער, דער טאַטעשי. און פֿאַר וועמען אַרבעט ער? פֿאַרוואָס אַרבעט ער? כדי די מאַמעשי זאָל קענען פֿאָרן אויף דאַטשעס? כדי צו זאַמלען נדנים פֿאַר די טעכטער? ער זאָגט דאָס אַליין, דער טאַטעשי. ווען ער קריגט זיך מיט דער מאַמעשין, זאָגט ער עס. און זי דענקט, אַז ער איז גערעכט. יאָ, אַזוי דענקט זי, דבורהלע. איין מענטש, מיינט זי, באַדאַרף נישט אַרבעטן פֿאַר אַלע.

איר שוועסטער סאַלטשען האָט זי אויך נישט פֿיינט. אויך מיט איר איז גרינג דורכצוקומען. בלויז מיט שבעלען איז נישט גרינג דורכצוקומען. און בוזשעלע, כאָטש ער איז גאָר אַן אַנדערער מענטש ווי ער איז געווען אין די יונגע יאָרן, איז ער אָבער אינגאַנצן ווי אַ פֿרעמדער צו איר און צו די אַנדערע אין הויז. ער איז גאָר עפּעס ווי פֿון אַן אַנדערער וועלט.

שבעלע איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אינם קרעדענץ, פֿון וועלכן עס האָט אַרויסגעבליאַנקט אַלערליי טייערע געפֿעסן, און זי האָט אַריבערגעקוקט צו מאָניקן. זי האָט נישט געקענט זען זיין פּנים, ווייל ער איז געזעסן מיט דער פּלייצע צו איר. אַן אמת סאָלדאַטישע פּלייצע איז דאָס געווען: ברייט און פֿעסט געבויט. זי האָט געזען זיין קאַרק. אַ רויטער, אויסגעפּילטער קאַרק, מיט קורצע געשווירענע האָר. און צווישן די האָר — גלאַנציקע שווייסעלעך.

זי איז געשטאַנען און האָט זיך צוגעהערט צו זיין שטים. אָבער זיינע רייד זענען איר נישט אַריין אין האַרץ. עפּעס האָט איר די שטים געקלונגען פֿרעמד און זי געלאָזט אינגאַנצן קאַלט. און זיין נייע, מאָדנע אויסשפּראַך, מיט אַן אַ שיעור רוסישע ווערטער, האָט אין אירע אויערן אָפּגעשלאָגן מיט אַ פֿאַלשן קלאַנג. ווסיאָטאַקי מיט פּאָזשאַלויסטאַ מיט קאַק־לי. צו וואָס דאַרף ער אָט די אַלע ווערטער האָבן? — האָט זי געטראַכט. און פֿאַרוואָס שוויצט ער עפּעס אַזוי פֿיל? און די אַלע מענטשן דאָ, די אידן מיט די בערד, די אידענעס מיט די שייטלען, — צי מוזן זיי עס טאַקע וויסן וועמען

ס'איז יאָ גוט ביי די זעלנער און וועמען נישט? וואָס איז זייער דאגה וויפיל איינער קריגט זשאַלאָוואַניע?...

דאָס מאָרדעלע איז געווען ביי איר אָנגעשפּיצט, ווי ביי אַ מענטש, וואָס איז שטאַרק איינגעגלויבט אין זיך. און שבעלע האָט טאַקע פון זיך אַ סך געהאַלטן. זי איז געווען זייער קריטיש צו מענטשן. זי האָט נאָך איצטער, ביי איר זעכצנטן יאָר, כמעט נישט געהאַט קיין חברטעס. נישט אַבי ווער איז איר געפעלן, און די, מיט וועלכע זי וואָלט שוין יאָ געגאַנגען, האָבן אַמאָל געוואָלט האָבן אַן אייגענע מיינונג אויך, האָבן אַמאָל געוואָלט אַרויסרעדן אַ וואָרט פונם אייגענעם געדאַנק אַרויס. און דאָס האָט שבעלע נישט דערלאָזט. דאָס איז געווען קעגן איר כאַראַקטער. אירס אַ חברטע האָט געמוזט זיין ווי זי אַליין. טראַכטן און האַנדלען פונקט אַזוי ווי זי, שבעלע, וואָלט געטראַכט און געהאַנדלט. אָבער זי אַליין האָט זיך פונדעסטוועגן איבערגעלאָזט דאָס רעכט צו טראַכטן און האַנדלען נאָר ווי זי אַליין האָט געוואָלט.

איז זי טאַקע מערסטנס געווען אַליין, פונקט ווי איר ברודער בוזשעלע. בלויז אַמאָל אין אַ שבת נאָכמיטיק, אין אַ זעלטענעם פאַל, פלעגט זי אַרויסגיין שפּאַצירן מיט אַ חברטע, וואָס איז יאָ געווען אַ חברטע און נישט געווען קיין חברטע, אָדער מיט עטלעכע. דאָס האָט זי, אַזוי גוט ווי זיי, געמאַכט אַ קאָמפּראָמיס. מען קען דאָך נישט אַלע מאָל זיין אַליין, און צו דער האַנט איז דערוויל קיינער נישטאָ, גייט מען דערוויל מיט דער, גייט מען דערוויל מיט יענער. שבעלע איז געווען שיין און שלאַנק געוואַקסן, העכער פון די מערסטע מיידלעך, מיט וועלכע זי איז געגאַנגען, אָבער אַפילו אַנטקעגן די, וועלכע זענען יאָ געווען עטוואָס העכער פון איר, האָט זי אויך געוואָלט זיין אַריבערגעוואַקסן. האָט זי דעריבער שפּאַצירט מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, אַ צו־הויך פאַרריסענעם קאָפּ, כמעט אַזוי ווי איר מוטער חיהלע. און כאָטש זי איז געווען שיין און גראַציעז און זי האָט דאָס גוט געוואוסט, האָט זי כסדר געוואָלט אויסזען וואָס שענער און וואָס גראַציעזער. אירע כלומרשטע חברטעס האָבן דאָס געפילט און זענען אויף איר געווען אויפגעטראָגן דערפאַר און זיי האָבן שטילערהייט קעגן דעם פּראָטעסטירט. און די שטאָטישע אינגלעך, וועלכע האָבן געהאַט אַ טבע צו פאַרטשעפּען זי און די אַנדערע מיידלעך, האָבן זיך טאַקע מערסטנס אָפּגעשטעלט אויף איר. ווייל אויסער דעם, וואָס זי איז טאַקע געווען שיין, האָט זי נאָך דערצו פאַרמאָגט אַ באַזונדערן חן, וואָס האָט זיי, די שטאָטישע אינגלעך,

נישט געלאָזט רוען. עס קען זיין, אַז גאָר אַ סך פון איר חן און רייץ איז געלעגן אין איר שטאָלץ, אין דעם וואָס מען האָט צו איר נישט געקענט צוטרעטן. זי האָט די אינגלעך פון זיך געטריבן, געזאָגט די חברטעס אירע, אַז זי קען זיי נישט אָנקוקן. זי האָט זיי פיינט. פו, ווי זי האָט זיי פיינט! אָבער אין זיך האָט זי געוואוסט, אַז דאָס איז נישט אמת. נישט נאָר האָט איר הנאה געטאָן וואָס זיי זענען איר נאָכגעלאָפן, נאָר ווען זי שעמט זיך נישט, רעדט זי צו זיי, גייט מיט זיי שפּאַצירן און פירט מיט זיי ראָמאַנסן.

אָבער זי האָט דאָס נישט געטאָן. עס האָט איר נישט געפּאַסט. אַ חוץ דעם, קיין איינער פון אָט די אַלע אינגלעך איז איר נישט גע־פעלן אַזוי שטאַרק. ווי קומען זיי צו איר? ווי קומט זי צו זיי? זי איז דאָך עפּעס שבעלע, שמואל דוד דעם גבירס טאָכטער, דערצו נאָך אַזאַ שיינע (נאַטירלעך, אַז אַזאַ מיידל ווי זי, האָט זיך פילפּאַכיק אי־בערגעשאַצט), דערצו נאָך אַ קלוגע, דערצו נאָך, און דערצו נאָך, און דערצו נאָך...

דערפאַר אָבער האָט זי זיך געלאָזט פרייגיין בײנאַכט, ווען זי איז געבליבן אַליין אויף איר געלעגער. דאָ, אין איר אייגן צימער, אין איר אייגן בעט, האָט זי געקענט אויסחלומען וועמען זי האָט אַליין געוואָלט. זי האָט געקענט אויספאַנטאַזירן אַ געליבטן פון די הימלען און זיך מיט אים אַוועקלאָזן אויף אַ רייזע אין די וואָלקנס, רייטן אויף זיי, שפּרינגען איבער זיי, דורכברעכן טירן, אַריינרייסן זיך אין די פאַרבאָרגענע הימלישע אַלייען, אויפזוכן דאָרטן אַ פּאָר בלאָנדזשענ־דיקע נשמות און זיך אַוועקלאָזן מיט זיי הוליען און טאַנצן, נאָכדעם אָנכאַפּן אַ וואָלקן, אָפּברעכן פון אים אַ שטיק, אַרומוויקלען עס אַרום האַלז, טראָגן אַ קראַנץ, אַזאַ וועלכן קיינער זאָל נישט באַמערקן, אוי־סער איר אייגענעם געליבטן, אַ וואָלקן־קראַנץ... ווי שיין דאָס איז! — פלעגט זי אַזש אויפשרייען פון באַגייסטערונג פון איר חלום אַרויס. ווי אַנדערש, ווי ניי! קיינער, קיינער האָט נאָך אַזאַ קראַנץ נישט געטראָגן. קיינער, קיינער וועט עס נישט קענען נאָכמאַכן. זי וועט זיין איינע, איינע פון אַלע, איינע פון דער גאַנצער וועלט...

שבעלע פלעגט ליב האָבן צו שלאָפן אַליין. דאָס איז געווען דערפאַר ווייל זי האָט געוואָלט קענען אומגעשטערט חלומען וועגן אָט די אַלע אומגעוויינלעכע זאַכן. אָבער פון זינט איר שוועסטער סאָל־טשע איז אַ כלה געוואָרן, האָט איר פּלוצלונג אָנגעכאַפּט אַ חשק צו ווערן איר ביישלעפערין. דער פּשוטער, נישט איבעריק קלוגער סאָל־טשען האָט עס געוואונדערט.

— וואָס ביסטו עפּעס ראַפּטום אַזוי פאַרליבט געוואָרן אין מיר?

— האָט זי געפרעגט איר זעכצן־יאָריקער שוועסטער מיט די מאָדנע געגנגעלעך, וועלכע זי האָט אַ סך מאָל נישט געקענט פאַרשטיין.

שבעלע, וועלכע האָט זעלטן געזאָגט דעם אמת, אַ סך צוליב דעם ווייל זי האָט נישט געוואָלט און נאָכמער דערפאַר ווייל זי האָט פּשוט נישט געקענט, ווייל זי האָט געלעבט אין אַן אויסגעטראַכטער וועלט, וואו ערדישע אמתן האָבן קיין שום זין נישט, האָט אין אַזאַ פאַל סאַלטשען אויך נישט געזאָגט דעם אמת. „איך וויל שלאָפן מיט דיר, ס'אַרט עס דיך... כ'האָב מורא צו שלאָפן אַליין, אַ קאָזאַק וועט מיך נאָך אַרויסגנבענען."

אָפּגעזאָגט, אַ לאַך געטאָן, געוואוסט, אַז אַפילו די האַלב טעמפּע סאַלטשע גלויבט איר דאָס נישט, זיך ווינציק־וואָס געמאַכט דערפון, געווען זיכער, אַז זי וועט אירס אויספירן.

און זי האָט אירס אויסגעפירט. זי איז געשלאָפן מיט סאַלטשען און נאַכט נאָך נאַכט גערעדט מיט איר וועגן איר פאַרשטייענדיקער חתונה. זי האָט זיך געטוליעט צו איר שוועסטערס לייב, אָנצאָליקע מאָל באַטאַפּט איר קערפּער, נישט דורכלאָזנדיק קיין איינציקן אבר, און געהאַלטן ביי יענער אין איין פאָרשן, אין איין נאָכפרעגן זיך, צי זי וועט מיט נחמנען אויך שלאָפן אַ נאַקעטע, צי זי וועט זיך טאַקע נישט שעמען אויסצוטאָן פאַר אים אינגאַנצן... ביי די דאָזיקע ווער־טער און ביי די דאָזיקע פראַגעס, האָט זי געפילט ווי סאַלטשעס לייב ווערט דורכגעברענט מיט אַ העליש פייער. און איר אייגן לייב, האָט זי געפילט, ברענט נאָך שטאַרקער פון איר שוועסטערס. פונדעסטוועגן האָט זי נישט אָפּגעלאָזט. זי האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף סאַלט־שעס ברוסט און אויף סאַלטשעס בויך און מיט אויגן, וועלכע האָבן דורכגעשפּיזט סאַלטשעס הויט, און מיט ווערטער, וועלכע האָבן דורכ־געפלאַקערט סאַלטשעס מח, האָט זי זיך געהאַלטן אין איין נאָכפרעגן, אין איין מאָנען אַן ענטפער:

— און דאָ? און דאָ? און דאָ וועסטו אים לאָזן אַרויפלייגן די האַנט, נחמנען? זאָג מיר, סאַלטשע, זאָג עס מיר, איך בעט דיך...

און ווען סאַלטשע, אַן אָפּגעגאָסענע פון רויטקייט, אַ דורכגע־ברענטע פון אַ תענוגדיקער בושה, האָט איר געענטפערט:

— ני ווי דען, נאַרעלע!... אודאי וועל איך אים מוזן לאָזן. ער איז דאָך אויף דערויף מיין חתן. ער ווערט דאָך אויף דערויף מיין מאַן...

האָט שבעלע אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמע:

— ניין! דאָס נישט, סאַלטשע! זאָלסט דאָס נישט טאָן! זאָלסט דאָס נישט טאָן, בעט איך דיך!... עס איז נישט שיין! אַ פרוי טאָר זיך נישט לאָזן אָנרירן פון אַ פרעמדן מאַנסביל! איך ווייס וואָס מענער ווילן! איך ווייס וואָס מענער טוען מיט פרויען! פע! עס איז נישט שיין! עס איז מיאוס! מיאוס! זאָלסט זיך נישט לאָזן, סאַלטשע! דו הערסט? זאָלסט זיך נישט לאָזן!...

— זיי שטיל, משוגענע! — פלעגט זיך די געזונטע, פלעגמאַטישע סאַלטשע וויניק וואָס מאַכן פון אירע אַלע רייד — וועסט אויפוועקן דאָס הויז!...

— ווילסט מיך נישט פאָלגן? — האָט שבעלע געזאָגט אַ פאַרטרויערטע, אַ פאַרביטערטע — גוט, טו ווי דו פאַרשטייסט. אָבער איך — איך וועל קיינמאָל נישט חתונה האָבן. מעג מיר דער טאַטעשי געבן אפשר צען חתנים. חתונה האָבן וועל איך נישט. ניין! און אויב מען וועט מיך צווינגען מיט געוואַלד, וועל איך אַנטלויפן. פון מיטן דער חופּה אפער וועל איך אַנטלויפן. כאַ־כאַ־כאַ!... אוי, וועט דאָס זיין אָפּגעשפּילט אַ חתונה — כאַ־כאַ־כאַ!...

און אַביסל שפּעטער, נאָכדעם ווי סאַלטשע פלעגט אַנטשלאָפן ווערן, פלעגט זיך איר גאָר ראַפּטום נעמען אויסדאַכטן, שבעלען, אַז דאָס איז גאָר נישט איר שוועסטער סאַלטשע, נאָר נחמן. זי אַליין, הייסט עס, שבעלע, ליגט לעבן נחמנען. דאָס דאָזיקע איז איר אויסגעקומען אַזוי קאָמיש, אַז זי האָט זיך שטאַרק, זייער שטאַרק פונאַנדערגעלאַכט. פון דעם געלעכטער פלעגט זיך סאַלטשע איבערוועקן און אָנקוקן איר שוועסטער מיט דערשטוינטע בליקן.

מיט שטיקלעך פון אָט־די געדאַנקען איז זי געשטאַנען, אָנגעשפּאַרט אינם קרעדענץ, און זיך צוגעהערט מיט פרעמדע אויערן צו מאָניקס פרעמד קול. עס האָט זי נישט געאַרט וואָס ער האָט געזאָגט. זי האָט סיי ווי כמעט גאָרנישט געהערט. זי האָט סיי ווי כמעט גאָרנישט געפילט צו דעם מאָדנעם רויט־פּנימדיקן יונגנמאַן, מיט דער זעלנערשער רובאַשקע.

מיט אַנדערע, וואַרימערע, בליקן האָט אויף אים געקוקט בוזשעלע. דאָס איז געוועזן דערפאַר ווייל בוזשעלע איז געוועזן אַנדערש פון זיינע שוועסטער. זיין האַרץ איז געוועזן וואַרימער און זיין געדאַנק ברייטער. אויך ער האָט געהאַט אַ סך וואָס צו טראַכטן די לעצטע צייט. אויך ער האָט נישט וויניק איבערגעלעבט. אָבער זיין געפיל, וואָס איז געוועזן אַזוי רייך אָנגעפּראָפּט מיט וואַרימקייט, האָט זיך נישט אַזוי שנעל אויסגעשעפּט ווי די אָרימערע און באַגרעניצטערע געפילן

פון זיינע שוועסטער. זיין געדאַנק האָט זיך נישט אַזוי שנעל אויס־געשטראַלט ווי די געדאַנקען פון אַנדערע. עס איז נאָך געבליבן גענוג ליידיקער פּלאַץ סיי אין זיין האַרץ, סיי אין זיין מח פאַר זיין ברודער מאָניק, וועלכער איז איצטער געווען נישט נאָר אַ ברודער, וועלכן ער האָט אַזאַ צייט נישט געהאַט געזען, נאָר אויך אַ שליח פון דער גרויסער וועלט, פון ווייטע לענדער, פון פרעמדע ווינקלען, וואָס האָט בוזשע־לען אַזוי געלאָקערט און געמאַניעט און געצויגן צו זיך. אין מאָניקס אויגן האָט ער איצטער געזען אַ שטיק פון רוסלאַנד זיך אָפּשפּיגלען, פון דעם מיליטערישן רוסלאַנד, אַ באַהאַנגענע מיט געזילבערטע שליי־פעס און אַ באַגילדעטע מיט טראָלדן; אַ רוסלאַנד פון בלעכענע קאָ־קאַרדעס מיט קאַנטיקע היטלען און שווערדן ביי דער זייט און פּי־קעס אין די הענט. אודאי האָט דאָס אַלץ אין אים אַרויסגערופן גרויס אָפּשיי פאַר זיין ברודער. אָפּשיי און אינטערעס און אַפילו קנאה. קוקנדיק מיט אַזוינע־אַ בליקן אויף מאָניקן, האָבן זיך זיינע אייגענע צוויי אויגן צועפנט, ברייט און ווייט זיך צועפנט, און אַזאַ צערפולער הונגער האָט פון דאָרטן גענומען אַרויסשרייען, וואָס מען האָט, דאַכט זיך, געקענט הערן אויף טויזנטער מיילן.

און די וואַרימקייט, וואָס האָט געשטראָמט פון אים צו מאָניקן, איז אויך געווען אַ באַרעכטיקטע, אַ פאַרדינטע. האָט ער דען נישט אין אים איצטער דערזען אַ ברודער אַ נייעם, אַ געפונענעם? האָט דען אין בוזשעלען די גאַנצע צייט נישט געעגבערט אַ מורא, אַז מאָניק זיין ברודער איז פאַר אים אַ טויטע זאַך, וואָס ער וועט קיינמאָל נישט מער זען פאַר די אויגן? האָט דען נישט די גאַנצע צייט געטליעט אין אים אַ פאַרלאַנג, אַ באַהאַלטענער, אַן אומגעגלעכער פאַרלאַנג, צוריקצו־קריגן דאָס פאַרלוירענע — די אַוועקגערויבטע ליבע פון זיין ברודער? האָט ער דען נישט כמעט די גאַנצע צייט פון זיין ברודערס דינסט ביי די זעלנער געהאָפט און געבעטן ביי גאָט, אַז יענער זאָל צוריקקומען און ער, בוזשעלע, זאָל זיך פאַר אים קענען באַווייזן אין זיין נייעם, אין זיין געלייטערטן געשטאַלט?

און איצטער איז ער געקומען. אַ פריינטלעכער אַזאַ, אַ חברשער. מיט דעם ברייטן שמייכל אויף די ליפּן, האָט ער זיך באַוויזן, מאָניק. פריינטלעך צו זיינע עלטערן, אָן אַ שפּור פון פאַרביטערונג און אָן אַ סימן פון פאַראיבל אויף דעם אַמאָליקן; ליבלעך צו די שוועסטער און חבריש צו אים אַליין. און ווען יענער האָט צו אים אויסגעשטרעקט אַ האַנט, גרויס און וואַרים, און אים געגעבן אַ נעם אַרום און זיך מיט אים צוקושט, זענען זיינע אויגן איבערגעלאָפן פון טרערן. און ווען

יענער האָט אים מיט אַ ברייט, דיק זעלנעריש קול אַ פרעג געטאָן:
— נו, קאַק־טי, מאַלטשישקאַ?
האָט ער נישט געקענט ענטפערן. דער האַלז איז אים געווען פאַרהאַקט און דער אָטעם איז אים אַנגעלאָפן געוואָרן מיט אַ זיגזאַ־גישער פליסיקייט. און ווען מאַניק האָט אים נאָך אַמאָל אַ דריק גע־טאָן צו זיך און אים אַ פרעג געטאָן:
— און וואָס טוסטו עפּעס מעזשדו פּראַטשים?
האָט בוזשעלע פריער אַ פאַרשטיקטן העשע געטאָן אין זיך. נאָכ־דעם האָט ער, נאָך אַלץ האַלב־פאַרשטיקט, נאָך אַלץ מיט דער זיגזאַ־גישער פליסיקייט אין זיינע אָטעם־רערן, געענטפערט:
— כ׳זינג ביי אַ חזן.
— חזן? — האָט מאַניק איבערגעזאָגט מיט פאַרוואונדערונג און ביטול —טשטאָ טאַם טיעביע זאַ חזן? אַזאַ מאַלטשישקאַ ווי דו דאַרף גיין אין גימנאַזיע און ווערן אַ מענטש פון דער וועלט, אַ סוויעטאָי טשעלאָוויעק, — פּאָנימאַיעש לי?...
דאָס איז געווען געגנוג, אַז עס זאָל אָנצינדן זיין מח און אים די גאַנצע צייט האַלטן אַרומגענומען ווי מיט אַ גליאיק רייפל. גימ־נאַזיע! גימנאַזיע! ער, בוזשעלע, אַ גימנאַזיסט! ער, בוזשעלע, אַ סטודענט! און באַלד האָט ער זיך געגעבן אַ מאָל־אוים ווי אַזוי ער וועט אויסזען אין דעם סטודענטישן אוניפאָרם. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און זיך פאַרגעשטעלט ווי ער גייט אין גאַס מיט די ביכער אונטערן אָרם. ביכער! אַך, ווי עס ציט אים צו ביכער... אמתע ביכער, שווערע ביכער, נישט ווי די אין וועלכע ער האָט געלערנט אין שקאָלע. ניין, ער וואָלט וועלן לערנען אין אַנדערע ביכער, אין אַזעלכע, איבער וועלכע ער זאָל זיך דאַרפן גוט אָנמוטשען, איבער וועלכע ער זאָל זיך דאַרפן גוט אָנשוויצן עפּעס אַרויסצוקריגן... ער האָט שטאַרקער צוגעדריקט די אויגן און זיך ווידער דערזען אינם אוניפאָרם. ער האָט אין אָנפאַנג נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס די וויזיע איז צו אים צוריק געקומען. אָבער באַלד האָט ער אויסגעפונען. אויף דער אַנדערער זייט גאַס, וואו ער איז געגאַנגען, האָט ער דער־זען גיין מלבהלען. וואָס פאַר אַ מינע וועט זי מאַכן, ווען זי וועט אים מיט אַמאָל דערזען אין דעם נייעם אָנטועכץ? ער וואָלט זייער געוואָלט זען די מינע אויף איר באַוועגעוודיק פּנים. אָבער ער אַליין וועט נישט קוקן. ניין, אים אַליין וועט נישט פּאַסטן אַ קוק צו טאָן. ער האָט מיט איר קיין שום עסקים נישט. אָבער וויסן וואָלט ער פונ־דעסטוועגן זייער געוואָלט וואָס פאַר אַ פּנים זי וואָלט דערביי געמאַכט.

מיט אַמאָל האָט ער באַמערקט ווי מאַניק איז שטיל געבליבן. אַלע אַנדערע אַנוועזנדיקע זענען אויף עפּעס ראַפּטום אַנטשוויגן געוואָרן. וואָס קען דאָ זײַן? זאָל ער זאָגן, אַז זיי האָבן דערשנאַפּט זײַנע געדאַנקען וועגן מלכהלען און זיי הערן זיך אונטער?... וואָס גייט עס זיי אָן? ניין, דאָ איז עפּעס אַנדערש. דאָ האַנדלט זיך וועגן עפּעס אַ גאַנץ אַנדערער זאַך. פּרויען, זעט ער, פֿאַרברעכן די הענט און קרעכצן אונטער. און די מענער, זעט ער, זענען עפּעס אויך אויס ווי שווער פֿאַרדאַגהטע. אייניקע פֿון זיי צופּן זיך די בערד און אַנדערע קראַצן די העלזער. אייניקע, זעט ער, גייען אַרויס אויפֿן גאַניק און קומען באַלד צוריק אַרײַן, בלייכע און דערשראָקענע. וואָס איז דאָ געשען אין די עטלעכע רגעס וואָס ער האָט געטראַכט וועגן דער גימנאַזיע און מלכהלען?

דערווײַל הערט ער זײַן ברודערס קול:

— איך זאָג, אַז מען זאָל עפֿענען דעם טויער און זיי אַרײַנלאָזן. איך האָב פֿאַר זיי נישט קיין מורא. איך האָב אויך געדינט דעם אימפּעראַטאָר ניקאָלאַי אַלעקסאַנדראָוויטש, פּאַנימאַעיטיע?...

און מיט אַ פֿאַנאַנדערגעקנעפּלטער רובאַשקע, מיט אַ פֿאַרשוויצטן זעלנערשן שטערן און געפּאַלדעוועטן רויטן קאַרק, האָט ער זיך געלאָזט צו דער טיר.

— ניטע, מאַניק! — וואָס גייסטו טאָן? — האָבן שטימעס, סיי מענערשע, סיי ווײַבערשע אים געבעטן — ר' שמואל דוד, לאָזט אים נישט!... — האָט מען זיך גענומען בעטן ביים פֿאָטער זײַנעם.

באַלד האָט בוזשעלע אויסגעפֿונען די אורזאַך פֿון דעם אַלעם. ער האָט זיך דערוואוסט, אַז עטלעכע שיכורע קאַזאַקן קלאַפּן אין טויער. זיי ווילן נאָר, אַז מען זאָל זיי אַרײַנלאָזן. זיי ווילן גאָרנישט, זאָגן זיי, נאָר בלויז אָפּהאַקן כאַזקעלע שניידער דעם קאָפּ. זיי גייען מאָרגן אַוועק אויף מאַנעוורעס, ווילן זיי זיך פֿריער אָפּרעכענען מיט אים דערפֿאַר, וואָס ער האָט ביי זיי אַמאָל גענומען צו טייער פֿאַר אויפֿנייען אַ טוזשורקע מיט אַ פּאָדיאָווקע...

בוזשעלע האָט געוואוסט, אַז דאָס איז נישט קיין וויץ. ער האָט געוואוסט אויף וואָס די קאַזאַקן זענען פֿעאיק, ווען זיי ווילן זיך אָפּרעכענען מיט אַ איד. אַלע שכנים פֿון הויז האָבן דאָס געוואוסט. דערפֿאַר זענען די ווײַבער אַרומגעגאַנגען און האָבן זיך געבראָכן די הענט און די מענער האָבן זיך געצופּט די בערד. עטלעכע אײַנוואוינער פֿונם הויז, די וועלכע האָבן געוואוינט אין די אונטערשטע דירות,

זענען געשטאַנען און זיך געבעטן ביים סטרוזש, ער זאָל נישט עפע־נען דעם טויער.

אָבער דער סטרוזש אַנטאָניע, וועלכער איז געווען אַ נישקשה־דיקער אַנטיסעמיט, האָט געזאָגט, אַז ער מוז עפענען, אַניט וועלן זיי אויפברעכן דעם טויער. פון אויבן, פונם גאַניק אַראָפּ, האָט מאָניק דערקענט דאָס ווייבע, בעטנדיקע קול פון דער כאַזקעלעבע.

— וואַרט, וועט איר זען ווי איך וועל זיי פּאַקאַזיוואַיען... — האָט ער געזאָגט, דורכשטופּנדיק זיך דורכן עולם צוריק אין שטוב אַריין.

אַלע האָבן אים נאָכגעקוקט און נישט געוואוסט וואָס אַזוינס ער גייט טאָן. אָבער דער איינציקער, וואָס איז אים נאָכגעגאַנגען, איז געווען בוזשעלע. ער האָט געזען, ווי מאָניק איז אַריין אין קאַמער, אויסגעזוכט אַ גרויסע פּאַליאַנע, גענומען זי אין דער האַנט אַריין, באַטראַכט, און זי אַוועקגעוואָרפן. נאָכדעם האָט ער גענומען אַן אַנדערע, זי באַטראַכט, אַריינגעמאָסטן זי אין זיין אָפענער האַנט, געווען צופרידן, און זיך געלאָזט אַרויס אויפן גאַניק, אַראָפּ אויפן הויף.

— ניטע, מאָניק! — האָט די מוטער חיהלע אים נאָכגעשריגן — דו'סט אינץ אומגליקלעך מאַכן!...

און ווען ער האָט זי נישט געהערט און זיך געלאָזט לויפן אַראָפּ פון די שטיגן, האָט זי אויפגעזוכט דעם מאַן אירן און צו אים אַרויפ־געשריגן:

— לאָז אים נישט, שמי'טאָוויד... ער'ט אינץ אָנאַרבעטן אַ חתונה... אַ חתונה אָן קלעזמאָרים, שמי'טאָוויד...

שמואל דוד האָט עפּעס געוואָלט ענטפערן דעם ווייב זיינעם, אָבער דער סטרוזש אַנטאָניע האָט שוין דערווייל געהאַט געעפנט דעם טויער און די הויז־איינוואוינער, די פון די אויבערשטע גאָרנס, אַזוי גוט ווי די פון אונטערשטע דירות, האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרשליסן און פאַרריגלען אין די שטיבער. באַלד איז אויפן הויף געוואָרן שטאָק פינסטער, ווייל אַלע לאָדנס האָבן זיך פאַרהאַקט.

די איינציקע צוויי אויסגעבליבענע זענען געווען מאָניק און בו־זשעלע. וואו מאָניק האָט זיך איצטער געפונען, האָט בוזשעלע נישט געוואוסט. ער אַליין איז געשטאַנען אויפן גאַניק, פאַררוקט אין אַ ווינקל, אַן אַריינגעפּלאַטשטער אין די שטאַכעטלעך. זיינע אויגן זענען ביי אים געווען אויפגעריסן, אָנגעשטריינגט און אָנגעשטעלט אַזוי ווי אויף דורכצוברעכן די פינסטערניש. אַרום און אַרום איז

געווען אַזוי שטיל, אַז מען האָט נישט געהערט קיין שאָרך. אַרום און אַרום איז געווען אַזוי שטיל, אַז בוזשעלע וואָלט געקענט שווערן, אַז ער הערט זיינע אייגענע ציין קלאַפּן. דאָס האָט אָבער מער נישט אָנגעהאַלטן ווי אַ מינוט אָדער צוויי. באַלד האָט ער דערהערט די שטימעס פון די קאָזאַקן דאָרט לעבן טויער. זיי האָבן עפּעס גערעדט מיטן סטרוזש אַנטאָניע. די קולות זענען געקומען נענטער. שיכורע קולות, באַגלייט מיט קללות, באַגלייט מיט אַ הייזעריק בלעקעכצן. זיי זענען געקומען נאָך נענטער. בוזשעלעס קערפּער האָט זיך נאָך ענגער צונויפגעדרייט און צוזאַמענגעפּלאָכטן מיט די שטאַכעטן פונם גאַניק, ווען עס האָט אויף אים פון דער געדיכטער פינסטערניש אַ בלאַנק געטאָן אַ שאַרף פון אַ נאַקעטער שווערד, וואָס האָט זי, די פינסטערניש, געשניטן אין פּאַסן. באַלד האָט אים ווידער אַ שלאָג געטאָן פאַרן אויג. ער האָט דערזען נאָך אַ „שאַשקע״ פלאַטערן אין דער לופטן. עס האָט אויסגעזען ווי דאָס בייזע אויג פונם מלאך המות — ניין, ווי אָן אַ שיעור אויגן, וואָס דער טויט האָט פאַרזייעט אין דער לופט . . . און דאָ זעט ער ווי ביידע קאָזאַקן, מיט די נאַקעטע שווערדן אין די הענט, גייען צו צו כאַזקעלע שניידערס פענסטער, נעמען קלאַפּן אין די לאָדן און שרייען אַריין:

— אָטוואָרי, זשידאָווסקאיאַ מאָרדאַ! ... אָטוואָרי, כאַסקעל מאָשעניק! . . .

פון אינווייניק, פון כאַזקעלעס וואוינונג, האָט זיך נישט געהערט קיין פּיפּס. און אַרום און אַרום האָט זיך נישט געהערט קיין פּיפּס. די קאָזאַקן האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן שטאַרקער אין די לאָדן פון כאַזקעלע שניידערס וואוינונג, פריער מיט די פויסטן, נאָכדעם מיט די שיידן פון די שווערדן. עס האָט זיך דערהערט אַ געבראַזג פון גלאָז און באַלד דערויף אַן אויסברוך פון געוויין, וואָס איז געקומען פון כאַזקעלעס שטוב.

דאָ האָט בוזשעלען אַ בליץ געטאָן פאַר די אויגן. אַזוי ווי ער איז שוין איצטער געווען צוגעוואוינט צו דער פינסטערניש, האָט ער דערזען מאָניקן אַרויסלויפן פון אַ ווינקל פון הויף. ער האָט נישט געקענט אויסרעכענען פון וואָסער ווינקל מאָניק האָט עס געקענט געבן אַ לויף אַרויס. אָבער איין זאַך האָט ער יאָ דייטליך געקענט זען: אַז מאָניק געפינט זיך פונקט לעבן די קאָזאַקן. און די פּאָליאַנע האַלט ער אין דער האַנט. אָבער אָט גיט די פּאָליאַנע אַ שוועב אין דער לופטן און זי גיט זיך אַ לאָז־אַראָפּ אויפן קאָפּ פון איין קאָזאַק. און אָט גיט די פּאָליאַנע אַ שוועב אין דער לופטן נאָך אַמאָל און זי גיט זיך אַ לאָז־

אַראָפּ אויפֿן קאָפּ פֿונם צווייטן קאָזאַק. און מיט יעדן הויב־אויף און לאָז־אַראָפּ די פּאָליאַנע, האָט מאַניק אַרויסגעלאָזט אַ הו האַ! און נאָך יעדן הו האַ, איז אַ קאָזאַק געגעבן אַ פֿאַל־אַוועק מיט אַ הו פּאַ! און די שווערד אין דער האַנט האָט זיך געגעבן אַ שלאָג־אָן אָן די שטיינער מיט אַ הו קראַ. און באַלד האָבן זיך אַלע טירן צעעפֿנט און אַלע לאָדנס האָבן פֿריי געלאָזט די פֿענסטער און איינגעשלונגען די פֿינ־סטערניש. און באַלד איז אַנטשטאַנען אַ נייער טומל. געדיכטע רייד, לעבעדיקערע ווי פֿריער און שרעקעדיקערע ווי פֿריער, זענען געפֿאַלן פֿון אַלע זייטן: פֿון אויבן און פֿון אונטן, פֿון גרויסע גרופּעס און קליינע גרופּעס מענטשן. בוזשעלע איז נאָך אַלץ געשטאַנען אין דעם ווינקל פֿון גאַניק, אָן אַריינגעפּלאָכטענער צווישן די שטאַכעטלעך, מיט אויסגעסטאַרטשעטע אויגן און מיט אַ זשומעניש אין די אויערן. ער האָט דערזען מאַניקן אַרויפֿקומען אויפֿן גאַניק, מיט אַ פֿאַרבלוטיקטער פּאָליאַנע אין דער האַנט, מיט אַן אויסגעקרימט פּנים, מיט פֿאַרטרי־קנטע שווייסעלעך אויפֿן שטערן און מיט אַ גאַנץ רואיקן טאָן האָט ער אַ זאָג געטאָן צו די אַרומשטייענדיקע:

— מיט מיר, פּאַנימאַיעטע־לי, שפּילט מען זיך נישט. איך האָב אויך געדינט דעם אימפּעראַטאָר ניקאָלאַי אַלעקסאַנדראָוויטש — וואָט וו׳טשיאַם דיעלאָ! . . .

## קאַפּיטל צוועלף

דאָס גימנאַזיע־פּאַרקל איז געווען פול מיט לעבן און באַוועגונג. סטודענטן און סטודענטקעס, מיט ביכער און בלייפעדערס אין די הענט, זענען געשטאַנען אָדער האָבן אַרומגעשפּאַנט גרופּעסווייז אי־בער די שמאָלע סטעזשקעס פונם גאָרטן און געפירט צווישן זיך הייסע ויכוחים וועגן דעם פאָרשטייענדיקן עקזאַמען.

— דער יאַוואַ מענטש איז ערשט אַנטדעקט געוואָרן אינם סוף פונם ניינצנטן יאָרהונדערט. — האָט אַ סטודענט פון אַ העכערן קלאַס דערקלערט זיינע אַרומשטייענדיקע שול־חברים — אָבער איך געדענק נישט גענוי אין וועלכן יאָר.

— וואָס פאַר אַן אונטערשיד אין וועלכן יאָר ? — האָט זיך אָנגערופן אַן אַנדערער — אַבי ער איז אַנטדעקט געוואָרן...

— אויב דו מיינסט, אַז דו וועסט דעם אינספּעקטאָר אויך קענען אַזוי אָפּפּטרן, מאַכסטו אַ טעות. — האָט אים געוואָרנט אַ דריטער פון דער גרופּע — אונזער אינספּעקטאָר האָט ליב צו קריגן קלאָרע ענטפערס.

— אויב נישט, האָט ער ליב צו געבן גאַנץ קלאָרע „צווייען“...

—האָט זיך געוויצלט אַן אַנדערער.

און פון אַן אַנדער גרופּע, אַן אַרומשפּאַנענדיקע הין און צוריק, האָט זיך דערטראָגן אַ דין קול, וואָס איז געקומען פון אַ סטודענט פון די אינגערע קלאַסן:

—אַז די זשאַבע אָטעמט נישט מיט די לונגען, טאָ מיט וואָס אָטעמט זי ?

און אַן אַנדערער, שוין פון אַ גרופּע פון די גאָר הויכע קלאַסן:

—גיי, זיי נישט קיין אידיאָט! דער נערוון צענטער ציט זיך פונם מאַרך, נישט פון די מוסקולן אַרום דעם האַרץ...

— נו, אַז דו ביסט יאָ אַזאַ קלוגער, — האָט אים דער, וועלכן ער האָט אָנגערופן „אידיאָט“, צוריקגעענטפערט, — טאָ זאָג מיר ווי אַזוי חיות וואָלטן זיך דערנערט, ווען פלאַנצן הערן־אויף פּראָדוצירן זויערשטאָף, יע ?...

— די צרה איז נישט אַזוי גרויס מיט ביאָלאָגיע, אָדער זאָאָלאָ־גיע, אָדער באָטאַניק, ווי מיט געשיכטע און לאַטיין. — האָט געזאָגט

א סטודענטקע — אויף דעם ערשטן האמערן זיי, די לערער אונזערע, אָן רחמנות, און דאָס צווייטע ווי ווינציק זיי זאָלן נישט פרעגן, איז שווער צו ענטפערן...

אַלע האָבן זיך פונאַנדערגעלאַכט.

— גוט געזאָגט, פּעפּא, גוט געזאָגט! — האָט א סטודענט, א רויט פּנימדיקער, א ברייט נאַזיקער, זי געלויבט — לאַטיין איז אונזער גרעסטער שונא און מיר וואָלטן זיך געדאַרפט ווי געהעריק אָרגאַניזירן קעגן אים.

— פאַרגעס דערוויייל נישט, אַז לאַטיין איז נישט קיין „ער", נאָר א „זי". — האָט אים א צווייטער פאַרריכט דעם טעות.

— נו, אויב אַזוי, — האָט זיך אָנגערופן לוקשינסקי, דער „נאָסטאָיאַשטשי", — אויב לאַטיין איז א „זי" און מען דאַרף קעגן איר קעמפן, נעם איך אויף זיך די אַרבעט פון דעם מאַרטירער — נו, קאַק ווי דומאיעטיע, גאָספּאָדאַ, וועל איך זיך אויסטויגן?...

און דערביי א צווידייטיקן וואונק געטאָן מיט אַן אויג.

— נאַכאַל! — האָט שורא, די שעמעוודיקע, אויסגערופן און זיך געלאָזט אַוועקגיין.

עס איז געווען א שיינער, טרוקענער ווינטער טאָג. דער שניי האָט פאַרכטפול אָפּגעגלאַנצט אין דער זון. די ביימער זענען געווען באַצירט מיט שמעלצנדיקע אייז־ליכטלעך, וועלכע האָבן געטריפט מיט דורכזיכטיק זילבער. די לופט איז געווען א גאַנץ קאַלטע, אָבער זייער אַן אַנגענעמע. די יונגע מענטשן, זיבעצן און אַכצן און נייַנצן יאָריקע, האָבן טאַקע אין זינען געהאַט דעם עקזאַמען, זענען טאַקע געווען היפּש באַזאָרגט וועגן די קעגנשטאַנדן, וועלכע זיי האָבן געמוזט באַזיגן, דאָך האָט זיי דער שיינער וועטער א סך געמילדערט זייער זאָרג, און אייניקע פון זיי, אייַנזעענדיק, אַז די לעצטע שעה פאַרן עקזאַמען וועט זיי שוין סיי ווי קיין סך נישט אויסלערנען, האָבן זיך גאָר פאַרנומען צו פרייַלעכקייט און שפּיל.

—חברה, ווער פון אייך קען זיך אַריבערגליטשן אָט דאָס וואַסערל אויף איין פוס? — האָט שומאַנסקי, א דינער הויכוואוקסיקער סטודענט פונם זעקסטן קלאַס, א פרעג געטאָן.

— גליטש זיך, גליטש זיך. — האָט אים לוקשינסקי געענטפערט – ועסט זיך דערפאַר אַריינגליטשן צוריק אינם פינפטן קלאַס אַריין.

— חברה, אָט גייט די באָגאָליובאָווא! — האָט איינער פון זיי צו וויסן געטאָן. פון זיין טאָן האָט מען געקענט אַרויסנעמען, אַז די באָגאָליובאָווא איז עפּעס א באַזונדערס וויכטיקער מענטש. און פון

דעם אויפן ווי זיין פּנים האָט זיך צושיינט, ווען ער האָט געקוקט אין יענער ריכטונג, וואו זי האָט זיך געדאַרפט געפינען, האָט מען גע־קענט דרינגען, אַז עס „באַגאַליובאָוועט" אים גאַנץ גוט הינטערן אויער לעפעלע.

— וואו, וואו איז זי? — האָט לוקשינסקי, דער נאַסטאַיאַשטשי געפרעגט און מען האָט געקענט זען ווי זיינע אַזוי אויך גרויסע, פאַר־נאָסענע אויגן ווערן ביי אים כסדר גרעסער און פעטער — איך זע זי נישט...

אָט דאָרטן — אָ גייט זי! מיט אַגאַפּיאַן... זעסט נאָך אַלץ נישט?...

— מאַך אַביסל צו די אויגן, וועסטו זי גיכער דערזען... — האָט זיך געוויצלט סקרינעק, אַ דיקלעכער סטודענט מיט ווייסע אויגן און כמעט ווייסע האָר און מיט אַ כמעט ווייס פּנים, ווי פון קאַלך אַרויסגעשווענקט. סקרינעק איז געווען לוקשינסקיס קאָנקורענט פאַר דער באַגאַליובאָוואַס ליבע, פּונקט ווי מיאַטשיק איז געווען שומאַנ־סקיס קאָנקורענט, פּונקט ווי בערג איז געווען לעווינס קאָנקורענט. נאַ־טירלעך, דאָס איז געווען בלויז אַ טעאָרעטישע קאָנקורענץ, ווייל אַלע זענען זיי געווען פאַרליבט אין איר אָן איר וויסן און אָן דער מינד־סטער האָפנונג אויף אַ קעגן ליבע. און אפשר האָט זי יאָ געוואוסט דערפון... ווייל כאָטש די באַגאַליובאָוואַ איז געווען די טאָכטער פון אַ גלח, און שיין און שטאָלץ איז זי אויך געווען, נישט צוצוטרעטן, איז זי אָבער פונדעסטוועגן, אַ חוץ די אַלע זאַכן, אויך געווען אַ פרוי. אַ יונגע פרוי, זיבעצן יאָר אַלט. און ווי ווייסט נישט אַ פרוי ווען מע־נער פאַרערן זי?...

זי האָט איצטער, צוזאַמען מיט איר חברטע אגאפיא, אַרומגע־שפּאַנט איבער די שמאָלע, דורכגעפּרוירענע, ערטערווייז באַאייזטע אלייען פונם גימנאַזיע גאָרטן. זי האָט געהאַלטן אַ בוך אין די הענט, אויף וועלכע עס זענען געווען אַרויפגעטאָן דינע, וואַרימע הענטשקעס פון גוטן באָקן לעדער. ביידע, זי און איר חברטע, זענען געווען ערנסט אַריינגעטאָן אינם בוך. זיי האָבן עפּעס געחזרט אויף אויסנ־ווייניק. אַלע ווײַלע האָט אַן אַנדערע איבערגענומען דעם בוך און די צווייטע האָט געזאָגט, אָדער געפּרואווט זאָגן, וואָס אינווייניק טוט זיך. פונדערווייטנס האָט מען בלויז געקענט אויפכאַפּן עטלעכע ספּעציפישע קלאַנגען, מיט וועלכע אַ סך רוסישע ווערטער פאַרענדיקן זיך:

—... סיאַ... ריאַ... אוואַ... אַמו...

דוסיאַ באַגאַליובאָוואַ איז געווען אַ העל־בלאָנד מיידל פון מי־

טעלן וואוקס, פול און מאַסיוו געבויט, מיט אַן עטוואָס שווערן, מענערשן טראָט. איר פּנים איז געווען אַ פולס, אַ קיילעכדיקס, מיט אַ ווייסער, גלאַטער הויט, וואָס האָט אָפּגעשלאָגן מיט אַ ראָזאָווען גלאַנץ. אין דעם גלאַנץ האָט זיך געשפּיגלט די ווייכע בלאָנדקייט פון אירע האָר. איר נאָז איז געווען ברייטלעך און סלאַוויש פאַרריסן. איר בליק האָט אין זיך אַנטהאַלטן אַ געמיש פון צוויי עלעמענטן: דעם עלעמענט פון מענערשער האַרטקייט, פון מענערשער אַנטשלאָסנקייט און דעם עלעמענט פון ווייבלעכער צאַרטקייט, פון ווייבלעכער נאָכגיביקייט. דער געמיש פון אָט די צוויי עלעמענטן האָט איר צוגעגעבן אַ סך חן און כאַראַקטער צו איר אויסזען. און ווען דאָס איז נאָך באַגלייט געוואָרן פון האַנדלונג, פון איר שטרענגער און שטאַרק קאָנטראָלירטער האַלטונג בנוגע יונגעלייט, וועלכע זי האָט תמיד געהאַלטן אויף אַ היפּשן מהלך פון זיך, האָט עס אין זיי אַרויסגערופן אַ דאָפּלטן נייגיר מיט אַ פילפאַכן באַגער אַריינצוקוקן אין איר יונגן מיידלשן האַרץ, וואָס קען בלייבן אַזוי קאַלט און גלייכגילטיק צו דעם יונגן מענערטום, גאָר נישט ווי עס איז דער פאַל מיט די אַנדערע באַרישניעס, פון העכערן צי פון מיטלערן גראַד. און ווי דער שטייגער איז ביי יונגע מענטשן, באַזונדערס ביי ראָמאַנטישע סטודענטן, האָט מען אין איר האַלטונג אַריינגעטייטשט אַ סך טיפע געדאַנקען. און דאָס האָט זיי כסדר געהאַלטן געשפּאַנט און אָנגעצויגן און זיי זענען געווען אַנטשלאָסן ווען נישט איז אויפצודעקן דעם מיסטעריעזן שלייער פון דער באָגאָליובאָוואַס פיזיאָנאָמיע.

אַזוי ווי זי איז געווען די טאָכטער פון אַ גלח, איז אָט די פאַרשווערונג קעגן איר געהאַלטן געוואָרן בסוד. ווען נישט ווען פלעגט זי דערהאַלטן אַן אַנאָנים בריוול פון אַ פאַרערער, אין וועלכן ער פלעגט איר פונדעסטוועגן אָנגעבן סמנים וואו און ווען זי קען אים טרעפן, וואָס פאַר אַ בלימל ער וועט טראָגן אין לאַץ פונם רעקל, אָדער וואָס פאַר אַ בוך ער וועט האַלטן אין האַנט . . . אָבער זי האָט קיינמאָל אויף אָט די אַלע בריוולעך קיין אַכט נישט געלייגט און האָט זיי אַלע איגנאָרירט.

— ווי דענקסטו, אַגאַפּיאַ, — האָט די באָגאָליובאָוואַ זיך געווענדט צו איר חברטע מיט אַ פראַגע, — זענען נאַציעס ביאָלאָגישע איינסן, צי נישט!

אַגאַפּיאַ האָט נישט געוואוסט.

עטלעכע מאָל האָבן זיי דורכגעקרייצט דעם גאָרטן, אַלע סטעזשקעלעך אויסגעטראָטן, אַלע מענערשע בליקן, וואָס די סטודענטן האָבן

אויף זיי אָנגעציליעוועט, איגנאָרירט, אַלע באַמערקונגען, אמת : זייער פּאַרזיכטיקע, וועלכע זענען געגאַנגען אויף זייער חשבון, האָבן זיי כּלומרשט פאַרהערט. זיי זענען זיך געגאַנגען זייער וועג און האָבן זיך פון צייט צו צייט אַ רוטל געטאָן : אגאַפיאַ מער, דירעקטער ; דוסיאַ — וויניקער, באַהאַלטענער.

— ער מוז וויסן דעם ענטפער ! ... — האָט אגאַפיאַ געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף אַ סטודענט, וועלכער איז געזעסן איינער אַליין אויף אַ באַנק, אַ פאַרטראַכטער, אַ שווייגנדיקער, מיט אַן אָנגעשפּיצטן בליק ערגעץ אין אַן אַנדער וועלט אַריין. ער איז געזעסן זייער רו־איק, כּמעט אומבאַוועגלעך, ווי אַ סטאַטוע, און דאָס אַרומיקע לעבן מיט דעם אַרומיקן טומל האָט אים, קענטיק, גאָר נישט אָנגערירט. ער האָט געטראָגן אויף זיך אַ סטודענטישן מאַנטל, מיט גלאַנציקע קנעפּ. דאָס היטל איז ביי אים געזעסן פעסט אויפן קאָפּ, ווי עס וואָלט געווען אַ טייל פון זיין פּנים. אַזוי פולשטענדיק איז געווען זיין אָפּ־געזונדערטקייט פון די איבעריקע דאָ אַרום, אַזוי אַבסאָלוט זיין אַרויס־געטאָנקייט פון דער סביבה, אַז נישט נאָר האָט ער נישט געזען קיין מענטשן אַרום, נישט נאָר האָט ער נישט געהערט קיין קולות און געלעכטערס, נאָר ער האָט אויך נישט געפילט קיין קעלט דורכנעמען זיינע ביינער, זיצנדיק אויף איין פּלאַץ אַזאַ לאַנגע צייט ; ער האָט אויך נישט געפילט ווי שניי־קוילן, מיט וועלכע טייל סטודענטן האָבן זיך איבערגעוואָרפן, זענען עטלעכע מאָל געפאַלן נאָענט צו אים און אפילו אויף אים ; ער האָט אויך נישט באַמערקט ווי די ביכער זיינע האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט פון זיינע קני און זענען איצטער געלעגן אויף דער ערד, לעבן זיינע פיס.

— אָ, ער ! ... — האָט די באַגאַליובאָווא צוגעשטימט — יאָ, ער ווייסט באַשטימט. ס׳איז, דאַכט זיך, נישטאָ אַזאַ קענטשטאַנד אין גימנאַזיע, וואָס ער זאָל נישט וויסן.

— אין וועלכן קלאַס איז ער ? — האָט אגאַפיאַ געפרעגט.

— אין זעקסטן. — האָט די באַגאַליובאָווא געענטפערט — אָבער סטודענטן פון אַכטן קלאַס קומען צו אים, ער זאָל זיי אַרויסהעלפן מיט די אורקן.

— פאַרוואָס זעצט מען אים נישט איבער אין קיין העכערן קלאַס ? — האָט אגאַפיאַ נאַאיוו געפרעגט.

— דערפאַר וויל ער איז אַ איד. — האָט דוסיאַ באַגאַליובאָווא געענטפערט — און ווען זיינע עלטערן זענען נישט אַזוי רייך, וואָלט מען אים שוין לאַנג געהאַט אַרויסגעוואָרפן פון גימנאַזיע.

— פאַרוואָס ?

— ווייל עס זענען פאַראַן קענגשטאַנדן, וועלכע ער פאַרשטייט בעסער ווי די לערער, כאָטש זיי שטיצן זיך אויף די טעקסט ביכער. און ער שעמט זיך נישט און ווייזט זיי אָפט אָן אויף אַזעלכע לאָגישע פעלערן, אַז זיי בלייבן אַ סך מאָל שטיין געפּלעפּטע.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס אַלץ ? — האָט אַגאַפּיאַ געוואָלט וויסן.

— מיין ברודער אַרסעני איז מיט אים אין איין קלאַס. ער דער־ציילט וועגן אים אינדערהיים.

— איז ער באַקאַנט מיט אים ?

— ניין. ער האָט שוין וויפיל מאָל, זאָגט ער, געוואָלט צו אים צוגיין רעדן און ער קען עפּעס נישט. עפּעס האָט ער ווי מורא פאַר אים. ס'איז אַ פאַקט, אַז כמעט אַלע סטודענטן פילן אַזוי וועגן אים. זיי באַוואונדערן אים שטילערהייט, האַסן אים שוין אַביסל אָפענער, וואָלטן וועלן זיך מיט אים באַקענען און דאָך וויכן זיי פון אים.

—דענקסטו, אַז דאָס איז פון מורא, צו פון אָפּשטויסנדיקייט ?

— האָט אַגאַפּיאַ געפרעגט.

— איך ווייס נישט. — האָט די באַגאַליובאָווא געזאָגט — עס איז שווער צו רעדן פון מורא. ווי קען אַ קריסטלעכער סטודענט מורא האָבן פאַר אַ איד ? און דאָך בין איך נישט זיכער, צי ס'איז בלויז אָפּשטויסנדיקייט. דערווייל האָב איך נאָך גאַנץ ווייניק גע־הערט אין וואָס זיינע נעגאַטיווע זייטן באַשטייען. אַז קיינער קען אים כמעט נישט . . .

— מסתמא איז דאָך דאָס זיין שולד .— האָט אַגאַפּיאַ געזאָגט — ווי איך פאַרשטיי, מוז ער זיין אַ גרויסער בעל־גאוה.

— איך ווייס נישט. — האָט די באָגאָליובאָווא געזאָגט עטוואָס אַ פאַרטראַכטע, וואַרפנדיק אַ זייטיקן בליק אַהין, וואו דער מאָדנער סטודענט איז נאָך אַלץ געזעסן אין דערזעלבער פאַרגליווערטער פּאָזע — מען קען זייער אָפט מאַכן אַ טעות, אורטיילנדיק אַ מענטש, איי־דער מען האָט געהאַט די געלעגנהייט אים גוט צו קענען.

— ווי איך זע, אינטערעסירט ער דיך אַביסל . . . זאָג דעם אמת, דוסיאַ . . .

— פאַרוואָס זאָל איך עס לייקענען, אַגאַפּיאַ ?... זיכער אינטערע־סירט ער מיך. ער אינטערעסירט מיך שוין דערמיט אַליין, ווייל ער האָט מיר קיינמאָל נישט געשריבן קיין ליבע בריוולעך, ער האָט מיך קיינמאָל נישט פאַרפאָלגט מיט זיינע בליקן, קיינמאָל נישט געלאָזט

פֿאַלן קיין שמוציקע באַמערקונג וועגן מיר, ווי די אַנדערע נאָכאַלן טוען.

— וואָס רעדסטו, דוסיאַ? האָסט פֿאַרגעסן, אַז ער איז אַ איד? ווי קען ער גאָר סמיען צו טראַכטן פֿון אַזאַ זאַך? פֿאַרגעס אויך נישט, אַז דו ביסט אַ גלחס אַ טאָכטער...

— פֿונדעסטוועגן פֿיל איך, אַז ער איז גאָר אַן אַנדער מענטש.
— האָט דוסיאַ באַגאַליובאַווא אַליין נישט באַמערקט ווי זי האָט זיך אַלץ מער אָנגענומען פֿאַר אים, פֿאַר דעם מאָדנעם פֿרעמדן אידישן סטודענט, וועלכער ווייסט, דאַכט זיך, אַלצדינג, קען, דאַכט זיך, אַלצ־דינג; פֿאַר וועלכן די לערער האָבן מורא, אַז ער זאָל זיי נישט אי־בערשטייגן אין קענטעניש, פֿון וועלכן די קריסטלעכע סטודענטן וויכן; ווייל ער איז אָפּשטויסנדיק אין זיין גרויסהאַלטעריי.

— איז ער טאַקע אָפּשטויסנדיק?... — האָט זי אַ רעד געטאָן ווי צו זיך אַליין און ווידער אויסגעקירעוועט איר בליק אַהין, וואו יענער איז געזעסן. זי האָט געזען אַ יונגנמאַן פֿון אַ יאָר זיבעצן, אָדער אַכצן, זיצן אַ טיף פֿאַרטראַכטן, אַן אומבאַוועגלעכן, ווי פֿריער. „ווי קען עס אַ מענטש אַזוי לאַנג בלייבן זיצן אויף איין פּלאַץ אין אַזאַ פּאָזע?“ — האָט זי זיך אַליין אַ פֿרעג געטאָן — „און — איז אים גאָר נישט קאַלט?...“

זיין פּנים, האָט זי געזען, איז בלייך, לענגלעך. זיין נאָז — דאַר, עטוואָס שפּיציק, אָבער נישט לאַנג. „נישט קיין אידישע נאָז.“ — האָט זי באַשלאָסן. די אויגן זיינע — ניין, די אויגן זיינע האָט זי נאָך קיינמאָל נישט געזען. אָבער זי שטעלט זיך פֿאָר, אַז ער דאַרף האָבן טיפֿע, דורכדרינגענדיקע אויגן, מיט אַ טרויער אין זיי... זיינע אַקסלען זענען שמאָל און איידל געבויט. זיין גאַנצער וואוקס איז שמאָל און איידל געבויט. אָבער הויך איז ער, הויך און גלייך. און שטאָלץ איז זיין גאַנג — פּונקט ווי ער וואָלט געוועזן אַ וועלט פֿאַר זיך אַליין און אַלע אַרום אים זענען גאָרנישט, גאָרנישט...

— וואָס ביסטו אַזוי פֿאַרטראַכט, דוסיאַ? הערסט דאָך נישט וואָס איך רעד צו דיר...

— האַ? אָ, גאָרנישט. איך טראַכט, אַז ס'וואָלט באַדאַרפֿט זיין אינטערעסאַנט זיך מיט אים צו באַקענען...

— מיט וועמען? — האָט זי אַגאַפּיאַ אָנגעקוקט אַ פֿאַרוואונ־דערטע.

— מיט אים, מיט ריינאַרסקין.

— ווּ־וואָס ? ! — האָט די חברטע אירע זיך נישט געקענט צו־גלויבן, צי זי האָט ריכטיק געהערט — דו מיט אים ? ! . . .

— פאַרוואָס נישט ? — האָט די באַגאַליובאָווא געזאָגט.

— אָבער דו האָסט פאַרגעסן, אַז ער איז אַ איד ? אַ איד ! !

— האָט אַגאַפּיאַ איבערגעחזרט און אונטערשטרייכט דאָס וואָרט, כדי די חברטע אירע זאָל גוט באַנעמען וואָס דאָס מיינט — האָסטו פאַר־געסן אין דעם ? . . .

און די נאַאיווע, דאָרפישע מיידל האָט בשום אופן נישט גע־קענט פאַרשטיין וואָס עס איז געשען מיט איר קלוגער חברטע דוסיאַ. איר יונג, נישט שיין, נישט באַזונדער קלוג פּנים האָט זיך אַזש צוזאַמענגעצויגן פון אָנשטרענגונג צו דערגיין איר חברטעס רייד. אירע הויטן האָבן זיך אויסגעקרימט אין אַ פיינלעכן פראַגע־צייכן. זי איז געווען אַ רוי און אומדערפאַרן מיידל, אַגאַפּיאַ. גע־בוירן אין אַ דאָרף, זיך געהאָדעוועט אין אַ דאָרף ביז צו איר דרייצנטן יאָר, אונטער דער אויפזיכט פון אַ גואוועורנאַנטקע, אַן על־טערער, רעליגיעזער פרוי, האָט זי אין איר קינדהייט כמעט קיין איד פאַר די אויגן נישט אָנגעזען. און ווען יענע האָט איר איינגערעדט, אַז אידן זענען טייוואָלים, ווייל זיי האָבן אומגעבראַכט דעם גאָט יעזוס קריסטוס, און אַז מען דאַרף פון זיי וייכן ווי פון נישט־גוטע, האָט זי געגלויבט. און ווען זי איז צום ערשטן מאָל געקומען אין שטאָט אַריין און מען האָט איר אָנגעוויזן אויף אַ איד, האָט זי זיך צום ערשטן איבערגעצלמט, נאָכדעם האָט זי אויסגעשפּיגן.

די עטלעכע יאָר אין שטאָט האָבן זי עטוואָס אויסגעהיילט פון אָט דעם אָבערגלויבן, אָבער נישט אינגאַנצן. זי האָט נאָך אַלץ נישט געקענט בלייבן גלייכגילטיק, ווען זי האָט דערזען אַ איד פאַרבייגיין. פון צו זיין נאָנט צו זיי, האָט גאָר קיין רייד נישט געקענט זיין. די עטלעכע אידישע סטודענטן, וועלכע זי האָט באַגעגנט אין גימנאַזיע־פּאַרק, צי אין קאָרידאָר, האָט זי נישט געקענט. זיי זענען געבליבן פאַר איר פאַרשלאָסענע און מיסטישע פיגורן, וועלכע האָבן זי גע־שראָקן און צייטנווייז אפילו אויפגערודערט.

איז איר איצטער דערפאַר אַזוי שווער געווען צו פאַרשטיין איר חברטע דוסיאַ, דער שטאָלצער רוסישער מיידל, וועמען עס לויפן נאָך מיט זייערע בליקן און מיט ליבע בריוולעך אַזוי פיל קריסטלעכע יונ־געלייט, שיינע און רייכע, גוטע גליטשערס אויפן אייז און גוטע טענ־צערס אין די טאַנץ־זאַלן. אויף קיין איינעם פון זיי קוקט זי זיך נישט אום, האָט אַגאַפּיאַ געטראַכט ; מיט קיין איינעם פון זיי וויל

זי זיך נישט אָפּשטעלן רעדן אפילו וועגן די אוראַקן — און מיט אים, מיט דעם פרעמדן איד, ווייל זי זיך באַקענען. זי זאָגט עס אַליין מיט אירע אייגענע ליפּן...

— דו מיינסט עס אויף אַן אמת? — האָט זי זי איבערגעפרעגט נאָכאַמאָל, האָפנדיק, אַז זי האָט נישט גוט געהערט.

— פאַרוואָס נישט? — האָט דוסיאַ איבערגעחזרט — ער וועט אונז נישט אויפעסן. און ער קען אונז אַ סך אַרויסהעלפן מיטן עקזאַמען.

— אָבער..: — האָט אַגאַפיאַ געשטאַמלט — אָבער פון וואַנען ביסטו זיכער, אַז ער וועט וועלן...? ווייסטו דען נישט וואָס מען רעדט וועגן אים? ער האַסט דאָך מענטשן. ער וויל דאָך נאָר שטענדיק זיין אַליין, אַליין — מיטן טייוול צוזאַמען...

— נאַרישקייטן! — האָט די באַגאָליובאָווא געלאַכט — איך גלויב עס נישט. מענטשן האָבן אַ טבע אויסצוטראַכטן זאַכן. באַזונדערס אויף די, וועלכע מען האָט נישט ליב.

— אָבער דאָס אַליין וואָס מען האָט אים נישט ליב... — האָט זיך נאָך אַגאַפיאַ געפּרואווט דינגען, אָבער דוסיאַ האָט איר איבערשלאָגן:

— קום, אַגאַפיאַ, און זיי נישט קיין נאַר. לאָמיר זיך אַליין איבערציייגן.

— וו־וואָס? — האָט אַגאַפיאַ אויסגערופן אַ פאַרצאַפּלטע — מיינסט צו זאָגן, אַז דו גייסט זיך טאַקע מיט אים באַקענען?

— יאָ. — האָט דוסיאַ געענטפערט אַן ערנסטע.

— און דו — דו גייסט צו אים?

— איך זע נישט איין וואו עס ליגט דאָ די זינד. — האָט די באַגאָליובאָווא געענטפערט אין אַן אַנטי־גלחישן טאָן.

— און דו ווילסט אַז איך זאָל מיט דיר מיטגיין?

— געטראָפן, אַגאַפיאַ.

— ניין! — האָט זי ווי אויפגעשריגן און זיך מיט אַן אינסטינקטיווער שרעק גענומען אָפּרוקן — דאָס נישט, דוסיאַ! דאָס נישט!...

— אָבער פאַרוואָס נישט? — האָט דוסיאַ געפרעגט — אדרבא, זאָג...

אָבער אַגאַפיאַ האָט נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן. דאָס איז ביי איר געווען אַ געפיל־זאַך, אַן אינסטינקט אַזאַ, וועלכן מען האָט פון קינדווייז אָן אין איר איינגעפלאַנצט. איצטער איז עס שוין גע־

ווען צופיל אריינגעוואקסן אין איר לייב און איבערגעקאָכט אין איר בלוט.

— איך ווייס נישט... — האָט זי בלויז געזאָגט — מעגלעך, אַז איך האָב מורא...

— נאַרישקייטן! קום מיט מיר. וועסט זען, אַז ס'איז נישט מער ווי אַן איינרעדעניש...

דוסיאַ האָט גענומען איר חברטע ביי דער האַנט און זיך געלאָזט גיין מיט איר צום פּלאַץ וואו דער איד רייניאַרסקי איז געזעסן. צום ערשטן איז זי אַליין געגאַנגען פריי און מיט אַ לייכט האַרץ, אָבער וואָס נענטער זי איז צוגעקומען צו דער באַנק, וואו יענער האָט זיך געפונען, אַלץ אומזיכערער האָט זי זיך אָנגעהויבן פילן. דער טראָט איז פון זיך אַליין געוואָרן קלענער, שוואַכער. זי האָט דערפילט אַ טיאַכקעניש אין האַרץ און אַן אויפרודערונג אין די ביינער. אין פּנים האָט זיך ביי איר אָפּגעזעצט אַ גרויסע היץ.

זיי זענען שוין געשטאַנען זייער נאָענט צו אים. אַ טראָט, צוויי טריט — און זיי זענען לעבן אים.

— זאָלן מיר צוגיין? — האָט דוסיאַ שטילערהייט אַ פרעג געטאָן ביי איר חברטע. איר קול איז איצטער געווען זייער אומזיכער. די גאַנצע פריערדיקע גבורה האָט זי איצטער פאַרלאָזט.

— אָ, ניין. קום אוועק... — האָט זיך אַגאַפּיאַ ביי איר געבעטן.

אָבער עס איז שוין געווען צו־שפּעט. דער סטודענט רייניאַרסקי, וועלכער איז די גאַצע צייט געזעסן אַזאַ פאַרטראַכטער, מיט אַזאַ ליימענער אומבאַוועגלעכקייט, האָט זיך איצט, פון זייער נאָענטקייט, מסתמא, פון זייער שעפּטשען, וואָס איז דערגאַנגען צו זיין שאַרף, עמפינדלעך אויער, געגעבן אַ כאַפּ. דער גאַנצער קערפּער זיינער האָט אויפגעציטערט. דאָס איז געקומען פון אַ ספּאָנטאַנער אויפוואַכונג און אַ פּלוצלינגדיקן איבעררייס פון זיינע חלומות, וואָרימע חלומות, וואָס זיין אָנגעהיצטע פאַנטאַזיע האָט פּראָדוצירט אין דער קאַלטער, אָנגעפּראָסטיקטער לופט.

ווען ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און מיט די אויפגעטויכטע פייערן פון זיינע אויגן אַ קוק געטאָן אויף די צוויי מיידלעך, זענען זיי ביידע געבליבן אָן לשון. אָבער ער האָט פונדעסטוועגן באַמערקט דעם אויסגעזאָגענעם פראַגע־צייכן אויף דער באַגאָליובאָוואָס ליפּן, אַ פראַגע־צייכן מיט וועלכן זי האָט זיך געוואָלט ווענדן צו אים. האָט ער זיך באַלד געגעבן אַ שטעל־אויף און אַ נעם־אַראָפּ דאָס היטל. ער

האָט זיך העפלעך פאַרנייגט און אַ פרעג געטאָן:

— קען איך מיט עפּעס דינען?

און אין דער זעלבער צייט זיך אַראָפּגעבויגן און אויפגעהויבן די ביכער פון דער ערד.

דוסיא באָגאָליובאָוואַס פּנים האָט זיך איבערגעצויגן מיט אַ שאָטן פון פאַרלעגנהייט. זי האָט אַ געמאַכטן, נישט זיכערן שמייכל געטאָן. נאָכדעם האָט זי געמאַכט עטלעכע דראָבנע טריטעלעך צו דער באַנק־צו. אגאפיא האָט זיך געקלאַמערט אין איר חברטעס אָרעם און איז מיט־געגאַנגען.

— פריער בעטן מיר אייך אונז צו אַנטשולדיקן וואָס מיר באַ־לעסטיקן אייך... — האָט דוסיא אָנגעהויבן — נאָכדעם וועלן מיר אייך בעטן, איר זאָלט אונז אַרויסהעלפן מיט אַ פראַגע, וואָס מען מוז ענטפערן ביים עקזאַמען...

— אָ, זיכער! — האָט ער געענטפערט דירעקט און העפלעך — עס וועט זיין פאַר מיר אַן ערע... ווילט איר אַזוי גוט זיין און זיך אַוועקזעצן? — האָט ער, נאָך אַלץ שטייענדיק, זיי פאָרגעשלאָגן אַ פּלאַץ אויף דער באַנק.

— אַ דאַנק. — האָט די באָגאָליובאָוואַ געזאָגט, נאָך אַלץ אַ שטאַרק פאַררויטלטע פון דער מאָדנער אַוואַנטיורע, אָבער שוין מיט אַ לייכטערן אָטעם. זי האָט זיך געזעצט, אויסגלייכנדיק דערביי דעם מאַנטל אירן. אגאפיא האָט זיך געזעצט האַרט לעבן איר, נישט אויף דער זייט וואו דער איד ריינאַרסקי האָט געדאַרפט זיצן.

עס האָט נאָכגעפאָלגט אַ שווערע שטילקייט. קיינער פון די דריי יונגע מענטשן האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי אָנצופאַנגען. קיינער פון די צוויי צדדים האָט זיך נישט געפילט פריי גענוג צו באַזייטיקן דעם עלעמענט פון שעמעוודיקייט און אומצוטרוי. אַלע דריי זענען געווען נערוועז און געשפּאַנט. אַלע דריי האָבן זיך אומרואיק באַ־וועגט אויף זייערע פּלעצער. יעדן פון זיי האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער זיצט נישט גוט, אַז ער האָט נישט פאַרנומען דעם ריכטיקן פּלאַץ.

קוקן איינער אויפן אַנדערן האָבן זיי קוים געוואַגט. פון באַ־טראַכטן איינם דאָס אַנדערע ווי עס געהער צו זיין, האָט קיין רייד נישט געקענט זיין. דאָך האָט יעדער פון זיי, ווי עס איז דער שטייגער ביי יונגע מענטשן, באַלד נאָכן ערשטן באַהאַלטענעם בליק, וואָס מען האָט געוואָרפן איינער אויפן אַנדערן, גלייך אַרויסגעטראָגן אַ מיינונג און אַן אורטייל.

„קיין שיינער איז ער נישט..." — האָט די באָגאָליובאָוואַ די

ערשטע א טראכט געטאָן — „אָבער אינטערעסאנטע אויגן האָט ער יאָ...“

„אָט דאָס איז זי, די באָגאָליובאָווא, פון וועלכער אַלע סטודענטן רעדן און חלומען?...“ — האָט בוזשע רייגארסקי א וויקל געטאָן דעם געדאנק — „כ׳ווייס נישט וואָס זיי האָבן אין איר דערזען... און וואָס קען זי וועלן פון מיר?...“

„כ׳ווייס נישט נאָך וואָס זי האָט מיך געשלעפּט אהער...“ — האָט אגאפיא זיך שטילערהייט באַקלאָגט פאר זיך אַליין — „קיין גוואַלדיקער פארשוין זעט ער נישט אויס צו זיין... און דאָרטן, לעבן אויער, האָט ער, ווייזט אויס, עפּעס א געשוויר...“

„זיין פּנים איז אויך זייער אן אינטערעסאנטס...“ — איז די באָגאָליובאָווא ווייטער אָנגעגאנגען מיט איר שטילער אָפּשאצונג — „אָבער זיינע האָר זענען עפּעס נישט קיין שיינע... און וואָס האָט ער דאָרטן, לעבן אויער?...“

„אויפן פּנים זעט זי אויס צו זיין א גאנץ פיינע...“ — האָט בוזשע רייגארסקי א וויקל געטאָן דעם געדאנק אויף צוריק — „אן אָפן פּנים, אן ערלעכס. איז עס מעגלעך, אז זי, א גלחס א טאָכטער, זאָל זיין פריי פון אנטיסעמיטיזם?...“

און צו איר:

— איצט מעג איך פרעגן וואָס אזוינס איך קען טאָן פאר אייך?

ער האָט דאָס ארויסגערעדט העפלעך, אָבער קאַלט, מיט ווירדע, מיט דיסטאנץ, מיט א טאָן, וואָס זאָגט דייטלעך און אָן שום מיספארשטענדניש, אז זי מעג זיך טאקע זיין ווער זי איז, אָבער נתפּעל ווערט ער פונדעסטוועגן נישט פאר איר.

איר איז זיין טאָן געפעלן און נישט געפעלן אין איין און דער זעלבער צייט. געפעלן איז ער איר דערמיט, וואָס ער האָט נישט ארויסגעוויזן קיין סימן פון חניפה, קיין אָנדייט פון דער פאַלשער, געמאַכטער קאוואַלערישקייט, וואָס מען קען קיינמאָל נישט וויסן, צי עס איז געמיינט, צי נישט. פון דער אַנדערער זייט אָבער איז זי דאָך פאָרט געווען א פרוי, א יונגע פרוי, מיט אזוי פיל פארערער, — ווי האָט זי געקענט בלייבן א צופרידנגעשטעלטע מיט זיין מעסיקן, אָפּגעהיטענעם אופן פון רעדן צו איר?

פונדעסטוועגן האָט זי אים געענטפערט מיט א פריינטלעכן זשעסט.

— אָ, א גרויסע טובה, — האָט זי געזאָגט מיט א שמייכל — מיר ווייסן נישט קיין ענטפערס צו עטלעכע וויכטיקע פראגעס, וואָס מען

וועט זיבער פרעגן ביים עקזאַמען, אָדער בעסער: מיר זענען נישט זיכער, צי די ענטפערס, וואָס מיר גיבן אָן, זענען די ריכטיקע. וועט איר נישט זיין אַזוי גוט און אונז זאָגן די ריכטיקע ענטפערס?

— איך דאַנק אייך. — האָט ער געזאָגט — איר מאַכט מיר זייער אַ גרויסן קאָמפּלימענט, צו דענקען, אַז איך וועל וויסן די ריכטיקע ענטפערס. מעג איך פרעגן מיט וואָס איך האָב זיך פאַרדינט ביי אייך אַזאַ גוטע מיינונג וועגן מיר?

„ווי העפלעך ער איז!" — האָט אגאַפּיאַ מיט שוואַכן גלויבן אַ טראַכט געטאָן — „כ'וואָלט אַ בעלנות געווען צו וויסן, צי ער מיינט עס טאַקע..."

און צו אים:

— מען דאַרף נישט גיין זייער ווייט אויסצוגעפינען אייער קענ־טעניש. אַלע אין גימנאַזיע וויסן עס...

— אויב אַלע אין גימנאַזיע וויסן עס, — האָט ער געענטפערט, — טוט מיר לייד צו זאָגן, אַז איך אַליין ווייס עס נאָך נישט. נישט נאָר בין איך אָפטמאָל נישט זיכער, צי איך ווייס די ענטפערס אויף געוויסע פראַגעס, נאָר איך צווייפל נאָך אָפטער, צי די לערער אונ־זערע וויסן...

„איך גלויב אים נישט." — האָט אגאַפּיאַ צו זיך אַ זאָג געטאָן — „ער וויל זיך בלויז באַרימען מיט זיין אַנדערשקייט..."

„אַביסל אַ גראָבלעכער..." — האָט באָגאָליובאָוואַ געטראַכט — „אָבער אַן אָריגינעלער. מען קען פון אים אַ סך לערנען..."

און צו אים:

— אויב ס'איז יאָ אַזוי, וויל איך טאַקע זען, צי איר ווייסט נישט דעם ענטפער צו דעם: זענען נאַציעס ביאָלאָגישע איינסן, צי עפּעס אַנדערש?

— דאָס איז נישט אַזאַ שווערע פראַגע. — האָט ער אַ שמייכל געטאָן, דעם ערשטן שמייכל זינט זיי זענען צוגעקומען — איך האָב מיך געריכט אויף עפּעס שווערערס...

„יאָ," האָט אגאַפּיאַ איצטער באַשטעטיקט איר אייגענעם גע־דאַנק, „ער איז אַ באַרימער. כ'בין שוין טשיקאַווע צו הערן זיין ענטפער..."

און די באָגאָליובאָוואַ האָט געטראַכט:

„מיר געפעלט נישט זיין שמייכל... ער ווייזט אויס צו זיין נישט קיין גוטער... און גוואַלדיק איינגעגלויבט אין זיך..."

און צו אים:

— פֿאַרוואָס הייסט עס ביי אייך נישט שווער? איך גלויב, אַז אין אייער קלאַס האָט מען נאָך דאָס נישט געלערנט...

— דאָס זאָגט נישט קיין סך. — האָט ער געענטפֿערט — עס איז דאָך אַ פֿאַקט, אַז סטודענטן געדענקען גיכער זאַכן איידער זיי לערנען זיי אויס אינם קלאַס־צימער, ווי נאָכדעם.

— אָבער ווי קען מען געדענקען אַזוינס, וואָס מען לערנט נישט?

— האָט אגאַפּיא זיך אַריינגעמישט, נישט אָן דעם בייזווילִיקן ציל דערביי אים צו כאַפּן אויף דער ווענטקע.

— איך מיין נישט אַזעלכע סטודענטן, וועלכע וואַרטן מיט זייער קענטעניש אויפֿן קלאַס־צימער. — האָט ער געענטפֿערט מיט אַ גאַנץ מערקבאַרן חוזק און גרינגשעצונג — אַזעלכע סטודענטן קענען גאָר־נישט איידער זיי קומען אין קלאַס אַריין און עטוואָס, וואָס איז ענלעך צו גאָרנישט, נאָכדעם ווען זיי פֿאַרלאָזן דאָס קלאַס־צימער...

— מיינט איר צו זאָגן, אַז אַלץ, וואָס אייך קומט אויס צו לער־נען אין קלאַס־צימער, האָט איר שוין אַליין פֿריִער געלערנט אין פֿאַר־אויס? — האָט די באָגאָליובאָווא אים געפֿרעגט.

— כמעט אַלץ.

— און די דערקלערונגען פֿון דעם לערער אַנטדעקן שוין פֿאַר אייך גאָרנישט?

— אַמאָל יאָ און אַמאָל נישט.

— וואָס מיינט איר: אַמאָל יאָ און אַמאָל נישט? — איז זי נישט געווען צופֿרידן פֿון זיין ענטפֿער.

— איך מיין, — האָט ער געזאָגט, — אַז פֿון דעם, אין וואָס איך בין מיט אים איינשטימיק, לערן איך, און אַז פֿון דעם, אין וואָס איך בין מיט אים נישט איינשטימיק, לערן איך גאָרנישט.

— איך פֿאַרשטיי נישט וואָס איר מיינט. — האָט זי זיך מודה געווען.

— איך וועל עס אייך דערקלערן קלאָרער. דאָס וואָס עמיצער לערנט מיך און עס אַפּעלירט צו מיין הארץ, פּונקט ווי עס אַפּעלירט צו מיין מח, איז אַ סימן, אַז ס׳איז אמת. דאַן בין איך מיט אים איינשטימיק און איך נעם עס אָן. און עס בלייבט ביי מיר. אַ קעגנ־שטאַנד, אָבער, וואָס אַפּעלירט בלויז צו מיין מח, און טיילמאָל אַפּילו צום מח אויך נישט, — דאָס נעם איך נישט אָן. דאָס, וויפֿיל מאָל איך זאָל עס נישט לערנען, קלעפּט זיך נישט צו צו מיר, עס פֿאַלט אָוועק, ווי אַ צוגעטשעפּעטע וואָנסע, וואָס קינדער טשעפּען זיך צו צו דער ליפּ.

— דאָס קען אפשר זיין גאַנץ שיין גערעדט, — האָט אגאַפּיא געזאָגט, — אפשר פּאָעטיש גערעדט, אָבער עס האָט נישט, לויט מיין מיינונג, קיין שום צוזאַמענהאַנג מיט דעם ענין. וואָס פאַר א שייכות, צום ביישפּיל, האָט מאַטעמאַטיק, צי געאָמעטריע, מיטן הארץ?

— אנטשולדיקט, איר האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען. — האָט ער אָנגעהויבן ארויסווייזן לייכטע סמנים פון אומגעדולד — איר האָט אפשר גענומען מיינע ווערטער צו־בוכשטעבלעך. עס האָט זיך נישט געהאַנדלט וועגן מאַטעמאַטיק צי וועגן געאָמעטריע. עס האָט זיך בכלל נישט געהאַנדלט וועגן גלאַט א באַשטימטן קעגנשטאַנד. גע־מיינט האָב איך די דערקלערונגען צו קעגנשטאַנדן, וואָס די לערער גיבן, די אויסטייטשונגען און אריינטייטשונגען. פאַרשטייט זיך, אַז ווען מען דאַרף כּפלען זיבן אכטלען אויף ניין זיבעטלען איז דערצו נישט נויטיק קיין הארץ און קיין געפילן. דאָס זעלבע מיטן אויס־מעסטן די הייך און די ברייט פון א שטיק רוים. ווען עס קומט אָבער צו נאַטור וויסנשאַפט, צו זאָאָלאָגיע, צו ביאָלאָגיע, וואָס דער טעקסט אַליין איז שוין דערביי נישט דער עיקר, נאָר דאָס וואָס איז הינטער דעם טעקסט, דאָס וואָס ליגט באַהאַלטן צווישן די שורות, — דאַן איז שוין יאָ אַן אונטערשיד ווי אַזוי מען דערקלערט מיר זאַכן, מיט וואָס פאַר א משלים מען באַנוצט זיך; דאַן זאָג איך, קען איך דער־פילן דעם אמת.

— וועלכן אמת? — האָט די באָגאָליובאָווא געפרעגט — ס'איז דען פאַראַן איין אמת?

— ניין, איך זאָג דאָס נישט. — האָט ער געזאָגט — עס זענען טאַקע פאַראַן א סך אמתן, אָבער יעדער איינער האָט זיך זיין באַ־שטימטן אמת, פון וועלכן ער טאָר נישט אַוועקגיין, פון וועלכן ער קען נישט אַוועקגיין.

די לעצטע ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט מיט א סך פייער און פּאַטאָס. ער האָט אַליין נישט באַמערקט ווי זיין קול, וועלכעס ער האָט פריער געזוכט צו מאָדולירן, איז אַרויס פונם טאָן. די פריער־דיקע געמאַכטע שטייפקייט פון זיין פּנים האָט גענומען איינגיין און אַנשטאָט דעם איז דערויף אַרויסגעטראָטן א נייער סאָרט שטייפקייט, א באַשטימטע עקשנותדיקע טראַציקייט, געמישט מיט אביסל ביטער־קייט און פאַראיבל. אַזא רעאַקציע איז ביי אים אַלע מאָל אַרויסגע־רופן געוואָרן, ווען מען האָט מיט אים נישט איינגעשטימט אין א וויכטיקן פּרינציפּיעלן ענין. די פאַרב פון זיינע טונקל־זאַמדיקע האָר איז אויך באַלעבט געוואָרן מיט א פרישן שטראָם רויטקייט. אפילו

דער גלאַנציקער דאַשעק פון דעם קאַנטיקן היטל זיינעם האָט זיך שטאַרקער און העלער צוגלאַנצט, דערפילנדיק אויף זיך דעם אַנט־קעגנאיבערדיקן שטראַם, וואָס האָט זיך געטראָגן פון זיינע אויגן.

„סאַראַ טעמפּעראַמענטפולער! . . .“ —האָט די באַגאַליובאָווא אַ טאָרע געטאָן איר איינענעם געדאַנק. פון דעם דאָזיקן באַריר האָט זי דערפילט אַ וואַרימקייט איבער איר גאַנצן יוגנטלעכן קערפּער זיך צוגיסן.

„סאַראַ איינגעשפּאַרטער ער איז! . . .“ — האָט אַגאַפיאַ נאָכ־געפאָלגט די ליניע פון איר צוגעגרייטער מיינונג וועגן אים — „זענען אַלע אידן אַזוי? . . .“

— און וואָס איז אייער אמת? — האָט דוסיאַ באַגאַליובאָווא אים געפרעגט, קוקנדיק אים גלייך אין די אויגן. איר בליק איז איצ־טער געווען ווייך, מילד און פרידלעך. עס האָט אויסגעזען, אַז וואָס ער וועט איר נישט ענטפערן, וועט זיין פאַר איר אַ נייעס, וועט זיין פאַר איר אַ וויכטיקע און אַנגענעמע איבערראַשונג — כ'מיין: אייער באַשטימטער אמת . . .

— מיין באַשטימטער אמת איז דאָס וואָס איך גלויב, וואָס איך פיל־דורך.

— און אין וואָס גלויבט איר? — האָט אַגאַפיאַ געפרעגט.

— אַ גלויבן קען מען מיט ווערטער נישט דערקלערן. — האָט ער געענטפערט — אַ גלויבן קען מען בכלל נישט דערקלערן. אויב אייינער האָט אַן אויער פאַר אַזעלכע זאַכן, קען ער דערהערן די שטים פון אינווייניק אַרויס, אַ שטים פונם האַרץ און פונם בלוט אַרויס...

„סאַראַ געפילפולער ער איז! . . .“ — האָט דוסיאַ באַגאַליו־באָווא פון אים די אויגן נישט אַרונטערגענומען — „און ער איז אומ־באַדינגט אַ קלוגער — און אַזאַ עמאָציאָנעלער! . . .“

און זי האָט אַליין נישט באַמערקט ווי די דיסטאַנץ צווישן אים און איר איז געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער. נישט נאָר די גייס־טיקע דיסטאַנץ, נאָר די פיזישע אויך. די מחיצה פון דער באַנק, אויף וועלכער זיי זענען געזעסן, איז איצטער צווישן זיי אינגאַנצן געווען פאַרשוואונדן. זי איז איצטער געזעסן האַרט לעבן אים, אַ סך, אַ סך נענטער ווי ווען זיי האָבן זיך דאָ אַנידערגעזעצט.

און אַגאַפיאַ:

„אַ שטים פון האַרץ . . . אַ שטים פון בלוט . . . האָט דען אַ איד אַ האַרץ? . . . . און דאָס בלוט זייערס . . . איז דען דאָס אמתדיק בלוט? . . . אויב יאָ, פאַרוואָס נוצן זיי נישט זייער אייגן בלוט פאַר

זייערע רעליגיעזע צוועקן, נאָר זיי נעמען דאָס בלוט פון קריסטלעכע קינדער ? . . ."

— הערט, — האָט זי געזאָגט, — איר ווייסט, אַז איר האָט אונז נאָך דערוויילַ נישט געענטפערט אויף אונזער פראַגע, צי נאַציעס זע־נען ביאָלאָגישע איינסן, צי עפּעס אַנדערש ? . . .

— ניין, — האָט ער געענטפערט, — נאַציעס קענען נישט זיין קיין ביאָלאָגישע איינסן, דערפאַר ווייל איר קענט געפינען אין איין באַשטימטער טעריטאָריע אַ געמיש פון פאַרשידענערליי פעלקער און ראַסן. נאַציעס קען מען גיכער אָנרופן פּאָליטישע איינסן, שפּראַכ־לעכע איינסן, ווייל נישט קוקנדיק אויף דער פאַרשידנאַרטיקייט פון פעלקער און ראַסן, רעדן זיי אָבער אין מערסטע פאַלן אויף איין שפּראַך און גלויבן אין דער זעלבער פאָרם פון רעגירונג.

— מאָדנע ! — האָט די באָגאָליובאָווא אויסגערופן — עס איז, דאַכט זיך, אַזוי פּשוט און מיר האָבן דאָס נישט געוואוסט. פאַרוואָס האָבן מיר דאָס פאַרגעסן ? — האָט זי זיך געווענדט צו אַגאַפיאַן מיט אַ גוטמוטיקער פרעטענזיע.

און ווען אַגאַפיאַ האָט גאָרנישט געענטפערט, האָט זיך אָנגע־רופן ריינאַרסקי :

— איר געדענקט מסתמא בעסער אַנדערע זאַכן, אַזעלכע וואָס איך וואָלט אודאי נישט געדענקט . . .

— נאַרישע זאַכן געדענקען מיר בעסער, דאָס אַלץ. — האָט זי זיך אַליין געמוסרט.

— איז דער ענטפער אייערער אַ פאַקט, צי בלויז אַן השערה ?

— האָט אַגאַפיאַ אים פלוצלינג אַ פרעג געטאָן.

— עס איז אי אַ פאַקט, אי אַן אויסטייטשונג. — האָט ער איר געענטפערט, דוקא געלאַסן.

— גיט אונז די אויסטייטשונג ! — האָט זי אים אויפגעפּאָ־פּאָדערט גאַנץ פראָסט, גאַנץ טרוקן און אָן דעם מינדסטן סימן צו פאַרדעקן אירע אומסימפּאַטישע מאָטיוון דערביי.

בוזשע ריינאַרסקין איז דאָס זייער נישט געפעלן. עס איז אים גאָר נישט אָנגעשטאַנען וואָס זי נעמט אים אויפן פאַרהער. אַ חוץ דעם, האָט ער אין פאַרלויף פון דעם געשפּרעך מיט זיי, שוין געהאַט צייט ארויסצוזען די דייטלעכע אַנטיסעמיטישע שטריכן — פון איי־נער, וויניקסטנס, פון דער־אָ, וואָס ער ווייסט אפילו נישט איר נאָמען. און די צווייטע, די באָגאָליובאָווא, די ווייזט זיך ארויס גאָר אַלס סימפּאַטישע. זאָל ער זאָגן, אַז זי שפּילט בלויז די ראָלע ? איז

עס דערפֿאַר ווייל זי איז פּשוט בעסער דערצויגן, און — טאַקע קלי־גער אויך?...

אויף אַ מאָמענט איז ער שוין געווען גרייט אָפּצוהאַקן דעם שמועס, וועלכער האָט אָנגעהויבן ביי אים צו פֿארלירן דעם אינטע־רעס. „וואָס האָב איך זיך דאָ אַוועקגעזעצט מיט זיי פֿילאָזאָפֿירן?" — האָט ער זיך אַליין געפֿרעגט — „איך קען עפּעס לערנען פֿון זיי?" ער האָט זיך אָבער גלייך איבערגערעכנט, אַז ער קען דאָס נישט טאָן. ער איז שוין אַ דערוואַקסענער מענטש, און זיי זענען אויך דערוואַק־סענע מענטשן, דאַמען. ער קען זיך דעריבער נישט דערלויבן נאָכ־צוגעבן זיין קאַפּריז. אַ חוץ דעם: אפשר איז טאַקע די באַגאַליור־באָוואַ אין דער אמתן אַזאַ סימפּאַטישע, ווי דער איינדרוק איז... איז כאָטש צוליב איר אַליין...

— אַלס אַ ביישפּיל דערצו קען מען נעמען אַ ווילדערניש, וואו עס וואוינען אַלערליי ווילדע חיות. — האָט ער אָנגעהויבן צו דערקלערן — שטעלט אייך פֿאָר, אַז אין אַ וואַלד וואוינען חיות פֿון אָן אַ שיעור מינים. זיי רעדן אַלע אויף איין שפּראַך, די שפּראַך פֿון רויער קראַפֿט, פֿון פֿארניכטן און אומברענגען איינע די אַנדערע. זיי גלויבן אַלע אין איין געזעץ: אַז דער שטאַרקער פֿארשלינגט דעם שוואַכן. דעם זעלבן משל קען מען, דענק איך, ברענגען פֿון אַ פֿעלד מיט בלומען, כאָטש דאָ זענען די רעזולטאַטן פֿרידלעכערע און נאָבעלערע. אַזוי פֿיל מינים וויפֿיל עס געפֿינען זיך אויפֿן פֿעלד, רעדן זיי פֿונ־דעסטוועגן אויף איין שפּראַך: אויף דער שפּראַך פֿון זון און רעגן. זייער יחוס איז אַזאַ פֿארשידנאַרטיקער, דאָך איז זייער ציל אַזאַ גע־מיינזאַמער: אַריינזאַפּן אין זיך די זאַפֿט פֿון דער ערד און אַרויס־געבן פֿון זיך דעם שמעקנדיקן דופֿט...

אָנגעהויבן זיין דערקלערונג האָט ער מיט אַ קאַלטן און נאָכלע־סיקן טאָן, ווי איבערצוקומען אַ נישט זייער אָנגענעמע פֿליכט. ביס־לעכווייז, אָבער, האָט ער זיך צעוואַרימט. באַזונדערס, ווען ער איז צוגעקומען צו דעם משל, וואָס ער האָט געבּרענגט וועגן די בלומען. דער קאָליר פֿון זיין פּנים האָט זיך מאָמענטאַל געענדערט. דער קאָ־ליר פֿון זיינע אויגן — אויך. די פֿאַרב פֿונם פּנים איז געוואָרן ראָ־זעווער און דער קאָליר אין זיינע אויגן — העלער און בליציקער. זיין גאַנץ וועזן האָט זיך אין דער מינוט פֿון ענטוזיאַזם אָנגענומען מיט לופֿט און אויפֿשטייגונג.

— ווי שיין איר האָט עס רעזומירט!... — האָט דוסיאַ באָ־נאָליובאָוואַ אויפֿריכטיק אויפֿגעשריגן—דענקסט נישט אַזוי, אַגאַפּיאַ?

— האָט זי זיך געווענדט צו איר חברטע נאָך אַ באַשטעטיקונג.

— אַז איר קענט און פאַרשטייט אַזוי פיל, — האָט אַגאַפּיאַ אויסגעמידן אַן ענטפער צו איר חברטע און זיך דירעקט געווענדט צו אים, — צו וואָס נוצט אייך דאָס גיין אין גימנאַזיע?

— ערשטנס, קען איך נישט און פאַרשטיי נישט אַזוי פיל ווי איר זענט גרויסמוטיק גענוג צו דענקען. — האָט ער געענטפערט — ווען מענטשן ווייסן נאָר עטוואָס וויפיל עס איז אַלץ פאַראַן צו וויסן און צו קענען אויף דער וועלט, וואָלטן זיי קיינמאָל נישט באַנוצט דאָס וואָרט „אַ סך“, אָדער דאָס וואָרט „צופיל“. צווייטנס, גיי איך אין גימנאַזיע צוליב אַן אַנדערן ציל אויך...

— וואָס איז דער אַנדערער ציל?

— כדי אויסצוגעפינען ווי אַזוי נישט צו שטודירן קיין געגנ־שטאַנדן... — האָט ער געזאָגט און אַ שמייכל געטאָן.

די באַגאַליובאָווא האָט אים פאַרשטאַנען און זיך אויך צו־שמייכלט. איר שמייכל איז געווען אַ סך אָפענער און ברייטער ווי זיינער.

— איך זע, אַז איר האָט טאַקע די אמתע מיינונג וועגן אונזערע גייסטיקע שפּייזער. — האָט זי צו אים געזאָגט.

— איך בין גאָר נישט זיכער, צי טייל פון זיי האָבן וועגן זיך בעסערע מיינונגען. — האָט ער געענטפערט — עס זענען צווישן זיי פאַראַן גענוג, וועלכע פאַרשטייען אויסגעצייכנט, אַז די איצטיקע מע־טאָדעס פון לערנען טויגן נישט.

אויף דער באַנק, אויף וועלכער זיי זענען געזעסן, איז געגעבן אַ גיי־אַרויף די זון, נישט קיין גאַנצע זון, נאָר עטלעכע שטיקלעך צושפּליטערטע שטראַלן האָבן אַ פאַרכאַפּ געטאָן עטלעכע פּלעצער. באַלד האָבן זיי זיך גענומען שפּרייטן, נענטערן זיך איינס צו דאָס אַנ־דערע, זיך אויפסניי פונאַנדעררוקן און אַנטלויפן. אַזוי אַ סך מאָל. ביז זיי האָבן דערגרייכט די מענטשן, וואָס זענען געזעסן אויף דער באַנק. אַ שטיקל זון איז געגעבן אַ גיי־אַרויף אויף דער באַגאַליר־באָווא און האָט אַרומגעכאַפּט אַ טייל פון איר פּנים, אַ טייל פון אירע האָר, וועלכע האָבן גענומען שעמערירן גאָלדיק. איר גלאַט, פריש, יוגנטלעך פּנים, דער באַזונטער טייל, האָט אויסגעזען ווי אַ העל שטיק טאָג אַנטקעגן אַ העל שטיק פאַרנאַכט, וואָס דער אַנדערער, נישט באַזונטער טייל, האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט. באַלד האָבן עט־לעכע קליינע שטראַלעכלעך זיך אָפּגעטראָגן פון איר און געגעבן אַ טאַנץ־אַרויף אויף ריינאַרסקין. זיי האָבן אַ באַשפּרינקל געטאָן זיין סטודענטישן מאַנטל, אַ גלעט געטאָן זיין האַלז, אַ וואַרים געטאָן זיין

אויער און דעם רויטלעכן פּלעק, וואָס לעבן אויער. גאָר פון אַן אַנ־דער זייט האָט די זון אַ ברי געטאָן אַגאַפּיאַן. איר לענגלעך שמאָל פּנים איז באַלויכטן געוואָרן בלויז אויף אַ ווייל. איר קליינע דינע נאָז האָט אַ צי געטאָן די וואַרימקייט אין זיך מיט אַ גיריקן זופּ. אירע שמאָלע, לענגלעכע אויגן האָבן אַ שפּיזל געטאָן מיט רשעות, ווען אַ פּאָר זון־פּאַסן האָבן זיי בכיון אויסגעמידן.

באַלד איז אָנגעקומען אַ ווינט און האָט גענומען בלאָזן מיט פּראָסט.

אַגאַפּיא איז געווען די ערשטע זיך אויפצושטעלן. מיט דעם האָט זי געוואָלט געבן אַ צייכן, אַז דער „קלאַס" איז געענדיקט און אַז ס'איז שוין צייט צו גיין. דוסיא באַגאָליובאָווא האָט אויך, אָן שטאַרקן חשק, זיך אויפגעשטעלט און אים אויסגעשטרעקט די האַנט.

— אַ דאַנק! — האָט זי אים געזאָגט — איך האָב שוין לאַנג נישט פאַרבראַכט אַזאַ אַנגענעמע שעה...

און דער אויסדרוק פון איר פּנים האָט פולשטענדיק קאָווירט פאַר דער אויפריכטיקייט פון אירע ווערטער.

ער האָט זיך אויך אויפגעשטעלט און נישט גאַנץ דרייסט אָנגענומען איר אויסגעשטרעקטע האַנט. דורך דער הענטשקע האָט ער דערפילט ווי עס האָט אויף אים אַ פליייץ געטאָן אַ שטראָם וואַרימקייט.

— איך בין נישט זיכער, צי דער דאַנק קומט גאָר נישט איך...

— האָט ער איר געענטפערט, אויך מיט אַן אויפריכטיקן טאָן.

זי האָט געלאַכט און נישט געוואָוסט מער וואָס צו זאָגן. אַגאַפּיא איז געשטאַנען ווי אַן איבעריקע, מיט אַ ברוגזער מינע, און אַביסל אונטערגעציטערט פון קעלט.

— נו, מיר דאַרפן גיין. — האָט זי ענדלעך געזאָגט, נישט געבנ־דיק רייגאַרסקין די האַנט — ס'ווערט שפּעט און קאַלט.

— צום ווידערזען! — האָט די באַגאָליובאָווא נאָכאַמאָל צו אים אַ זאָג געטאָן. מיין נאָמען איז דוסיא באַגאָליובאָווא.

— צום ווידערזען! — האָט ער געענטפערט, האַלטנדיק דאָס היטל אין דער האַנט. — און מיין נאָמען איז באָריס רייגאַרסקי.

דאָ איז געשען אַ מאָדנע זאַך.

פון דער גרופּע סטודענטן, אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען שומאַנסקי, לוקשינסקי דער נאַסטאַיאַשטשי, סקרינעק און עטלעכע אַנדערע, האָט זיך אָפּגעטיילט אַ סטודענטל, נאָך גאָר אַ יונגיטשקער, אפשר פונם צווייטן, צי פונם דריטן קלאַס. ער איז צוגעגאַנגען צו דער באַגאָליובאָווא, האָט איר דערלאַנגט אַ צעטעלע און איז אַוועק־געגאַנגען.

דוסיא באָגליובאָווא האָט עס אויף גיך איבערגעלייענט און איר פּנים האָט אויפגעפלאַמט פון כּעס.

דאָס איז נאַכאַלסטווא ! — האָט זי אויסגערופן — איך וועל זיי פאַרקלאָגן פאַרן אינספּעקטאָר!

— וואָס איז ? — האָט אגאַפיא געפרעגט.

— נא, לייען איבער! — האָט איר דוסיא געגעבן דאָס צעטעלע צו לייענען.

— ווער, דענקסטו, האָט עס געשריבן ? — האָט אגאַפיא גע־פרעגט, נאָכדעם ווי זי האָט עס איבערגעלייענט.

—מסתמא יענע נאַכאַלן ... — האָט דוסיא אָנגעוויזן אויף דער גרופּע סטודענטן, וואָס איז געשטאַנען א פּופּצן שפּאַן אוועק פון זיי — קענסט דאָך זייערע חכמות!...

— מעג איך וויסן אין וואָס דאָ האַנדלט זיך ? — האָט ריי־נאַרסקי א פרעג געטאָן ביי דער באָגאָליובאָווא.

זי האָט זיך א ווײַלע געישובט, נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. ענדלעך האָט זי באַשלאָסן צו ווייזן אים דאָס צעטעלע.

ער האָט עס אָנגעהויבן לייענען. די בלאַסקייט פון זיין פּנים איז איבערגעצויגן געוואָרן מיט א ראָזאָווער שיכט. דער אָדער לעבן אויער, נישט ווייט פון דער פּאַרטריקנטער ראַנע, האָט זיך געהויבן ארויף און אראָפּ.

אינם צעטעלע איז געשטאַנען :

מיר, די אונטערגעשריבענע, דריקן אויס פּראָטעסט, באַדויערן, אנטריסטונג און אנטווישונג, וואָס גוטע קריסטלעכע מיידלעך טוישן אויס אמת־קריסטלעכע יונגעלייט פאַר אידישע. מיר אנערקענען דאָס קעגן יעדער אָנגענומענער מאָראַל און עטיק.

יופּיטער, מארס, אפּאָלאָ, מערקור, און אלע אנדערע.

— עס טוט מיר לייד... — האָט די באָגליובאָווא זיך פאַר אים אַנטשולדיקט.

— פאַרוואָס ? איר זענט נישט שולדיק . . .

— איך וועל זיי פאַרקלאָגן צום אינספּעקטאָר. — האָט זי ווי־דער געזאָגט.

— ניין, — האָט ער געענטפערט, — דאָס איז קיין שטראָף נישט. אָט דאָס איז א גרעסערע שטראָף!

און ער האָט גענומען דאָס צעטעלע און עס צוריסן אויף שטיקלעך.

— פאַר איגנאָראַמוסן איז דער בעסטער ענטפער —איגנאָרירן.

## קאַפּיטל דרייצן

בוזשע רייִנאַרסקי איז געווען אויפֿן וועג אַהיים פֿון דער גימנאַזיע. עס איז שוין געווען פֿאַרנאַכט און פֿינסטערלעך. עס האָט זיך געשטעלט אַ פֿראָסט אײַנדרויסן. דער הימל איז געווען פֿאַרוואָלקנט און דער ווינט האָט פֿון וערגעץ־וואו אָנגעיאָגט קליינע, דראָבנע שנייעלעך. ער האָט געשפּאַנט מיט די ביכער אין דער האַנט און האָט נישט געפֿילט ווי דינע, פֿייכטע ווינטלעך עסן זיך אײַן אין זײַנע ביינער. ער האָט אויך נישט געפֿילט ווי די אויערן הויבן בײַ אים אָן צו פֿרירן. ער האָט בלויז פֿון צייט צו צייט, נישט וויסנדיק וואָס ער טוט, צוגעלייגט אַ האַנט צום אויער, ווי ער וואָלט עס וועלן אַביסל דערוואַרימען. די דורכגעפֿרוירענע שטיינער, ערטערווייז פֿאַרדעקט מיט אײַז און גליטש, האָבן געסקריפּעט אונטער זײַנע פֿיס. פֿאַרגלעזערטע ריטשקעלעך וואַסער האָבן זיך געבראָכן אונטער זײַן פֿעסטן טראָט.

ער האָט שוין לאַנג געהאַט אַריבערגעשפּאַנט זײַן הויז, פֿאַרגאַנגען עטלעכע גאַסן, זיך געריבן פֿינגער אָן פֿינגער, געביטן די ביכער פֿון איין האַנט אין דער אַנדערער, פֿאַרדעקט דאָ איין אויער, דאָ אַ צווייטס. אָבער ער האָט אַלץ דערפֿון נישט געוואוסט. זײַן געדאַנק האָט איצטער געוואַנדערט אין אַנדערע ריכטונגען, זײַן אויג האָט זיך איצטער געגליטשט איבער אַנדערע זעאונגען. ער האָט זיך איצטער, מיט זײַן געדאַנק און מיט זײַן וויזיע, געפֿונען אינם גימנאַזיע־גאָרטן, אויף אַ באַנק, וואו עס האָט זיך, קודם כּל, געפֿונען ער אַליין. און באַלד לעבן אים — די באָגאָליובאָווא. און באַלד לעבן איר — אַגאַפּיאַ, די אָנגעבלאָזענע און, קענטיק, ווייניק איבערגעשפּיצטע, מיידל. און באַלד איז אים אָנטקעגנגעקומען די סצענע מיט דעם בריוול און ער האָט זיך צושמייכלט.

ניין, ער איז נישט געווען בייז. ער איז אַפֿילו נישט געווען אויף דאָס מינדסטע אויפֿגערודערט. בוזשע רייִנאַרסקי איז שוין אַלט געווען זיבעצן יאָר. ער איז שוין מער נישט געווען דאָס פֿאַרקרענקטע בחורל מיטן פֿאַרחלשטן טעמפּעראַמענט. ער איז איצטער געווען אַ צייטיקער און רייפֿער יונגערמאַן מיט אַ געזעצטן, ניכטערן בליק אויפֿן לעבן. אַ סך האָט אים געלערנט די צייט. מערסטנס אָבער האָט ער זיך אַליין געלערנט. כאָטש קיין גוואַלדיקע געשעענישן זענען אין פֿאַר־

לויף פֿון די דריי יאָר ביי אים נישט פֿאָרגעקומען, האָט ער אָבער, פֿון דער באַגרעניצטער און מאָגערער דערפֿארונג, אַרויסגענומען אַ סך זאַכן. ער האָט אַ סך געלייענט. וועלטן מיט ביכער אויסגעלייענט. געשיכטע און דראַמע; ראָמאַן און פֿילאָזאָפֿיע. אַלץ האָט ער פֿאַרשלונגען אין איין אָטעם און כמעט מיט דעם זעלבן אינטערעס. עס איז נישט געווען וועך עס זאָל אים זאָגן ווי אַזוי צו לייענען און וואָס איבערצוקלייבן. ווי אַלע מאָל, ווי מיט יעדער זאַך, האָט ער דאָס אויך געטאָן אויף זיין אייגענער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, לויט זיין אייגענעם געוויסן. פֿרעגן יענעם? וואָס וועט ער פֿרעגן? וואָס וועט מען אים זאָגן? ווער קען דען בכלל יענעם זאָגן וואָס עס איז גוט פֿאַר אים און וואָס עס איז שלעכט?

האָט ער געבלאָנדזשעט. געקייעט דאָס געשריבענע. קונסט און שונד האָבן זיך געראַנגלט אין זיין מאָגן. יעדער פֿון די צוויי עלעמענטן האָט געזוכט צו דאָמינירן זיין געשמאַק און צו פֿאָרמירן זיין געדאַנק. ער האָט געבלאָנדזשעט. אין איין צייט האָט ער געמיינט, אַז דאָס גאַנצע לעבן איז אַן אויסגעטראַכטס: פֿליענדיקע רויטע באַלונען מיט געלע פֿלעקן, ׳שטאָט אויגן, מיט אַן אויפֿגעריסן מויל, מיט גרויסע, אויסגעטראַכטע ציין, מיט אַ הילכיק, אויסגעטראַכט געלעכטער, וואָס לאַכט אַזוי, אַז מען קען טויב ווערן; אַז מען קען שוין מער גאָרנישט דערהערן. איז עס אים נישט געפֿעלן. ער האָט גענומען זיין פֿאַרשטאַנד צו הילף און ער איז געקומען צום באַשלוס, אַז אַזוי טויג נישט, אַזוי קען נישט זיין; אַז דאָס לעבן דאַרף זיין גאָר עפּעס אַנדערש. שטילער און געמיטלעכער דאַרף עס זיין. עכטער און האַרמאָנישער. האָט ער גענומען לייענען נאָך ביכער. און נאָך ביכער. די שטאָטישע ביבליאָטעק האָט שוין פֿאַר זיינעטוועגן נישט געהאַט וואָס צו לייענען. האָט ער, מיט דער הילף פֿון זיין טאַטנס געלט, אָנגעהויבן אויסשרייבן ביכער פֿון אַנדערע שטעט. ער האָט געהאַט פֿאַרזוכט די ערשטע פּאָר טראָפּנס פֿונם קוואַל פֿון וויסן. אַ דורשט האָט זיך באַזעצט אין זיין גומען. ער האָט געמוזט האַלטן אין איין טרינקען, כדי דעם דורשט אויף וויפֿיל נישט איז צו לעשן.

ער האָט געלייענט וויסנשאַפֿטלעכע ביכער, פּסיכאָלאָגישע ביכער, פֿילאָזאָפֿישע ביכער. אמת, נישט אַלץ האָט ער גלייך פֿאַרשטאַנען. נישט אַלץ האָט ער געקענט פֿאַרדייען אויף דער מינוט. עס האָט געמוזט נעמען צייט. זיין געדאַנק האָט זיך געדאַרפֿט צוגעוואוינען צו די אומבאַקאַנטע געדרייטע לאַבירינטישע וועגן. אָבער ער האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן. ער האָט זיך געלאָזט אַלץ ווייטער און אַלץ טי־

פער אויף יענע וועגן, וואו די גייסטיקע אוצרות זענען געלעגן באַהאַלטן.

ער האָט שוין געהאַט געלייענט סאָקראַטן און ספּינאָזאַן, קאַנטן און ניטצשען. אַ חוץ דעם, האָט ער איצטער אויך מער זיך צוגעקוקט צו מענטשן, צו אייגענע ווי צו פרעמדע, באַטראַכט זייערע האַנדלונגען, זייער באַציאונג צו אַנדערע מענטשן, און ער איז געקומען צו שלוסן, צו זיינע אייגענע אויספירן, כאָטש אונטער דער דירעקטער ווירקונג פון די נייע לערער זיינע, די גרויסע פילאָזאָפן. ביי זשאַן זשאַק רוסאָ, צום ביישפּיל, האָט ער געלערנט, אַז מענטשן, דער גרויסער רוב, זענען בטבע גוט, זענען בטבע אַלע גלייכע, נאָר זיי זענען קאַליע געוואָרן צוליב אומשטענדן, צום גרעסטנטייל צוליב ציוויליזאַציע. אַ קליין הייפעלע מענטשן, זאָגט רוסאָ, איז געפאַלן אויפן געדאַנק, אַ בייזוויליקער געדאַנק איז עס, צו שאַפן אינסטיטוציעס און געזעצן צו בינדן די שוואַכע און דערשלאָגענע מיט אַ בלומרשטער מאָראַל. מען זאָגט צו זיי: דאָס טאָרט איר נישט טאָן, דאָס אויך נישט, דאָס אודאי נישט, א. א. וו. אָבער זיי, די געזעצמאַכער, די אינסטיטוציע־שאַפער, זיי אַליין מעגן, פאַרשטייט זיך, אַלצדינג טאָן... קומט ווידער ניטצשע און דערקלערט, אַז דער מענטש איז גאָר נישט אַזאַ פיין באַשעפעניש און אודאי און אודאי נישט גלייך איינער צום אַנדערן. מאָראַל, זאָגט ער, איז גאָר אַ דערפינדונג פון די שוואַכע, כדי צו בינדן די הענט פון די שטאַרקע, זיי זאָלן די לעצטע אינגאַנצן נישט דערדריקן... און די צוויי פילאָזאָפן זענען נישט געווען די איינציקע, וועלכע ער האָט געלייענט. פאַר זיינע יאָרן איז דאָס נישט געווען קיין קליינע אויפגאַבע צו לייזן. אָבער ער האָט זיך געפילט גוט אין דער דאָזיקער לאַגע. ער איז געשוואומען אין אַ וועלט פון גייסט, אין אַ וועלט פון שיינקייט. ער האָט געפּשטלט אין זיך אַליין. געוואויגן און געמאָסטן די ריכטיקייט און די לאָגיק פון איין גרויסן מענטש און דעם אַנדערן. ער האָט געהאַט אַ טבע דאָ אָנצונעמען דעמס שטאַנדפּונקט, דאָ יענעמס. ער האָט געוואָלט בלייבן גערעכט צוביידע צדדים. דאָס האָט אין אים אָנגעהויבן רעדן די שטים פון גערעכטיקייט, וואָס האָט זיך אין אים צוזונגען מיט העלע טענער. און אָננעמענדיק איינעמס שטאַנדפּונקט אין דעם געגעבענעם מאָמענט, האָט ער אים געפּרוּווט צופּאַסן צום טאָג־טעגלעכן לעבן, אָנמעסטן אים צו מענטשן און סיטואַציעס.

און אַזוי, אויפנעמענדיק און איבערקאָכנדיק אין זיך די אָן אַ שיעור נייע לערעס, האָט ער סוף כל סוף זיך אָנגעהויבן צו דערנענ־

טערן צו איין באַשטימטער אויסגעשפּראָכענער פילאָזאָפיע, צו דער ניטצשעיאַנער פילאָזאָפיע, אַז דער מענטש איז בטבע גאָר נישט קיין סימפּאַטיש באַשעפעניש. ער איז גראָב, ברוטאַל, און אין זיין קאַמף פאַר מאַכט וועט ער זיך פאַר גאָרנישט אָפּשטעלן. און מאַכט מוז ער האָבן, כדי ער זאָל קענען הערשן איבער דעם אַנדערן, אונטער־דריקן אים אָן רחמנות און איינזעעניש. און עס מאַכט אים גאָר אָפּטמאָל נישט אויס קעגן וועמען ער קאָמאַנדעוועט, וועמען ער באַ־הערשט: פרעמדע, צי אייגענע; פריינט, צי שונאים. אַזוי איז זיין כאַראַקטער און אַזוי מוז ער זיין. אַנדערש קען ער נישט.

ווייל בוזשע רײנאַרסקי האָט געלעבט אין פוילן, וואָס איז געווען אַ טייל פון דעם צאַרישן רוסלאַנד. שנאה און קנאה און ביטערע אונטערדריקונגען איז אים אויסגעקומען צו זען אויף שריט און טריט. די צאַרישע משרתים האָבן באַהאַנדלט דער פוילישער באַפעלקערונג מיט רוט און נאַהייקע. דער אידישער באַפעלקערונג — נאָך ערגער. די פּאָליאַקן, פילנדיק זיך געקריוודעט און באַליידיקט, האָבן גע־וואָלט צוריקשלאָגן. אַזוי ווי זיי זענען אָבער געווען שוואַך קעגנצו־שטעלן זיך די קאָזאַקן, האָבן זיי אויסגעלאָזט דעם כעס צו די אידן. האָבן די לעצטע געהאַט אַ טאָפּלטן שונא איבער זיך. האָבן זיי אויך, מיט די מאָגערע מיטלען וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, געזוכט זיך צו פאַרטיידיקן, צוריקצושלאָגן. אַזוי ווי קיין פיזישן כח האָבן זיי נישט געהאַט, האָבן זיי טיילמאָל זיך באַנוצט מיט דעם כח פון מסחר. ווען זיי האָבן געקענט, האָבן זיי די שונאים זייערע געשלאָגן מיט אָט דעם וואָפן זייערן. ווען זיי האָבן געקענט, האָבן זיי נקמה גענומען, רעכע־נענדיק זיי, די גוים, מיט אַ קערבל אָדער צוויי קערבלעך, מיט אַ קאָפּיקע אָדער צוויי קאָפּיקעס טייערער אויפן אַרטיקל . . .

אין אַזאַ אַטמאָספער, פון שנאה, האַס און נאַהייקע, האָט זיך בוזשע רײנאַרסקי געהאָדעוועט. זידלערייען, אָנפאַלן, קלעפּ זענען גע־ווען נאַטירלעכע דערשיינונגען. מען האָט שוין לאַנג געהאַט אויפגע־הערט צו וואונדערן זיך, אָדער צו קלאָגן זיך פאַר נאַטשאַלסטווע, צי פאַרן געזעץ. דאָס איינציקע געזעץ איז געווען די פויסט. די איינ־ציקע זאַך, וואָס די שוואַכע האָבן געקענט טאָן, איז צו האַלטן צונגע־שלאָסן די מיילער, אַרונטערגעלאָזט די קעפּ און אונטערגעשטעלט די פּלייצעס.

אָבער בוזשע רײנאַרסקי, געהערנדיק צו די לעצטע, האָט אַזוי בשום אופן נישט געוואָלט זיין. ער איז נישט געווען פון דעם סאָרט. ער האָט אַליין געוואָלט האָבן מאַכט, אַליין זיין שטאַרק, אויב נישט

מיט דעם נאָבעלן צוועק יענעם צו באַליידיקן, אויף יענעם צו שפּייען, איז כאָטש זיך צו פאַרטיידיקן, אָנצוהאַלטן זיין שטאָלץ, זיין מענטש־לעכן שטאָלץ און ווירדע. דער דאָזיקער געדאַנק איז אייגנטלעך גע־ווען אַ פּאָרזעצונג פון די גאָר אינגסטע יאָרן זיינע. אויך דאַמאָלס האָט ער שוין פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון מאַכט, די באַדייטונג פון כח. אָבער דאַמאָלס האָט ער מיט זיין קינדערשן פאַרשטאַנד באַגריפן בלויז פיזישן כח, כדי צו קענען זיך אַליין פאַרטיידיקן און אויך באַ־שיצן אַנדערע שוואַכע קעגן די שטאַרקע, קעגן די קריסטלעכע אינגלעך. איצטער אָבער איז דער זעלבער געדאַנק ביי אים אַ סך אויסגעבריי־טערט געוואָרן, אַ סך פאַרטיפערט געוואָרן. איצטער האָט ער שוין פאַרשטאַנען, אַז ער לעבט אין אַ ציוויליזירטער וועלט, וואו אַ חוץ רויער, קולאַקישער מאַכט איז פאַראַן נאָך אַן אַנדערע מאַכט, אפשר נישט אַזאַ דירעקטע, נישט אַזאַ אָפענע, דערפאַר אָבער אַ שעדלעכערע, אַזאַ וואָס האָט ליב צו פייניקן אומגעזען און אומגעהערט פון אַנדערע: אַ מאַכט, וואָס טראָגט גיפט אין אירע שמייכלען און האָס אין איר האַנט־דרוק. פאַר אָט דער מאַכט האָט זיך בוזשע געוואָלט פאַרהיטן, פונקט ווי ער האָט זיך פריער געוואָלט פאַרהיטן פאַר דער אָפענערער פיזישער מאַכט. פונקט ווי ער האָט פריער געזוכט צו זיין פיזיש שטאַרק און געשיקט, כדי ער זאָל ווי געהעריק איז זיין צוגעגרייט אָפּצושלאָגן אַ פיזישן אָנפאַל אויף זיך און אויף אַנדערע שוואַכע, אַזוי האָט ער איצטער געשטרעבט צו זיין גייסטיק צוגעגרייט, כדי ער זאָל קענען אומדערשראָקן באַגעגענען דעם נייעם לויערנדיקן שונא מיט דעם גיפט אין דעם שמייכל און דעם האָס אין דעם האַנט־דרוק. בוזשע ריינאַרסקי האָט אָנגענומען ניטצשעס תורה, אַז קיין איין מענטש איז נישט גלייך צום אַנדערן און אַז עס קומט פאַר אַ כסדר־דיקער פאַרשלינגונג־פּראָצעס צווישן זיי, פונקט ווי אין די טיפענישן פון ים. און אויב אים איז דאָס נישט געווען צום האַרץ, אויב ער האָט אָנערקענט די גוואַלדיקע אומרעכט און דעם אומגעהייערן שאָדן דערפון, האָט ער עס אָבער אויפגענומען מיט דעם פשוטן און ניכ־טערן פאַרשטאַנד. אַזוי איז דער פאַקט, אַזוי איז די לאַגע. ער איז דערוויייל צו־שוואַך, צו־יונג דאָס צו ענדערן. אפשר שפּעטער, האָט ער געטראַכט, ווען ער וועט עלטער ווערן, ווען ער וועט רייפער ווערן, — אפשר דאַמאָלס. איצטער אָבער — ניין, איצטער קען ער גאָרנישט אויפטאָן. איצטער קען ער בלויז זיך גרייטן, באַוואָפענען זיך מיט וויסן, מיט אַ סך, אַ סך וויסן. ווייל דאָס איז דאָך, זעט ער, זייער אַ שטאַרקער וואָפן. דאָס, זעט ער, ברענגט דאָך, און קען ברענגען,

אַזוי פיל נוצן. אָט, אַ שטייגער, די פריערדיקע סצענע... האָט ער דען נישט מיט דעם וויסן זיינעם באַזיגט אָט די גרויסע געטער? אַלע, ווי זיי הייסן דאָרטן: מארס, יופיטער, מערקור, אַפּאָלאָ — איי־נעם נאָך איינעם האָט ער זיי באַזיגט מיט אָט דער קליינער נישטיקער קענטעניש זיינער.

ער האָט ענדלעך, נאָך אַ לאַנגער צייט בלאָנדזשען איבער די קליינשטעטלדיקע גאַסן, דערגרייכט זיין הויז. ער איז געווען רויט און דורכגעפרוירן. ערשט איצטער, דערפילנדיק די וואַרימקייט, האָט ער גלייכצייטיק דערפילט אַ שטעכעניש אין די הענט און אין די אוי־ערן. אין שטוב איז, ווי געוויינלעך, געווען שטיל. די דינסט האָט זיך געפּאָרעט אין קיך. די מוטער זיינע, חיהלע, איז געלעגן אין בעט אַ פּאַרקילטע. דבורהלע איז געזעסן אין דער סאַליע און האָט גע־האַפטן אַ טישטוך.

ער איז אַריינגעקומען, האָט אַוועקגעלייגט די ביכער, געפרעגט דבורהלען וואָס די מאַמע מאַכט.

— זי פילט אַביסל בעסער. — האָט דבורהלע געענטפערט מיט איר אײדל, שטיל קול — און דו — זע נאָר ווי דו קוקסט אויס!...

— ווי אַזוי קוק איך אויס?

— ביסט דאָך אינגאַנצן דורכגעפרוירן... גיי, טו אַריין די הענט אין קאַלט וואַסער...

—מען דאַרף נישט. — האָט ער געזאָגט — זיי וועלן אַזוי אָפּ־גיין..

— ווי אַזוי איז דערגאַנגען דער עקזאַמען? — האָט זי געפרעגט — האָסט אויסגעהאַלטן?

— קיינער ווייסט נאָך דערווייל נישט. — האָט ער געענטפערט, וועלנדיק זיך אויפשפּיליען דעם מאַנטל. די פינגער זיינע זענען אָבער געווען אַזוי געפרוירן, אַז ער האָט אים נישט געקענט פונאַנדער־קנעפּלען.

— וואַרט, — האָט זי געזאָגט, — איכל דיר העלפן.

זי איז אויפגעשטאַנען און צוגעגאַנגען צו אים. זי איז געווען פון אַ מיטלער הייך, רונדיק און מאַסיוו געבויט. אויף איר פּנים איז געלעגן אויסגעגאָסן די זעלבע גוטסקייט ווי אין די פריערדיקע יאָרן.

בוזשע, וועלכער איז געווען העכער פון איר, האָט צום ערשטן דערפילט דעם פרישן זאַפט פון אירע האָר, וועלכע זענען איבער דער צייט געהאַט היפּש אונטערגעוואַקסן. צו זיינע קאַלטע, דורכגעפריר־

טע נאָזלעכער האָט זיך דערהטראָגן דער ריח פון איר פריש, ווארים יונגמיידלש ליב.

— כ׳דאַנק דיר. — האָט ער געזאָגט.

— דאַנק מיר נישט און טו וואָס איך היים דיך! ... — האָט זי אויף אים אָנגעשריגן, ווי מ׳שרייט געווייגלעך אָן אויף איינעם, פאַר וועלכן מ׳האָט אי אביסל מורא, אי עטוואָס דרך ארץ. און רויט־לענדיק זיך, פונקט ווי ער וואָלט איר געווען א פרעמדער מאַנסביל, אפשר א חתן, איז זי אריין אין קיך, מיטגעברענגט מיט זיך א שיסל קאַלט וואַסער, אוועקגעשטעלט לעבן אים אויף א שטול און א זאָג געטאָן:

— נא, טו אריין...

ער האָט אויף איר א קוק געטאָן מיט ליבשאַפט און געטאָן וואָס זי האָט אים געהייסן. ער האָט ליב געהאַט זיין שוועסטער דבורהלע. ווייל זי איז געווען אזא שוועסטער, וועלכער מען האָט געמוזט ליב האָבן. זי איז געווען צו יעדן איינעם גוט און פריידלעך און נאָכגיביק. און ווי דער שטייגער איז פון אזעלכע מענטשן, ווערן זיי ווייניק אָפּ־געשאַצט און א סך אויסגענוצט. מיט דבורהלען איז טאַקע אויך אזוי געווען. עס האָט זי נישט אָפּגעשאַצט דער טאַטע אירער און עס האָט זי נישט אָפּגעשאַצט די מאַמע. עס האָט זי נישט אָפּגעשאַצט קיין שוועסטער און עס האָט זי נישט אָפּגעשאַצט קיין ברודער.

— וואָס טויג מיר דיין גוטסקייט, — האָט דער טאַטע געזאָגט מיט הארץ (ווייל די מעשה האָט אים געקרענקט. ער האָט דאָס מיידל אמת ליב געהאַט), אז דו וועסט דערפאַר נאָר באַלוינט מיט רשעות? גוטסקייט — האָט ער זי געלערנט — איז א גאַנץ גוטע זאַך, א גאַנץ טייער אַנטיקל. ווען איז דאָס אָבער געוועדט געוואָרן — ווען די וועלט צאָלט אָפּ מיטן זעלבן אַנטיקל. אָבער אז די וועלט איז א חזיר, א סווינִיאַ פּערוויי סאָרט, בין יעך נישט מחויב צו זיין די בלאָטע...

און די מאַמע:

— בוינע שעל אוילעם, כ׳ווייס גאָר נישט ווי ס׳קומט צו מיר אזא בהמה... אַלע מאַמעס האָבן טעכטער און מעך האָט גאָט גע־בענטשט מיט א בעמבע קיע...

מאַניק, וועלכער פלעגט נאָך אַלץ רעדן אויף זיין האַלב־רוסישן אידיש, און וועלכער איז אין גוטסקייט (כאָטש נישט אין נאָכגיבי־קייט) שטאַרק ענלעך געווען צו איר, פלעגט, אויף זיין אייגענעם שטייגער, זי א דריק טאָן צו זיך און זאָגן:

— עך, דו טשודנע מיידעלע... דו א פּרעקראַסנע דוראַטשקע,

יעי באַגו . . . נו, דו גיב מיר אַ קוש זאָג איך דיר, הערסט? אַניט גיב איך דיר אַ פּאַשטשעטשעני, טשעסטנאַיע מאַיאַ סלאַוואַ . . .

און ער, בוזשע אַליין, האָט זי וויפיל מאָל אויך באַדויערט. „אַ שאָד", האָט ער זיך געטראַכט, „זי איז צו־גוט, צו־נאַאיוו — אַ שטיק גאָלד צווישן אַ קופּע מעש. ווי קומט זי אין אַזאַ ברודנער וועלט."

אָבער דעם גרעסטן געשפּעט, אָן דעם מינדסטן באַדויערן, האָט פון איר געמאַכט איר שוועסטער שבעלע. נישט נאָר האָט זי ביי איר אויסגעגנאַרט אַ חתן, נאָר זי האָט זיך נאָך מיט איר געדרייצט דערפאַר, געחוזקט פון איר און געצאַפּט דאָס בלוט.

פאַרגעקומען איז עס אַזוי:

דבורהלע האָט געהאַט אַ פריינדין, האָט מען זי גערופן ריווטשע. ריווטשע דער קאָטער. און גערופן האָט מען זי מיט אַזאַ נאָמען, ווייל זי איז געווען אַ שוואַרצע, אָבער טאַקע זייער און זייער אַ שוואַרצע, סיי אויפן פּנים און סיי אין די האָר, סיי אין די אויגן און סיי אויף דער אויבערשטער ליפּ, וואו ס'איז ביי איר געווען אָנגעוואַקסן שוואַרצע הערעלעך, און טאַקע פון ביידע זייטן, פון דער לינקער זייט ליפּ און פון דער רעכטער זייט ליפּ. אַ חוץ דעם איז די ריווטשע אָבער געווען אַ פיין מיידל און אַ געטרייע חברטע. און גוט איז זי געווען, כמעט ווי דבורהלע אַליין. די צוויי חברטעס, כאָטש נישט גלייך אין יחוס (ריווטשע איז אַרויסגעקומען פון דער גאָר הויכער באַנק), האָבן זיי אָבער געלעבט צווישן זיך בעסער ווי צוויי אייגענע שוועסטער. איינע האָט זיך נישט גערירט אָן דער אַנדערער. איז דבורהלע נישט געווען ביי ריווטשען, איז ריווטשע געווען ביי דבורהלען. און שפּאַצירן זענען זיי אודאי געגאַנגען צוזאַמען. זייער פריינטשאַפט איז געווען אַזוי עכט, זייער צוזאַמענזיין האָט אָנגעהויבן אויסקוקן אַזוי נאַטירלעך, אַז מען האָט זיי אָנגעהויבן רופן „דער צווילינג", כאָטש עס איז צווישן זיי קיין שום דרויסנדיקע ענלעכקייט נישט געווען. דבורהלע איז געווען מיטלוואוקסיק און דיקלעך, ריווטשע איז געווען הויך און דאַר; דבורהלע האָט געהאַט געדיכטע ברוינע האָר, ריווטשעס האָר זענען געווען שוואַרץ ווי פּעך; דבורהלע האָט גערעדט מיט אַ דינער, קלאָרער שטים, ריווטשעס שטים איז געווען עטוואָס הייזעריקלעך און האַלב־מענעריש. ניין, קיין אויסערלעכע ענלעכקייט איז צווישן די צוויי מיידלעך נישט געווען, נאָר אָן אינערלעכע. די ליבשאַפט פון איינער צו דער אַנדערער איז געווען עכט און קעגנזייטיק.

איינמאָל איז צו ריווטשען אין הויז געקומען אַ גאַסט פון וואַרשע. אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר זיבן־און־צוואַנציק איז ער געווען. ער איז

געווען ריווטשעס אַ קוזין, דער מאַמעס שוועסטערס אַ זון, און גע־רופן האָט מען אים פישל.

דער פישל איז דווקא נישט געווען אַזאַ שיינער מאַנספּערשוין. ס'הייסט קיין מיאוסער איז ער אויך נישט געווען — אַ נידעריטשקער, אַ פּעסטינקער, אַ בלאָנדינקער, מיט דווקא אַ גאַנץ נישקשהדיקער נאָז אינמיטן פּנים. דערפאַר איז ער אָבער געווען אַ חברהמאַן אַ ברען. ער האָט געקענט זינגען און טאַנצן און רעדן — פאַר פייער און פאַר וואַסער. און נישט נאָר מיטן מויל האָט ער געקענט רעדן, נאָר מיט די הענט אויך. די מיידלעך, אַלע מיידלעך, וועלכע זענען אים אַנט־קעגנגעקומען, האָבן תמיד געהאַט צו אים איין טענה:

— פאַניע פישל, אָן הענט... איך גלויב איהנען אויפן וואָרט.

פונדעסטוועגן האָט ער ביי זיי אויסגענומען. און נישט איינע פון אָט די מיידלעך האָט אים געוואָלט פאַר אַ חתן. אַ קלייניקייט, אַזאַ לעבּ־יונג ווי פישלען וועט מען נישט וועלן פאַר קיין חתן?

פישל איז אָבער נישט געווען פון די יונגעלייטלעך, וואָס ווילן חתונה האָבן. ער איז געווען אַ „שפּיליטער". אַ מענטש פון דער וועלט. אַ גלעט טאָן אַ מיידל — מהיכי תיתא. אַמאָל אַפילו אַ קוש האָט אויך נישט אויסגעמאַכט ביי אים. אַבי מען האָט אים נאָר נישט גענעבן איבער די הענט. אָבער חתונה האָבן? ניין! צו־וואָס האָט עס אים געטויגט?...

ביי זיין קוזינע ריווטשע אין הויז האָט ער טאַקע צום ערשטן מאָל דערזען דבורהלען און ער האָט אויף איר געוואָרפן אַן אויג.

„מ־מממאַ!..." — האָט ער זיך אַזש אַ פּאַטשמאַקעווע געטאָן — „איז דאָס אַ מיידעלע אַ צימעס!..."

און צו איר איז ער צוגעגאַנגען, פריי און עזותדיק, ווי עס פּאַסט פאַר אַ וואַרשעווער, ווען ער האָט צו טאָן מיט אַ פּראָווינציעלער מאַמ־זעל, און אָן טענות־מענות צו איר אַ זאָג געטאָן:

— זי וויסן: זי זענען אַ שיין פריילין... יאַך זאָל שוין האָבן אַזאַ יאָר מיט איהנען אינאיינעם... ווי הייסן זי?

דבורהלע, רוי ווי אַ ציגל און אומשולדיק ווי אַ לעמעלע, האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי אויפצונעמען די רייד און דעם צוגאַנג פון אָט דעם טשיקאַוון חברהמאַן. פאַרשטאַנען האָט זי, אַז אַזוי באַדאַרף אַ מאַן, אַ פרעמדער מאַן דערצו, נישט צוגיין צו אַ יונגער פריילין. געפילט האָט זי פונדעסטוועגן גאַנץ אָנגענעם דערפון. וואָס הייסט אָנגענעם — דאָס גאַנצע לייב איז דורכגענומען געוואָרן פון אַ גלעטנ־דיק פייערל. עס האָט אַזש אַרויפגעשפּילט אויפן פּנים אירן, דעם

שיין־געפּאַרמטן פּנים, וואָס איז געווען אויסגעגאָסן אין גוטסקייט. און זייענדיק בטבע אַזאַ שטילע, און זייענדיק בטבע אַזאַ פיינע און אַזאַ נאָכגיביקע, האָט זי דאָ אויך, ווי ביי אַ סך אַנדערע געלעגנהייטן, אַראָפּגעשלונגען די עולה, וואָס דער טשיקאַווער פישל איז, לויט איר באַגריף, קעגן איר באַגאַנגען, און אים אין אַ שטילן, גלעטיקן טאָן געענטפערט:

—דבורהלע ריינאַרסקי.

— דבורהלע ריינאַרסקי? —האָט ער איבערגעזאָגט — זאָל יאָך שוין האָבן אַזאַ יאָר מיט איהנען אינאיינעם וואָס פאַר אַ שיינער נאָמען דאָס איז. פּונקט צוגעפּאַסט פאַר אַזאַ שיינער פרייליין ווי זי זענען . . .

און ער האָט אויסגעשטרעקט איינע פון זיינע לאַנגע הענט, וועלכע איז אין דער אמתן גאָר נישט געווען אַזוי לאַנג, סיידן ווען ער האָט גערעדט מיט אַ שיינער פּרויענצימער, און איר אַ קניפּ געטאָן אין איינער פון אירע הייסע גלאַטע באַקן. זי איז אָפּגעשפּרונגען אַ פּאַרצאַפּלטע, נאָך איידער די פינגער זיינע האָבן צייט געהאַט זיך אָנצעוואַרימען אין איר אויפגעברויזט בלוט. אירע גרויסע טונקל־ברוינע אויגן זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט פּראָטעסט, דערנידעריקונג און פאַראיבל.

— ניין, — האָט זי געזאָגט, — זי דאַרפן דאָס נישט טאָן . . . איך בעט איהן איבער . . .

פישל איז געבליבן שטיין אַ געפּלעפטער. ער איז שוין געוואוינט געווען צו כאַפּן אַן אָפּשניט פון אַ מיידל, אָדער אַ יונגער פרוי, פאַר זיין קריכן מיט די הענט. ער האָט זיך שוין אפילו אויסגעלערנט צו כאַפּן אַמאָל אין די ציין פון אַ געטשעפּעטער מיידלס אַ ברודער אָדער אַ חתן. אָבער אַזאַ סאָרט פּראָטעסט, ווי דבורהלעס, אַזאַ ערלעך אויפציטערן, אַזאַ עכטן צער, אַזאַ איידל בעטן זיך ביי אים — דאָס האָט ער נאָך ביז איצט נישט דורכגעמאַכט. און צום ערשטן מאָל אפשר אין זיין ווילד־בחורשער קאַריערע האָט ער מיט אַמאָל דערפילט אַ חרטה אָנקומען אין זיין האַרץ, אַ חרטה און אַ פאַרדאַמונג פאַר זיינע לאַנגע הענטלעך.

— פּשעפּראַשאַם!... — האָט ער אָנגעהויבן — יאָך בעט איהנען איבער, פּאַני דעבאָראַ, פּאַני דאָבטשאַ . . . — האָט ער איר אַליין צוגעטשעפּעט פּויליש נעמען, כדי, ווייזט אויס, זי אַביסל אונטערצוקויפן — יאָך זאָג איהנען צו דאָס מער נישט צו טאָן.

זי האָט אים גאָרנישט געענטפערט. זי איז געשטאַנען אָנגע־

שפּאַרט מיט דער פּלייצע אָן דער אַלקער טיר. די הענט האָט זי גע־האַלטן אויף אַ שטול. איר פּנים האָט נאָך אַלץ געפּלאַמט, אָבער שוין נישט פון כעס און פּאַראיבל, נאָר פון אויפרעגונג און איבערלעבונג. אין אירע אויגן האָבן נאָך געפינקלט טונקל־ברוינע פייערלעך. אָבער שטילינקע, אינווייניקסטע פייערלעך זענען דאָס געווען, וועלכע האָבן געזוכט צו באַהאַלטן אין זיך דעם סוד פון זייער גלי.

און פישל, זייענדיק אַ מבין אויף פרויען, באַזונדערס אויף אַזוינע אומשולדיקע, רויע מיידלעך פון דבורהלעס קלאַס, וועלכע האָבן מיט זייער יעדן קער, מיט זייער יעדן ווענד, אַרויסגעגעבן וואָס עס טוט זיך ביי זיי אין האַרץ, האָט גלייך דערזען איר שוואַכקייט, איר הילפלאָזיקייט אַלס פרוי. האָט ער גלייך ביי זיך באַשלאָסן דאָס אויסצונוצן. ער איז נאָך אַמאָל צוגעגאַנגען צו איר און אויסגע־שטרעקט די האַנט זי אַרומצונעמען. שטייענדיק אַזוי נאָנט צו איר און דערפילנדיק די פרישקייט און די זאַפטיקייט פון איר יונגן קער־פּער, האָבן זיך זיינע נאָזלעכער פונאַנדערגעשפּרייט און אין זיינע אויגן האָבן זיך פונאַנדערגעשפּילט געלע קראַליקלעך. שוין גאַרנישט מעשה דאַמע־העלד האָט ער אָנגעהויבן שטאַמלען און פּלאָנטערן מיט דער צונג אַזוינע מין ווערטער ווי: טייערע... דאַבטשאַ . . . יאָך בין אין איהנען... זי זענען אַזאַלכעס שיינעס פרוילייין!...

און ווי נאָר זיינע פינגער האָבן דערפילט דעם ערשטן שיכט פון איר וואַרים פרויאיש לייב און זיי האָבן זיך גיריק אָנגעהויבן אונטער־צוגעבן, צו קריכן ווייטער און ברייטער איבער אַט דער גן־עדנדיקער גלאַטיקייט, האָט זי זיך, גאַנץ אומדערוואַרט פון אים, געגעבן אַ ריס פונם אָרט און נישט רעדנדיק קיין וואָרט, האָט זי זיך אַריינגעגליטשט אינם דערבייאיקן אַלקער־צימער, וואו עס האָט זיך געפונען איר חברטע ריוווטשע, וועלכע האָט זיך דאָרטן געהאַלטן אין איבערטאָן.

דערזען דבורהלען אַריינלויפן אַ דערפלאַמטער, אַ העשענדיקער, אָן אויפגערודערטער ביזן ביין, האָט זיך ריוווטשע דערשראָקן. זי איז צו איר צוגעלאָפן און האָט זי געפרעגט וואָס עס איז געשען. אָבער דבורהלע האָט נישט געקענט ענטפערן. זי האָט נאָר ווייטער גע־העשעט. ריוווטשע האָט זיך אָנגעשטויסן. אָן אויפגערעגטע, אַ צו־כעסטע, איז זי אַריין אין צווייטן צימער, וואו עס האָט זיך געפונען איר קוזין פישל. זי איז צו אים צוגעגאַנגען, אַריינגעקוקט אים אין די אויגן און האָט אים אַ שטרענגן פרעג געטאָן:

— פישעלע נאַבאַלניק, וואָס האָסטו איר געטאָן?

אַזוי ווי ער האָט נישט באַלד געענטפערט, ווייל ער איז אַביסל

צוטומלט געוואָרן פון ריוועשעס געשריי, האָט זי דאָס אויסגעטייטשט ווי אַ מין מודה זיין זיך פון זיין זייט. איז זי געוואָרן נאָך בייזער און איר קול האָט זיך געהויבן נאָך העכער:

— וואָס האָסטו איר געטאָן, וויל איך וויסן, — הערסט?

דערווייל האָט דער פֿאָטער ריוועשעס, אוריש דער מעל הענדלער, זיך אויפגעכאַפּט פונם בייטאָגיקן שלאָף און איז געקומען געוואויר ווערן פאַרוואָס מען שרייט אַזוי. זיין ווייב פעשע איז אויך אַריינגעקומען פון דער קיך. סיי דער פעטער פישלס, סיי די מומע, דערוויסנדיק זיך טאַקע פון אים אַליין וואָס דאָ איז פאָרגעקומען, האָבן זיך ערשט אויפסניי צו אים אַ נעם געטאָן.

— דו געמיינער יונג! — האָט דער פעטער אוריש אויף אים גענומען שרייען, און מחמת דעם, וואָס ער האָט געהאַט אַ קורצן אָטעם איז כמעט אַלע מאָל דאָס לעצטע וואָרט פונם זאַץ אויסגעלאָזן געוואָרן — דו וואַרשעווער מאַרעוויכער, יעך וועל דיר דעם קאָפּ צופּלעטן! מיט אַזאַ אוצר אַ מיידל וועסטו פּראַווען דיינע חזירשע שטיק? . . .

— זאָלסטו האַלטן די הענט ביי דיר . . . — האָט אויך די מומע פּעשע אים גענומען „דעקן“ — מיט איר טרייבט מען נישט קיין לצנות . . . זי, אויב זי געפעלט דיר, האָסטו אַ ברירה צו גיין צו איר פאָטער און רעדן וועגן אַ שידוך. אויב נישט, זאָלסטו זי לאָזן געמאַך, ווייל יעכל דיר רוק־און־לענד צוברעכן. אָט איז דער וואַלגער־האָלץ אַן עדות, ווי יעך זאָג דיר נישט קיין ליגן, דו וואַרשעווער לאַטעק איינער! . . .

אויף אַזוינס האָט זיך פישל נישט געריכט. פון אַזאַ קלייניקייט זאָל ווערן אַזאַ טרעוואָגע! און וואָס עס איז אַזוינס דער יחוס מיט דער־אָ דבורה־לען הויבט ער נישט אָן צו וויסן. ער האָט שוין געזען גרעסערע יפיפיהס פון איר. און זיי האָבן זיך געלאָזט פון אים גע־נוג . . . די זאַך איז אָבער די, וואָס זי אַליין איז אפשר גאָר נישט שולדיק אין דעם אַלעם. זי אַליין האָט אים דערווייל קיין איין שלעכט וואָרט נישט געזאָגט. אַלא וואָס, זי האָט זיך דערשראָקן. קיין מאָן האָט זי נאָך מסתמא נישט אָנגערירט, איז זי געוואָרן אַ פאַרצאַפּלטע פונם ערשטן אָנריר . . .

דער אמת איז געווען, אַז דער לעצטער געדאַנק האָט אים אַפילו אַ שטאַרקן לאָקער געטאָן, פישלען. אַ מיידל, וועלכער קיין מאָן האָט נאָך נישט אָנגערירט... ס'אי נישט קיין קלייניקייט אַזאַ זאַך. מענער האָבן דאָס זייער ליב, האָט פישל געוואוסט. און ער אַליין, האָט ער זיך פאַר זיך אַליין געמוזט מודה זיין, האָט עס אויך נישט אַזוי

פיינט . . . מ'באַדאַרף אפשר געפינען אַ פּלאַן מיט איר זיך איבער־צובעטן, מיט דער דבורהלען. ווען זיין קוזינע ריווטשע זאָל נאָר נישט זיין איר חברטע, ווען זיין פעטער אוריש און זיין מומע פעשע זאָלן זיך נאָר נישט אַזוי אַרויסשטעלן פאַר איר, וואָלט שוין אפשר נישט געווען אַזוי שלעכט. . איצטער אָבער . . . ע, ס'אי נישטאָ פון וואָס צו מאַכן אַ צימעס! — האָט ער באַשלאָסן. ס'אי נישטאָ פון וועמען צו טראַכטן אפילו. אַ קליינשטעטלדיקע מאַמזעלכן. אַ פּראָווינציעלע חיה . . .

מיט אָט־דעם לעצטן געדאַנק איז ער אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. אָבער ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער באַלד אויפן שטעל, גלייך ווי ער האָט אַוועקגעשטעלט די וואַליזקע, געפרעגט אויף איר. נאָכ־דעם איז ער אַוועקגעפאָרן קיין לאָדז, טראַכטנדיק בשעת מעשה, אַז ער וועט זיך אויפן וועג אָנבאַגעגענען מיט אַזוי פיל נייע פּנימער, דערהויפּט טאַקע פרויען־פּנימער, אַז ווען ער וועט צוריקקומען וועט ער זי אפילו נישט דערקענען, אָט דער דבורהלען, ווען ער וועט זיך אפילו באַגעגענען מיט איר פּנים לפּנים.

„וואָס קען דאָס זיין?" — האָט ער זיך אַליין געפרעגט אויפן וועג צוריק קיין זאַמאָשטש. „פאַרוואָס גייט זי מיר נאָך פוס־טריט? זי איז נישט אַזוי שיין ווי ביילטשע, וואָס איך האָב באַגעגנט אין לאָדז; זי איז זיכער נישט אַזוי קלוג ווי מירטשע, וואָס איך האָב באַגעגנט אין לודמיר; זי איז אויך נישט אַזוי לעבעדיק ווי סורטשע פון דער ברייטער מיליע . . . איז פאַרוואָס־זשע שטייט זי מיר פאַר די אויגן און יענע נישט? ,ניין', האָט זי דאַמאָלס אַזאַ זאָג געטאָן צו אים, ,זי דאַרפן דאָס נישט טאָן... איך בעט איהנען זייער אי־בער . . .' האַ־האַ־האַ! . . . — האָט ער זיך צולאַכט — זי בעט מאָך איבער... יאָך בין פרעך צו איר און זי בעט מאָך איבער!..."

„אָבער אַ פיין קינד איז זי!" — האָט ער אַ הויכן זאָג געטאָן צו זיך. אַזוי הויך איז דער זאָג זיינער געווען, אַז דער בעל־עגלה פון דער פור האָט אַזש אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן אויף זיין פּאַסאַזשיר מיט חשד — „און זאָל יאָך שטאַרבן אַ טוי־טער, צי יאָך וועל מאָך נאָך מיט איר נישט איבערבעטן..."

און ער האָט געהאַלטן וואָרט. אויף מאָרגן האָט ער אָפּגעוואַרט דבורהלען אין גאַס. זי איז פּונקט געגאַנגען צו ריווטשען. ער איז אָפּגעלאָפן אַ היפּשע שטרעקע פאַראויס, דערנאָך האָט ער זיך גע־לאָזט אויף צוריק, און ער האָט זיך כלומרשט אָנגעטראָפן מיט איר „גאַנץ צופעליק".

אַזוי האָט ער טאַקע געוואָלט, אַז זי, דבורהלע, זאָל מיינען.

— אָ! — האָט ער אַ שטאַרק פאַרוואונדערטער געגעבן אַ געשריי־אַרויס, ווען ער האָט זי דערזען שוין האַרט לעבן זיך — סאַראַ פּרזשיעמני צופאַל! דאָס זענען זי דאָך: פריילין דאָבטשאַ!...

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט. אירע באַקן זענען באַלד אויפגעפלאַקערט געוואָרן. זי האָט געשוויגן. נישט געוואוסט, צי זאָל זי ענטפערן, צי נישט.

— זי מיינען צו זאָגן, אַז זי זענען נאָך בייז אויף מיר, פריילין דאָבטשאַ? — האָט ער זיך קוים געקענט אָפּהידושן.

— איך בעט איהנען זייער איבער, — האָט זי ווידער געזאָגט,

— לאָזן זי מיך צורו. איך אייל זיך זייער שטאַרק...

און זי האָט געוואָלט אַוועקגיין.

— אָבער פריילין דאָבטשאַ, — האָט ער איר פאַרשטעלט דעם וועג, — וואָס פאַר אַ שלאַכטס האָב יאָך איהנען געטאָן, וואָס זי באַהאַנדלען מאָך אַזוי? פּונקט ווי יאָך וואָלט געוועזן כ'ווייס נישט ווער...

— איך האָב צו איהנען גאָרנישט, פּאַניע פישל.—האָט זי אים ענדלעך געענטפערט — איך וויל נאָר, אַז זי זאָלן וויסן, אַז איך בין נישט פון די מיידלעך, וואָס זי מיינען, אַז איך בין...

— ווער? יאָך? — האָט ער זיך געגעבן אַ כאַפּ אַ שרעקלעך באַליידיקטער — זאָל יאָך שטאַרבן אַ טויטער! זאָל יאָך איינגעמען... זי באַליידיקן מאָך, פריילין דאָבטשאַ... זי מוזן מיר גלייבן אויפן וואָרט...

אַזוי האָט ער געזאָגט. אָבער דבורהלע, ווי נישט קיין איבערגעשפּיצטע, האָט אים נישט געגלויבט. זי האָט געזען אין זיין פּנים, אַז די רייד קומען נישט פון האַרץ.

און עס קען זיין, אַז ווען ער זאָל איר געוועזן געפעלן ווערן אַביסעלע מער, וואָלט זי אים אפשר גיכער געוועזן געגלויבט. אָבער ער איז איר נישט שטאַרק געפעלן געוואָרן, פישל. און דוקא נישט דערפאַר ווייל זי האָט עפּעס געהאַט אויסצוזעצן קעגן זיין אויסזען. ניין, זיין אויסזען, כאָטש נישט אַזוי אַי־אַי־אַי, וואָלט שוין געוועזן מיטגעגאַנגען. ווייל הבורהלע, אַ גוטמוטיק, מילד און פּראָווינציעל מיידל — וואָס האָט זי דען פאַרלאַנגט פאַר אַ פּרינצן?... זי האָט זיך אָבער פאַר אים געשראָקן אַביסל. נישט געקענט אים צוקייען אַזוי גוט. אַ מענטש זאָל זיך ביי יעדער קלייניקייט שווערן, אַז ער זאָל שטאַרבן אַ טויטער! דאָס האָט זי נאָך נישט געהערט.

האָט זי אים דערפאַר אויסגעמידן. האָט זי דערפאַר אמתדיק

געוואונטשן, ער זאָל זי לאָזן צורו. האָט דאָס, קענטיק, געהאַט די פּאַרקערטע ווירקונג. דבורהלע, וועלכע איז אים אין אָנפאַנג געפעלן בלויז אַלס אַ גאַנץ שיין מיידל, מיט וועלכער מען וואָלט זיך געקענט אַזאַ פיינעם שפּיל טאָן, איז ערשט איצטער, מיט איר צוריקגעהאַלטנקייט, מיט איר כסדרדיקן, בכיונדיקן אויסמיידן אים, געוואָרן רעכט טייער אין זיינע אויגן. טייער און שענער און רייצנדיקער. „ניין!" — האָט ער צום סוף באַשלאָסן — „זאָל יאַך שטאַרבן אַ טויטער, צי יאַך האָב נאָך אַזוינס באַגעגנט."

און ער האָט באַשלאָסן זיך פאַרצושלאָגן פאַר אַ חתן. „אפשר" האָט ער געטראַכט, „וועט דאָס העלפן..."

## קאַפּיטל פערצן

איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט איז דבורהלע אַהיימגעקומען זייער אַ פאַררויטלטע און זייער אַ באַלעבעטע.

— טאַטעשי, — האָט זי שפּעטער, ווען דער פאָטער איז אַהיימגעקומען פון געשעפט, אים דערציילט,—פישל האָט מיר אָנגעשלאָגן...

— פישל ? — האָט שמואל דוד, וועלכער האָט נישט געוואוסט פון וואָס צו זאָגן, איבערגעפרעגט — ווער איז פישל ? און וואָס אַזוינס האָט ער דיר אָנגעשלאָגן ?

— פישל אוריש מעלהענדלערס פּלימעניק... — האָט זי געענטפערט, שעמעוודיק און כלה־מעסיק. — ער וויל... ער וויל... האָט זי נישט געוואָגט אַרויסצורעדן די ווערטער.

— אַז־זוי ! ... — האָט שמואל דוד אַ גלעט געטאָן זיין רויטע באָרד, וועלכע איז שוין ערטערווייז געווען גרוי — ער האָט דיר, הייסט עס, אָנגעשלאָגן, דער — ווי אַזוי, זאָגסטו, איז זיין נאָמען ?

— פישל.

— יאָ, פישל ... איז זאָג מיר נאָר: און וואָס איז ער אַליין, דער דאָזיקער פישל...

— אַ שפּיליטער. ער האָט, זאָגט מען, געלט...

— אַז־זוי ... — האָט שמואל דוד איבערגערעדט — ער האָט, זאָגט מען, געלט ? ... — און דבורהלע האָט דערווייל נישט געקענט ביי אים וויסן, צי נעמט ער דעם ענין ערנסט, צי נישט — זאָג מיר נאָר, יעך בעט דעך: — האָט ער אָנגעפאַנגען נאָך עטלעכע רגעס פון ישוב הדעת — ווער אַזוינס איז דער „מ'זאָגט ?..."

— זיין מומע פעשע זאָגט. — האָט דבורהלע געענטפערט, נישט קוקנדיק בשעת מעשה דעם פאָטער אין די אויגן, פּונקט ווי ס'וואָלט זיך דאָ געהאַנדלט עפּעס וועגן זייער אַ גרויס פאַרברעכן, וואָס זי איז באַגאַנגען — זיין קוזינע ריוועטשע זאָגט...

— אַז־זוי!... — האָט שמואל דוד ווייטער געצויגן זיין ניגון — און וואָס האָסטו אים געענטפערט?

— כ'האָב אים געזאָגט, ער זאָל רעדן מיטן טאַטעשי...

פון דעם צווייטן צימער האָט געגעבן אַ טאַנץ אַריין די מוטער חיהלע. גרינג און פלינק, גאָר ווי אין די אַמאָליקע יאָרן, מיט אַ

קול, וואָס איז געקומען ווי פון א געפּלאַצט פּעסל אַרויס, האָט זי א פרעג געטאָן:

— וואָסי דאָ? וואָס רעדט מען אַזוי שטיל? יעך טאָר נישט הערן?

זי האָט אויסגעקוקט געעלטערט. איר פיגור איז נאָך דאַרער געוואָרן, די הויטן פון איר פּנים זענען געווען איינגעשרומפּענער און געלער. פון אונטער איר פּאַרוק אָפּער האָבן זיך דורכגעריסן א סך גרויע האָר.

דערוואוסט זיך אין וואָס דאָ האַנדלט זיך, האָט זי געגעבן א שרויף־איין די ליפּעלעך און א פּאַרדריי דאָס נעזל:

— פישל שפּיליטער?... נע, אַבי יעך האָב געמיינט מי יודע ווער סי שדכנט זעך צו איר... פונקט ווי יעך האָב עס נישט געוואוסט די גאַנצע צייט...

— וואָס מיינסטו האָסט געוואוסט די גאַנצע צייט... — האָט דער מאַן זי געפרעגט.

— כ'מיין, אַז יעך האָב געוואוסט, אַז ער וועט איר אָנשלאָגן א ליאַדע טאָג... — האָט זי געזאָגט מיט אַזא גלייכגילטיק מינעלע, ווי ס'וואָלט געווען די נאַטירלעכסטע זאַך אויף דער וועלט, אַז זי זאָל וויסן וואָס פישל שפּיליטער קלייבט זיך צו טאָן.

— אָבער פון וואַנען פאַרט? — האָט שמואל דוד אַלץ געוואָלט וויסן.

— פון וואַנען, פון וואַנען, וואָס מיינסטו, מיין מאַן, א וועלט שלאָפט?

אַזוי ווי שמואל דוד האָט געזען, אַז ער וועט שוין מיט איר נישט קומען צו קיין טאָלק, האָט ער עס אָפּגעלאָזט און זי א פרעג געטאָן וואָס אַזוינס זי ווייסט פון זיין משפחה.

— זיין משפחה? — האָט זי זיך א קרים געטאָן — נישט אַזוי אי־אַי־אַי. זיין פאָטער, הער'עך, איז אַוועק פונם ווייב א פּאָר יאָר נאָך דער חתונה . . .

— דאָס גאָר? — האָט שמואל דוד געזאָגט — ני, דאָס ווייזט, יאַקאָש, אַז ער האָט געהאַט א קלוגן טאַטן, א קליגערן, אפשר, ווי דו האָסט, דבורה . . .

— פראַווע מיר נישט קיין לצנות, שמי'טאָוויד! מיר געפעלט נישט דער שידוך! . . .

— לאָמיר בעסער הערן וואָס זי האָט צו זאָגן. הא, דבורה, וואָס זאָגסטו? ער געפעלט דיר, דער ליז, צי נישט? זאָג, באַדאַרפסט זעך גאָר נישט שעמען . . .

— כ׳ווײס נישט. — האָט דבורהלע געענטפערט אינם זעלבן שטילן טאָן ווי פריער — וואָס דער טאַטעשי וועט הײסן . . .

— וואָס הײסט וואָס יעבל הײסן ! — האָט זיך דער פאָטער אויף איר אָפּגעבײזערט — יעך גײ דען מיט אים חתונה האָבן ?

— דאָס מײדל איז דען נישט גערעכט ? — האָט זיך אַרײנגע־מישט די מוטער — טאָמער ווײסטו וואָס ער האָט פּלוצלינג אָנגע־הויבן פרעגן בײ איר דעות. בײ סאַלטשען האָסטו אַ סך געפרעגט ? מאַמאַ איר אויסגעקליבן אַ מאַן, האָט זי מיט אים חתונה געהאַט און זי קינדלט מיט אים, געלויבט צו גאָט, ביז הונדערט־און־צוואַנציק יאָר . . .

—אידענע, וואָס רעדסטו ? — האָט ער אויף איר אַ געשרײ גע־טאָן — זאָל גאָט היטן זי זאָל קינדלען ביז הונדערט־און־צוואַנציק יאָר ! וואו וועל׳עך מעך אַהינטאָן מיט אַזוי פיל אײניקלעך ? און דאָס וואָס דו זאָגסט, אַז מען דאַרף נישט פרעגן, קען יעך דיר זאָגן, מײן ווײב, אַז דו ווײסט נישט וואָס דו רעדסט ! זאָלסט ווײסן, אַז צײטן בײטן זעך. די וועלט ווערט קליגער, ציבעלעזירטער. ס׳אי שוין הײנט נישט דאָס זעלבע וואָס מיט דרײ יאָר צוריק. פרעג דײן מוזיניק, וועט ער דיר זאָגן . . .

און אַזוי ווי ער האָט געזען, אַז זײן ווײב גרײט זיך אים צו ענט־פערן, און אַזוי ווי ער האָט געוואוסט, אַז איר ענטפער קען פאַרנעמען דרײ אַרשין די לענג, און דאָ איז ער הונגעריק, סכנות נפשות, איז ער איר אַזוי געשיקט פאַרלאָפן דעם וועג, און האָט זיך אַ ווענד גע־טאָן צו זײן טאָכטער :

— יעבל דיר זאָגן וואָס דו זאָלסט טאָן, דבורה : דו לאַד אים אײן אין הויז, און ווען ער וועט שוין דאָ זײן, וועל יעך קודם־כל זען וואָס פאַר אַ מין פאַרשוין ער איז. נאָכדעם וועל יעך בײ אים אַ טאַפּ טאָן דעם דופק וועגן אַ פּאָר קערבלעך. נאָכדעם וועל יעך פּרואוון דערגײן, צי ער קען עפּעס לערנען. ס׳אַרט דיעך — יעבל שוין אויס־געפינען אַלצדינג.

אַזוי איז געווען. דבורהלע האָט אים געהײסן קומען און ער איז געגעבן אַ פּאָל־אַרײן מיט אַ קנאַק, מעשה וואַרשעווער. ווען ער האָט זיך אָבער אָנגעטראָפן מיט שמואל דודס שטרענגער באָרד און מיט זײן ריזיקער הײך; ווען ער האָט אַ קוק געטאָן אויף חיהלעס רשעות־דיק פּנימל, איז אים גלײך פאַרגאַנגען דער אַפּעטיט פון צו זײן פרײ־לעך. ער האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און אַ טרויעריקן טראַכט געטאָן צו זיך :

„יאָך האָב מורא, אַז יאָבל ביי די נגידים קיין האָניק נישט לעקן".

פונדעסטוועגן האָט מען אים דוקא געבעטן זיצן, מען האָט אים גאַנץ שיין מכבד געווען מיט וויין און מיט ווישניאַק און מיט שליוואָ־וויץ. און צוצובייסן האָט אויך נישט אויסגעפעלט אויפן טיש. שמואל דוד איז געזעסן אָנגעטאָן אין אַ נייעם אויסגעאַרבעטן שפּענצער, מיט טאָפּלטע לאַצן. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ הויך קאַפּל פון פיי־נעם סאַמעט. ער האָט געפּפנט אַ שאַכטל היימיש־געמאַכטע פּאַפּיראָסן און געבעטן פישלען צו נעמען. אויף דעם האָט אים פישל אָפּגעענט־פערט מיט אַ גאָר גוטן אויסלענדישן פּאַפּיראָס, וואָס האָט געשמעקט גאָר אַן אַנטיק. שמואל דוד האָט פאַררויכערט און ער האָט זיך גאָר נישט געקענט אָפּלויבן פון דעם טיטון. ער האָט געהאַלטן דעם רויך אין מויל און אין האַלז און אונטער דער צונג. ער האָט זיך גאָר נישט געוואָלט מיט אים שיידן.

דערנאָך האָט ער מיט דעם יונגנמאַן אָנגעהויבן רעדן וועלט זאַכן. דאָס האָט ער געמוזט טאָן, כדי צו זען, אויף ווי ווייט יענער איז באַ־קאַנט אין די קליינע פּינטעלעך. עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז פישלס קענטשאַפט, וואָס האָט באַטראָפן עפּעס מער ווי אַנדערטהאַלבן פּרוטות, איז געקומען זייער נאָנט צו שמואל דודס קענטשאַפט. אַזוי אַרומער האָבן זיך די צוויי אָנגעהויבן צוזאַמענצוקומען מיט מיינונגען און אָפּשאַצונגען וועגן מענטשן און זאַכן. שמואל דוד האָט גאָר אָנגע־קוואָלן. זייענדיק תמיד אַ פאַרהאַוועטער, איז ער געווען אויסגעהונ־גערט אין אַ מענטש, באַזונדערס נאָך אין אַזאַ מענטש וואָס זאָל אים פאַרשטיין. און פישל, האָט ער געזען, פאַרשטייט אים אַזוי ווי קיין אַנדערער נישט. האָט ער אים דעריבער געהייסן עסן און טרינקען, און ער האָט ביי אים, צום אויסטויש, גענומען איין אויסלענדישן פּאַ־פּיראָס נאָכן אַנדערן, געראויכערט, פאַרצויגן, געזאָגט מבינות, געזאָגט צו פישלען :

— יאָ, יאָ, פישל, מאַמאַ דעם זעלבן קוק אויף זאַכן . . . פאַר־שטייסט, זע'עך, אַן עסק, פישל . . .

דערלעבן איז געזעסן זיין ווייב חיהלע. זי האָט זיך כסדר גע־וואָלט אַריינמישן אין זייער שמועס. זי האָט דאָך נישט געקענט זיצן ווי אַ שטומע און נישט רעדן קיין וואָרט. אָבער שמואל דוד איז גע־ווען אַזוי אויפגעקאָכט, אַזוי באַלעבט, אַז ער האָט זי אַפילו נישט געזען. און אויב יאָ, האָט ער זי נאָר געזען אַלס אַ שטער צו זיין אונטערהאַלטונג. איז ווי נאָר זי האָט זיך געוואָלט אַריינמישן, עפּעס

זאָגן, האָט ער זי גלייך און אָן צערעמאָניעס אָפּגעשטעלט, טאַקע אַזוי ווי ער האָט געקענט.

— מיש זעך נישט אַריין, יעך בעט דעך, ווען צוויי מענטשן רעדען ! . . . — פלעגט ער איר געבן אַ האַק־אָפּ, נאָך איידער זי האָט צייט געהאַט זיך צו דערוואַרימען.

אָדער:

— ס'אי נישט פאַר דיין קאָפּ, מיין ווייב. ווי קומט אַ אידענע צו פאַרשטיין אַזעלכע זאַכן ! וואָס זאָגסטו, פישל ? . . . — האָט ער נאָך געזוכט אַ באַשטעטיקונג פון יענעם.

דבורהלע איז בשעת מעשה געווען אין אַ צווייטן צימער. זי האָט נישט געוואַגט אַרייַנצוגיין און שטערן דעם פאָטער אירן און פישלען אין זייער טיפן שמועס. און אַז דער שמועס איז געווען אַ טיפער, האָט זי פאַרשטאַנען לויט איר פאָטערס הויכער שטים, וואָס האָט זיך פון „דאָרטן" געטראָגן. פישלס שטים איז שוין דערפאַר געווען אַ סך נידריקער, פונקט ווי זי וואָלט געווען אַ ביי־קול צו איר טאַטנס.

מיט דבורהלען איז געווען איר שוועסטער שבעלע. יענע, דערהערנדיק אין וואָס דאָ האַנדלט זיך, האָט שוין נישט געוואָלט אָפּטרעטן. שטאָלץ ווי זי איז געווען, האָט זי, גאָר ווי אין די אַמאָליקע יאָרן, גענומען אויספרעגן איר שוועסטער וועגן פישלען : ווער ער איז, ווי אַזוי ער קוקט אויס, וואו זי האָט זיך מיט אים באַקאַנט, וואָס פאַר אַ האָר ער האָט, און צי ער געפעלט איר טאַקע... און נישט זייענדיק צופרידן פון די האַלבע און נישט קלאָרע ענטפערס פון איר שוועסטער, איז זי צוגעגאַנגען צו דער טיר פון זייער צימער און האָט דורכגעקוקט דורך דער שפּאַרע. אָבער קיין סך האָט זי נישט געקענט זען, ווייל פישל איז געזעסן מיט דער פּלייצע צו איר. האָט זי זיך מער נישט געקענט איינהאַלטן און מיט אַ בלומרשטן אויסרייד איז זי אַריינגעגאַנגען אַהין, וואו דער פאָטער מיט פישלען האָבן זיך געפונען, און האָט זיך געמאַכט עפּעס זוכן, כאַפּנדיק דערווייל פון הינטערווייַלעכטס אַ קוק אויף דעם פרעמדן יונגנמאַן. באַלד איז זי צוריקגעקומען נאָך עפּעס אַנדערש און האָט ווידער אים באַטראַכט. דער פאָטער איז געווען אַזוי פאַרטיפט אין זיין שמועס, אַז ער האָט עס אַפילו נישט באַמערקט. פישל, כאָטש ער האָט זי יאָ באַמערקט, האָט אויך געמוזט מאַכן אַ שווייג. און זי, שבעלע, איז דערווייל געלאָפן הין און צוריק, אַ צורודערטע, אַ צופלאַמטע, נישט וויסנדיק אַליין פאַרוואָס. ווייל פישל גופא איז איר גאָר נישט געפעלן געוואָרן.

און זי האָט דערפון נישט געמאַכט קיין סוד. יעדעס מאָל, ווען זי איז פון דאָרטן צוריקגעקומען, האָט זי אַ זאָג געטאָן צו איר שוועסטער:

— נע, ער איז גאָר אַ קליינער . . .

— נע, ער איז גאָר אַ גראָבער . . .

— נע, ער לאַכט ווי אַ הערינג . . .

שבעלע איז שוין געווען אַ מיידל פון קנאַפּע זיינצן יאָר. זי איז געווען העכער פון דבורהלען, שלאַנקער פון איר. דאָס פּנים איידעלער און דינער, מיט אַ פּרעכטיקער אַליוון־קאָלירנדיקער הויט. זי האָט געהאַט אַ רייכן קאָפּ האָר, כוואַליעדיק־פּאַרשייט און טונקל־בלאָנד. אויגן האָט זי געהאַט גרויסע און רשעותדיקע, וואָס האָט איר צוגעגעבן אַ באַזונדערן און אייגנאַרטיקן וואַמפּירישן חן.

אַזוי האָט קיין מאָן צו איר נישט געהאַט קיין צוטריט. זי האָט פּשוט קיינעם נישט פאַרגונען דאָס פאַרגעניגן וואָס איר נאָנטקייט קען פאַרשאַפן. אָבער אַ טבע האָט זי געהאַט, אַז ווי נאָר זי האָט געזען, אַז וועלכע פון אירע באַקאַנטע לאָזט זיך עטוואָס צו צו אַ יונגנמאַן, האָט זי גלייך באַשלאָסן אים אָוועקצונעמען פון איר. עס האָט איר נישט אויסגעמאַכט מיט וועלכע מיטלען. עס האָט איר נישט אויסגעמאַכט אַפילו צו צאָלן דערפאַר אַ פּרייז. ווייל אַזוי איז זי געווען: גיריק און נישט־פאַרגינעריש. וואָס יענעמס איז געווען אירס; וואָס אירס, האָט אודאי געדאַרפט זיין אירס. אַ פאַרשענערטע און אַ פאַריונגערטע חיהלע איז דאָס געווען. בלויז אַ קאַפּיטשקע ערגער.

ווען איר שוועסטער סאַלטשע איז אַ כלה געוואָרן פאַר נחמנען, האָט זי, נישט וויסנדיק אים, נישט קענענדיק אים, געאַרבעט מעשים, אַז זי, סאַלטשע, זאָל אָפּלאָזן דעם שידוך. מיר־נישט, דיר־נישט — אָפּלאָזן דעם שידוך. און ווען יענע האָט זי געפרעגט:

— פאַרוואָס עפּעס?

האָט זי בלויז געענטפערט:

— ווייל אַזוי . . .

— פאַרוואָס אַזוי? — האָט סאַלטשע אין אָנפאַנג געוואָלט וויסן. זי האָט זיך געטראַכט: אפשר ווייסט זי עפּעס וועגן אים אַ באַהאַלטענע זאַך . . .

אָבער זי האָט גאָרנישט געוואוסט. נישט קיין באַהאַלטענע און נישט קיין אָפענע זאַכן. זי האָט בלויז נישט געוואָלט, אַז סאַלטשע זאָל חתונה האָבן מיט נחמנען. דער תירוץ?

— ווייל אַזוי . . . אַ מיידל גייט נישט שלאָפן מיט קיין פרעמדן

מאַן... פאַרשטייט זי? ס׳איז נישט שיין. ס׳איז פּויִ!...

איין גליק איז געווען, וואָס נחמן האָט געוואוינט אין אַן אַנדער שטאָט און נישט נאָר זי, נאָר אַפילו סאַלטשע אַליין, די כלה, האָט אים כמעט די גאַנצע צייט, ביז דער חתונה, נישט אָנגעזען. אַניט וואָלט שבעלע זיכער געפּרוּווט טאָן דאָס זעלבע, וואָס זי האָט געטאָן מיט די אַנדערע באַקאַנטע אירע: אָוועקגענומען פון זיי די יונגעלייט און נאָכדעם — אָוועקגעוואָרפן. פּונקט ווי זי האָט געטאָן צו איר איינעגער (מיטלסטער) שוועסטער דבורהלע.

ווען עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז פּישל ווערט דבורהלעס חתן, איז עס פּאַר שבעלען געווען איינע פון די שווערסטע קלעפּ, וואָס זי האָט געקראָגן אין איר לעבן. זי איז אַרומגעגאַנגען ווי אָן אַ קאָפּ און האָט נישט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טאָן. זי האָט זיך געגעסן אַ לעבעדיקע. איר שיין, שמאָל פּנימל איז געווען איבערגעצויגן מיט אַ רשעותדיקן זשאַווער, וואָס האָט געפרעסן די זאַפטיקע געבליטן פון איר הויט. די צוויי דינע פּאַסיקלעך, וועלכע האָבן געפּאַרמט די שי־טערע ברעמען אירע, האָבן טראַציק און רוגזהדיק זיך געבלעזלט. דורך אירע ברוינע וויעס האָבן זיך דורכגעריסן שטעכיקע און בייז־וויליקע שמייכעלעך. איר גענגעלע איז געוואָרן קאָקעטישער און פּראָ־וואָצירנדיקער. איר דריי מיטן קעפּל, איר איינשטייפּן די פיגור, כדי די אַזוי אויך דינע טאַליע זאָל אויסקומען נאָך דינער, דינטשיקער, כדי אירע יונג־מיידלשע פאָרמען זאָלן זיך אַרויסזען וואָס קלאָרער, האָט נישט פאַראויסגעזאָגט קיין גוטס. ווייל זי האָט די אַלע זאַכן געטאָן אין פּישלס קעגנוואַרט, דווקא נאָר אין זיין קעגנוואַרט. דער זעלבער פּישל, וועלכער איז איר גאָר אינגאַנצן נישט געפעלן, דער זעלבער פּישל, אויף וועלכן זי האָט ווידער אַמאָל און אָבער אַמאָל אָנ־גערעדט פּאַר איר שוועסטער:

— הם, — האָט זי אַ קנייטש געטאָן דאָס נעזל, — אויך מיר אַ מאַנסביל!...

— פּטס, — האָט זי אַ קנאַק געטאָן מיט די ליפּן, — אויך מיר אַ העלד אין סוכה!...

— האַ־האַ! — האָט זי געחוזקט, געלאַכט מיט גאַל, — פּישל! שוין צוליבן נאָמען אַליין וואָלט איך דאָך מיט אים נישט געוואָלט גיין...

אַזוי האָט זי דבורהלען געצאַפּט דאָס בלוט. און יענע האָט עס צוגענומען מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ און געשוויגן. אודאי האָט זי געוואוסט, אַז אָט די אַלע זאַכן, וואָס איר שוועסטער זאָגט אַלץ אָן

וועגן פישלען, זענען נישט אמת. אודאי האָט זי גוט געוואוסט, אַז די שוועסטער אירע איז אַ שלעכטס, אַן אויסוואורפלינג, ווי די מוטער פלעגט זאָגן. פונדעסטוועגן האָבן איר די דאָזיקע רייד ווייי געטאָן. ווייל פישל איז דאָך פּאָרט געווען איר חתן! זי וועט דאָך פּאָרט מיט אים חתונה האָבן! איז ער דאָך, הייסט עס, איר שוין כמעט אַן איי־געגער מאַן... איז ווי זאָל איר נישט וויי טאָן, ווען מען רעדט שלעכטס אויף איר פישלען? און ווער רעדט דאָס? אַן אייגענע שוועסטער! און ווען די אייגענע שוועסטער זאָל עס כאָטש מיינען! . . .

און דבורהלע האָט געוואוסט, אַז שבהלע מיינט עס נישט. ווייל דבורהלע איז סוף כל סוף נישט געווען אַזוי נאַריש ווי מענטשן האָבן געמיינט. דבורהלע האָט געזען און פאַרשטאַנען זאַכן אַ סך מער ווי עמיצן האָט זיך געקענט אויסדאַכטן. און אין דעם פאַל איז זי גאָר געוואָרן באַזונדערס עמפּינדלעך. ווייל זי האָט באַשיינפּערלעך געזען און דערפילט וואוהין איר שוועסטער גייט, וואָס איר קליין שוועס־טערל באַצוועקט. עס איז געווען די אַלטע געשיכטע: זי האָט זיך איצטער, פונקט ווי אַלע פריערדיקע מאָל, פאַרלייגט צוצונעמען דעם מאַן פון דער אַנדערער פרוי. צונעמען אים, אַוועקרייסן, זי זאָל נישט האָבן, יענע זאָל נישט האָבן, קיינער זאָל נישט האָבן — קיינער נישט! אפילו נישט די אייגענע שוועסטער.

יאָ, דבורהלע האָט דאָס געזען, דבורהלע האָט דאָס פאַרשטאַנען, געוואוסט וואָס עס גייט אויף איר, אָבער זי האָט קיינעם גאָרנישט געזאָגט. זי האָט זיך געשעמט צו רעדן, דערציילן אַ טאַטן, אַ מאַמען, אַ ברודער. זי האָט זיך געשעמט, געטראַכט ביי זיך, אַז אויב פישל איז איר אַזוי נאָכגעלאָפן איז דאָך אַ סימן, אַז ער ליבט זי, און אויב ער ליבט זי, האָט זי זיך געטראַכט, אַ דורכגעגומענע פון אַזאַ וואריי־מער בושה, וועט אפשר שבעלעס אַרבעט זיין אַרויסגעוואָרפן, וועט ער אפשר איינזען, אַז נאָר זי אַליין, דבורהלע אַליין הייסט עס, איז זיין באַשערטע כלה...

אָבער שבעלעס אַרבעט איז נישט געווען אַרויסגעוואָרפן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פישל, דער וואָרשעווער פראַנט מיט דעם געקעסטלטן אַנצוג און קוימענדיקן קאַפּעליוש, האָט זיך לייכט גע־לאָזט כאַפּן אין שבעלעס נעץ. אַ סך לייכטער ווי אַנדערע. אַ סברה, אַז ער האָט איר נאָך אין דעם אַליין צוגעהאָלפן. אַ סברה, אַז ער איז איר אין דעם אַליין אַנטקעגנגעקומען.

דאָס איז געווען אַרום דריי וואָכן נאָכדעם ווי ער איז פאַרקנסט געוואָרן צו דבורהלען. באַלד נאָכן קנס־מאָל איז ער אַוועקגעפאָרן

צוליב געשעפט. ער וועט זיך, האָט ער געזאָגט, נישט זאַמען לאַנג. אַ צוויי־דריי וואָכן.

— ווייל יאָך וועל נאָך דיר זייער שטאַרק בענקען. — האָט ער געזאָגט דבורהלען אויפן אויער — יאָך וועל דיך כסדר זען פאַר די אויגן... — האָט ער אַ גנבע געטאָן איר פּוכקע וואַרים הענטל און עס געגומען גלעטן.

אָבער צוריקגעקומען איז ער אפשר אין אַ וואָך אַרום. ער האָט, האָט ער געזאָגט צו זיין קומענדיקן שווער שמואל דוד, שטאַרק „גע־נודזשעט" נאָך הבורהלען. זי האָט אים, האָט ער פאַרזיכערט, אוים־געפעלט אויף אַלע באַנען . . .

דעם קומענדיקן שווער זיינעם איז דאָס דוקא וואויל געפעלן. אַזוי וואויל איז עס אים געפעלן, אַז ער האָט אַרויפגעלייגט אַ לאַנגע שווערע האַנט אויף זיין צוקונפטיקן איידעמס אַקסל, און דאָס געוויכט פון דער נעמלעכער האַנט האָט נאָך קלענער געמאַכט פּישלס אַזוי אויך נישט געהויבענע הייך, און ער האָט אַזאַ וואַרימען זאָג געטאָן צו אים :

— פּישל, יעך דענק, אַז דבורה האָט מיט דיר גוט געטראָפן. זיי אַ מענטש און עץ וועט ביידע עסן אין סוכה . . .

פלעגט ער טאַקע אַלע טאָג קומען צו דבורהלע זיין כלה. שפּאַצירן איז ער מיט איר נישט געגאַנגען, ווייל עס האָט נישט געפּאַסט. נאָך אַלעמען איז זי נישט געווען עפּעס אַ שניידערס אַ טאָכטער זי זאָל גיין מיט איר חתן שפּאַצירן אין גאַס. זי האָט נאָך, האָט שמואל דוד געזאָגט, דאַנקען גאָט, אַ הויז, מיט אַ טאַטן, ביז הונדערט און צוואַנ־ציק יאָר. זי קען נאָך, האָט די מוטער געזאָגט, 'שקשה, אַביסל אונ־טערוואַרטן. „יעך האָב אויך געוואַרט, ווען יעך בין געווען אַ מיידל". און דער פאָטער אויך :

— נאָך דער חתונה, בלי נדר, וועסטו מיט אים שפּאַצירן וויפיל דיין האַרץ וועט גלוסטן, פּונקט ווי יעך האָב שפּאַצירט מיט דיין מאַ־מען, ווען ס'איז נאָך געווען מיט וועמען צו שפּאַצירן . . .

אויף וויפיל עס האָט זיך נאָר געוועגדט אָן דבורהלען האָט זי אויסגעמידן צו בלייבן מיט איר חתן אַליין. זי האָט נישט געקענט זאָגן באַשטימט, צי זי האָט פאַר אים מורא געהאַט, צי נישט. אַז כסדר האָט ער נאָר גערעדט צו איר אַזוינע מאָדנע רייד. נאָר פון ליבע האָט ער צו איר גערעדט. זי האָט אפילו נישט געקענט זאָגן, אַז דאָס איז איר נישט געווען אָנגענעם צו הערן. יאָ, זי וואָלט אָט די רייד פון ליבע זייער און זייער געהערט. אָבער ווען ? ווען מען

בלייבט בלויז ביים רעדן. אָבער פישל האָט זיך נישט באַנוגנט מיט רעדן אַליין. פישל האָט געזאָגט, אַז ער איז איר חתן און ער האָט דערפאַר אַ פּראַווע זי אַרומצונעמען און זי צו קושן וויפיל נאָר ער וויל. און נישט נאָר דאָס : זי אַליין דאַרף אויך טאָן דאָס נעמלע־כע. חתן־כלה, האָט ער איר איינגערעדט, מוגן אַלצדינג טאָן. זאָל ער שטאַרבן אַ טויטער, צי ער מיינט דאָס נישט...

אַז ער מיינט עס, האָט זי אים שוין דוקא געגלויבט. אָבער צי זי דאַרף טאַקע טאָן אָט די אַלע זאַכן איז שוין געווען אַן אַנדערע זאַך. האָט זי דען נישט געהאַט אָפּגעמאַכט מיט איר חברטע ריווטשע נישט צו לאָזן זיך קושן פון אַ מאַנסביל פאַר דער חתונה? אוודאי האָט זי אַזוי געהאַט אָפּגעמאַכט מיט איר חברטע ריווטשע. די פראַ־גע איז אָבער, צי מען קען אַ חתן פאַררעכענען פאַר גלאַט אַ מאַנסביל, צי פאַר עפּעס אַנדערש. דאָס וואָס זי וואָלט געוואָלט וויסן.

פונדעסטוועגן האָט זי אים אַ סך נאָכגעגעבן, דעם חתן אירן. זי איז אָפטמאָל געגאַנגען אַ סך ווייטער ווי זי האָט זיך אַליין פאַר־געשטעלט. זי האָט זיך געלאָזט פון אים אַרומנעמען. זי האָט אים אָפטמאָל אונטערגעשטעלט אַ הייסע אָנגעגליטע באַק צו קושן. אָבער ער איז אַלץ נישט געווען צופרידן. ער האָט כסדר געוואָלט נאָך און נאָך.

— דבורהלע קרוין, — האָט ער געזאָגט און דער שטערן האָט בשעת מעשה ביי אים געשוויצט, — לאָמ'אָך האַלטן די האַנט אָטאָ־דאָ־אָ! . . .

— דבורהשע לעבן, — איז ער געשטאַנען אַנטקעגן איר, אַ ניד־ריטשקער, אַ גראָביטשקער, מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, מיט אַן אָנגעצויגן פּנים, — לאָמ'אָך אַ ריר טאָן אָט־דאָרטן־אָ... ס'אַרט דיך, דבורהשי? . . .

דבורהלע, די גוטע, די ווייכע, איז פון דעם־אָ געוואָרן אָנגע־צונדן, שלעכט.

— פישל, איך בעט אייך אָוועקצוגיין פון מיר!... איכל דערציילן דעם טאַטעשי . . . איך בעט אייך מיך נישט אָנצורירן. איכל מאַכן אַ געוואַלד!...

פישל איז געווען פאַרצווייפלט. אַ באַהאַנדלונג ער קריגט עס פון אַן אייגענער כלה! פון פרעמדע מיידלעך און פון פרעמדע ווייבלעך האָט ער אַזאַ באַהאַנדלונג נישט געקראָגן. ער איז אָפּגעגאַנ־גען אין שוויים.

— וואָס בין יאָך, אַ פרעמדער — דבורהשע? אַ שיכורער גוי

בין יאָך? אַ קאָזאַק בין יאָך? האַ, דאָבטשע־לעבן ? . . .

און דאָ זענען די שטיבער כמעט תמיד געווען ליידיק. ער וואָלט געהאַט די בעסטע געלעגנהייט מיט דער ריכטיקער כלה. דער פאָטער איז געווען אין געשעפט. די מוטער איז אָפט געווען ביי איר טאָכטער סאַלטשע צוגאַסט אין וואָסלאָוויץ. מאָניק איז קיינמאָל נישט געווען אינדערהיים. ער איז עפּעס איצטער אַרומגעלאָפן מיט אַ קאָמפּאַניע אַקטיאָרשטשיקעס. אַליין האָט ער אויך געשפּילט טעאַטער. בוזשע איז געווען אין גימנאַזיע. איז איבערגעבליבן די אינגערע שוועסטער שבעלע. זי האָט מען שוין יאָ אַמאָל געזען אין שטוב. אָבער זי איז סיי ווי אַרומגעגאַנגען אַ בייזע, אַ גערייצטע, גלייך מ׳וואָלט איר מי יודע וואָס פאַר אַ שלעכטס געטאָן. אויף אים, פישלען, האָט זי געקוקט מיט אַזעלכע אויגן ווי ער וואָלט איר די קאַטשקעס פונם וואַסער דערטרונקען. „פאַרוואָס איז זי אַזוי אין כעס אויף מיר?" — האָט זיך פישל געוואונדערט — „יאָך האָב איר דען עפּעס שלאַכטס געטאָן ?"

„יאָ, פון אירע אויגן קוקט אַרויס אַ גוואַלדיקער כעס" — האָט ער באַשלאָסן. „אָבער זייער אַ באַטעמטער כעס. ער פּאַסט איר זייער שטאַרק צום אויסזען. און שיין איז זי — זאָל יאָך שוין האָבן אַזאַ יאָר. אין אַ געוויסן זין איז זי נאָך אפשר שענער פון דבורהלען. מיט דער פיגור איז זי זיכער שענער. יאָ, זי איז אַן אָסאָבע, די שבעלע. און אויפן קאָריק קען זי זיך דרייען — בעסער ווי אַ וואַרשעווער פּאַניענקע . . ."

אָבער אַ שלאַכטס איז זי — איינע אין דער וועלט. אַ שלאַכטע און אַ גרויסהאַלטערין. ווען זי דערזעט אים, דרייט זי אַוועק דעם קאָפּ, גלייך זי קען אים גאָרנישט. און די אָקסלעך אירע, דוקא שמאָלע און באַוועגעוודיקע, גיט זי אַ הויב־אונטער, פּונקט ווי זיי וואָלטן געווען אויסגעגאָסן פון גאָלע האָנאָר, און גלייך זי וואָלט מורא געהאַט, אַז ער וועט זיך, חלילה, אָן זיי אָנרירן, זיי טמא מאַכן. ער האָט זיך גאָר נישט פאָרגעשטעלט, אַז אַן אייגענע צוקונפטיקע שוועגערין זאָל זיין אַזוי דערווייטערט פון אים . . .

דערפאַר האָט עס אים אַזוי געוואונדערט, ווען ער איז איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט געגעבן אַ לויף־אַרויס פון הויז, אַ צובעסטער אויף דבורהלען, אַ צוהיצטער, און אַ ברוגזער אויף זיך אַליין, למאי ער האָט זיך אויסגעקליבן אַזאַ צוקראָכענע כלה, למאי ער איז, אפשר, אַזאַ נאַכאַל, וואָס פאַרדינט אפשר נישט אַזאַ מיידל ווי דבורהלע, — איז ווען ער איז געגעבן אַ לויף־אַרויס מיט אַן אויפגעשטעלטן

קאָלנער פון זיין הארבסט מאַנטל, מיט אַ צוקנייטשטן מאַנזשעט אויף איינעם פון זיינע ברייטע הויזן און בשעת מעשה עפּעס דורכגעזייעט צווישן די ציין, אַ קללה צי אַזוי עפּעס, האָט ער זיך אומגערן און אומגעזען אָנגעשטויסן אָן אַ מענטש, אָן אַ דאַמע, אַריינגעפּאָרן מיט זיין קוימענדיקן קאַפּעליוש אין איר פּנים.

— אָ, פּשעפּראַשאַם! — האָט ער זיך אַנטשולדיקט נאָך איידער ער האָט געקענט זען ווער די דאַמע איז.

— פּראָשע! — האָט זי געענטפערט — אָבער פאַרוואָס לויפן זי אַזוי ווי אַ ווארי‏אַט? . . .

— שבעלע? ! — האָט ער אויסגערופן אין איבעררא‏שטער, אַ דערפרייטער פון איר פאַמיליארן טאָן — אַנטשולדיקן זי מיר, שעיווטשאַ! כ'האָב איהנען אַ קלאַפּ געטאָן?

— און אַז יאָ, — האָט זי געענטפערט, דוקא אַ שמייכלענדיקע, דוקא אַ צוגעלאָזענע, — וועלן זי זיך לאָזן צוריקשלאָגן? . . .

אָן אַנדערע שבעלע איז פאַר אים געשטאַנען. דער לייכטער, העלער מאַנטל האָט אָראָפּגעזונגען פון אירע שמאָלע, באַוועגעוודיקע אַקסלען. דאָס געשטריקטע היטעלע אירם איז איצטער געזעסן אויף איר קאָפּ מיט אַ באַזונדערן שעלמישן חן, זייטיק און ווי אויף אַ קאַ־טאָוועס, אָט־אָט — און עס פליט ערגעץ אַוועק. פון אירע אויגן האָבן איצטער אויך געזעצט צוויי גרינגע שטראַלן, ווי שטענדיק, אָבער זיי זענען אַצינד געווען נישט אַזוי רוגזהדיק און זשאַבעדיק אָנגע־שפּיצט. אָנשטאָט דעם, האָבן זיי אַנטהאַלטן אַ מילדע, פרידלעכע וואַרימקייט.

דער כעס אויף דבורהלע זיין כלה איז דערווייל פון אים אַוועק. דער ברוגז אויף זיך אַליין — אויך. בלויז די היץ האָט זיך אין אים דערהאַלטן. אָבער זי, שבעלע, איז איצטער געווען פון אַן אַנדער מין ווי פריער. ער איז איצטער געשטאַנען אַקסל צו אַקסל מיט איר אויף דער שוועל פונם הויז. מיט דער הילף פון זיין קוימענדיקן קאַפּעליוש איז ער אויסגעקומען כמעט אין איין הייך מיט איר.

— שעיווטשאַ, — האָט ער אָנגעהויבן, נישט וויסנדיק וואו ער וועט אויסלאָזן, — זי וויסן, שעיווטשאַ: זי זענען איצטער אַזוי שיין . . .

— בלויז איצטער? — האָט זי געגעבן אַ לאַך אַרויס מיט אַ געלעכטער וואָס ער האָט געוואוסט, אַז ער קען אַזוינס נישט הערן פון דבורהלען; אַ געלעכטער, וואָס האָט אי געגעבן אַ קלאַפּ איבערן אויבערשטן טייל אויער, אי אַ צופּ ביים לעפּעלע.

—אָ, ניין, כ׳מיין דאָס ניִשט . . . — האָט פישלס שטערן גע־שוויצט הינטערן הויכן קאַפעליוש — זי זענען אַלע מאָל אַ שיינע, אָבער אַזאַ ברוגזע. זי גריסן זיך אַפילו נישט צו מיר . . .

— וואָס האָב איך מיט איהנען צו טאָן ? זי זענען דאָך מיין שוועסטערס חתן . . .

— איז דעריבער, — האָט ער געזאָגט, — טאָרן מיר שוין נישט זיין קיין פריינט, יאָך מיט איהנען ? . . .

ער האָט אָנגעהויבן צו קריגן מוט, פישל. ער האָט אָנגעהויבן דערפילן אין זיך זיין אַלטע זיכערקייט.

— זי זעען אויס אַזאַ שטאָלצע אָסאָבע... — האָט זיך זיין הויכער, קוימענדיקער קאַפעליוש גענומען הויבן העכער און העכער — זי פאַרמוגן אַזאַלכענע גרויסע, שיינע אויגן . . . — האָט ער זיך גענומען רוקן נענטער צו איר.

— שטייען זי וואו זי זענען! — האָט זי אויף אים אָנגעשריגן מיט אַ פאַרשטיקט, צופרידן געלעכטער — פאַרגעסן זי נישט וואו זי געפינען זיך . . .

— ני, קומען־זשע זי שפּאַצירן. — האָט ער גערעדט, פאַרגעסנ־דיק זיין לאַגע, זיין פּאָזיציע — קומען זי הינטער דער שטאָט, שעיוועטשאַ . . .

— האַ־האַ־האַ ! — האָט זי געלאַכט און אים געשרפעט מיט דער גרינער פאַרע פון אירע אויגן — הינטער דער שטאָט זאָל איך מיט אים גיין . . . און וואָס וועט זאָגן די כלה אייערע ? . . .

— זי וועט נישט וויסן, שעיוועטשאַ־לעבן. זאָל יאָך שטאַרבן אַ טויטער, צי זי וועט וויסן . . .

פישל האָט אויפגעהערט הערן וואָס ער רעדט. דער שטענדיק וואוילערישער וואַרשעווער פישל האָט אָנגעהויבן פּלאָנטערן מיט דער צונג. פון תמיד אָן אַ שוואַך, אומפאַראַנטוואָרטלעך מענטשל, פון תמיד אָן געוואוינט זיך נאָכצוגעבן אַלץ וואָס פאַרשמעקט אים, האָט ער איצטער אויך ווינציק־וואָס איבערגעטראַכט פון אַ כלה, פון מחותנים און פון סתם מענטשן. פאַר אים זענען איצטער בלויז געשטאַנען פאַר די אויגן די צוויי שוועסטער: דבורהלע און שבעלע. איינע, די כלה זיינע, אַזאַ צנועהדיקע, אַזאַ לעמעכל, וואָס מען קען צו איר נישט צוטרעטן; און די צווייטע, אָט־די־אָ, אַזאַ אָסאָבע, אַזאַ ברען־פייער, וואָס מען קען פון איר אָפּגעשרפעט ווערן . . .

און זי, גלייך זי וואָלט געלייענט זיינע געדאַנקען, האָט נאָך אונ־טערגעגאָסן אייל אויפן פייער.

— און פונדעסטוועגן האָבן זי זיך נישט פאַרליבט אין מיר, נאָר אין מיין שוועסטער.

— יאָך האָב דאָך איהנען נישט געקענט, שעיווטשאַ . . . יאָך האָב דאָך נישט געוואוסט, אַז אין זאַמאָשטש געפינט זיך אַזאַ מין בלום . . .

— זי מיינען צו זאָגן, אַז ווען זי זעען מיך פריער, וואָלטן זי זיך געוועזן איינגעליבט אין מיר ? . . . — האָט זי פון אים געצויגן די עצמות.

— יאָך קען דאָס איהנען נישט זאָגן, שעיווטשאַ . . . זי ווייסן, אַז יאָך בין געבונדן . . . אפשר ערגעץ אַנדערש . . . קומען זי מיט מיר הינטער דער שטאָט . . .

— האַ־האַ־האַ ! — האָט זי געלאַכט מיט אַ גרין און הייס געלעכטער, וואָס פישלען האָט עס גאָר געמאַכט אי הייס, אי קאַלט — הינטער דער שטאָט זאָל איך מיט אים גיין . . . אַן איינפאַל פון אַ וואַרשאַוויאַק — האַ־האַ־האַ ! . . .

— וואָס לאַכן זי אַזוי ? — האָט ער געפרעגט.

— איך לאַך וואָס זי זענען אַזאַ נאַרישער וואַרשאַוויאַק. זי האָבן גאָר נישט קיין מורא, אַז איך זאָל דערציילן מיין שוועסטער?...

— ניין, יאָך האָב נישט קיין מורא. זי זענען אַ צו־קלוג פריילין צו טאָן אַזאַ זאַך. זי זענען . . . — און ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו איר.

—וואָס גייען זי טאָן ? ! — האָט זי געפרעגט מיט אַ טאָן, גלייך זי וואָלט דערפון געוואָרן אַ פאַרצאַפּלטע. אָבער זי האָט זיך אין דער אמתן גאַנץ קנאַפּ איבערגעשראָקן. זי האָט בלויז געמאַכט דעם אָנשטעל — זי ווייסן נישט וואו זי געפינען זיך ? איך גיי שוין אַוועק פון איהנען. זי האָבן מיך שטאַרק באַליידיקט . . . און בעטן זי מיך שיין, דערצייל איך אַלצדינג מיין שוועסטער . . .

זיי זענען געשטאַנען אויף דער שוועל פונם הויז און שכנים, וואָס האָבן זיך געדרייט אַריין און אַרויס, האָבן זיי גענומען צוואַרפן מאָדנע פאַרדעכטיקע בליקן. ביידע האָבן דאָס באַמערקט און פישל האָט זיך אָפּגערופן :

— זי זענען גערעכט, שעיווטשאַ. דאָ איז נישט קיין גוט פּלאַץ צו רעדן. זאָגן זי מיר וואו מע קען מיר זאָך זען. יאָכל מיט איהנען מאַכן אַ „ראַנדקע".

די מעשה וועגן דערציילען דער שוועסטער האָט ער אינגאַנצן אויסגעלאָזט.

— אַ ראַנדקע ? מיט איהנען ? האַ־האַ . . .

איר געלעכטער האָט זיך ראַפּטום אָפּגעהאַקט. זי האָט דערזען

מאַניקן אָנקומען. זי האָט געמאַכט אַ טראָט איבער דער שוועל אין הויז אַרײַן.

— זעען זי מיך אין שטוב. — האָט זי אים צוגעוואָרפן גיך, שנעל—זעען זי מיך מיטוואָך פאַרנאַכט, ווען דבורה גייט צו ריוועטשען.

און נישט געבנדיק אים קיין צייט עפּעס צו ענטפערן, נישט געבנדיק אים די געלעגנהייט אַרויסצולאָזן די פראַגע פון דעם געעפנטן מויל, האָט זי, מיט אַ גיכן, דראָבנעם, עלעגאַנטן שפּרייז, מיט אַ שנעלן, קאָקעטישן צוק פון אירע שמאָלע, באַוועגעוודיקע אַקסלען, פאַרלאָזט דאָס פּלאַץ.

פישל איז געבליבן שטיין מיטן מויל אָפן, אַ גליקליך פאַרגאַפּ־טער. איבער זיין לײַב האָבן זיך צוגאָסן זיסע ריטשקעלעך.

## קאַפּיטל פופצן

מיטוואָך פאַרנאַכט איז פישל געווען אויפן וועג אין הויז אַריין פון זיינע צוקונפטיקע שווער־און־שוויגער.

אינדרויסן האָט געקנאַקט אַ פראָסט, אָבער אים איז געווען גאַנץ וואַרימלעך. ער איז געגאַנגען פונאַנדערגעשפּיליעט דעם מאַנטל און דער גרויער קעסטלדיקער אָנצוג האָט אָפּגעקוקט אַ פאַרדאַגה־טער. ער האָט געשפּאַנט שנעל, פישל. אַזוי שנעל, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז די קעסטעלעך פונם אָנצוג ציען זיך פונאַנדער, שטעלן זיך אויס איינס הינטער דאָס אַנדערע און שפּאַנען־מיט. דער הויכער קאַפּעליוש איז ביי אים געווען פאַררוקט אויפן קאַרק, אָבער ער האָט סיי ווי געשוויצט אונטער דער דענקע. דאָס שפּאַציר־שטעקעלע האָט ער געשטופּט פאָראויס, גלייך עס וואָלט געווען זיין וועג־ווייזער, גלייך ער וואָלט זיך אַליין נישט געטרויט צו גיין אויף דעם וועג, אויף וועלכן ער איז געגאַנגען.

„זאָל יאך אַריינגיין, צי נישט?...“ — האָט ער זיך אַליין גע־פרעגט, ווען ער איז שוין געווען נאָנט צום הויז. „האָט זי עס טאַקע געמיינט מיט אַן אמתן, אָט די שעיווטשאַ, צי האָט זי מאָך בלויז געפרייערט?...“

ווייל ווי די זאַך האָט פישלען אויסגעקוקט, איז דאָס געווען נישט אַזוי פשוט. דאָס מיידל זעט אים אוים צו זיין בלאָט. וואָס הייסט בלאָט — זי פאַרשטעקט, האָט ער מורא, זעבצן וואַרשעווער פאַניענ־קעס אין דער מופטע אַריין. און דאָ, האָט ער מורא, ליגט טאַקע די צרה. אַז מ׳קען מיט איר נישט זיין זיכער וואָס זי מיינט. מיט דבורהלע זיין כלה איז שוין דאָס נישטאָ. ביי יענער, וואָס אויף דער לונג איז אויף דער צונג. און די — אוי, האָט זי אַ פּאָר קור־ווישע קוקערס! קוקערס... איר גאַנץ געשטעל איז ווי פון אַ מויד פון דער קאַרמעליצקע גאַס. אָבער ווי די זאַך זאָל נישט זיין, אַן עונג שבת ויום טוב קען מען מיט איר האָבן. זי זאָל אים נאָר נישט אָנפייפן דאָס איצטיקע מאָל. זי זאָל נאָר נישט דערציילן דער שוועס־טער אירער.

צוריקגערעדט, פאַרוואָס זאָל זי דערציילן? ער האָט איר עפּעס שלאַכטס געטאָן? ער האָט דאָך איר נאָך געגעבן קאָמפּלימענטן, פון

וועלכע זי איז, האָט ער געזען, געווען גאַנץ צופרידן. און צווייטנס, ער האָט דען נישט געזען ווי זי האָט אויף אים געגלאָצט מיט אירע אייגעלעך? ער מוז צוגעבן: זי איז די אמתע בחורטע. מעג ער שטאַרבן אַ טויטער דאָ אויפן אָרט, צי דבורה זיין כלה מעג נישט גיין ביי איר הייצן דעם אויוון...

„וואַרשאַוויאַק, — האָט זי אים גערופן. „וואַריאַט", האָט זי אים גערופן. און דאָס באַלד צום ערשטן מאָל וואָס זי רעדט צו אים. ניי, איז דאָס נישט דער בעסטער סימן, אַז ער געפעלט איר? אודאי געפעלט ער איר! וואָס איז זי — דבורה זיין כלה? זי איז אַ מבין אויף אים. זי ווייסט וועגער אַזוינס פישל איז. ווי דען, דבורהה זיין כלה וועט וויסן?...

מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָט ער אָנגענומען די קליאַמקע פון דער גלעזערנער טיר. „איז זי טאַקע אַליין אין שטוב, צי נישט? און אויב יאָ, וואָס וועט ער איר זאָגן? וואָס וועט ער טאָן? זי זאָל נאָר נישט לאַכן פון אים... פאַר איר געלעכטער האָט ער דאַיקע יאָ מורא. איר געלעכטער צומישט אים עפּעס אינגאַנצן..."

— דאָברי וויעטשור! — האָט ער זיך איצטער צום ערשטן מאָל אַ גריס געטאָן צו דער דינסט — איז די פּאַניענקע אינדערהיים?

מיט דעם האָט ער געמיינט זי אַ נאַר צו טאָן. זאָל זי נישט וויסן וועלכער פּאַניענקע ער מיינט.

— ניע, פּאַניע פּישעל! — האָט די דינסט געענטפערט — די פּאַניענקע איז אַוועק צו איר קאָליעזשאַנקע ריווטשאַ. זי האָט אודאי נישט געוואוסט, אַז דער פּאַן פּישעל וועט היינט קומען...

— צאָ? — האָט ער אַ זאָג געטאָן און בשעת מעשה זיך גע־טראַכט: „און זי, די בלאָטע מויד, — איז זי יאָ דאָ, צי נישט דאָ?..."

און צו דער דינסט נאָכאַמאָל:

— זי האָט נישט געזאָגט, ווען זי וועט צוריקקומען, די פּאַננאַ דוואָרטשאַ? — און אַ קראַץ טוענדיק זיך דעם קאָפּ, אונטער דעם הויכן קאַפּעליוש, האָט ער אַזאַ אומשולדיקן זיפץ געטאָן:

— און יאַך האָב געמיינט, אַז זי וועט אויף מיר וואַרטן...

— וואָס, דער פּאַן פּישעל האָט מיט דער פּאַננע אַ ראַנדקע? — האָט די דינסט אָנגעהויבן אַרייַנצוגיין אין זיין לאַגע — נו, וועט זי מסתמא באַלד קומען. מיר האָט זי גאָרנישט געזאָגט. זאָל דער פּאַן פּישעל אפשר אויף איר צוואַרטן אין דער סאַליע. די פּאַננע שעיוווטשאַ איז דאָרטן דאָ. זי שפּילט אויף דער פּיאַנאַ...

צו פּישלס אויערן האָבן זיך טאַקע איצטער דערטראָגן אַ פּאָר קלאַנגען פון אַ פּיאַנאָ.

„אזוי, זי שפּילט אויף דער פּיאנאָ..." — האָט ער א טראַכט געטאָן — „ני, כ'בין א בעל־עסקן צו זען סאַרנע קאָנצערט זי'ט מיר דאָרטן אָפּשפּילן..."

און צו דער דינסט, כלומרשט מיט זאָרג, מיט איבערגעגעבנקייט:

— ני, און די מאַמעשי זאָל געזונט זיין — זי איז נאָך אַלץ ביי סאַלטשען אין וואָסלאָוויץ? דאָס קינד סאַלטשעס איז נאָך אַלץ נעבאך נישט געזונט?...

און צו זיך:

„הלואי איז זי נאָך דאָרט, די אַלטע. דעם קינד זאָל טאַקעש קיין שום שלאַכטס נישט זיין, אָבער זי באַדאַרף מען דאָ גאָר קנאַפּ האָבן..."

— יאָ, — האָט די דינסט געענטפערט, — זי איז נאָך דאָרטן. דעם קינד איז שוין בעסער, אָבער זי קומט ערשט אַהיים פּרייטיק אינדערפרי.

„נישט שלאַכט, נישט שלאַכט..." — האָט פישל געטראַכט ביי זיך, לאָזנדיק זיך אין דער סאַליע אריין. זיין האַרץ האָט פונדעסט־וועגן גענומען קלאַפּן שטאַרקער. און די אַקאָרדן דאָרטן, האָט זיך אים אויסגעוויזן, זענען אויך געוואָרן ראַשיקער, אָפּגעהאַקטער. און דאָ באַדעקט אים גאָר א נייער שוויס. און מערסטנס טאַקע דאָרטן, אונטערן קאַפּעליוש. ער וואָלט, מיינט ער, באַדאַרפט עפּעס זען צו טאָן וועגן דעם...

שטילערהייט און מיט א נערוון־בראָך אין די פינגער האָט ער צו־נומען די שווערע פּאָרהאַנגען. שטילערהייט, כמעט אויף די שפּיץ פינגער, איז ער אַרויפגעטראָטן אויף דעם ווייכן, פּליושענעם דיוואַן פון דער סאַליע, האַלטנדיק ביידע הענט אין די קעשענעס פון זיין פונאַנדערגעשפּיליעטן מאַנטל. דעם שפּאַציר־שטעקן האָט ער איבער־געלאָזט אין פּאָר־שטיבל. אַריינגעשפּאַנט אין דער סאַליע האָט ער מיט שטילן פּאַראַד, ווי מ'גייט, א שטייגער, צו א לויה. דעם קאָפּ זיינעם האָט ער געשטופּט פאָראויס. עס איז אייגנטלעך איצטער נישט געווען אויף אַזוי פיל קאָפּ, ווי שטערן. מחמת דער קאַפּעליוש איז ביי אים געווען גוואַלדיק אָנגערוקט אויף אַראָפּ־צו, צום קאַרק. און דער שטערן, האָט עס אויסגעקוקט, באַשטייט איצטער בלויז פון אויגן, גרויסע, אויפגעריסענע אויגן, וואָס קוקן אויס א באַהאַלטענעם שונאָס לאָגער.

און באַלד האָט ער אים טאַקע דערזען, דעם שונא זיינעם. אין דעם געשטאַלט פון שבעלען האָט ער אים דערזען. זי איז געזעסן ביי דער פּיאנאָ א גלייכע, אָן אָנגעצויגענע, אָן אָנגעסטראָיעטע, גלייך

זי וואָלט אַליין געוועז אײנע פֿון די קלאָוויש. אים האָט זי כּלומרשט נישט געהערט אַרײַנקומען. זי איז געוועז צו־„פּאַרטיפֿט" אין איר שפּילן. פֿישל האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. ער איז אַ ווײַלע געשטאַנען אין מיטן שטוב, מיט דער האַנט לעבן קאַפּעליוש, גרייט אים אַרונטערצונעמען, ווען זי וועט זיך צו אים אומווענדן. אָבער זי האָט זיך אַזוי שנעל נישט אומגעווענדט. זי האָט געהאַלטן אין איין שפּילן. און ער איז געשטאַנען און זיך צוגעהערט. דער אמת איז געווען, אַז זי האָט נישט געוואוסט וואָס זי שפּילט און ער האָט נישט געוואוסט וואָס ער הערט.

אָבער אײַנזעענדיק, אַז צו דער מעשה קען גאָר קיין סוף נישט נעמען, ווײַל אַביסעלע האָט ער זי שוין געקענט און אַביסעלע האָט ער איצטער אויך אָנגעהויבן אײַנצוזען, כאַפּנדיק אַ בליק אויף דעם שמאָלן, אָפּלאַכנדיקן, אָפּשפּעטנדיקן פּראָפֿיל אירן, האָט ער באַשלאָסן עפּעס צו טאָן.

„ווײַל יאָך וועל דאָ נישט שטיין ווי אַ גולם אויפֿן שול־הויף."
— האָט ער צו זיך אַ זאָג געטאָן — „יאָך האָב פֿײַנט, אַז מ'האַלט מאָך פֿאַרן פֿרײַער..."

— פּכע־פּכע־פּכע! ... — האָט ער באַשלאָסן אַ הוסט צו טאָן, כּדי אויסצופּרובירן איר געהער. אָבער — ניין, זי הערט נישט.

— פּכע־פּכע!... — האָט ער נאָכאַמאָל אַ הוסט געטאָן. ניין, זי הערט נאָך אַלץ נישט. זי איז נאָך אַלץ פֿאַרטיפֿט אינם שפּילן. זי קנאַקט אויף די בײַנדלעך, פּונקט ווי אַ מוליער שלאָגט־צו קאַב־ליעס אין אַן אויוון. און דאָס פֿיגורעלע אירס! אַ שוואַרץ, דין קלייד טראָגט זי, איז'ס גאָר דורכזיכטיק ווי אַ זיפּ. שטיקער לײַב זעען זיך אַרויס. ווײַס, אָנציִענדיק לײַב, כאָטש נעם און ריר עס אָן. און אײַנגעשטײַפֿט איז דאָס קלייד אויף איר, אַז יעדעס אבֿרל באַזונדער קוקט אַרויס. זאָל ער שטאַרבן אַ טויטער, פֿישל טאַקע, צי די הענט בײַסן אים נישט דערפֿון...

„אַי, איז דאָס אַ שטיק זונה פֿון אַ מויד!" — האָט ער געוואָלט געבן אַ רעד אַרויס אויפֿן קול. אָבער ער האָט זיך אײַנגעהאַלטן. אָנשטאָט דעם, האָט ער בעסער נאָך אַ הוסט געטאָן און איז צוגע־גאַנגען צו איר און אַרויפֿגעלייגט אַ האַנט אויף אײנער פֿון די פּיאַנאָ־ווענטלעך.

ערשט איצט האָט זי אים קוים דערזען.

— וואָס טוען זי דאָ? — האָט זי אים אַ פֿרעג געטאָן קאַלט,

גלייכגילטיק — זי זענען געקומען זען דבורהלען? זי וויסען דען נישט, אַז מיטוואָך גייט זי צו ריוושען?...

אָפּגעזאָגט, און זיך געגעבן אַ דריי־אויס צוריק צו דער פּיאַנאָ, צוריק צו די ביינדלעך, און זיך גענומען שפּילן.

איצטער איז זי געזעסן צו אים מיטן פּנים, דעם קאָפּ אַראָפּגע־נידערט צו דער פּיאַנאָ. ער האָט געקוקט אויף איר שיין־געקעמטער פריזורע, אויף דער זאָרגפעלטיקער אָרדנונג פון אירע צעפּ, וועלכע זי האָט געהאַט פאַרפלאָכטן אין אַ „גרעק". אויף די הענט האָט זי געטראָגן אַ סך צירונג. פון אירע אויערן האָבן אַרונטערגעהאָנגען בלויע אויערינגלעך, איינגעפאַסטע אין גאָלדענע רעמלעך. אַרומגע־נומען פון איר שטייף קלייד, מיט האַלבע נאַקעטע אַקסלען אינדרויסן, האָט זי איצטער אויסגעזען נאָך איידעלער אין געבוי ווי אַלעמאָל. איר לייב איז געווען אויסגעוואַשן און עס האָט פון איר געשמעקט פאַרפיום.

„פאַר וועמען האָט זי זאָך דאָס אַזוי אויסגעשטראָצט אויב נישט פאַר מיר?" — האָט פישל געזאָגט צו זיך אין דער שטיל — „אויב ווידער אַזוי, איז וואָסזשע מאַכט זי די קונצן? צי מיינט זי נישט אַמאָל אַז זי האָט אָנגעטראָפן אויף אַ פרייער און זי וויל מאַך אָנ־ציען? צי מיינט זי נישט אַמאָל צו נעמען מאַך אויפן זעכאָר?..."

און צו איר האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ זייער בנעימותדיק און אומשולדיק קולכל:

— אַזוי? דבורהלע איז געגאַנגען צו ריוושען? אָי־וואַ!...

— האָט ער אָנגעהויבן קנאַקן מיטן צינגל — און יאָך האָב גאָר אינ־גאַנצן פאַרגעסן . . אָי־וואַ!...

און ביי זיך האָט ער געטראַכט:

„אויב ס'איז יאָ אַזוי, טאָ נאָמיר זען וואָר ס'קען בעסער טשאַ־קען..."

— ני, מילאַ, האָב'אָך געמוזט מאַכן אַ טעות, יאָך טאַקע. ני, אויף דערויף איז מען דאָך אַ מענטש מע זאָל מאַכן טעותן. וואָס זאָגן זי, פריילין שעיווטשאַ? ני, אויב אַזוי, וועל'אָך טאַקע מוזן אוועקגיין. אויב אַזוי, וועל'אָך טאַקע מוזן צוקומען מאָרגן. אַ גוטן, פריילין שעיווטשאַ! — האָט ער געזאָגט און געוואָרפן אויף איר אַ פאַרגנבעטן בליק פון אונטן־אַרומער — און לאָזן זי מיר גריסן מיין כלה זאָל געזונט זיין...

און ער האָט זיך געלאָזט אַוועקגיין, מיט די הענט אין די קע־שענעס.

דאָס געזען, איז זי געבליבן זיצן אַן אַנטוישטע אין איר פּלאַן.

אַ באַנאַרישטע אין איר פּוץ. טאַקע, וואָס וועט ווערן פון איר קליג־לען זיך און וואָס וועט ווערן פון איר שיק און פּאַרפּיום, אַז פישל גייט אַוועק?

— זי גייען טאַקע אַוועק? — האָט זי צו אים געזאָגט, ווען ער איז שוין געווען ביי דער פאַרהאַנג, וואָס האָט געפירט אַרויס פונם צימער — זי ווילן נישט צוזאַוואַרטן אַביסל? אפשר וועט דבורהלע אָנקומען...

— יאָ, — האָט ער געענטפערט, — מיטן שענסטן פאַרגעניגן קען יאך וואַרטן. יאך האָב געמיינט אַז יאך וועל איהנען שטערן...

— ניין, — האָט זי געזאָגט, — זי וועלן מיר נישט שטערן. זי קענען זיצן דאָ אויף דער קאַנאַפּע...

— און וואָס וועלן זי טאָן?

— איך וועל זיצן דאָ אַנטקעגנאיבער איהנען... אָבער פאַרוואָס טוען זי נישט אויס די שליאַפּע? אַ קאַוואַליער זיצט נישט מיט דער שליאַפּע אויפן קאָפּ לעבן אַ פריילין...

— פון וואַנען וויסן זי דאָס? — האָט ער געפרעגט, אויסטוענדיק דעם קאַפּעליוש מיטן מאַנטל.

— פון וואַנען? כ׳וועל איהנען שפּעטער דערציילן... גיבן זי עס מיר. איכל עס אויפהענגען... — איז זי צו אים צוגעקומען און ביי אים צוגענומען דעם מאַנטל מיטן הוט.

איר גאַנג, אַלע מאָל שטייף און פּרוויאיש־זיכער; איר טראָט, אַלע מאָל פלינק און קליין, — האָט איצטער, אין זיין קעגנוואַרט, אונטער זיין אויג, זיך געשטייפט מער ווי תמיד, געווען אַרויסרופע־ריש מער ווי אַלעמאָל. אין דעם האָט איר אַרויסגעהאָלפן דאָס שמאָ־לע דינע קלייד אירס. אין דעם האָט איר אַרויסגעהאָלפן פישלס הונגעריקער בליק אין די אויגן.

— זי וויסן... — האָט ער אָנגעהויבן — עס שמעקט פון איהנען אַזוי... און דאָס קלייד — עס פּאַסט איהנען אַזוי שיין...

— טאַקע? האָט זי זיך אַ דריי געטאָן פאַרביי אים. דין און געטאָקט יעדעם אברל. די איינגעשטייפטע פּרוויאישע פאָרמען, וועלכע האָבן זיך אַזוי געריסן דורך דעם ענגן קלייד, האָבן געבריט זיין אויג.

— און איך — איך אַליין בין אויך אַ שיינע? זאָגן זי מיר, פישל...

— יאָ, שעיוועטשע־לעבן. — האָט ער געענטפערט ווי אַ מיגוט צום חלשן — זי זענען שיין ווי אַ בת מלכה. — און ער האָט זיך

אויפגעשטעלט און געגומען גיין צו איר — זי זעען אין מיינע אויגן אוים ווי דער פריער מאָרגנשטערן...

— שטייען זי פון דער ווייטנס, פישל! — האָט זי, א צופרידע־נע, א גדולהדיקע, זיך אָנגעהויבן אָפּרוקן פון אים — שטייען זי וואו זי זענען! אז זי ווילן צוקומען צו מיר נענטער, וועל איך שרייען. און זי וויסן ווער ס'איז דאָ אין הויז? בוזשע איז דאָ אין הויז! ער וועט זיך אָננעמען פאר מיר. ער וועט איהנען אפשר שלאָגן. האַ־האַ־האַ! האָ־האָ־האָ־האָ! — האָט זי געגומען לאַכן פון דעם גע־דאַנק. און דאָס געלעכטער אירס איז נישט געקומען פון דעם מויל אַליין, נאָר די אַקסלען האָבן ביי איר מיטגעלאַכט, און די היפטן, און די ברוסטן, און יעדער אבר באַזונדער. און דאָס קלייד אירס, דאָס דינע, געשטייפטע קליי, האָט זיך גערודערט, געראַשט און זיך געבוואַליעט איבער אירע יונגע מיידלשע פאָרמען און פישל איז געשטאַנען אַנטקעגן איר מיט א רויט, אָנגעהיצט פּנים, מיט א רויט, אָנגעהיצט געמיט.

— זי זענען אזוי שיין... — האָט ער געמורמלט — זי זענען אזוי פאַרפירעריש, אַז דער רוח זאָל איהנען נאָר אָנכאַפּן...

— אפשר ווילן זי זיין דער רוח, פישל? זאָגן זי מיר...

און זי האָט זיך אַריינגעדרייט צווישן א פּאָר געבעטע שטולן, ער זאָל זי נישט קענען אָנכאַפּן, ער זאָל זי נישט קענען דערלאַנגען מיט זיין אויסגעשטרעקטער האַנט.

— זאָגן זי מיר, פישל, — האָט זי זיך גערייצט מיט א באַטרונ־קענער לוסט אין אירע אָנגעלאָפענע גרינע אויגן, — ווער איז שע־נער: איך, צי אייער כלה? זאָגן זי מיר...

— פשעפּראַשאַם, — האָט ער געזאָגט, — אויף דעם קען יאַך נישט ענטפערן. לאָזן זי מאַך איין קוש טאָן... — איז ער געשטאַ־נען מיט אַן אָנגעלענטער קני אָן אַן אויסגעבעטער שטול. און זי איז געשטאַנען אַנטקעגנאיבער אים, הינטער דעם ווענטל פון דער שטול, באַשיצנדיק איר קערפּער פון זיינע הונגעריקע הענט, און האָט געפלאַמט פון אַן אומבאַגרייפלעכער גליקלעכער חרפּה — איין איינ־ציקן קוש...

— ניין, — האָט זי געזאָגט, — זי מוזן מיר פריער זאָגן...

— ווילן זי זאָך לאָזן א קוש טאָן? — האָבן די אויגן ביי אים געגלאַנצט, ווי ביי א באַטרונקענעם פון בראָנפן.

— יאָ.

— איז קומען זי אפער...

— זי מוזן מיר צוזאָגן, אַז זי וועלן מיך נישט טשעפּען.

זי האָט שוין איצט מער נישט געלאַכט. אויך אין איר האָט זיך באַזעצט אַ גרויסער אומרו. אויך זי איז אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ טשי־קאָווער, הייסער דערוואַרטונג.

— יאַך זאָג איהנען צו, שעיוועשאַ. יאַך זאָל אַזוי דערלעבן צו זען מיין מאַמען פאַר די אויגן . . .

זי איז אַפּערגעקומען פון הינטערן שטול־וועגטל. אירע אויגן זענען אינגאַנצן געוועזן פאַרגאָסן פון גריגער פאַרב. דער פאַספּאַר האָט דורכגעברענט דורך אירע וויעס. אירע שמאָלע, אַנטוויקלטע בריסט האָבן זיך געהויבן אַרויף און אַראָפּ מיט אַ האַסטיקן טעמפּאָ.

אין איין רגע איז פישל געוועזן לעבן איר. מיט איין האַנט האָט ער אַרומגענומען איר טאַליע און די אַנדערע האָט ער אַרויפגעלייגט אויף איר ברוסט. זי האָט גאָרנישט געזאָגט. ער איז געוואָרן דרייס־טער, זיך גערוקט צו איר נענטער, נענטער.

— שעיווישע . . . — האָט ער געשעפּטשעט — זי זענען אַזאַ מין . . . אַזאַ מין שאַנהייט . . אַזאַ מין גוטע . . . לאָזן זי מאַך, שעיווישע . . .

— ניין ! — האָט זי געזאָגט — דאָס נישט, פישל . . . זי הערן ?

אָבער זי האָט זיך פון אים נישט אָפּגעריסן. זי איז געבליבן שטיין נאָנט צו אים, זייער נאָנט, פילנדיק זיין האַנט אויף איר ברוסט, פילנ־דיק איר בויך אויף זיין דיך. זי האָט געוואוסט, אַז קיין טיר איז נישטאָ, נאָר אַ פאָרהאַנג. זי האָט געוואוסט, אַז עס איז נישט אומ־מעגלעך, אַז עמיצער זאָל געבן אַ קום־אַן. אָבער זי האָט זיך נישט געקענט אָפּרייסן. אַזוי איז זי געווען. איידער זי האָט דערפילט די נאָנטקייט פון אַ מאַן, די אינטימע נאָנטקייט, האָט זי אַלץ געקענט טאָן, אַלץ געקענט פּלאַנירן. אָבער נאָכדעם — נאָכדעם פלעגט זי שטענדיק בלייבן אָפּהענטיק, שוואַך, נאָכגיביק — אַ פרוי.

— לאָזן זי מיך אָפּ, פישל . . . — האָט זי שוואַך פּראָטעסטירט און נאָך שוואַכער איז געווען דער פאַרזוך זיך צו באַפרייען פון זיינע הענט, פון זיין נאָנטקייט. און פישל, אפילו ווען ער זאָל געווען זיין אַן אַנדער סאָרט פישל: אַ קילערער און געלאַסענערער, וואָלט ער איר בקשה אויך נישט געקענט דערפילן. ווי האָט ער זיך געקענט אָפּ־רייסן, דערצו נאָך פרייווויליק, פון אַזאַ קערפּער ? ווי האָט ער זיך געקענט אַרויספלעכטן פון אַזאַ שלאַנגיקייט ? מיט דער אַנדערער האַנט וועלכע ער האָט פריער געהאַלטן אַרום איר טאַליע, איז ער איצטער אַרומגעפאָרן איבער איר פּלייצע, איבער די זייטן, היפטן און בויך.

ער האָט נאָך אַזוינס פריער קיינמאָל נישט געהאַט איבערגעלעבט. זיי־נע הענט, האָט ער געפילט, וועלן אים פאַרשרפעט ווערן לעבן איר לייב. און איר דין, זיידן קלייד האָט זיך אים אויסגעוויזן צו זיין ווי אַ טונ־קעלער פלאַקערנדיקער שיכט, וואָס ברענט און ברענט און ווערט נישט פאַרברענט. און די גרינע פליסיקייט אין אירע אויגן האָט אים גע־מאַניעט, געכישופט, איבערגעקערט אים דעם מח מיט דער צונג. ער האָט געגרעדט און אַליין נישט געהערט וואָס. עס איז נישט געווען זיין קול און עס זענען נישט געווען זיינע רייד. עס איז בכלל נישט געווען קיין פישל נאָר אַן אַנדערער אויף דעם, אַ קליינער, נישטיקער סימן.

— שעיווישע, יאַך בעט איהנען... אַלצדינג וועל'אָך פאַר איהנען טאָן... אַלצדינג, שעיווישע... זי זענען אַזאַ שיין, זי זע־נען אַזאַ מין שלאַנג, אַז יאַך קען איהנען צובייסן. יאַך קען איהנען דערהרגענען דאָ אויפן אָרט...

פלוצלינג האָט זי זיך אַ ריס געטאָן פונם פלאַץ. זי האָט גע־הערט עמיצן אַריינקומען. אין איילעניש, אַ שווער־אָטעמדיקע, האָט זי זיך גענומען צורעכט מאַכן דאָס קלייד מיט די האָר. זי האָט זיך צוריקגעזעצט צו דער פיאַנאָ. ער איז אויך צוריק צו זיין פריערדיק פלאַץ, האָט זיך אַוועקגעזעצט, אַרויסגענומען אַ טיכל פון קעשענע און זיך גענומען ווישן דעם שוויים פונם פנים.

אַזוי איז אַריבער אַ מינוט, צוויי מינוט. שבעלע האָט זיך צו־געהערט. זי האָט געוואָלט וויסן ווער ס'איז אַריינגעקומען. פישל האָט אויך אָנגעשטעלט די אויערן. נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן מיט זיך, האָט ער אָנגעהויבן פייפן.

שבעלע האָט זיך נישט געקענט דערוואַרטן. זי האָט נישט גע־קענט דערגיין קיין טאָלק ווער ס'איז דאָרטן דאָ. האָט זי נאָך אַמאָל אַ צי געטאָן אויף זיך דאָס קלייד, די בלוזקע און איז אַרויסגעלאָפן זען.

פישל איז געבליבן זיצן אַליין. ער האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. „די בעסטע זאַך וואָלט גאָר געווען אָפּצוציען". — האָט ער אַ טראַכט געטאָן. אָבער ער האָט זיך באַלד איבערגערעכנט, אַז עס פּאַסט נישט. איז ער געבליבן זיצן, זיך געטראַכט: „וואָס ס'וויל זיין, זאָל זיין".

באַלד איז זי צוריקגעקומען, האַלטנדיק צוויי עפל אין דער האַנט. איינעם האָט זי באַלד אַליין איינגעביסן און דעם אַנדערן האָט זי צו־געוואָרפן אים.

— ווער איז אַריינגעקומען ? — האָט ער געפרעגט.

— בוזשע.

— בוזשע ? זי האָבן דאָך געזאָגט, אַז ער איז אין הויז? וואו איז ער ?

—ביי זיך אין צימער. וואָס־זשע, זי האָבן טאַקע מורא פאַר אים, זע איך.

— מורא ? יאָך ? — האָט ער זיך כלומרשט שטאַרק פאַרוואונדערט — פאַרוואָס זאָל יאָך עפּעס מורא האָבן ? כ'בין דען באַגאַנגען עפּעס אַן עולה ?

זי האָט אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט מיט אירע קעצישע אויגן. ער איז זיך שוין איצטער געזעסן קאַלטלעך, און זיכער און בנעימותדיק האָט ער געגעסן דעם עפּל.

— זי ווייסן כאָטש, אַז זי זענען אַ גראָביאַן ? — האָט זי צו אים פּלוצים אַ זאָג געטאָן.

— און וואָס, מיינען זי, זענען זי ? — האָט ער איר געענטפערט רואיק און אָן כעס, עסנדיק דעם עפּל מיט גרויס אַפּעטיט.

— זי זענען נישט קיין ליטישער מענטש. —האָט זי אים ווידער געזאָגט, איגנאָרירנדיק אינגאַנצן זיין ענטפער צו איר — קענען אַן אייגענער כלה אזוי צו האַנדלען.

— און קענען אַן אייגענער שוועסטער מעג מען שוין ? — איז ער נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפער.

ער האָט דערווייל פאַרענדיקט דעם עפּל, צונויפגענומען די איבערגעבליבענע שטיקלעך, איז צוגעגאַנגען צום טיש און האָט זיי אַריינגעוואָרפן אין אַ טעצעלע.

ער האָט אַרויסגענומען אַ פּאַטשיילע פון קעשענע, זיך גוט אַרומגעווישט די ליפּן, צוגעקומען צו איר, אַריינגעקוקט איר גלייך אין די אויגן און געזאָגט:

— זי ווייסן וואָס יאָך דענק וועגן איהנען ?

— וואָס ? — איז זי געווען נייגעריק צו ווייסן.

— אַז זי זענען אַ געמיינע שטוקע, דענק יאָך, אַ שלאַכטס און אַן אויסוואורף, וואָס מען זעט עס גאָר נישט. ווי געפעלט עס איהנען?

זי האָט נישט געענטפערט. איר פּנים האָט זיך געביטן אין די קאָלירן. זי האָט געקוקט אויף אים און געוואָלט דערגיין, צי מאַכט ער זיך אפשר אַ געלעכטער. אָבער זיין פּנים איז געווען ערנסט, כאָטש אָן כעס. האָט זי פאַרשטאַנען, אַז ער מיינט אַלצדינג וואָס ער זאָגט. און לויט דעם ווי ער איז געשטאַנען, האָט עס טאַקע אויסגע־

קוקט, אַז ער מיינט וואָס ער זאָגט. ווייל אַזוי קליין געוואַקסן ווי ער איז געווען, האָט זיך די ברייטקייט פון זיין געבוי שטאַרק אָנגעזען, און דער קעסטלדיקער אָנצוג, וואָס האָט געהאַלטן אַרומגענומען די ברייטקייט, האָט זיך נאָך מער אָנגעזען. און דער קאָפּ זיינער, נישט קיין קליינער קאָפּ, דערצו נאָך עטוואָס אַרויס פונם האַלז און פיר־עקעכדיק, האָט זיך אודאי און אודאי אָנגעזען, באשר ער האָט אים כסדר געשטופּט פאַראויס, ווי אַ ביק, וועלכער שטייט גרייט מיט די הערנער. הכלל, זיין פּאָזע האָט גוט און אומבאַשטרייטבאַר געוויזן, וואו מען האַלט מיט אים און אַז קיין צופיל גוטס קען מען שוין פון אים נישט דערוואַרטן.

געזען, אַז זיינע רייד האָבן זי אַביסל דערשלאָגן, איז ער געוואָרן ווייכער. ער איז צו איר צוגעגאַנגען, אָנגענומען זי ביי דער האַנט און אַ גוטברודערישן זאָג געטאָן:

— נעמען זי זאָך נישט צום האַרצן, שעיווישע. יאָך האָב נישט געמיינט איהנען צו „אָבראַזשען“. יאָך בין, פאַרשטייען זי מאָך, אַ וואַרשעווער, און ביי אונז אין וואַרשע, אַז מ׳האָט זאָך ליב, רעדט מען אַזוי־אָ.

זי האָט זיך אָוועקגעדרייט פון אים, איז צוגעגאַנגען צו דעם פּיאַנאָ בענקעלע און זיך אַוועקגעזעצט.

— וואָס־זשע, זי שפּילן טאַקעש טעאַטער? — האָט ער אָנגע־הויבן צו פאַרלירן דאָס געדולד — זי מיינען טאַקע, אַז זי קענען מאָך נעמען אויפן זעכאַר? זי מיינען טאַקע, אַז יאָך בין אויף איהנען קיין מבין נישט? . . .

— וואָס מיינען זי, זי זענען אויף מיר אַ מבין! — האָט זי ענד־לעך אַ זאָג געטאָן און אַ בליץ געטאָן אויף אים מיט אירע גרינע אויגן — וואָס פאַר אַ פּראַווע האָבן זי וועגן מיר אַזוי צו רעדן? . . .

— פּראַווע? — האָט ער געלאַכט — קוקט עס נאָר אָן ווער ס׳רעדט פון פּראַווע. זי טוען טאַקעש אַלצדינג וואָס די פּראַווע שרייבט איהנען פאָר, שעיווישע? קוקן זי מיר נאָר גלייך אין די אויגן אַריין, כ׳בעט איהן זייער . . .

—איכל דערציילן מיין ברודער . . . — האָט זי געזאָגט — איכל דערציילן דבורהלען. איכל זיי זאָגן, אַז זי זענען מיך באַפאַלן ווי אַ שיכורער גוי פון גאַס. איכל זאָגן, אַז איך האָב מיך נישט גע־קענט וועהרן . . . איכל איר זאָגן, זי זאָל נישט חתונה האָבן מיט אַזאַ אָרדינערן מענטש, ווי זי זענען . . .

— האַ־האַ־האַ! — האָט ער זיך צולאַכט — איצטער קומען זי

צו צום פּסוק! איצטער זאָגן זי דאָס וואָס זי האָבן די גאַנצע צייט געטראַכט. פאַרוואָס־זשע האָבן זי דאָס אַזוי לאַנג געהאַלטן ביי זיך, שעיווישע? זי ווילן דאָך נישט, אַז יאַך זאָל חתונה האָבן מיט דבורהלען — אמת, שעיווישע? זאָגן זי דעם אמת, שעמען זי זאָך נישט . . .

— אמת. — האָט זי געזאָגט — איך וויל עס טאַקע נישט.

— זייער פיין. — האָט ער געזאָגט — יאַך בין אויף איהנען נישט אין כעס דערפאַר. זי האָבן אַ פראַווע זאָך אויסצוקלייבן אַ שוואָגער לויט דעם אייגענעם גוסט. אָבער מוג׳אָך איהנען פרעגן פאַרוואָס ס׳קאָנפינירט איהנען נישט צו האָבן מאָך פאַר אַ שוואָגער?

— ווייל זי זענען אַן אָרדינערער מענטש. — האָט זי נאָכאַמאָל געזאָגט — אַ וואַרשעווער . . .

— אַזוי, יאַך בין אַ וואַרשעווער! . . . פּסט, באַלודיקן זי מיר די גענז! . . . איז זאָגן זי מיר, שעיווישע, וואָס אַזוינס זענען זי גרייט צו טאָן דאָס נישט צו דערלאָזן?

ער איז שוין איצטער געזעסן אויף דער קאַנאַפּע אַ רואיקער, אַ זיגערישער, האַלטנדיק די הענט צוזאַמענגעפלאָכטן אויף די קני. זי איז געזעסן צו אים מיט דער זייט, אַ ברוגזע, עטוואָס אַ געפאַלענע, און האָט גערעדט צו אים אין דער־אַ פּאָזע. אָבער ביי די לעצטע ווער־טער זיינע האָט זי זיך האַסטיק געגעבן אַ ווענד־אום צו אים. אירע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט כעס און רשעות. איצטער האָט עס אויסגעקוקט ווי בייזע זשאַבעס וואַלטן אַרומגעטאַנצט אויף אירע ברעמען. זי האָט אַ ווײַלע געשוויגן, איז אויפגעשטאַנען, האָט זיך באַלד צוריקגעזעצט, ענדלעך אַ זאָג געטאָן מיט אַן אָפּגעלאָשענער שטים:

— אַלצדינג בין איך גרייט צו טאָן, אַבי זי זאָל נישט חתונה האָבן מיט אַזאַ שאַרלאַטאַן ווי זי זענען . . .

— זייער גוט. — האָט ער ברייט און זיגעריש געשמייכלט — יאַך בין גרייט איהנען צו העלפן אין דעם . . .

— וואָס מיינען זי? . . . — האָט זי זיך געמאַכט ווי זי פאַר־שטייט נישט.

— זי וויסן גאַנץ גוט וואָס יאַך מיין, שעיווישע. אַ חוץ דעם, וואָס יאַך בין אַליין אַ גרויסער מבין אויף מענטשן, האָב יאַך זאָך גאַנץ גוט נאָכגעפרעגט אויף ענקער גאַנצער משפּחה. יאַך קען ענק אַלע אויסגעבונדן. און איהנען קען יאַך מער פון אַלעמען. זי וויסן באַטשיק פאַרוואָס? ווייל יאַך האָב באַלד דערשנאַפּט, אַז זי זענען אַ בלאַטע מויד, פונקט ווי יאַך בין אַ בלאַטער יונג. און דערפאַר

האָט עס מאַך אָנגעהויבן ציען צו איהנען. זי מיינען, אז יאַך האָב ווינציק באַמערקט ווי זי האָבן זאַך געדרייט אריין און ארויס ווען יאַך בין דאָ געווען צום ערשטן מאָל ? יאַך האָב עס באַמערקט. אַגישט זאָל׳אַך שטאַרבן אַ טויטער, טאָמער זאָג׳אַך איהנען אַ ליגנט . . און זי מיינען, אז יאַך ווייס נישט פאַר וועמען זי האָבן זאַך היינט אזאַ אויסגעפּוצט ? זי ווילן מאַך כאַפּן אויף דער ווענטקע, שעיווישע. זי ווילן מאַך אראַפּפירן פונם גלייכן וועג . . .

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, ארויסגענומען אַ פּאַפּיראָס פון וועסטל קעשענע און פאַררייכערט.

— פּפּפּ ! . . . — האָט ער אַוועקגעבלאָזן דעם רויך — אָבער יאַכל איהנען העלפן, שעיווישע. יאַכל איהנען ווייזן, אז אַ וואַרשע־ווער איז אַ פיינער מענטש, יאָ, יאַכל זאַך לאָזן פאַרפירן . . . זי פאַר־שטייען מאַך גוט ? . . . — האָט ער ביי איר אַ פרעג געטאָן.

זי איז שוין געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דער פּיאַנאָ און האָט געקוקט אויף אים. וואָס זי האָט געטראַכט האָט ער נישט געקענט וויסן. דערפאַר אָבער האָט זי גוט געוואוסט וואָס ער האָט געטראַכט. זיין אויג, האָט זי געזען, פאָלגט כסדר נאָך יעדן בויג פון איר קער־פּער, יעדן קנייטש פון איר קלייד. זי איז נישט געווען בייז אויף אים דערפאַר. פאַרקערט עס האָט נאָך דערוועקט אין איר אַ וואַרימקייט צו אים, אַ נאָנטקייט, פון דעם סאָרט וואָס נאָר אַ פרוי פון שבעלעם שניט קען פילן.

— זי ווילן מאַבן מיט מיר אַ ראַנדקע ? — האָט זי ביי אים גע־פרעגט מיט אזאַ קול, מיט אזאַ טאָן, וואָס האָט אזוי פיל צוגעזאָגט, וואָס האָט אנטהאַלטן אין זיך אזוי פיל עשירות, אז פישל האָט באותו רגע ווידער אָנגעהויבן צו פאַרלירן זיין קילקייט, זיין באַלאַנסירטקייט, זיין גלייכגעוויכט. ער האָט גלייך פאַרלאָשן דעם ברענענדיקן פּאַ־פּיראָס זיינעם, צוגעגאַנגען צום טיש, אריינגעוואָרפן אים אינם טעצל, צוגעקומען צו איר און זי געוואָלט אָננעמען ביי אַ האַנט.

— נישט דאָ. — האָט זי געזאָגט — און זיך אַוועקגעדרייט פון אים.

— וואו דען ? — האָט ער געפרעגט.

— ערגעץ אַנדערש.

— וואו ערגעץ אדערש ?

— נעמען זי מיך שפּאַצירן הינטערן „וויקרענט“.

— ניין, — האָט ער געזאָגט, — דאָרטן טויג נישט.

— פאַרוואָס נישט ?

— ווייל ס'איז אין גאַס — און ס'איז ווינטער.
— וואו־זשע דען ?
— יאכל דינגען אַ קאַוואַלערסקע וואַוינונגל, שעיווישע.
— ניין, דאָס נישט.
— קיינער וועט נישט וויסן.
— ניין.
—יאכל זיין פיין צו איהנען.
— כ'גלייב איהן נישט.
— יאך שווער ביי אַלדעם גוטס . . .
— מ'קען דעם הונט גלייבן, — האָט זי געזאָגט.

פונדעסטוועגן האָט זי זיך מיט אים געטראָפן. אמת, אין קיין קאַוואַלערסקע צימער איז זי טאַקע מיט אים נישט געגאַנגען, אָבער אין קינאָ און אין די פאַרקן און הינטער דער שטאָט, דאָרטן וואו קיין מענטשן גייען נישט, איז זי מיט אים יאָ געגאַנגען. דאָס האָט אָנגע־האַלטן וואָכן. ביז מען האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט. ווי לאַנג האָט אין אַזאַ שטעטל ווי זאַמאָשטש געקענט אָנהאַלטן אַזאַ סוד ?

צום ערשטן האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט ריווטשע, דבורהלעס חברטע. אָבער דבורהלען האָט שוין דאָס האַרץ געזאָגט אַ סך פריער, אַז עפּעס קומט פאַר מיט איר פישלען. ערשטנס, האָט ער אָנגעהויבן קומען זעלטענער. צווייטנס, אַפילו דאַמאָלס, ווען ער איז שוין יאָ געקומען, איז ער אויך נישט געזעסן לאַנג, ער האָט אונטערגעגעניצט, נישט געזוכט צו זיין מיט איר אַליין, נישט געפאָדערט פון איר, זי זאָל אים קושן. עס איז געווען אַ זעלטענער פאַל ווען ער אַליין האָט איר אַ קוש געטאָן. ניין, עס איז נישט געווען דער זעלבער פישל. עפּעס האָט פּאַסירט מיט איר פישלען.

דאָ איז נאָך צוגעקומען איר רשעותדיקע שוועסטער שבעלע און איר גאָר געשיט זאַלץ אויף די וואונדן. די זעלבע שבעלע, וועלכע האָט פון איר אָוועקגעגנבעט דעם חתן אירן און זיך מיט אים בשתיקה אַרומגעשלעפּט אין די פינסטערע אַלייען.

— וואו איז ערגעץ פאַרלוירן געוואָרן פישל ? — פלעגט זי זיך נאָך רייצן מיט איר שוועסטער דבורהלע — עפּעס זע איך אים נישט קומען אַהער . . .

— ווייסט נישט וואָס עס איז געוואָרן מיט דעם חתן דיינעם ?
— פלעגט זי פרעגן אַן אַנדערש מאָל און קוקן אויף איר שוועסטער מיט אַ גרינעם זשאַבעדיקן חוזק.

— ווי קומט עס אַז אַ כלה זאָל נישט וויסן וואו איר חתן שלאָפט זיך אַרום ? — האָט זי ווייטער געפּייניקט.

— אפשר האָט ער גאָר אַן אַנדערע . . . — האָט זי איר גע־צאַפּט דאָס בלוט.

פאַרוואָס האָט שבעלע דאָס געטאָן ? איז דאָס געווען אויס פּשוטער שלעכטיקייט, אויס איינגעבוירענער רשעות, צי האָט זי דאָס געטאָן, ווייל זי האָט זיך געפילט שולדיק און זי האָט אויף אַזאַ אופן געוואָלט פאַרשרייען איר געוויסן, וואָס האָט זי אָביסל געפּלאָגט ?

דבורהלע האָט אויף איר שוועסטערס בלוט־צאַפּעניש נאָר גע־ענטפערט מיט אַ געוויין און נאָכדעם, ווען זי האָט זיך דערוואוסט דעם אמת פון איר חברטע ריוועטשע, איז זי, אַ צובראָכענע, מיט אַ לאָך אין הארץ, אַהיימגעגאַנגען, זיך געלייגט אין בעט, און נאָס גע־מאַכט דאָס קישן פון אירע טרערן. אַ צווייענדיקן פאַרלוסט האָט זי איצטער געהאַט, אַ טאָפּלטע וואונד אין איר הארץ. אַ חתן פאַרלוירן און אַ שוועסטער פאַרלוירן. ווייל ווי מילד דבורהלע איז נישט גע־ווען, ווי באַהבהדיק זי פלעגט אַלעמאָל אָננעמען גאָטס שטראָף, האָט זי אַצינדער נישט געקענט געפינען קיין שטיקל זכות אויף איר ביטע־רער שוועסטער, האָט זי אַצינדער נישט געקענט איינזען ווי אַזוי זי וועט יענער אַמאָל קענען קוקן אין די אויגן אַריין.

און פּונקט דאַמאָלס, ווען זי איז אַזוי געלעגן אַ פאַרצווייפלטע אין בעט און האָט זיך געבאָדן אין די אייגענע טרערן, איז אַריינגעקו־מען מאָניק. ווי תמיד, איז ער געגעבן אַ פאַל־אַריין מיט ליאַרעם, מיט ראַזמאַך, אויפפּראַלנדיק און צוקנאַקנדיק אַלע טירן, אויפרו־דערנדיק דאָס גלאָזוואַרג פון די קרעדענצן און פון די טישן מיט זיינע שווערע זעלנערשע טריט. ווי תמיד, האָט ער פריער דורכגעשפּאַנט דאָס קיך־צימער, אַ באַפעל געטאָן דער דינסט, זי זאָל שוין דערלאַנגען עסן צום טיש, ווייל ער מוז גלייך אַוועקגיין. „פּאַרנומען, פּאַנימאַ־יעש . . . מ'וואַרט אויף מיר מיט פּראָבע, פּאָנימאַיעש . . .“

אינמיטן עסן האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער הערט עמיצן וויינען. ער איז אויפגעשטאַנען אַ קוק צו טאָן.

— וואָס, ס'איז דו ? — האָט ער אַ פאַרוואונדערטער אויסגע־רופן צו זיין שוועסטער דבורהלע — פאַרוואָס וויינסטו, דוראַטשקעלע?

פון זיין אָנבליק האָט זי זיך נאָך מער צעוויינט. עס האָט נישט געהאָלפן זיין בעטן זי, זי זאָל אים דערציילן וואָס איר איז. ער איז געזעסן אויפן בעט און האָט זי איינגענומען און האָט זי געגלעט און זי גערופן מיט אַלערליי צערטלעכע נעמען, ווי: לאָשאַקל, דוראַטש־

קעלע, סוויניאַטשקעלע. זי איז געבליבן איינגעשפּאַרט. ווי בייז זי איז איצטער געווען אויף איר שוועסטער, ווי פאַרביטערט, האָט זי פונ־דעסטוועגן נישט געוואָלט מסרן אויף איר. האָט זי דען נישט גע־קענט איר ברודער מאָניק? האָט זי דען נישט געוואוסט, אַז ווען ער וועט זיך דערוויסן פון אַזאַ זאַך, איז איר שוועסטער שבֿעס לעבן, און אויך פישלס לעבן, נישט ווערט קיין גראָשן?

אָבער מאָניק האָט זיך סיי ווי דערוואוסט. אַביסל פון דער דינסט און אַביסל פון זייטיקע מענטשן. ער איז דערפון געוואָרן אַזוי אויפ־געקאָכט, אַז ער האָט נישט געקענט איינרוען. ער האָט ביי זיך באַ־שלאָסן אָנצולערנען דעם וואַרשעווער אָן שום תירוץ. האָט ער דעריי־בער, שטילערהייט, קיינער זאָל נישט וויסן, גענומען נאָכטשאַטעווען פישלען מיט זיין שוועסטער שבֿען. ביז ער האָט זיי איינמאָל געפּאַקט וואו ער האָט געוואָלט. לעבן פּוילישן צעמענטאַרזש איז'ס געווען, אין אַ פינסטערן אָוונט. אָבער מאָניקס אויג האָט זיי דערזען. ער איז צו צו זיי, געגעבן אַ טייל־אָפּ איינס פון דאָס אַנדערע, צו צו פישלען און גענומען וואַליען אויף רעכטס און אויף לינקס. פישל האָט גאָר קיין צייט נישט געהאַט אַ האַנט אויפצוהייבן. מאָניקס קלעפּ זענען געווען טרוקענע, אָבער פעסטע, זעלנערשע. פישל האָט נישט גע־וואוסט וואָס פריער צו באַשיצן: זיין קאָפּ, זיין פּנים, צי זיין גאַנץ לייב־און־לעבן. שבֿעלע איז געשטאַנען דערלעבן און האָט אים גאָר־נישט געקענט העלפן. ערשט ווען פישל איז שוין געלעגן אויף דער ערד, אַ צוקיילטער, מיט אונטערגעהאַקטע אויגן און אונטערגעבראָ־כענע זייטן, האָט מאָניק אַ זאָג געטאָן צו זיין שוועסטער:

— און דו, בליאַדיושקאַ, אַהיים גיי!

און צו דעם ליגנדיקן, קרעכצנדיקן פישלען:

— און געדענק, גריאַזני וויד, איך זשעלאַיע דיך מער נישט אין זאַמאָשטש. טאָמער זע איך דיך אין שטאָט, דריי איך דיר אויס אַ פוס פון . . גיי, פּאַשאָל וואָן פון דאַנען . . .

אינדערהיים האָט דער פאָטער געגעבן מאָניקן געדעכט פאַר זיין האַנדלונג. אויף אַזוי פיל האָט ער אים געגעבן גערעכט, אַז ער אַליין, שמואל דוד אַליין, איז צו צו שבֿע זיין טאָכטער און האָט איר דער־לאַנגט פריער איין פּאַטש, נאָכדעם נאָך אַ פּאַטש. געזען, אַז יענע וויינט נישט, האָט ער איבערגעחזרט דאָס נעמלעכע. דאָ האָט זיך אַריינגעמישט די מוטער חיהלע. זי האָט גאָר געזאָגט, אַז מאָניק האָט זיך נישט געדאַרפט אַריינמישן. עס איז נאָך, האָט זי געזאָגט, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, פאַראַן אַ טאַטע און אַ מאַמע. און

אַז די מויד (דבורהלען האָט זי געמיינט) איז אַ בהמה, זאָל זי עסן גראָז, און נאָך אַ סך זאַכן האָט זי געוואָלט זאָגן, די מוטער חיהלע. נאָר דער מאַן אירער האָט איר, ווי געוויינלעך, געגעבן אַ קלאַפּ־אָפּ די פּליגלען. אַזוי איינס און צוויי האָט ער עס געמאַכט.

— ווער קען דעך דאָ נישט, מיין ווייב! — האָט ער איר געזאָגט — יעדער איינער קען דעך דאָ. יעך וויים דאָך וואָס ס'קוועטשט דעך... ס'ברענט דעך נאָר הלמאי מאַניק האָט עס געטאָן. ס'קרענקט דעך צוצוגעבן, אַז מאַניק קען אַמאָל טאָן אַ גוטע זאַך. ניי, קע'מאַ זעך באַגיין אָן דיין הכשר. ס'גייט מיר, זעסטו, שטאַרק אין לעבן צו הערן דיין מיינונג... מאַניק האָט געהאַנדלט ווי אַ ברודער דאַרף האַנדלען, און כ'בין העכסט צופרידן וואָס ער האָט יענעם מכבד געווען, איידער יענער זאָל געוועזן אים מכבד זיין. וואָס זאָגסטו, מאַניק? שאַ, לאָמיר הערן וואָס בוזשע וועט זאָגן...

אָבער בוזשעס אויסטייטשונג פון דער זאַך האָט נישט שטאַרק אַפּעלירט צו שמואל דודן.

— עס איז נישט זייער שיין צו באַפאַלן יענעם אין דער פינסטער און אים נעמען שלאָגן, וואָס ער זאָל נישט האָבן געטאָן. — האָט בוזשע געזאָגט — עס שטעקט אין דעם אַ קליינע העלדישקייט.

— גיי, מיין זון, לאָמעך געמאַך מיט דיינע פּשטלעך!... — האָט דער פאָטער צו אים געזאָגט — דו ביסט אַ פילאָזאָף און איניץ זעמאַ פּראָסטע מענטשן, יעך מיט מאַניקן. איניץ, אַז מ'טוט איניץ וויי און מ'קען נאָר צוריקשלאָגן, שלאָגט מען, אין דער פינסטער, צי אין דער לעכטיק. הם, ביי די פילאָזאָפן קומט אויס, אַז ווען מ'שלאָגט אין דער לעכטיק טוט ווינציקער וויי. יעך, אַ פּראָסטער מענטש, פאַר־שטיי נישט אַזאַ שכל...

און אַ צופרידענער פון דער גאַב, וואָס ער האָט דערלאַנגט דעם נעלערנטן זון זיינעם, האָט ער אַ טיפן שלונג געטאָן דאָס שפּייעכץ פונם מויל און זיך בשעת מעשה אַ טראַכט געטאָן:

„נישקשה, דו, מיין זון, מעגסט, יאַקאָש, מיינען, אַז דו ביסט כ'וויים ווער, אָבער דיין טאַטע פאַרשטייט נאָך אויך אָן עסק, דיין טאַטע...“

## קאַפּיטל זעכצן

בוזשע איז געזעסן פאַרקייטלט אין זיין צימער און האָט געשפּילט אויפן פידל.

אַן אַרויסגעטוענער פון דער גאַנצער וועלט, אַן אַריינגעטוענער אין זיך אַליין, איז ער געזעסן מיט אַן אָנגעשפּאַרטער גאָמבע אָן דעם פּאָלירטן „בעט“ פונם פידל און האָט געשפּילט „טרוימעריי“.

טרוימעריי, חלומות, וויזיעס. ער איז געזעסן מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגן און דורך די צוויי דינע שפּעלטעלעך, וואָס צווישן די אויבערשטע און אונטערשטע וויעס, וועלכע האָבן, דאַכט זיך, נאָר געקענט זען די ווענט פון זיין צימערל, אפשר אַ שטיקל מעבל: אַ שטול, אַ קאָמאָדע, די ביכער, וואָס זענען געווען אָנגעלייגט אומעטום, אפשר דעם שפּיגל... יאָ, דעם שפּיגל — אפשר האָט ער דורך דעם שפּיגל געקענט זען אַ סך מער ווי האָס... אפשר האָט ער דורך אים געקענט אַריינקוקן אין דער ברייטער וועלט אַריין און זען דאָרטן אַזעלכע זאַכן, וואָס ער האָט אינערלעך אַזוי געוואָלט, אַזוי געגאַרט צו זען...

ער האָט געשפּילט טרוימעריי. ריכטיק געשפּילט, אָן איין פאַלשן קלאַנג. אָבער געהערט האָט ער פונדעסטוועגן נישט וואָס ער שפּילט. ער האָט עס בלויז געפילט אינטואיטיוו. זיין האַנט האָט אויטאָמאַטיש געפירט דעם בויגן איבער די שטאָלענע סטרונעס. דאָס פידעלע האָט געשניטן די גלאַטע, ווייכע לופט, ווי אַ שאַרף קלינגל פון אַ מעסערל שניידט ווייכע, פרישע פּוטער. רואיק און פאַרבענקט האָט דאָס פידעלע געשפּילט. דאָ לאַנגזאַם, דאָ גיך; דאָ טרויעריק, דאָ פריילעך. עס האָט זיך געווענדט אָן דעם, וואָס פאַר אַ וויזיע עס האָט זיך צו אים אין דעם געגעבענעם מאָמענט באַוויזן. עס האָט זיך געוועגדט אָן דער שטימונג זיינער, וואָס איז באַווירקט געוואָרן פון דער וויזיע.

ער האָט געשפּילט די טעג פון זיין לעבן. פאַרגאַנגענע טעג און קומענדיקע טעג. נישט קיין אמתע טעג זענען דאָס געווען, נאָר פאַרטרוימטע, פאַרחלומטע. זיין געדאַנק האָט נאָכגעפאָלגט דעם סמיטשיק, וועלכער האָט זיך געגליטשט איבער די גלאַטע סטרונעס און אַרויסגערופן פון דאָרטן איין בילד נאָכן אַנדערן, איין זעאונג נאָך

דער אַנדערער. זיין געדאַנק האָט מיטגעוואַנדערט מיט די דינע, סאַ־מעטענע טענער, וואָס זענען אַרויסגעפלויגן פונם פידעלע, באַפּיסטעט, באַפליגלטע, און האָבן גענומען שפּרינגען, טאַנצן און פליען אַהין און אַהער; פאַראויס און צוריק.

ער האָט אויסגעשפּילט זיין יוגנט. אַ טרויעריקער ניגון איז דאָס געווען. דאָס פידעלע האָט זיך צעוויינט. זיין פּנים, וואָס אַנט־קעגנאיבער דעם שפּיגל, האָט זיך אויסגעקרימט. אָפּגעריסענע שטי־קער פון זיינע קינדער־יאָרן האָבן גענומען שוועבן פאַר זיינע אויגן. דאָס פידעלע האָט זיך צעזונגען מיט חרפּה. זיין דין פּנים האָט זיך גערינצלט. ער האָט דערזען די שקאָלע יאָרן. טונקעלע, שאָטנדיקע יאָרן. וואו נישט וואו אַ ליכטיק פּינטעלע. ווען נישט ווען אַ שטי־קעלע זון. דאָס פידעלע האָט אויסגעשפּילט געמישטע קלאַנגען. מיט אַמאָל האָט עס גענומען שפּילן ראַשיקער, בייזער, גרילציקער. וואָס איז? ער האָט דערזען קאָוואַלסקין, דאָס פּוילישע אינגל, וועלכער פלעגט אַלע אידישע אינגלעך דערגיין די יאָרן. אים, בוזשען, אויך. ווי קומט קאָוואַלסקי אַהער? — האָט דאָס פידעלע זיך געוואונ־דערט. מיט אַמאָל האָט זיך דאָס פידעלע צושמייכלט. בוזשעס פּנים, וואָס אַנטקעגנאיבער דעם שפּיגל, אויך. די שטאָלענע סטרונעס האָבן אָפּערגעגראָבן די סצענע, וואו ער, בוזשע, האָט יענעם צור־הרגעט. בוזשעס אויגן אינם שפּיגל האָבן זיך צובלישטשעט מיט אַ שטאָלץ פּייערל.

אַ שפּרונג ווייטער. ער איז שוין אַ משורר. אַ סאָפּראַן. דינ־טשיק, דינטשיק האָט זיך צוקוויטשעט דאָס פידעלע. דאָס צימער איז באַלד אָנגעפּילט געוואָרן מיט נאָטן. שוואַרצע, קעסטלדיקע, פינף־שורותדיקע אותיות האָבן אָנגעהויבן טאַנצן פאַר זיינע אויגן. „אוי, מתי, מתי!...“ — האָט אויסגעקוויטשעט דאָס פידעלע. און דאָ דערזעט ער גאָר זיין טאַטנס קאָפּ אין שול. העכער פון אַלע אַנ־דערע קעפּ איז ער. ניין, איצטער מוז ער זינגען גוט. איצטער מוז ער זינגען אַזוי, אַז דער קאָפּ זאָל נישט אַראָפּפאַלן ביי זיך. נאָך אַמאָל, פידעלע: „אוי, מתי, מתי...“

און דאָרטן, פון די ווייבערשע גראַטעס, זעט ער גאָר אַן אַנדער קאָפּ — ניין, אַ קעפּל. אַן אויסגעצוואָגנס, אַן אויסגערייניטס — אַ קעפּל מלא טעם! מלכהלע! — גיט אים אַ שלאָג איבערן מח. יאָ, מלכהלע. דאָס פידעלע האָט אָנגעהויבן אויסצוטרילערן אַ ראָמאַנס. זיין פּנים, וואָס אַנטקעגנאיבער דעם שפּיגל, האָט אָנגענומען אַ צערט־לעכערן, אַ מילדערן פאָרם. מלכהלע, טישעוויץ, די באָרוועסע פיס

אינם וואַסערל, פונאַנדערגעפּלאָכטענע צעפּ, זיין האַנט ליגן איר ברוסט... דאָס ערשטע מאָל אין זיין יונגן לעבן... שפּיל וואַרימער, פידעלע! די קלויסטער־מויער. די שבועה. דער קוש. שפּיל וואַרימער, פידעלע!...

זיינע בריוו צו איר. אירע בריוו צו אים. דאָס פּנים אינם שפּיגל צושמייכלט זיך. די סטרונעס פונם פידעלע קאַטשען זיך. שיינע טעג געווען. נאַאיווע טעג.

אַ שפּרונג צוריק. דאָס פידעלע ווערט ערנסטער, געזעצטער, אָנגעברוגזטער. ער איז אַ אינגל, אַ קינד. אַ מעשה פון יענע־יענע יאָרן. ער געדענקט אַ נאַכט. ער קען נישט שלאָפן. ער ווייסט שוין איצטער נישט פאַרוואָס. אים איז עפּעס נישט געווען גוט. ער שטייט־אויף, ער גייט אַרויס פונם בעט. ער איז אינם הוילן העמדל. אין שטוב איז, דאַכט זיך, קאַלט. וואוהין גייט ער? אין קאַמער. און אָט איז ער שוין דאָרטן. ער זוכט עפּעס. וואָס? ער ווייסט שוין. ער פּאָרעט זיך שוין, צינדט שוין, וואַרט אויף עפּעס. און פּלוצלינג — אַ ליאַרעם, אַ גערודער. ס'שיסט. פּיף! פּאַף!

זיין ברודער מאָניק. אַלע יאָרן האָט ער געהאַט אַ שוואַכקייט צו אים. ער האָט תמיד באַוואונדערט זיין מוט, זיין זעלבסטשטענדיקייט, זיין ברייטן כאַראַקטער. ער איז אָבער צו־רוי, אומגעשליפן. פאַרוואָס האָט ער נישט שטודירט? אַ שאָד וואָס ער האָט נישט שטודירט. איצטער, צו אַכט־און־צוואַנציק יאָר, איז ער דערזעלביצער ווי מיט צען און פופצן יאָר צוריק. די מוטער, הערט ער, האָט טאַקע אָפּטמאָל טענות צום פאָטער. „דו,“ זאָגט זי, „ביסט שולדיק, שמי־טאָוויד, וואָס דער יונג איז נישט קיין ליט. דו ביסט צו־גוט צו אים.“ צו־גוט. ביי דער מאַמען, אַז מ'איז אַביסל מענטשלעך, אַביסל טאַקטיש, איז מען שוין צו־גוט. דער טאַטע האַנדלט שיין מיט מאָניקן. יענער וויל דווקא פירן אַזאַ סאָרט לעבן, קען אים קיינער נישט אַריינזאָגן קיין דעות. באַזונדערס ביי די יאָרן.

דאָס פידעלע איז זיך געגאַנגען שטיל, גלאַטיק. אַלע ווילע האָט עס אים אַריינגעפירט אין אַן אַנדער פּלאַץ, אין אַן אַנדער צייט. גיך און לאַנגזאַם האָט דאָס שמיטשיקל וויברירט. הייסע און קאַלטע מעשהלעך האָט עס אים דערציילט. אויך קילע, אויך ליבלעכע מעשהלעך. זיין שוועסטער סאַלטשע, אַ שטייגער. אַ מענטש אָן קונצן און אָן פּרעטענציעס. חתונה געהאַט, קינדלט, וועט ווייטער מסתמא קינדלען. מער גאָרנישט. איז דען דאָס די אויפגאַבע פון דעם מענטש? דאָס טוט דאָך אַ חיה אויך. אַ קאַץ קען דאָס. אַ הונט

קען דאָס. אַ מענטש איז דאָך עפּעס אַנדערש. דאַרף זיין אַנדערש. פאַרוואָס האָסטו זיך אַזוי צוכליפּעט, פידעלע? פון דעם טרויעריקן סך הכל אפשר?

אָפּקלאַנגען פון דער דרויסנדיקער וועלט. ביילִיסעס פּראָצעס. פאַרוואָס האָט מען אים אַרעסטירט? האָבן זיי דען נישט געוואוסט, אַז ער איז נישט שולדיק אין דעם פאַרברעכן? גלויבן זיי טאַקע, אַז אידן געברויכן קריסטלעך בלוט אין זייער שפּייז? איצט האָט דאָס פידעלע געשפּילט היים, ראַשיק. איצטער האָבן די סטרונעס געסקריפּעט אונטער דעם שטאַרקן דריק פון דעם בויגן. קריסטלעך בלוט אין מענטשלעכער שפּייז. פו, עקל! פו, שאַנד!

דוסיא באָגאָליובאָווא. דער טאָן פון דעם פידל האָט זיך אָנגעהויבן אויסלייטערן ביי דעם נאָמען. דער האַנט־באַוועג איז געוואָרן לאַנגזאַמער, געצווימטער. דער דריק אויף די סטרונעס — אָפּגעהיטענער, ווייכער. דאָס פּנים זיינס האָט אָפּגעשפּיגלט איבערלעבונג. עס איז געוואָרן אַ סך באַוועגעוודיקער ווי פריער. אַלע מוסקולן זענען אויפגערודערט געוואָרן. אַלע בלוט־ווינקלען זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט פרישע שטראָמען. דוסיא... וואָס וויל זי פון אים? ער ווייסט נישט וואָס זי וויל פון אים. אפשר ווייסטו, פידעלע? שפּיל, דערצייל...

זינט יענעם ערשטן מאָל האָט ער זי נישט געהאַט געזען אַ היפּשע צייט. די גאַנצע וואַקאַציע צייט און העכער אַ וואָך נאָכדעם. אַ דריי־פיר וואָכן. די ערשטע פּאָר טעג נאָך די קאַניקולן זענען געווען זייער קאַלטע, מיט נאַסע זאַווערוכעס, אַזוי אַז מען איז כמעט נישט אַרויס אין גימנאַזיע פּאַרקל. ערשט אין עטלעכע טעג אַרום, ווען עס האָט זיך איינגעשטעלט דער וועטער, זענען די סטודענטן ווידער געווען אינדרויסן, אויף דער פרייער לופט.

דעם ערשטן שיינעם טאָג האָט ער זי נישט געזען. יאָ, ער האָט זי געזוכט, בוזשע ריינאַרסקי. דאָס איז דער אמת. ער האָט זי געוואָלט זען. צוליב וואָס? צוליב גאָרנישט. דורכאויס צוליב גאָרנישט. ער איז געווען אַזוי זיכער אין דעם, ווי מיט דעם היינטיקן טאָג. אָבער ער האָט זי נישט געזען. אגאַפיא — וואו איז ערגעץ אגאַפיא? ניין, אגאַפיאַן האָט ער אויך נישט געזען. נו, אַ דאגה אים. עס איז סיידוי אַ משוגעת פון זיין זייט זי צו זוכן, דוסיאַן. אַן אַבסורד. זי האָט געוואָלט עפּעס וויסן, האָט זי אים געפרעגט. אַ פריינטלעכער מענטש, אַן שלעכטע געדאַנקען, האָט זי נישט געמאַכט קיין אָנשטעלן. געפרעגט, לויט איר מיינונג, דעם פּאַסיקסטן מענטש און פּאַרטיק. זיכער פּאַרטיק. ווי דען אַנדערש?

אויפֿן צווייטן שיינעם טאָג האָט ער זי ווידער נישט געזען. יאָ, ער האָט זי ווידער געזוכט. און אגאפיא — וואו איז אגאפיא ?... ער האָט נאָכדעם אַליין צו זיך געשמייכלט פֿון זיין נייגעריקייט צו זען אגאפיאן. און דאָ קלינגט שוין דער גלאָק. מען דאַרף שוין צו־ריק אריין אין קלאַס צימער. און אַזוי ווי ער איז שוין געווען אויף די טרעפּלעך, וואָס האָבן געפֿירט אין קאָרידאָר אריין, האָט ער פֿונ־דעסטוועגן נאָך איין בליק געוואָרפֿן אויף צוריק. פּשוט און אָן אוים־רעכענונג האָט ער עס געטאָן, גיכער אינסטינקטיוו. און צו זיין פֿאַר־וואונדערונג, צו זיין גרויס שטוינען, האָט ער זי דערזען, דוסיאן. זי איז געשטאַנען אונטן, דאָרטן וואו עס הויבט זיך אָן דאָס ערשטע שטיגעלע, און האָט געקוקט אַרויף, גלייך ארויף צו אים.

ווען ער האָט געגעבן אַ קוק אויף צוריק, האָט ער גלייך אויפֿ־געכאַפּט איר בליק. ביידע בליקן האָבן זיך פֿאַרטשעפּעט איינס אָן דאָס אַנדערע. ער איז גלייך ארונטערגעלאָפֿן די שטיגעלעך. לויפֿנדיק האָט ער זיך אָנגעשלאָגן אָן סטודענטן, וועלכע זענען געגאַנגען ארויף־צו.

— איזווינִיטיע ! — האָט ער אַרויסגעבורטשעט און איז ווייטער געלאָפֿן אראָפּ־צו.

ווען ער איז צו איר צוגעקומען, האָט זי אים פֿריינטלעך אַנט־קעגנגעשמייכלט און צו אים אַ זאָג געטאָן :

— איר האָט אָבער געהערט ווי איך האָב אייך גערופֿן...

— איר האָט מיך גערופֿן ? — האָט ער פֿאַרוואונדערט איבער־געפֿרעגט — ניין, איך האָב נישט געהערט.

— פֿאַרוואָס־זשע האָט איר זיך אומגעווענדט ? — האָט זי אים געפֿרעגט, נאָך אַלץ אַ שמייכלענדיקע.

— איך... — איז ער עטוואָס צומישט געוואָרן — ווייל איך האָב דערוואַרט אייך צו זען...

ארויסגעזאָגט עס, האָט אים באַלד באַנג געטאָן. ער האָט גע־וואָלט אביסל פֿאַרגלעטן.

— איך האָב אייך געוואָלט פֿרעגן ווי אַזוי עס איז אייך דער־גאַנגען דער עקזאַמען... אָבער — האָט איר מיך טאַקע גערופֿן?...

— זיכער ! — האָט זי געענטפֿערט, און דער שמייכל אירער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן גרעניצן מיט געלעכטער, האָט זיך אויסגעבריי־טערט, אויסגעגלייטערט — אָבער נישט מיטן מויל האָב איך אייך גע־רופֿן, נאָר מיט די אויגן...

אים איז דאָס זייער געפֿעלן.

— איר זענט זייער אַ דינער מענטש. — האָט ער איר געזאָגט.

— וואָס זאָל איך שוין זאָגן וועגן אייך? — האָט זי געענטפערט — איר האָט באַלד דערפילט מיין רוף...

ביידע יונגע מענטשן זענען געווען אין אַ פאַרלעגנהייט. זיי האָבן נישט געוואוסט וואָס ווייטער צו רעדן.

— אָ! — האָט זי זיך פּלוצלינג אַרומגעקוקט און דערזען דעם ליידיקן פּלאַץ — אַלע סטודענטן זענען שוין אין די קלאַסן...

— יאָ... — האָט ער בלויז צוגעשטימט.

— מוזן מיר אויך לויפן. — האָט זי געזאָגט.

— יאָ. — האָט ער געענטפערט.

— אַ גוטן! — האָט זי אים אויסגעשטרעקט אַ וואַרימע האַנט.

— אַ גוטן! — האָט ער זי אַ דריק געטאָן.

„אַ גוטן... אַ גוטן...“ — האָט דאָס פידעלע איבערגעחזרט. „אַ גוטן... אַ גוטן...“ — האָט דאָס שמיטשיקל געגלעט די דינע סטרונעלעך.

זיי האָבן זיך געטראָפן אויף מאָרגן. זיי האָבן זיך באַגעגנט איבערמאָרגן. זיי האָבן זיך באַגעגנט נאָך אַ סך אַנדערע מאָרגנס און נאָכמיטיקס. און שוין דווקא אַליין, אָן אגאפיאן. די צוויי יונגע מענטשן האָבן דערפילט, אַז זיי וועלן זיך נאָענט. די צוויי יונגע מענטשן האָבן דערזען, אַז עס ציט זיי איינס צו דאָס אַנדערע, ווי עס ציט אַ פויגל אין זיין ווייטער היים אַריין, ווי עס ציט אַ הירש אין וואַלד אַריין, כאָטש עס וואוינט דאָרטן אויך דער לייב. ביידע, סיי בוזשע, סיי דוסיא, האָבן באַגריפן זייער לאַגע. ביידע האָבן געוואוסט וואָס עס טיילט זיי פונאַנדער. ווייל ביידע זענען נישט געווען קיין קינדער מער. וואָס האָבן זיי אָבער געקענט טאָן? זיי האָבן דאָך געהאַט אַזוי פיל געמיינשאַפטלעכעס . . . זיי האָבן דאָך אַזוי פיל זאַכן אויסגעפּאַסט אויף דעם זעלבן שטייגער. ביידע: דוסיא, דעם גלחס טאָכטער, און בוזשע, שמואל דוד לעדער־קרעמערס זון. אודאי איז עס געווען מאָדנע, קאָמיש, אומגלויבלעך, אָבער אמת, אמת.

דוסיא איז געווען אַ ראָמאַנטישע פון דער נאַטור, אַ טיפזיניקע אין איר פילן, אָן אימפּולסיווע אין איר איבערלעבן. זי האָט געהאַט אַ גרויסן דורשט נאָך בילדונג און אַ גוואַלדיקן רעספּעקט פאַר יענעמס קענטשאַפט. אין בוזשע ריינאַרסקי האָט זי געזען די פאַרקערפּערונג פון וויסן. באַלד פונם ערשטן מאָל פון זייער באַקאַנטשאַפט, האָט זי אין אים דערזען איר אידעאַל. זי האָט באַלד גענומען קוקן אויף

אים ווי אויף אַ העכערן מענטשן. זי האָט באַלד גענומען האָפן און ווינטשן אויף זיין פריינטשאַפט. און נאָכדעם, ווי זי האָט זיך שוין געהאַט באַגעגנט מיט אים אייניקע מאָל, איז איר ערשטער איינדרוק נישט נאָר נישט אָפגעשוואַכט געוואָרן, נאָר, פאַרקערט, פילפאַכיק פאַרשטאַרקט געוואָרן. ווייל עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז בוזשע ריינאַרסקי האָט געקענט פיל מער ווי ער אַליין אַפילו איז געווען גרייט צוצוגעבן. זי האָט גענומען באַוואונדערן זיין געניאַלן זכרון: אַזוי פיל צו געדענקען! זי האָט גענומען פאַרערן זיין ווילן: אַזאַ אויסגעגאָסנקייט פון כאַראַקטער! זי האָט זיך צוגעהערט מיט אַ צאַפלדיק האַרץ צו זיין שפראַך, צו זיין סטיל, צו זיין אופן פון פאָרמירן געדאַנקען. אין אים האָט זי איצטער דערזען דעם געגאַרטן חבר, דעם געווינטשטן פריינט, דעם פון גאָט געשיקטן שליח, מיט וועלכן זי זאָל אַזוי גענוספול לערנען מאָראַלישע און עטישע באַגריפן, אַ סך פון אים אַליין געשאַפענע, פון אים אַליין דורכגעווייטיקטע. אמת, נישט אַלץ, וואָס ער האָט געפרעדיקט, האָט זי אָנגענומען. נישט אַלץ האָט זי, אַלס פראַוואָסלאַוונע, געקענט אָננעמען. עס איז איר, צום ביישפיל, נישט געפעלן זיין פילאָזאָפיע פון „שלאָגן צוריק". באַזונדערס נאָך פון גרייטן זיך אויף דעם סיי גייסטיק, סיי פיזיש. ניין, זי, אַלס פראַוואָסלאַוונע, אַלס טאָכטער פון אַ גלח, האָט עס נישט געקענט פאַרדייען. מיט גוטקייט, האָט זי געזאָגט, מיט מילדקייט, דערהויפט מיט אַ הויכער מאָראַלער קראַפט, — אָט מיט וואָס מען קען, מען דאַרף, צוריקשלאָגן, אויב שוין אינגאַנצן שלאָגן. אָבער נישט מיט די הענט, מיטן קולאַק — דאָס איז מיאוס, באָרים! מיאוס!

מיאוס. דער קולאַק איז מיאוס. זי רעדט עס. זי, אַ קריסטין, אַ פראַוואָסלאַוונע. ניין, ער האָט איר נישט געוואָלט ווי טאָן. אָבער צו אים, אַ איד, זאָגט זי, אַ רוסישע, אַז דער קולאַק איז מיאוס. זי דינגט זיך מיט אים... וואָס זאָגסטו, פידעלע? איראָניע, פידעלע?...

זיי האָבן זיך געשפאַרט איבער אַנדערע זאַכן, געאַמפערט זיך. אָבער עס איז געווען גוט. עס איז געווען שיין און פרידלעך. זיי האָבן געהאַט דערגרייכט די מדרגה פון פאַרשטענדעניש, פון טאָלעראַנץ, פון אמתער, אָן־פגימהדיקער פריינטשאַפט. קיין חסרונות האָט איינער אויף דעם אַנדערן נישט געזען. אויב יאָ אַמאָל, זענען זיי אויך קיין חסרונות נישט געווען, נאָר לויטער מעלות.

אַרסעני, דוסיאַס ברודער, האָט געוואוסט, אַז זיין שוועסטער טרעפט זיך מיט דעם איד ריינאַרסקי. אָבער ער האָט גאָרנישט געהאַט אויסצוזעצן קעגן דעם. ווייל זיין שוועסטער האָט עס פון אים

נישט באַהאַלטן. אַ חוץ דעם, איז דער פֿאָטער זייערער, דער גלח באַגאַליובאָוו, געווען גאַנץ ליבעראַל, ווערליק אַ גלח אין יענע צייטן. אַרסעני איז געזעסן אין איין קלאַס מיט בוזשען, אָדער באָריסן, ווי ער האָט געהייסן אין גימנאַזיע, און ער האָט דעריבער נישט געקענט אים נישט באַוואוּנדערן. ער איז געווען אַ גוטמוטיקער יונגערמאַן, אַרסעני, אַ לייכטער, מיט וועלכן מען האָט זיך גרינג געקענט פֿאַרחברן. בוזשע האָט שוין אַמאָל מיט אים גערעדט אין קאָרידאָר, צווישן איין קלאַס און דעם אַנדערן, און אַרסעני איז פֿון דעם געווען היפּש שטאָלץ.

אַזוי זענען אַוועק טעג און אַזוי זענען אַוועק וואָכן. איינמאָל האָט בוזשע אַ זאָג געטאָן צו דוסיאַן:

— ווייסט כאָטש, דוסיא, אַז איך בין אַ איד?...

— און דו ווייסט כאָטש, אַז איך בין אַ פּראַוואָסלאַוונע?... — האָט זי אים געענטפֿערט מיט אַ שמייכל, מיט איר אָפֿענעם, ערלעכן, ווייס־צייניקן, פֿריש־באַקיקן שמייכל.

„איז וואָס־זשע וועט זיין, פּידעלע?" — האָט ער איצטער, זיצנדיק אין זיין צימער, אַנטקעגן שפּיגל, געפֿרעגט אָן ווערטער. עס איז געווען אַ טייל פֿון דער טרוימעריי וואָס ער האָט געהאַלטן אין אויסשפּילן. אַ טרוימעריי אָן אָן אָנהויב און אָן אַ סוף. און פֿון דאָרטן, פֿון דער סאַליע, האָבן זיך דערטראָגן קולות, עטלעכע קולות אויף אַמאָל. סאַלטשע מיטן קינד זענען איצטער געווען צו־גאַסט אינדערהיים. אָט הערט ער זיין מאַמעס קול, אָט סאַלטשעס, אָט ביידנס צוזאַמען. דבורהלע, ווייסט ער, איז אויך דאָ אין שטוב, אָבער איר קול הערט מען נישט. זי איז איצטער גאָר אַ געפּאַלענע ביי זיך. און אָט צולאַכט זיך דאָרטן דאָס קינד. דער זיידע קיצלט עס אודאי. אַ גרויס פֿאַרגעניגן ביי אים צו קיצלען דאָס קינד, כדי צו הערן זיין געלעכטערל.

— אבודי־בודי־בודי!... — הערט בוזשע זיין טאַטנס קול פֿון דער סאַליע — אבודי־בודי־בודי!... — קיצלט ער דאָרטן דאָס קינד אונטערן גאָמבעלע.

עך, ווען ער קען מאַכן, אַז דוסיא זאָל זיין אַ אידיש קינד!...

— איז דאָס פּידעלע ווידער אַריינגעפֿאַלן אין דער טרוימעריי. אַ אידיש קינד. אַ קריסטלעכע... וואָס איז דער אונטערשיד? איז דען נישט די הויפּטזאַך דער מענטש אַליין? שטייט דען נישט דער מענטש, דער אמתער מענטש, איבער אַלע רעליגיעס? איז דען מענטשלעכקייט אַליין נישט קיין רעליגיע?...

פֿונדעסטוועגן וואָלט ער בעסער געוואָלט, אַז דוסיא זאָל זיין אַ

אידישע. באַזונדערס איצט, באַזונדערס היינט ביינאַכט, ווען ער גייט זיך גליטשן מיט איר. עס איז נישט צוליב זיין באַקוועמלעכקייט אליין. עס איז אויך צוליב איר באַקוועמלעכקייט, צוליב אַנדערעס באַקוועמלעכקייט. ווייל ער ווייסט פאָראויס: ער וועט זיך דאָרטן, ביי דער גליטש, נישט פילן גוט. און זי מסתמא אויך נישט. און אַנדערע —אודאי נישט.

עס איז אַ געמיינזאַמער אויספלוג פון אַלע סטודענטן. אָבער קיין סך אידישע סטודענטן און סטודענטקעס וועלן דאָרטן נישט זיין. זיי ווייסן, אַז די מערקורס און די יופיטערס ווילן זיי דאָרטן נישט האָבן. זיי טוען אַלצדינג, די פאַלשע געטער, אַז די אידישע גימנאַזיסטן זאָלן דאָס גוט פאַרשטיין. מיידן טאַקע די לעצטע ווי וויט מעגלעך אוים אָנטייל צו נעמען אין אַזעלכע מאַסן צוזאַמענ־קונפטן. און ער, בוזשע, האָט עס ביז איצט אויך געטאָן.

אָבער נעכטן, ווען דוסיאַ איז צו אים צוגעשטאַנען, האָט ער איר צוגעזאָגט מיטצוגיין מיטן קלאַס. ער האָט איר נישט געקענט אָפּזאָגן. און זי האָט זיך נאָך מיט אים אויסגענומען, אַז ער זאָל זיך נישט גליטשן מיט קיין אַנדערער, אויסער איר. זי האָט נישט געזאָגט מיט קיין אַנדערן, נאָר מיט קיין אַנדערער... (אוי, ווי פאַרבענקט עס טרילערט דאָס פידעלע! . . .)

פון איין זייט איז עס גוט. עס איז אַזוי גוט צו טראַכטן, צו חלומען, ווי ער וועט, צוזאַמען מיט איר, האַנט־אין־האַנט געשלאָסן, זיך גליטשן אויפן אייז... האַנט־אין־האַנט געשלאָסן, פינגער־אין־פינגער געפלאָכטן, אָרעם צו אָרעם, פון איין ווינט געטריבן, וועט ער זיך מיט איר לאָזן אין אַ קאַראַהאַד. ער וועט מיט איר נעמען שוועבן אויפן אייז, פריער פאַמעלעך, געלאַסן, נאָכדעם גיכער, שנעלער, ווינ־טיקער. אפשר וועט ער אַזוי אַרומער זיך מיט איר פאַרגליטשן ערגעץ אין אַן אַנדערער וועלט, אין אַ בעסערער און אַ שענערער וועלט? ווייל דאָרט, אויף דער גליטש, וועט נישט זיין קיין שיינע וועלט. דאָרט וועט זיין שומאַנסקי. דאָרט וועט זיין לוקשינסקי דער נאַסטאָיאַשטשי. סקרינעק וועט דאָרט זיין און אַלע אַנדערע, ווי זיי הייסן דאָרטן: יופיטער, מאַרס, א. אַז. וו.

בעסער וואָלט געווען, ווען ער גייט אינגאַנצן נישט. אָט פונקט ווי די אַנדערע אידישע סטודענטן. ווי אַנדערע! ער האָסט דעם דאָ־זיקן אויסדרוק. ער קוקט נישט וואָס אַנדערע טוען. ער טוט קיינעם נישט נאָך. עס איז דאָ בלויז אַ פראַגע פון אים אַליין. וועט ער גע־

פּינען פאַר נויטיק, וועט ער גיין. ווען נישט, איז נישט. אָבער ער קוקט נישט אויף אַנדערע! . . .

אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט ער שוין געשפּאַנט אין גאַס. ער איז געגאַנגען זיך באַגעגענען מיט דוסיאַן און אַרסעני. „ניין", האָט ער גערעדט צו זיך, „איך טו קיינעם נישט נאָך. איך גיי זיך מיט זיי טרעפן, ווייל איך האָב געגעבן דאָס וואָרט דערויף. איך ברעך נישט מיין וואָרט . . ."

אינדרויסן איז געווען ליכטיק און פּראַסטיק. די שיינע זאַמאָש־טשער קאָמעניצעס זענען געשטאַנען איינגעטונקענע אין אַ טרוקע־נער, דורכזיכטיקער, קאַלטער לבנה־שיין. עס איז געווען פריער אָוונט און אידן האָבן זיך געיאָגט פון מעריב דאַוונען. די געוועלבן זענען געווען אָפן און קרעמער האָבן אַרויסגעקוקט פון דאָרטן מיט פאַר־דאַגהטע פּנימער. ווען נישט ווען האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ פאַרביי־גייער און זיך באַגריסט מיט אַן אַנדער פאַרבייגייער. אויף די ראָגן זענען געשטאַנען גאַסן־לאָמפּן און סטראַזשניקעס. ווען נישט ווען איז פאַרבייגעפאָרן אַ בעל־עגלה מיטן פערד־און־וועגעלע. שלמה מלאך, דער שטאָט משוגענער, איז געגאַנגען אויפן טראָטואַר, האָט זיך גע־שאַרט ביי דער וואַנט און געוויינט און געמורמלט:

— ליאָרע, ליאָרע, ליאָרע . . . ליאָרע, ליאָרע, ליאָרע . . .

וואָס אַזוינס דער „ליאָרע" האָט באַדייט האָט קיינער נישט גע־וואוסט. און וואָס עס האָבן באַדייט זיינע טרערן, האָט מען אודאי נישט געוואוסט. שלמה מלאך איז געווען פון די מעלאַנכאָלישע משוגעים, פון וועלכע מען קען ווינציק־וואָס דערגיין און וועלכע האַלטן אין איין קלאָגן אויף גלות השכינה.

לעבן שטאָטישן שלאָס האָט זיך בוזשע געטראָפן מיט דוסיאַן און אַרסעני. ביידע זענען געווען אָנגעטאָן ווינטערדיק, אָבער קורץ, באַקוועם צו גליטשן זיך. זי האָט געטראָגן אַ ברייט קליידל, געקנעפּל־טע שיך מיט נידעריקע אָפּצאַסן, אַ געשטריקט ווייס ליבל, וואָס איז לויז אָפּגעשטאַנען פון איר מאַסיוו און פעסט־געבויט לייב. אירע הויכע, דיקע ברוסטן האָבן זיך קיילעכדיק געשניטן דורכן ליבל און ווי גע־זוכט אַ וועג אַרויסצושפּרינגען פון אינווייניק. אויפן קאָפּ האָט זי געטראָגן אַ קליין ווייס פוטערן היטעלע, וואָס האָט איר זייער געפּאַסט צום אויסגערונדיקטן, גלאַטן פּנים. אַרסעני איז אויך געווען אָנגע־טאָן קורץ, מיט הויכע, געפּאַסטע שטיוול.

באַלד ווי זיי האָבן אים דערזען, האָבן זיי צו אים געהאַט אַ טענה פאַרוואָס ער איז געקומען אין זיין לאַנגן סטודענטישן מאַנטל

און אַן שטיוול. מיט אַזאַ הולך וועט ער זיך דען קענען גליטשן מיט הנאה?

— איך בין נישט געקומען זיך גליטשן. — האָט ער געענטפערט — איך בין געקומען אייך באַגעגענען. גליטשן זיך, פונקט ווי אַלע אַנדערע זאַכן, האָב איך ליב צו טאָן פריי און נישט מיט קיין געפּענטעטן געדאַנק.

— וואָס רעדט ער דאָרטן ? — האָט אַרסעני געפרעגט ביי זיין שוועסטער — דו ווייסט וואָס ער רעדט? אַפילו וועגן גליטשן מוז ער אויך באַשאַפן אַן אייגענע פילאָזאָפיע. לויט זיין אויפפאַסונג קומט אויס, אַז מען גליטשט זיך נישט מיט די פיס, נאָר מיטן געדאַנק. האַ־האַ־האַ! . . . — האָט ער זיך צולאַכט מיט אַ דין, בלאָנד, מיידלש געלעכטער.

— הער־אויף, אַרסעני! —האָט זיין שוועסטער צו אים אַ זאָג געטאָן און מיט גרויס זאָרג געקוקט אויף בוזשען. אירע ווייכע, לאַשטשענדיקע בליקן האָבן גענומען גלעטן בוזשעס דין, אָנגעצויגן פּנים. וואַרימע שטראַלן זענען דערגאַנגען צו זיינע אָנגעשטייפטע הויטן, האָבן געצערטלט זיינע אָנגעשטרענגטע מוסקולן. ווייל בוזשע האָט געהאַט אַ טבע צו דערפילן אירע בליקן אויף זיך מיט דער שנעלקייט פון אַן עלעקטרישן בליץ. און ווי אַ בליץ, וואָס ברענגט היץ און אומרו, אַזוי האָט איר בליק אים, פאַרקערט, אַלע מאָל געברענגט אַנגענעמע וואַרימקייט און רו.

ווייל דוסיאַ האָט אים געקענט. דוסיאַ האָט אים גוט פאַרשטאַנען, מיט ווערטער און אָן ווערטער. אַ ראָמאַנטיש מיידל פון פאַר דעם מלחמה פּעריאָד האָט זיך געקענט אַריינלעבן אין יענעמס אידעאַל, האָט געקענט מיטלעבן יענעמס לעבן. ווייל דער פאַר מלחמה פּעריאָד איז געווען אַ פּעריאָד פון גלויבן, אמתן, אָן־קונציקן גלויבן. מען האָט נאָר געדאַרפט האָבן וואָס. מען האָט נאָר געדאַרפט האָבן די ריכטיקע רעליגיע, דעם אמתן גאָט. און אויב דוסיא באַגאָליובאָוואַ האָט שוין געהאַט איר רעליגיע, די פּראַוואָסלאַוונע; אויב זי האָט שוין געהאַט איר גאָט, דעם גאָט יעזוס קריסטוס, — האָט זי אָבער, ווי אַ יונגער מענטש, מיט ראָמאַנטיש בלוט, געדאַרפט האָבן נאָך אַ גאָט, אַזאַ וואָס זאָל אויספילן די ערדישע פונקציעס. אַזאַ גאָט האָט, פאַרשטייט זיך, געמוזט זיך אויסדריקן אין פיזישער פאָרם, אין ערדישער פאָרם, אַזוי אַז זי זאָל עם קענען זען, נישט נאָר פילן, זי זאָל עם קענען הערן, נישט נאָר זיך פאָרשטעלן. און אַזאַ סאָרט גאָט האָט זי געפונען אין דעם אידישן בחור באָריס ריינאַרסקי. אין דער קור־

צער צייט, וואָס זי האָט אים געקענט, איז ער פאַר איר געוואָרן די פאַרקערפּערונג פון אַלדעם הויכע, פון אַלדעם טיפע און מענטשלעכע. זיינע אידייען זענען ביי איר געוואָרן די צווייטע רעליגיע. דער מענטש, האָט ער זי געלערנט, איז אַ הויך וועזן, אַ הייליק וועזן. מען טאָר אים נישט פאַרשפּאָטן, מען טאָר אים נישט באַליידיקן און באַשפּייען. ווי איז יענעם, האָט ער צו איר גערעדט מיט דעם טאָן פון די נביאים, זיינע עלטער־זיידעס (כאָטש ער האָט עס געטאָן אומבאַוואוסטזיניק, נישט געמיינט זיי נאָכצומאַכן), וועלכער נעמט אויף זיך די אומדאַנקבאַרע מיסיע צו דערנידעריקן יענעם, צו הויבן זיך איבער יענעמס אָפּגרונט! מען צאָלט דערפאַר אַ פּרייז, אַ שרעקלעכן פּרייז, ווייל אין יענעמס גרויסקייט ווערט מען אַליין אויך דערהויבן און אין יענעמס שפּלות ווערט מען אַליין אַ קליין און נעבאַכדיק און נבזהדיק באַשעפעניש. און עס איז נישטאָ קיין מער רחמנותדיק און קיין מער אומבאַהאָלפן וועזן אויף דער וועלט, ווי דער געפאַלענער, רעזיגנירטער מענטש . . .

אַזוי פלעגט בוזשע רעדן צו דוסיאַן. ער פלעגט נאָך אָט די אַלע רייד אָנטאָן אין קאָלירטע מלבושים, אַרויסרעדן זיי אויף אַ שיינעם, בילדלעכן אופן, ווי עס איז דער שטייגער ביי יונגע, אידעאַליסטישע מענטשן. זי פלעגט זיך צו אים צוהערן מיט אַן אָפן מויל. נישט זעלטן פלעגט זי אַזוי איבערגעוועלטיקט ווערן פון זיינע רייד, פון דעם אופן ווי ער האָט זיי אַרויסגערעדט, פון דעם עקשנותדיקן פייערל, וואָס האָט אַרויסגעבלישטשעט פון זיינע אויגן, אַז זי האָט אַזש אויפגעציטערט מיטן גאַנצן קערפּער. אַ האַלב־רעליגיעזער ציטער איז דאָס געווען, געמישט, אפשר, מיט דעם עראָטישן עלעמענט, געמישט, אפשר מיט דעם נישט־דערזאָגטן, מיט דעם נישט דערטוענעם. ביי ביידע יונגע מענטשן איז עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעכער הונגער געבליבן הענגען אויף זייערע ליפּן. אַן אומבאַגרייפלעכע נישט־געזעטיקטקייט איז געבליבן ליגן אין זייערע הערצער. יונג, אומדערפאַרן, האָבן זיי נישט געוואוסט וואָס דאָס איז. אין דעם איז אפשר באַשטאַנען די שיינקייט. אין דעם מיסטעריעזן, פאַרבאָרגענעם אומבאַוואוסטזיין האָט זיך געוואַרעמט און געבאָוועט זייער ליבע.

דערפאַר אָבער האָט זי אים פאַרשטאַנען אינטעלעקטועל, אידעאיש. זי האָט דעריבער גוט געוואוסט וואָס ער האָט געמיינט מיט די ווערטער, אַז ער האָט ליב צו טאָן זאַכן מיט נישט קיין געפּענטעטן געדאַנק. זי האָט געוואוסט, אַז באָריס רייזאַרסקי גייט איצטער צו דער גליטש אָן חשק, בלויז, אייגנטלעך, צוליב איר. ווייל ער ווייסט,

אַז דאָרטן וועלן זיך געפינען די שומאַנסקיס, די לוקשינסקיס און די אַלע אַנדערע בראַווע קריסטלעכע ריטער, וועלכע קענען בשום אופן נישט שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז אַ איד קען זיין פונקט אַזאַ מענטש ווי זיי אויף יעדן געביט — ניין, נאָך אַ גרעסערער, אַ פיל גרעסערער, ווי עס איז דער פאַל מיט באַרים רייזנאַרסקי! און אָט דער־פאַר ברענגט אפשר אין זיי דער צאָרן, פלאַקערט אין זיי דער זעלבסט־באַוואוסטזיין, וואָס קומט פון דעם אונטערבאַוואוסטזיין, אַז ער, דער איד, איז גרעסער פון זיי, גרעסער, קליגער, שטאַרקער... יאָ, אָט דאָס איז עס! זיי קענען עס נישט אַרונטערשלינגען. זיי קענען עס נישט צוגעבן. זיי האָבן נישט דעם מוט דערצו. עס פעלט זיי דעם איד רייזנאַרסקיס מוט צו זאָגן, אַז ער קען נאָך גאָרנישט, אַז ער ווייסט נאָך אַזוי ווינציק. דערפאַר זענען זיי אים אַזעלכע שונאים. ווייל ער שטייט מאָראַליש העכער פון זיי און זיי האָבן שטילערהייט פאַר אים מורא.

נאָך איידער זיי זענען צוגעקומען צום גליטש־פּלאַץ, האָבן זיי שוין דערהערט פון דאָרטן זיך טראָגן לעבעדיקע קולות און אויסגע־שרייען. יונגע, קלינגענדיקע, פריילעכע שטימעס האָבן פאַרפלייצט די לופט מיט זייער פרייד און מיט זייער עקסטאַז. צוקומענדיק אַהין, האָט זיך פאַר זיי געעפנט אַ בילד, וואָס האָט אַ פאַרכאַפּ געטאָן דאָס אויג.

די גליטש, אַ קליין, פאַרפרוירן טייכל, איז געלעגן איינגעפּאַסט אין לבנה־ליכט. אויפן ערשטן בליק האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ געפרוירן שטיק הימל, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. אַ קיילעכדיק, באַוועגוודיק שטיק הימל, וואָס האָט זיך משופּעדיק געדרייט אויף און אָפּ, געוויגט זיך, ווי אויפן פלאַך פונם ים. און דערויף זענען געווען מענטשן וועלכע האָבן זיך געדרייט הין און צו־ריק, אַרום און אַרום אַ רעדל. און אַזוי ווי די ליכט־פּאַסן זענען גע־פאַלן קרומלעך, משופּעדיק, אַזוי האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די מענטשן וואָס אויפן טייכל, טאַנצן אויך אַרום משופּעדיק, ווער אויף איין פוס, ווער אויף איין האַנט, ווער גאָר אינגאַנצן אין דער לופטן. טייל פון די גליטשערס, וועלכע האָבן נאָך געהאַלטן לאַמטערנדלעך אין די הענט, האָבן פונדערווייטנס אויסגעזען ווי גרויסע, פליענדיקע שטערן, אָנגעטאָן אין מענטשלעכע מלבושים.

באַלד ווי דוסיא איז אַהין צוגעקומען מיט די צוויי באַגלייטער אירע, האָט זי גלייך געהאַט אַ רעדל אַרום זיך. באַקאַנטע סטודענטן און סטודענטקעס, פון דער העכערער געזעלשאַפט, זענען צו איר צו־

געלאָפן, האָבן זיך מיט איר באַגריסט און איינגעלאַדן זיך גליטשן. באַזונדערס זענען געווען צודרינגלעך, אמת: אַריסטאָקראַטיש צודרינגלעך, די סטודענטן. זיי האָבן איר צוגעזאָגט ספּעציעלע פּריווילעגיעס, ווי גלאַטע גלעטשערס פֿאַר דער גליטש, אַ גוטע, אויסגעטראַטענע אייזסטעזשקע און אַנדערע זאַכן, אָבער זי האָט זיי אַלע זייער שיין באַדאַנקט און געזאָגט, אַז זי האָט שוין מיט וועמען זיך צו גליטשן. יענע האָבן נישט געוואוסט וועמען זי האָט אין זינען: דעם ברודער אירן, צי גאָר דעם איד ריינאַרסקי. דערווייל האָט זי טאַקע פֿאַר זיי פֿאַרגעשטעלט בוזשען, קענן וועמען זיי האָבן אויפֿן אָרט אַרויסגעוויזן אָפֿענע דיסקרימינאַציע. זייערע פֿיינע אַריסטאָקראַטישע מאַנירן זענען ווי דערטרונקען געוואָרן אין אָט דעם איינגעפּרוּווירענעם טייכל. טייל פֿון זיי האָבן אַפֿילו נישט געפֿונען פֿאַר נויטיק אים צו געבן די האַנט.

דוסיאַ האָט זיך געפֿילט שרעקלעך געקרענקט דערפֿון. בוזשע אַליין איז געשטאַנען אַ כּלומרשט רואיקער און קאַלטער צו דעם גאַנצן עסק. הויך, דין און שטאָלץ, איז ער געשטאַנען, מיט די הענט אין די קעשענעס, און האָט אַוועקגעקוקט פֿון דאַנען, אַוועקגעקוקט פֿון די קריסטלעכע סטודענטן מיט אַזאַ איראָנישן, מיט אַזאַ אָפּשפּעטנדיקן אויסמיידנדיקן בליק, פּונקט ווי זיי וואָלטן געווען די אומוויכטיקסטע און אומאינטערעסאַנטסטע באַשעפֿענישן. דאָס האָט ער געטאָן מיט אַ כּיוון, אַלס אַן ענטפֿער אויף זייער גרויסהאַלטעריי. דאָס איז די לעצטע צייט אָפֿט געווען זיין קעגן־וואָפֿן, מיט וועלכער ער האָט פֿאַרטיידיקט זיין כּבֿוד. ער האָט ביטער און דעמאָנסטראַטיוו אָפּגעשלאָגן דעם נישט־ווירדיקן שונא מיט איגנאָרירן אים.

אָבער אַפֿילו די געמאַכטע און אַרויפֿגעצוואונגענע רואיקייט איז פֿאַרשוואונדן פֿון זיין פּנים, ווען אייניקע פֿון דוסיאס אַריסטאָקראַטישע באַקאַנטע האָבן אויף זייער נישט קיין אַריסטאָקראַטישן אופֿן, נישט אַנטשולדיקנדיק זיך נישט פֿאַר דוסיאַן און נישט פֿאַר אים, אַוועקגערופֿן אַרסעניין אָן אַ זייט און עפּעס מיט אים גענומען איינטענהן. זיין בלוט, האָט דוסיאַ באַמערקט, האָט זיך אים גענומען מישן, די אויערן זענען ביי אים אָנגעגליט געוואָרן און די קינבאַקן האָבן ביי אים אָנגעהויבן צוקן.

— וואָס איז? — האָט דוסיאַ געפֿרעגט ביי איר ברודער, ווען יענער איז צוריק צוגעקומען פֿון יענע אַ בלאַסער, אַ צורודערטער.

— גאָרנישט. — האָט אַרסעני געענטפֿערט — וואָס האָט צו זיין?

— וואָס האָבן זיי פֿון דיר געוואָלט? — האָט זי נישט אָפּגעלאָזט.

אַרסעני האָט נישט געענטפערט.

—מעגסט דערציילן דיין שוועסטער, אַרסעני . . . — האָט בוזשע זיך אַריינגעמישט — זיי האָבן דיך אודאי געפרעגט ווי עס קומט וואָס דו און דיין שוועסטער פריינטלען זיך מיט מיר . . .

אַרסעני האָט געשוויגן.

— זיי האָבן מסתמא דיר געגעבן אָנצוגעהערעניש, אַז צוליב אייער פריינטשאַפט מיט מיר וועט איר פאַרלירן די פריינטשאַפט פון זיי און פון אַלע גוטע, פיינע . . .

— אַנטשולדיק! — האָט אים דוסיאַ איבערגעשלאָגן — דאָס איז נישט דער טאָן אויף וועלכן מען דאַרף רעדן. עס איז אַן ערנסטע זאַך . . .

און צו איר ברודער:

— איז דאָס אמת, אַרסעני?

— יאָ.

— וואָס, דו מיינסט עס? — האָט זי זיך נישט געקענט צוגלויבן.

— יאָ. — האָט אַרסעני איבערגעחזרט.

בוזשע איז געשטאַנען און האָט געשמייכלט.

— פאַרוואָס לאַכסטו? — האָט זי ביי אים געפרעגט.

איך לאַך פון דיין נאַאיוויקייט. — האָט ער געענטפערט — עס ווילט זיך דיר נישט צוגעבן אין געדאַנק, אַז מענטשן קענען אַזוי זיין.

— אודאי נישט! — האָט זי אויסגערופן מיט האַרץ — וואָס גייט זיי אָן מיט וועמען איך וויל פאַרברענגען מיין פרייע צייט? איז נישט גענוג וואָס זיי אַליין זענען אַזוי . . . זענען אַזוי . . .

„זיי ווילן ראַטעווען אַ קריסטלעכע נשמה, זי זאָל נישט פאַרפלעקט ווערן פון דער באַרירונג מיט אַ אידישער . . .“ — האָט ער איר געוואָלט זאָגן. אָבער ער האָט זיך צוריקגעהאַלטן. ער האָט געוואוסט, אַז זי איז רעליגיעז געשטימט און אַזאַ באַמערקונג וועט איר געווים ווייטאָן. איז ער בלויז געשטאַנען און האָט געשוויגן.

— פון וואַנען האָסטו עס געוואוסט? — האָט זי זיך געווענדט צו אים.

— אַ פייגעלע האָט מיר איבערגעגעבן. — האָט ער געשפּאַסט.

— דו ווערסט ציניש. — האָט זי געזאָגט אַן אומצופרידענע און זיך אַוועקגעדרייט פון אים.

—אַנטשולדיקט מיר! — האָט אַרסעני אַ זאָג געטאָן צו ביידן — דאָרטן גייט אַגאַפּיאַ . . . זאָל איך זי צורופן?

— פאַרברענג מיט איר אַביסעלע אַליין. — האָט אים דוסיא געענטפערט — מיר וועלן זיך שפּעטער טרעפן.

ארסעני איז אוועק און דוסיא מיט באָריסן זענען געבליבן אַליין.

— קום, — האָט זי אים אָנגעוויזן אויף אַן אָפּגעזונדערט ווינקל, וואו עס איז געשטאַנען אַ שטאַם פון אַן אָפּגעזעגטן בוים, — לאָמיר זיך צוזעצן.

זי האָט אָנגעהויבן גיין, ער איז איר שווייגנדיק נאָכגעגאַנגען.

— פאַרוואָס רעדסטו אַזוי? — האָט זי אָנגעהויבן גלייך ווי זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט — ציניזם איז דאָך דער קעגנזאַץ צו יעדן אידעאַל, צו יעדן סאָרט שטרעבן . . . עס איז דאָך, ווי דו אַליין האָסט מיך געלערנט, דער זשאַווער וואָס עסט־אויף דעם גלויבן . . .

— ריכטיק. — האָט ער געזאָגט — אָבער פון וואַנען ביסטו זי־כער, אַז איך אַליין וויל נישט אַמאָל פאַרזוכן פון דעם ביסעלע סם?

— וואָס מיינסטו? — האָט זי אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט — איך פאַרשטיי דיך נישט...

— איך פאַרשטיי, אַז דיר דאַרף נישט אָנקומען אַזוי לייכט מיך צו פאַרשטיין. — האָט ער געענטפערט, אײנגאַנצן אַ געביטענער. זיין קול איז איצטער געווען געדריקט, אין זיינע אויגן האָט זיך געטרונקען אַ טרויער — דו ביסט דאָך, נאָך אַלעמען, אַ פּריווילעגירטער מענטש, דוסיא. ביסט אַ רוסישע, אַ קריסטלעכע, דערצו נאָך אַ גלחס אַ טאָכ־טער. דו געפינסט זיך אין דיין לאַנד, אויף אייגענער ערד, צווישן אייגענע שוועסטער און ברידער. אָבער איך — ווער בין איך? אַ פרעמדער, אַן איינגעבעטענער אויף קעסט, סיי ביי דער רעגירונג און סיי ביי דער באַפעלקערונג. און דאָס קליינע, נישטיקע ווינקעלע, וואָס איך פאַרנעם, איז אויך צופיל. איך בין אַלעמען גרויס אין די אויגן. מען קען נישט צוזען, ווען איך מאַך אַ מענטשלעכן שפּאַן, ווען איך רעד ווי אַ מענטש, קוק ווי אַ מענטש, לעב ווי אַ מענטש. מען וואָלט מיך ליבער געוואָלט זען קריכן אויף אַלע פיר, און אַנשטאָט רעדן, זאָל איך גאָר קוויטשען, אַנשטאָט שטודירן, זאָל איך בעסער פּוצן שיך. ווי דו זעסט, דוסיא, בין איך נישט ווי דו. דו קענסט זיין אידעאַליסטיש. ווייל דיך לאָזט מען ווי ניט איז צורו. אויף דיר שפּייט מען נישט אַזוי ווי מען שפּייט אויף מיר און אויף מיינע ברי־דער. מיר מוזן אין זיך אַנטוויקלען אַ סאָרט קעגן־גיפט קעגן אַט די עוולות, וואָס ווערן קעגן אונז באַגאַנגען. ווען נישט דאָס, וואָלט, גלויב איך, נישט געווען מעגלעך פאַר אונז צו עקזיסטירן. ווען נישט אָט דער נישט־שיינער, אַרויפגעצוואונגענער ציניזם, וואָלטן מיר דאָך

אויסגעשפּיגן די הערצער מיט די לונגען און עס וואָלט פון אונז גאָרנישט געבליבן אין זייער אַ קורצער צייט...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך אויפגעשטעלט, אויסגעגלייכט און איינגעשטייפט אויף זיך דעם מאַנטל און זיך צוריקגעזעצט לעבן איר אויף דעם איבערגעבליבענעם שטאַם פונם בוים.

— עס איז גוט צו חלומען פון אַ שענערער וועלט. — האָט ער ווייטער גערעדט, אויסטועענדיק און אָנטועענדיק זיך צוריק דאָס היטל — אָבער ווייטער פון דעם חלום קען מען נישט גיין. און אָפטמאָל לאָזט מען אַפילו נישט חלומען אויך. פון ערגעץ־וואו גיט אַ פלי־אָן אַ שטיין, און — דאָס דינע געוועב איז איבערגעריסן . . . קוקסט מיך אָן, דוסיא . . . — האָט ער זיך פלוצים געווענדט צו איר — איך בין עפּעס מער ווי זיבעצן יאָר אַלט און רעדן רעד איך ווי אַן אַלטער, נײַין ? . . .

ערשט איצט האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער איז די גאַנצע צייט נישט געזעסן צו איר מיטן פּנים. דאָס שטיקל בוים, אויף וועלכן זיי זענען געזעסן, איז געווען אַזוי קליין און פאַררונדיקט, אַז בלויז אַ העלפט פון זייערע פּנימער, די פּראָפילן, האָבן זיך אָנגעקוקט. אָבער פונדעסטוועגן האָט זי זיך צוגעהערט צו אים, צוגעהערט נישט נאָר מיט די אויערן, נאָר מיט דעם גאַנצן וועזן אירן, מיט אַלע נערוון, מיט אַלע פליסנדיקע שטראָמען בלוט אין אירע אָדערן.

בשעת ער האָט גערעדט האָט זי דאָס אַנדערע האַלבע פּנים אירס, וואָס איז פריער געווען אָפּגעווענדט פון אים, געהאַלטן אין איין קירעווען אויף צוריק, אין זיין זייט אַריין, און ווען ער האָט שוין געהאַלטן אין פאַרענדיקן זענען אירע אויגן, גרויסע, העלע, גוטע, פאַרטרערטע, געווען צוגעשמידט צו זיין פּנים, וואָס האָט איר איצט אויסגעזען זייער שיין. לענגלעך, מיט דעם געפּייניקטן, מאַרטירערישן בליק אין די אויגן, האָט עס אין אירע אויגן געהאַט אַלע חנען פון דער וועלט. זיינע טונקל ליימיקע האָר זענען געווען נאַכלעסיק צעוואָרפן אין שטיקער, אין בינטלעך. אַ בינטל איבערן שטערן, אַ בינטל לעבן אויער, וואו די פאַרטריקנטע ראַנע האָט זיך געפונען, אַ בינטל איז גאָר ווילד און עקסצענטריש אָפּגעשטאַנען אונטערן דאַשעק פונם היטל. די גלאַנציקע קנעפּ פון דעם סטודענטישן מאַנטל האָבן געבריט איר לייב. עס איז געווען ווי פייערדיקע פונקען, וואָס ברענען־דורך זיין צעוויטיקט האַרץ און דרינגען נאָכדעם אַריין אויך אין איר אייגן האַרץ אַריין . . .

אַרום און אַרום האָט זיך גערעשט. אָבער קיינער פון זיי האָט נישט

געהערט דעם טומל און די קוויטשערייען. זיי האָבן נישט געזען קיין גליטש און נישט קיין גליטשערס. זיי האָבן נישט געפילט די נאַכט אַרום זיך און נישט קיין קעלט. זיי האָבן בלויז געזען און געפילט איינס דאָס אַנדערע. זיי האָבן געקוקט איינס אויף דאָס אַנדערע און האָבן זיך דערזען אין אַזאַ ליכט, וואָס זיי האָבן ביז איצט נאָך נישט געהאַט געזען. אַ פיל פאַרשענערטן מענטש האָט איצטער איינער געזען אין דעם אַנדערן. אַ מענטש אַן אינהאַלטסרייכערן, אַ קאָלירפולערן, אַ נענטערן . . .

מיט אַמאָל האָט דוסיא אַ שטאַרקן ציטער געטאָן. זי האָט נישט געוואוסט צי דאָס איז געווען פון קעלט, צי פון עפּעס אַנדערש. באַלד דערויף איז אַ סקרוך אַריבערגעלאָפן דורך בוזשעס לייב. אויך ער האָט נישט געוואוסט, צי דאָס איז געקומען פון קעלט, צי פון עפּעס אַנדערש. ביידע יונגע מענטשן האָבן זיך גענומען פילן זייער אומרו־איק. זיי האָבן מיט אַמאָל אויסגעפונען, אַז דאָס קלעצל פונם אונ־טערגעזעגטן בוים איז צו־קליין פאַר זיי.

—רעד! — האָט זי אַ זאָג געטאָן, פילנדיק דעם גלי פון די מע־שענע קנעפּ פון זיין מאַנטל דורכדרינגען איר האַרץ — פאַרוואָס ביסטו שטיל געבליבן? . . .

ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט און זי אַרויפגעלייגט אויף אירער. ביידע הענט זענען געווען אייז קאַלט. אָבער נאָכן ערשטן באַריר האָבן זיי אָנגעהויבן ברענען. זייערע פינגער האָבן זיך גע־פלאָכטן איינע אין די אַנדערע. זי האָט צוגעבויגן איר קאָפּ צו זיי־נעם, איר פּנים צו זיינעם. זיין בליק, טיף ווי די נאַכט און טראַגיש ווי דער גורל פון זיין פאָלק, האָט זיך געבאָדן אין דעם ריינעם טוי פון אירע אָנגעלאָפענע טרערן.

ביי ביידע האָבן די הערצער שטאַרק געקלאַפּט.

— דוסיא . . . — האָט ער געזאָגט. אָבער ער האָט זיך גלייך אָפּגעשטעלט, חרטה געהאַט, בלויז צוגעגעבן:

— קום זיך גליטשן, דוסיא . . .

— יאָ, באָרים . . . — האָט זי, אַ שוואַכע, אַ געהאַרכזאַמע, געענטפערט.

דאָס אייז האָט געברענט אונטער זייערע פיס. דער שניי האָט זיך געשמאָלצן פון זייערע טריט. זייערע אָטעמס האָבן אויסגעברענט לעבער אין דער לופט. זיי האָבן זיך געגליטשט מיט אַזאַ חשק און מיט אַזאַ הנאה, פּונקט ווי זיי וואָלטן געווען אויף זייער רייזע גלייך אין גן עדן אריין. זיי האָבן זיך געלאָזט מיט אַזאַ האַסט און מיט אַזאַ

טעמפּאָ, פּונקט ווי דאָס וואָלט נישט געווען אויף אַ קליין פּיצל טייכל, נאָר ערגעץ אויף אַ גרויסן, ברייטן ים. ער האָט זי געהאַלטן אַרום, מיט איין האַנט ביי דער טאַליע און מיט דער אַנדערער האָט ער גע־פירט איר האַנט אין אַ גלייכער ריכטונג. ער האָט איצטער נישט גע־טראַכט פון קיין שומאַנסקים און לוקשינסקים. ער האָט געטראַכט פון דוסיאַן. זי האָט זיך געלאָזט פון אים פירן. פרייוויליק און מיט צוטרוי האָט זי אים נאָכגעשוועבט, ווי אַ קליין מיידל־ווינטל לויפט נאָך איר פאָטער־ווינט. לויפט, אָט־אָט פאַלט זי אַוועק, אָבער זי שעמט זיך אָפּצושטיין. זי כאַפּט אויף אַ ווײַלע אָפּ דעם אָטעם און זי האָט שוין ווידער נייעם כח. אַרסעניין האָט זי אין ערגעץ נישט געזען. און אַגאַפּיאַן האָט זי נישט געהערט. איינע אַליין, אין אַ פאַרשלאָסענער שטייג, האָט זי זיך געפונען. ניין, נישט איינע אַליין. באָריס איז געווען מיט איר. און דעריבער — ווייטער געלאָפן, ווייטער געגליטשט זיך איבער דער אויסגעפּלאָסטערטער סטעזשקע, וואָס האָט זיי ביידע געפירט אַוועק, אין אַליין־לאַנד.

נאָכדעם זענען זיי ווידער געזעסן אויף דעם איבערגעבליבענעם שטאָם פונם בוים. זי האָט געהאַלטן אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן זיין אַקסל. זי האָט געהאַלטן צוגעמאַכט די אויגן און געשעפּטשעט ווער־טער. אַ וואַרימע, פּליסיקע מעלאָדיע פון ווערטער איז דאָס געווען, וואָס האָט געפּליסט גלייך אין זיין אויער אַריין.

— זיי מיר מוחל, באָריס . . . . זיי מיר מוחל . . .

— מוחל ? —האָט ער געזאָגט — דיר מוחל זיין ? פאַרוואָס ?

— איך פיל זיך אַזוי שולדיק קעגן דיר . . . . — האָט זי ווייטער געזאָגט — זיי זענען אַזוי אומגערעכט קעגן דיר און קעגן דיין פאָלק.

ער איז פון דעם אַזוי גערירט געוואָרן, אַז עס האָט אים אַזש אַ קלעם געטאָן ביים האַרץ. ער האָט געוואוסט וואָס און וועמען זי מיינט. ער האָט אַריינגענומען די האַנט פון מאַנטל־קעשענע און זי אויסגע־שפּרייט אַרום איר אָרעם. זיינע פינגער האָבן דערפילט דעם פּולס פון איר פרויען־מוסקול. ער האָט גענענט זיין קאָפּ צו אירן. זיינע ליפּן האָבן אָנגערירט אירע האָר און ער האָט געפּליסטערט:

— עס איז גוט וואָס דו פילסט אַזוי, דוסיאַ . . . האָסט אַ שיי־נע און מיטפילנדיקע נשמה... ווען איך הער דיך אַזוי רעדן, הערט מיין האַרץ אויף צו בלוטיקן אויף אַ ווייל . . . דאַן טראַכט איך, אַז עס איז נאָך פאַראַן עפּעס ווערטפולס אויף דער וועלט . . . דיין אָנ־וועזנקייט מאַכט מיך אַלע מאָל פאַרגעסן אָן אַ סך אומווירדיקייטן

אַרום אונז... דער אָפּשטראַל פון דיין גוטמוטיקן שמייכל איז ווי א זאַלב צו מיינע וואונדן . . .

—רעד, רעד נאָך! . . . זענען אירע האַלב־צועפנטע ליפּן גע־ווען אַריינגעגראָבן אין זיין האַלז — דו רעדסט אַזוי שיין, באָרים... רעדסט אַזוי וואונדערלעך שיין! . . .

אָבער עס האָט אים אין דעם מאָמענט אויסגעפעלט כחות צו רעדן. ער האָט צוגעשלאָסן די אויגן און זיך איבערגעגעבן דעם תענוג, וואָס איר נאָנטקייט האָט אים פאַרשאַפט. באַלד האָט ער דערזען א מאָדנע בילד פאַר די אויגן. ער האָט געזען א שניי־פעלד. אין דער לופטן זענען אַרומגעפלויגן אַלערליי טויבן. גרויסע און קליינע. ווייסע און ברוינע. ער מיט דוסיאַן, אין דעם געשטאַלט פון צוויי טויבן, געפּי־נען זיך אינמיטן. די טויבן דרייען זיך אַרום און אַרום א רעדל — ער מיט דוסיאַן אויך. מיט אַמאָל, אינמיטן פליען, שטעלט זיך א ברוינע טויב אָפּ און קושט א ווייסער טויב אין די אויגן. די ווייסע טויב וואָרקעט צופרידן און פעטשלט דער ברוינער טויב איבערן שנע־בעלע. די ברוינע טויב איז ער און די ווייסע טויב איז דוסיא. פּלוצ־לינג ווערט א סומאַטאָכע צווישן די טויבן. עס ווערט א פּישטשעריי און א וואָרקעריי. דאָס גיט איינע איבער דער אַנדערער וועגן דער אָנגעלאָפענער געפאַר.

פון אַלע זייטן האָבן אָנגעהויבן פאַלן קוילן, ווייסע קוילן, ווי פון שניי. אין איין כהרף עין זענען זיך די טויבן צופלויגן אין פאַרשי־דענע ווינקלען, פּישטשענדיק און וואָרקענדיק און שאָקלענדיק מיט די קעפּ אויף יאָ. נאָר זיי ביידע, ער און דוסיא, אין די געשטאַלטן פון צוויי טויבן, זענען נישט אַנטלאָפן. זיי ביידע, די בראַווסטע פון אַלע, זענען געבליבן און קוילן האָבן זיך געשאָטן אויף זיי פון אַלע זייטן. בוזשע, די ברוינע טויב, האָט אויסגעשפּרייט די פליגל, כדי צו באַשיצן דוסיאַן, דער ווייסער טויב. ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט ער זיך געגעבן א ריס פונם פּלאַץ, אָנגעהויבן פליען אַרום און אַרום א רעדל, אַרום און אַרום א רעדל, כדי אויסצושפּירן דאָס פּלאַץ, זען פון וואַנען די קוילן קומען.

ער האָט זיך געגעבן א כאַפּ. ער האָט דערהערט דוסיאַס אויפ־גערעגט קול לעבן זיך:

— קום אַוועק פון דאַנען. די בויאַנעס האָבן אונז דערזען...

בוזשע האָט זיך מאָמענטאַל געגעבן א ניכטער־אויס. ער האָט זיך אויפגעשטעלט. עטלעכע קוילן אויף אַמאָל זענען אויף אים אָנ־געפלויגן מיט א שטאַרקן אימפּעט. דאָס היטל איז אַרונטערגעפאַלן

פון זיין קאָפּ. ער האָט זיך נישט געמאַכט דערפון, אויסגעצויגן זיך אין זיין גאַנצן וואוקס און מיט א שטאָלצער, הויכער שטים האָט ער אויסגערופן צו דעם אומגעזעענעם שונא:

— פּחדנים, קומט ארויס פון אייער באַהעלטעניש! קומט ארויס, וויפיל איר זענט נישט דאָרטן פאַראַן! איך וועל נישט אַנטלויפן! ...

קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן. דוסיא האָט אים געווישט דעם שנייז פונם פּנים.

# קאַפּיטל זיבעצן

עס איז אַוועק דער ווינטער און עס איז אָנגעקומען דער פרילינג. דאָס איז געווען בזשע ריינאַרסקים אַכצנטער פּרילינג. און כאָטש זיינע זיבעצן פאַרגאַנגענע פרילינגען זענען נישט געווען קיין שטיל־פאַרפלאָסענע וואַסערלעך; כאָטש לויט זיין טעמפּעראַמענט און כאַראַקטער האָט ער קיין טעג פון רו און מנוחה אין דער אמתן קיינמאָל נישט דורכגעלעבט, ווייל ער האָט שטענדיק מיט עפּעס געפלאַקערט, מיט אידייע צי מיט עמאָציע; ווייל זיין געמיט איז תמיד מיט עפּעס געווען אויפגערודערט, פון פערזענלעכער גריבלעניש און פון דער אומגערעכטיקייט, וואָס אַרום אים, איז אָט דער אַכצנטער פרילינג זיי־נער געווען דער שטורעמדיקסטער און דער אומרואיקסטער פון זיינע העכער זיבעצן יאָר לעבן.

אורזאַכן זענען געווען אַ סך. ער איז געווען עלטער. ער האָט געגראָבן טיפער און געשניטן שאַרפער די שטיקער לעבן, וואָס האָבן זיך פאַרביינגעטראָגן פאַר זיינע אויגן. ער האָט אויך, מיט זיין וואַקסן און רייפן זיך, דערפילט אויף זיך אַ גרעסערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיך און פאַר זיינע מיט־מענטשן, פאַר זיינע און זייערע טאַטן.

עס איז געווען פאַר פּסח. אין דער לופטן האָבן זיך אַרומגע־טראָגן קלאַנגען וועגן בלוט־בלבולים אין דעם אָדער אין יענעם שטעטל. דאָס האָט אים פאַראומערט זיין לעבן. בלוט־בלבולים. מענטשן זאָלן דערגיין צו אַזאַ אבסורד. מענטשן זאָלן זיך דער־טראַכטן צו אַזאַ עקלדיק־גרויליקן געדאַנק, אַז אַנדערע מענטשן מוזן דוקא אַריינטאָן מענטשלעך בלוט אין זייער שפּייז. עס זענען נאָך אַלץ געווען ביטערע נאָכטענער פון דעם ביילים־פּראָצעס. ווען אַ קריסט האָט געדאַרפט אַ זידל טאָן אַ איד, האָט ער נישט געפונען קיין פּאַסיקערן אויסדרוק, ווי „ביילים!" אין דעם דאָזיקן וואָרט איז גע־ווען אַריינגעטאָן די גאַנצע שׂנאה, גאַל און שפּאָט קעגן דעם אידישן מענטש. און דאָס איז געווען שוין נאָכדעם ווי עס איז קלאָר באַוויזן געוואָרן בייליסעס אומשולד, כאָטש די גאַנצע וועלט האָט געוואוסט, אַז דער פּראָצעס איז פון אָנפאַנג־אָן געפירט געוואָרן אויף אַן אומ־ערלעכן אופן און לויט אַ וואונק פונם קייזער ניקאָלאַי אַליין (וועל־

בער איז נישט געווען פריי פון אַנטיסעמיטיזם און וועלכער איז דאָן באַזונדערס געווען אויפגעטראָגן קעגן די אידן, ווייל אַ אידישער רעוואָלוציאָנער האָט נישט לאַנג צוריק געהאַט דערשאָסן דעם פּרעמיער מיניסטער סטאָליפּין). עס האָבן נישט געהאָלפן די תּלמודישע „באַווייזן“ פון די צוויי גלחים פּראָנאַיטיס און סיקאָרסקי, אַז אידן מוזן אַריינטאָן קריסטלעך בלוט אין זייער מצה, אויב זיי ווילן אָפּהיטן דעם אמתן ריטואַל. עס איז קלאָר און אָן דעם מינדסטן צווייפל באַוויזן געוואָרן אין געריכט, אַז די מערדערן פון דעם קריסטלעכן אינגל אַנדרעי יושטשינסקי איז גאָר געווען אַן אמתע, כשרע קריסטין מיטן נאָמען וויערא טשעבעריאַק. אָבער די אומוויסנדיקע מאַסן, וועלכע האָבן קיין צייטונגען נישט געלייענט, האָבן די אַלע פאַקטן נישט געוואוסט. און אויב שוין יאָ, איז׳ס אויך געווען טיילווייז בלויז, צוגעזאַלצן און צוגעשמירט פון די „געלערנטע“ קריסטן, וועמען עס האָט זיך נישט געלוינט, אַז די פּאָלק־מאַסן זאָלן זיך דערוויסן דעם אמת. אַ וויכטיקע און גאַנץ טרויעריקע ראָלע האָבן דערביי געשפּילט די גלחים, רוסישע אַזוי גוט ווי פּוילישע. זיי, וועלכע האָבן זייער גוט געוואוסט די לעכערלעכקייט פון דעם גאַנצן בלבול, אַז אידן געברויכן קריסטלעך בלוט אין זייער מצה, האָבן אויך צוגעצייגט זייערע „הייליקע“ הענט צו העצן די מאַסן, גיסן גיפט אין זייערע אָדערן, שפּרייטן האַס אין זייערע הערצער.

בוזשע האָט דאָס אַלץ געוואוסט. ער האָט געלייענט צייטונגען און איז געווען באַקאַנט מיט דעם גאַנצן פּראָצעס און מיט זיינע נאָכווייענישן. און ער האָט שטאַרק געליטן דערפון. זיין האַרץ האָט אים געשניטן אויף דער שאַנד פון מענטש. דערהויפּט האָט אים פאַרדראָסן אויף די, וועלכע האָבן אָט די בלוטיקע העצעס געטריבן באַוואוסטזיניק, מיט דעם געטלעכן בליאַסק אין זייערע אויגן, מיט דעם געטלעכן פונק אין זייערע הערצער — אויף די גלחים.

יאָ, די גלחים. דאָס איז טיילווייז געווען בוזשעס פּערזענלעכער ווייטיק. דאָס האָט טראָפּנווייז געוואַסערט זיין ליבע צו דוסיאַן. ניין, נישט געוואַסערט, נאָר געסמט. ווייל בוזשע איז נישט געווען דער מענטש צו ליבן וואַסערדיק, לעבלעך. ער, אויב ער האָט שוין געליבט, האָט עס געמוזט זיין שטאַרק, הייס, ברענענדיק — מיט דער גאַנצער נשמה. אויב נישט איז ער געווען קאַלט ווי אייז. גיכער האָט די האָלע, וואָס די גלחים האָבן דאָן געשפּילט, געיאָגט זיין ליבע צו דוסיאַן צו אַ ברען־פּונקט, צו אַ קריזיס. עס האָט געדאַרפט זיין: אָדער־אָדער. אָדער ער נעמט זי ווי זי איז, אָדער נישט.

און דאָס איז אים געווען שווער צו באַשליסן. נעמען זי אַזוי ווי זי איז, איז זי אַ גלחס אַ טאָכטער, אַ טייל פֿון דער טומאה, וואָס האָט זיך מיט אַזאַ פֿינסטערער קראַפֿט אַראָפּגעלאָזט אויף זיין פֿאָלק, אַ טומאה וואָס דרינגט ביסלעכווייז אַריין אין יעדן ווינקל און פֿאַר־פּעסטעט דאָס לעצטע ביסל לופֿט. אָפּזאָגן זיך פֿון איר האָט ער אויך נישט געקענט. ווייל זי איז איבער דער צייט אַזוי איינגעבאַקן געוואָרן אין זיין האַרץ, אַזוי זיך איינגעגעסן אין זיין בלוט, אַזוי געוואָרן אַ טייל פֿון זיין אָטעמען, אַז ער האָט דאָס בשום אופֿן נישט געקענט טאָן. עס וואָלט געווען פּונקט דאָס זעלבע ווי נעמען אַ מעס־סער און אויסשניידן אַ שטיק פֿון זיין אייגן האַרץ, ווי נעמען אַ שטיק פֿון זיין נשמה און זי אַריינוואַרפֿן אין ים. ווי האָט ער דאָס געקענט טאָן? און זי, דוסיאַ, זי האָט דאָך אים ליב געהאַט. אין דעם איז ער האָך געווען זיכער. אמתדיק, שיין, ריין האָט זי אים ליב געהאַט. וואָס־זשע, נאָכאַלעמען, איז זי שולדיק אַז זי איז צופֿעליק געבוירן געוואָרן ביי אַ פֿאָטער אַ גלח? פּונקט ווי ער און טויזנטער אַנדערע זענען נישט שולדיק וואָס זיי זענען געבוירן געוואָרן ביי אידישע על־טערן... מען קען זיך דען אויסקלויבן וואָס און ביי וועמען מען זאָל געבוירן ווערן?...

און איינמאָל, ווען ער האָט מיט איר אין אַ פֿאַרוואָלקנטן ערבֿ־פּסחדיקן פֿאַרנאַכט שפּאַצירט הינטער דער שטאָט, האָט זי טאַקע צו אים אַ זאָג געטאָן:

— איך ווייס וואָס עס דריקט דיך די לעצטע צייט, באָריס. אָבער איך פֿאַרזיכער דיר, אַז עס איז נישט מיין שולד וואָס מיין פֿאָטער איז אַ גלח, כאָטש דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז ער איז נישט ווי אַנדערע...

— ער איז נישט ווי אַנדערע... — האָט ער איר נאָכגעזאָגט אין אַ שטילן טאָן — מיינסט דערמיט צו זאָגן, אַז ער איז גרויסמוטיק, ווייל ער אַליין העצט נישט דאָס פֿאָלק צו קיין גרוילטאַטן. אָבער צי איז דען דאָס גענוג? — האָט ער אויסגערופֿן און איר אַריינגעקוקט גלייך אין פּנים, און איר אַריינגעבליקט גלייך אין די אויגן. איר פּנים איז אַצינד געווען בלאַס, ווי איבערגעצויגן מיט פּלאַטין. פֿון די אויגן האָט אַרויסגעווייעט אַ טרויער, וואָס איז געווען ווי איינגעפּאַסט אין פֿיינסטן גלאָז. — צי דען — האָט ער פֿאַרגעזעצט — איז גענוג, אַז איינער זאָל פֿאַרבייגיין אַ גאַס, ווען ווי צען שטאַרקע באַפֿאַלן איין שוואַכן און שלאָגן אים אָן רחמנות און ער, דער פֿאַרבייגייער, זאָל בשעת מעשה גאָרנישט טאָן, נאָר טראַכטן ביי זיך: „פֿע, איך פֿער־

זענלעך וואָלט אַזאַ זאַך נישט געטאָן...״ צי וואָלט דיר, פרעג איך דיך, אַזאַ האַנדלונג געפעלן ?...

זי האָט נישט געענטפערט, נאָר געקוקט אויף אים מיט די לויטערע בלויע וואַסערלעך פון אירע אויגן. פון אויבן־אויף האָט איר פול פנים אויסגעקוקט צו זיין רואיק און זאַט, אָן אַ מינדסט שאָטנדל פון זאָרג און דורשט נאָך עפּעס. אָבער דאָס שוואַך־געעפנטע דינע, פייכטע טירעלע פונם מויל האָט גיריק געשלונגען זיינע ווערטער, און לעבן די דיקע, סענסועלע ליפן אירע האָבן זיך קוים־געזעענע ווייסע אָדערלעך געשלענגלט.

זי האָט אים ליב געהאַט, די קנאַפּע אַכצן־יאָריקע מיידל דוסיא. זי האָט אים שטאַרק ליב געהאַט, דעם מאָדנעם בחור. זי האָט אַליין נישט געוואוסט פאַרוואָס פריער, פאַרוואָס מער. צי פאַר זיין פרעמדקייט, פאַר זיין באַהאַלטנקייט, פאַר זיין נישט לאָזן זיך געבן צו דערקענען ? אָט דאַכט זיך איר קען זי אים שוין, אָט ווייסט זי ווער ער איז, וואָס ער וויל, צו וואָס ער שטרעבט, וואוהין ער צילט, — אַלץ, אַלץ ווייסט זי שוין ביי אים, און מיטאַמאָל : אַ נייער מיסטעריעזער פאָדים אין זיין כאַראַקטער, אַ נייער לאַבירינטישער וועג אין זיין געדאַנקען־גאַנג, וואָס זי קען נישט אויפכאַפּן, וואָס זי קען נישט אָניאָגן מיט איר געדאַנק און מיט איר וויסן. אָדער אפשר האָט ער זי, אַ גלחס אַ טאָכטער, געהייצט מיט דער עקזאָטישקייט פון זיין ראַסע, וואָס דוקא ביי איר איז עס געווען אַזוי ניי, אַזוי אַנדערש, אַזוי טיף און גריינטלעך אַנדערש, און וואָס זי האָט עס דוקא געוואָלט דערגרונטעווען ? צי אפשר פאָרט טאַקע נישט מער ווי מיט דעם אינטעלעקט זיינעם, וועלכן זי האָט אַזוי באַוואונדערט ?...

ניין, עס איז נישט געווען דאָס אַליין, אויב אפילו אַ טייל פון די עלעמענטן האָבן יאָ מיטגעווירקט, וועלכע מער, וועלכע ווינציקער. עס איז געווען אויך די עמאָציאָנעלע קראַפט, די עמאָציאָנעלע ליבע, די פיזישע, די ערדישע, וואָס האָט זי געבונדן צו אים און וואָס האָט אים געצויגן צו איר. זיי האָבן עס ביידע ביז יענעם אָוונט אויף דער גליטש נישט געוואוסט, מורא געהאַט אפילו וועגן דעם צו טראַכטן און צו חלומען. אָבער פון יענעם ווינטערדיקן אָוונט אָן, ווען זיי האָבן צום ערשטן מאָל דערפילט די נאָנטקייט פון איינעם צום אַנדערן, ווען האַנט און אָרעם האָבן זיך געפלאָכטן און פינגער און פינגער האָבן זיך געצערטלט ; ווען זיינע הייסע בליקן האָבן געוואָרפן פלאַמען אויף אירע האָר און ווען איר אָטעם האָט געבריט די הויטן פון זיין האַלז ; ווען זיינע אַגרעסיוו־געוואָרענע הענט האָבן זיך גע-

קראַמפּט אין איר ווייס ווינטערדיק לייבל און איר לייב האָט גענומען פלאַטערן אונטער אירע קליידער, — דאַמאָלס האָבן זיי ערשט דער־הערט דאָס אמתע געשריי פון זייערע יונגע געבליטן אַרויס, דאָס גע־שריי פון דורות, דאָס געשריי פון בראשית אָן...

יאָ, עס איז געווען און עס וועט זיין... בוזשע ריינאַרסקי און דוסיאַ באַגאָליובאָוואַ זענען אודאי נישט געווען קיין אויסנאַם. עס איז געשען פאַר זיי, עס וועט געשען נאָך זיי און עס איז געשען ביי זיי אויך. נאָך יענער נאַכט פון דער גליטש זענען געקומען אַנדערע נעכט. ווינטערדיקע נעכט מיט שמעקעדיקע פּראָסטיקע אַראָמאַטן. נעכט ליכטיקע און נעכט פינסטערע. אָבער פאַר זיי איז דאָס געווען אַלץ איינס. זייערע הענט האָבן זיך געפונען אין דער פינסטער. זייערע ליפּן אויך. אין זייער דערנענטערונג האָבן די קערפּערס זייערע דורכ־געבראָכן יעדן שטיק חושך, וואָס איז זיי געשטאַנען אין וועג. זייערע האַסטיקע אָטעמס האָבן פאַרטריבן אַלע בייזע, קאַלטע ווינטן.

בוזשען האָט קיין געלט נישט אויסגעפעלט. האָט ער זי אָפט גענו־מען אין קינאָמאַטאָגראַף און צו אַנדערע טעאַטער ספּעקטאַקלען. נאָכ־דעם פלעגט ער מיט איר אַרויספאָרן אויף אַ שליטן. ער פלעגט דאַן טראָגן זיין ציווילן פוטערנעם פּאַלטן מיט דעם קאַראַקולענעם קאָלנער. ווען ער איז געווען אין אַ גוטער שטימונג, פלעגט ער אויסשטרעקן די האַנט צו דער ערד צו, אָננעמען אַ פולע זשמעניע מיט שניי און איינרייבן דערמיט איר פּנים. זי פלעגט קעגן דעם פּראָטעסטירן מיט אַ לייכטן, הנאהדיקן, היסטערישן געלעכטער, וואָס פלעגט אָנוואַרפן אויף ביידע אַ גרויסע אומרואיקייט. ווען זי פלעגט זיך נעמען באַ־קלאָגן, אַז עס איז איר קאַלט, פלעגט ער פונאַנדערקנעפּלען זיין ברייטן פוטערנעם מאַנטל און זי אַריינגעמען אין זיך. אַזוי פלעגן זיי זיך אַריינפרעסן איינס אין דאָס אַנדערע, אַז עס פלעגט זיי וויפיל מאָל אויספעלן אָטעם. זיי פלעגן זיך קושן אָן וועדטער. יונגע, ערשטע קושן זענען דאָס געווען. יעדער קוש איז פאַר זיי געווען אַ נייע וואונדערלעכע אַנטדעקונג. זייערע ליפּן פלעגן נאָכדעם ווי טאָן פון דעם דרוק. זיי פלעגן טריקענען און צופאַלן וועדן פון פייער און פראָסט. טיילמאָל פלעגן זיי זיך איינעסן איינס אין דאָס אַנדערע אויף מינוטן־לאַנג. נישט איינמאָל האָט דער הימל צוזאַמען מיטן איזוואָזטשיק אויף זיי געקוקט פאַרחידושט, ווי טראַכטנדיק זיך:

— זעט נאָר, אַזוינע צוויי יונגע קינדער, און אַזאַ מין רייפקייט!...

נאָכדעם זענען געקומען נעכט פון יונגן פרילינג, פרימאָרגנס פון יונגן פרילינג. עס איז געוואָרן אַלץ וואַרימער, די קליידער אַלץ

וויניקער און דינער, די לייבער אַלץ מאָגנענדיקער און גרייכבאַרער. אין יענער צייט איז עס בוזשע אַרומגעגאַנגען מיט אַזאַ אויפגערו־דערט געמיט. יענע טעג האָבן עס געצייכנט דעם אומרואיקסטן פרי־לינג פון זיין דאַמאָלסדיקן לעבן. דוסיאַן האָט ער ליב געהאַט. וועגן דעם איז נישט געווען קיין פראַגע. אָבער זיך אַליין האָט ער דערפאַר צייטנווייז געהאַסט. און דאָס איז נישט געווען דערפאַר, ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז זי איז זיין ליבע נישט ווערט. ניין. עס איז געווען דערפאַר וואָס ער האָט די דאָזיקע ליבע טיילווייז געמוזט פאַרלייקענען. נישט פאַר זיך און נישט פאַר איר, נאָר פאַר זייערע עלטערן. דערהויפט טאַקע פאַר זיינע עלטערן, דערהויפט פאַר זיין פאָטער.

דערוויסנדיק זיך, אַז ער טרעפט זיך מיט דוסיאַן, זענען זיי ביי־דע, סיי דער פאָטער, סיי די מוטער, געווען אויסער זיך פון ערגער־ניש און פאַרצווייפלונג. דער פאָטער איז פון דעם געוואָרן אַזוי דער־שלאָגן, אַז ער האָט קוים געקענט אַ וואָרט אַרויסרעדן. זיין פנים האָט זיך איבערגעצויגן מיט טרויער און ער האָט גענומען בייסן די אַלץ מער גרוי־ווערנדיקע באָרד.

—נישט גוט טוסטו, מיין זון... — האָט ער בלויז געזאָגט — טוסט זייער און זייער נישט גוט...

און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי אַ שווערע משא וואָלט זיך אויף אים אַרויפגעלייגט...

— אויף מיין זון, בפרט נאָך אויף דיר, האָב יעך זעך אַזוינס נישט געריכט... — האָט ער צוגעגעבן און טיף אָפּגעקרעכצט.

און די מוטער זיינע, מיט דעם אייביק־יונגן קוויטשיקל, וואָס אָט, דאַכט זיך, אַז עס בליאַקעוועט אָפּ און אָט איז׳ס ווידער ווי געווען, האָט פון איר זייט און אויף איר אייגענעם שטייגער צוגעגעבן:

— יעך וויל נישט זאָלסט גיין מיט דער שיקסע, פּוזשע! יעך וויל נישט — דו הערסט?... פּוזשע!...

אודאי האָט אויף אים דעם פאָטערס שטילער טרויער מער גע־ווירקט ווי זיין מאַמעס היסטעריקע. עס האָט אים אַ שניט געטאָן ביים האַרץ צוצוזען זיין שטאָלצן, הויכן טאַטן אין אַזאַ צושטאַנד. דאָס האָט אים אַזוי צערודערט, אַזוי צוקנייטשט... ניין, ער וואָלט שוין ליבער געזען דעם טאַטן זיינעם אַן אויפגעקאָכטן, אַן אויפגעברויזטן. זאָל ער בעסער שרייען, זאָל ער ליבערשט הייבן אַ האַנט, זיך כאַפּן שלאָגן, סטראַשען, אַז ער וועט אים פון הויז פאַרטרייבן, — דאָס

וואָלט אים געווען אָן א שיעור לייכטער צו פאַרטראָגן, ווי דאָס דאָ־זיקע שטילע, אָפּהענטיקע מוסרן...

— אָבער דו מאַכסט א טעות, טאַטע... — האָט בוזשע אין זיין צוקנייטשטקייט, אין דעם איצטיקן מאָדנעם הילפלאָזן צושטאַנד, וואָס זיין פאָטערס ווייכע, טיפע רייד האָבן אים אריינגעבראַכט, געזאָגט — צווישן אונז איז קיין שום ערנסטס נישטאָ... צווישן אונז הערשט בלויז א סטודענטישע חברשאַפט... צווישן אונז...

דאָס האָט נאָך די לאַגע ערגער געמאַכט. נישט נאָר האָט ער זיך אַליין אויסגעקוקט נאַריש און אומנאַטירלעך אין זיין פאַרענטפערן זיך, אין זיין לאַיגן, נאָר אויך דער פאָטער האָט עס דערפילט און אויך די מוטער חיהלע האָט עס דערשמעקט. און ווייל אזוי, ווייל זיי האָבן אזוי גוט געקענט זייער זונס כאַראַקטער, געוואוסט זיין שטאָלץ, זיין געוואוינהייט צו טאָן זאַכן, וואָס ער האַלט פאַר ריכטיק, אָן עמיצן צו פרעגן; ווייל זיי האָבן געוואוסט, אז ער האָט אויך גע־האַט א טבע אָפּצוטאָן זאַכן, וועלכע האָבן זיך שפּעטער ארויסגעוויזן צו זיין פאַר נישט ריכטיק, און ער האָט קיינמאָל אויף זיינע טאַטן קיין חרטה נישט געהאַט, קיינמאָל זיך נישט פאַרענטפערט פאַר קיינעם, קיינמאָל נישט געווען אין דער לאַגע פון אָפּצולייקענען זיינע עולות, קיינמאָל זיך נישט באַנוצט מיט קיין צונג־דרייענישן, — איז זיי טאַקע איצטער איינגעפאַלן, אז ווער ווייסט ווי ווייט זייער זון איז שוין דאָרטן פאַרקראָכן מיט דער גלחישער מויד, וואָס ער פילט זיך אזוי שולדיק קעגן זיי; ווער ווייסט וואָס זיי האָבן שוין, גאָט באַהיט, אָפּ־געטאָן צוזאַמען...

— יעך גלויב דיר נישט, פוזשע!... — האָט די מוטער אַרויס־געפּלאַצט — דו זאָגסט אינץ נישט דעם אמת!... באַהאַלטסט עפּעס פון אינץ...

— נישט רעכט פון דיר, זון.. — האָט דער פאָטער שטילער־הייט געזיפצט — זייער נישט רעכט פון דיר...

— אָבער מעגסט דאָך פריער אויסהערן... — האָט בוזשע נאָך געפּרואווט אויף א נישט־איבערצייגנדיקן אופן עפּעס זאָגן.

— מען דאַרף נישט. — האָט שמואל דוד געזאָגט, אַרומשפּאַ־צירנדיק שוין איצטער איבערן צימער אַהין און צוריק מיט זייער גרוי־סע שפּרייזן — אז דעם אמת קענסטו אינץ סיי ווי נישט דערציילן, צו וואָס־זשע דאַרף מען די גאַנצע מעשה? אָבער איין זאַך וויל'עך דיר פונדעסטוועגן זאָגן: — האָט ער מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט דאָס אַרומ־שפּאַנען און זיך אוועקגעשטעלט אַנטקעגנאיבער זיין זון — דו מיינסט

דאָך אודאי, אַז דו, מיט דיין געלערנטקייט, ווייסט שוין אַלצדינג און אַז קיינער קען דיר נישט אריינזאָגן קיין דעות וואָס צו טאָן. קען יעך דיר אָבער זאָגן, בוזשע, אַז קיין דעות על'עך דיר טאַקע נישט גיין אריינזאָגן, אָבער אַז דו קענסט אַמאָל מאַכן אַ פעלער און זעך אריינ־ לייגן אין אַ צרה און מיטשלעפּן דיינע נאָנטע, מעגסטו כאָטש וויסן... פאַרגעס נישט, אַז דו ביסט נאָך דערוויול קיין אַכצן יאָר נישט אַלט!...

— האָט ער זיך גענומען אָנוואַרימען און אַרויסרוקן דעם באַגלויבטן ווייז־פינגער זיינעם אַלס אַ יאָר־עדות — פאַרגעס נישט, אַז מע זעמיר קיין שלעכטע עלטערן צו דיר נישט געווען. מאַמאַ דיר, דאַכט זיך, נאָכגעגעבן אַלץ וואָס דו האָסט געוואָלט. אָבער איין זאַך האָבן מיר נאָך אַ פּראָווע פון דיר צו בעטן: זאָלסט אינץ נישט אָפּצאָלן מיט קיין צו־שווערע שטיינער. האָבן מיר אַ פּראָווע דאָס פון דיר צו בעטן, צי ניין?...

און ער האָט זיך מיט דער גאַנצער לענג זיינער אָנגעבויגן צום זון, וועלכער איז געזעסן אויף דער קאַנאַפּע אַ פּוס איבער אַ פּוס פאַרלייגט.

— נישטאָ נאָך אַזעלכע טאַטע־מאַמע ווי אינץ זעמיר, פּוזשע.

— האָט די מוטער צוגעהאָלפן — נישטאָ!...

— ווען ס'איז אַ אידיש מיידל, וואָלט יעך מעך אסור אַריינגע־ מישט. — האָט שמואל דוד גערעדט, אויסגלייכנדיק זיך און ווידער גענומען שפּאַנען איבערן צימער מיט די הענט אויף הינטן — אָבער דאָ איז גאָר אַן אַנדער עסק. און דו דאַרפסט שוין וויסן, אַז מיט זיי, מיט די גוים, קענען מיר זעך נישט פאַרגלייכן. זיי מעגן זעך אויס־ קלויבן אוואָסערע פריינט זיי ווילן נאָר אַליין. אָבער מיר — מיר זע־ נען אין גלות, מיין זון. מיר מוזן זיין אויסגערעכנט מיט יעדן שפּאַן. מיר טאָרן נישט געבן די גוים די מינדסטע געלעגנהייט אונז צו רודפן. זיי טוען עס אָן אָן אויסרייד אויך געגוג...

בוזשע איז דאַמאָלס געזעסן און האָט געשוויגן. ער האָט נישט געהאַט וואָס צו זאָגן. אין ווייטערע ליגנס זיך אַריינלאָזן איז נישט געלעגן קיין זין. די עלטערן זיינע האָבן זיין שווייגן אָנגענומען אַלס אַ סימן פון הסכמה צו זייערע רייד, אַ מודה זיין זיך פון זיין זייט. דערוויול איז אַריינגעקומען מאַניק.

דאָס האָט בוזשען געגעבן אַ געלעגנהייט צו פאַרלייכטערן זיין לאַגע. ער האָט גלייך אָפּגעווענדט דאָס געשפּרעך פון זיינע עלטערן און זיך איבערטריבן וואַרים באַגריסט מיט זיין ברודער. ער האָט אים געפרעגט ווי אַזוי עס דערגייען די רעפּעטיציעס פון די „ליובימיע־

לים" און וואָס מען שטעלט דאָס מאָל, און פאַר וועלכן צוועק עס גייט.

— עס גייט פאַר דער לינת הצדק. — האָט מאָניק געענטפערט — און מיר שטעלן דאָס מאָל „די געברידער לוריע", פון יאַקאָב גאָרדין. און ווייסט וואָס פאַר אַ ראָלע איך האָב דאָרטן? טוביה מילנער! עך, טי האָספּאָדי פּאָ מאַאִי מילאָי!... — איז ער אַריינגעקומען אין אַזאַ באַגייסטערונג, אַז ער האָט אַזש אָנגעהויבן שעפּטשען אַ רוסישע תפילה — זאָלסט זען, ווי איך קנאַק־אָפּ אַ ראָלעכל!...

— אָ. הערסט? — האָט זיך די מוטער געווענדט צום מאַן אירן — ער קנאַקט אָפּ אַ ראָלעכל... שטייט דיר נישט קיין גרויס גליק דערפון? גייט נאָר אַ קוק צו וועמען ער גלייכט זעך: צו אַלע ליידיקגייער, פּוסטעפּאַסניקעס, וועלכע האָבן מער נישט וואָס צו טאָן. יענע קנאַקן אויכעט אָפּ ראָלעכלעך... אָט דאָס וועט זיין דער תכלית זיינער... אַ זון פון אַכט־און־צוואַנציק יאָר קנאַקט ראָלעכלעך...

דער פאָטער האָט דערויף גאָרנישט געענטפערט. ער האָט בלויז נערוועז אַרומגעשפּאַנט איבער דער שטוב, האַסטיק געשפּאַנט, אָנמאַכנדיק אַ ווינט מיט די צוויי פלאַטערנדיקע פּאָלעס פון זיין לאַנגן שטוב־כאַלאַט.

מאָניק, נישט זייענדיק קיין נאַר פון דער נאַטור, האָט נאָך ביי זיין אַריינקום דערשמעקט, אַז די סיטואַציע איז עטוואָס אַן אָנגעצויגענע און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עס האָט געמוזט קומען צו אַן איבערררייד צווישן בוזשען און די עלטערן וועגן דוסיאַן (ער האָט נאָך וועגן דעם געוואוסט פריער פון זיי). ער האָט דעריבער איצטער זייער טאַקטיש פאַרשוויגן דער מוטערס אייביקע טענות צו אים, ווי ער האָט עס געטאָן ביי אַ סך אַנדערע געלעגנהייטן, מיט דער איינציקער כונה, אויסצומיידן ערגערניש דעם פאָטער.

די צוויי ברידער האָבן נאָך עפּעס גערעדט צווישן זיך, נאָכדעם זענען זיי אַוועק, יעדער צו זיך אין צימער.

— ני, זעסט? — האָט חיהלע, באַלד ווי די זין זענען אַרויס, געזאָגט צו איר מאַן — מאַמאַ שיין נחת פון אונזערע קינדער. פּוזשע מיט דער שיקסע פון איין זייט און אַרעלע מיטן טריאַטער פון דער אַנדערער זייט . . .

— אַרעלע, אַרעלע! . . . — האָט שמואל דוד געגעבן אַ פּלאַם־אויף — הער מעך אויף צו מוטשען, יעך בעט דעך, מיט אַרעלען!... ווייל יעך בין נאָך נישט זעבער ווער פון זיי ס'איז דער אַרעלע . . .

און אראָפּציענדיק פון זיך דעם כאַלאַט, האָט ער אַזאַ שטילן, פּאַטעטישן קרעכץ געטאָן אין דער באָרד אריין:

— מיין בראַטאַקס בלוט קען אפּנים נישט איינרוען. ס׳קאָכט נעבאך אין מיינע קינדער . . .

---

דערפאַר אָבער האָט בוזשע נישט באַגעגנט קיין שום שוועריקייט פון דוסיאַס פאָטער, דעם גלח באָגאָליובאָוו.

זי האָט אים איינמאָל איבערראַשט מיט איר מיטטיילונג, אַז זי האָט דעם פאָטער אירן דערציילט, אַז זי באַגעגנט זיך מיט אַ אידישן סטודענט, גייט מיט אים אָפט שפּאַצירן, גייט מיט אים אַמאָל אין קי־נאָמאָטאָגראַף, פאָרט מיט אים אַמאָל אַרום אויף אַ שליטן, און ער, דער פאָטער אירער, האָט דורכאויס גאָרנישט קעגן דעם.

— נישט אַזוי ווי דיינע עלטערן . . . — האָט זי צוגעגעבן אי מיט אַ קאַפּריזנעם פאַרוואורף, קנייטשנדיק דערביי איר קליין, קורץ נעזל, אי מיט אַ באַהאַלטענער זעלבסטצופרידנקייט, ווי זי וואָלט זאָגן:

— זעסט, מיין פאָטער איז אַ ברייטערער מענטש, ווי דיינער...

בוזשען איז געלעגן אויף דער צונג צו זאָגן איר דאָס, וואָס זיין פאָטער האָט אים ערשט ניט לאַנג צוריק געזאָגט. אָבער ער האָט עס נישט געטאָן.

— ווייסט וואָס נאָך מיין פּאַפּאַ האָט מיר געזאָגט? . . . — האָט זי אויף אים אַ קוק געטאָן פון דער זייט מיט אַ שעלמיש־שמייכל־דיק פּנים.

עס איז געווען אַ שבת נאָכמיטיק און זיי האָבן איצט שפּאַצירט הינטער דער שטאָט, אויפן טאָמאַשאָווער טראַקט. עס איז געווען אַ שיינער טאָג. די זון האָט געהאַלטן אין צושמעלצן די לעצטע רעשט־לעך שניי, וואָס זענען געלעגן אין די טאָלן און אין די אויפגעאַקערטע גראָזיקע פעלעצער. זיי זענען נישט געגאַנגען צו־נאָנט איינס צו דאָס אַנדערע, ווייל עס איז געווען אָן אָפענער וועג און עס האָבן זיך דאָ און דאָרטן געוויזן פאַרבייגייער, אידישע און קריסטלעכע. פונדעסט־וועגן האָבן זיי זיך מאָמענטנווייז נישט געקענט באַהערשן און זיך איינס דאָס אַנדערע אַ גלעט געטאָן אַ האַנט, אַ באַריר געטאָן אַ מלבוש, און באַלד זיך ווידער אָפּגערוקט איינס פון דאָס אַנדערע, ווי מורא האָבנדיק פאַר אַ בייז אויג.

פון דער זייט האָט ער געזען איר קליין, קורץ פאַרריסן נעזל,

וואָס האָט איצטער עפּעס צו־שעלמעדיק אונטערגעשמייכלט, פּונקט ווי עס וואָלט אין זיך אַנטהאַלטן מי יודע וואָס פאַר אַ וויכטיקן סוד. ער איז טאַקע געוואָרן נייגעריק. ער האָט זיך געגעבן אַ שטעל־אָפּ, ראַפּ־טום, און אָן חשבונות, צי זייטיקע מענטשן באַמערקן יאָ, צי באַמערקן נישט. ער האָט זי אָנגענומען ביים אָרעם, זי אויסגעדרייט צו זיך און אַ פרעג געטאָן:

— וואָס האָט ער געזאָגט?

— ווער? — האָט זי זיך געמאַכט נישט וויסנדיק וועמען ער מיינט.

— דער פּאַפּאַ דיינער.

—זאָג־זשע אַזוי. מיין פּאַפּאַ, מעגסטו כאָטש וויסן, איז נישט גלאַט אַזוי קיין „ער".

— ער איז אויך נישט קיין „זי". — האָט ער געענטפערט.

זי האָט געפּרוּאווט מאַכן אַ זויער, ברוגזדיק פּנים, האָט עס אָבער לאַנג נישט געקענט אָנהאַלטן און זיך פונאַנדערגעלאַכט.

— ביסט גראָב . . . — האָט זי אים געזאָגט און געקוקט אויף אים מיט ליבשאַפט.

—זאָג־זשע מיר וואָס דיין טאַטע האָט דיר געזאָגט! — האָט ער אַ דריק געטאָן איר אָרעם.

— לאָז־אָפּ! טוסט מיר וויי! . . .

— איך וועל דיר נאָך שטאַרקער דריקן, אַז וועסט נישט זאָגן...

— וועל איך דיר אַלץ נישט זאָגן! — האָט זי עקשנותדיק און מיט הנאה דערווידערט זיין פאָדערונג.

— וועל איך דיך קושן . . . — האָט ער געסטראַשעט.

— דאָ, אין גאַס? — האָט זי זיך קוים געוואָלט צוגלויבן.

— יאָ, אין גאַס.

— וועל איך שרייען. — האָט זי אומשולדיק און שפּאַסהאַפטיק געזאָגט.

אָבער פאַר אים איז דער זאַג נישט געווען קיין שפּאַס. ער האָט זיך מיטאַמאָל געגעבן אַ ניכטער־אויס. אָט די אין תוך אומשולדיקע, גאָרנישט־מיינענדיקע באַמערקונג אירע, האָט אים אָן עפּן געטאָן די אויגן. ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט זי אָפּגעלאָזט און זיך פון איר אָפּגערוקט.

— וואָס איז? — האָט זי אים געפרעגט.

— גאָרנישט. — האָט ער געענטפערט — אַנטשולדיק מיר . . .

ער איז שוין איצט געגאַנגען אַ שווייגנדיקער, מיט אַ געזונקע־

נעם קאָפּ. זיין בליק איז איצטער געווען במורנע, דער פריערדיקער אָפּשיין איז געוואָרן פאַרוואָלקנט מיט אַ פּלוצלינגן טרויער.

באַלד איז זיין בליק געוואָרן אָנגעשטרענגט און שטאַר. אין די ווינקלען פון די אויגן האָט זיך אָפּגעזעצט אַ רויטקייט. ער האָט דערזען אַ בילד פאַר די אויגן, אַ בילד, וואָס איר באַמערקונג און זיין פאַנטאַזיע האָבן בשותּפות אַרויסגערופן.

ער קושט זי, זי שרייט טאַקע, אָבער מיט אַ געלעכטער פון פרייד, מיט אַ געלעכטער פון ליבשאַפט צו אים. מענטשן דערהערן און שטעלן זיך אָפּ. אידן און קריסטן שטעלן זיך אָפּ. זיי זעען וואָס דאָ טוט זיך: אַ איד קושט איבערגעוואַלד אַ קריסטלעך מיידל. ווייל זיי ווייסן נישט, אַז איר געלעכטער קומט פון הנאה און פון איינשטימי־קייט צו זיינע קושן. זיי זעען נאָר איינס, די קריסטן וואָס שטעלן זיך אָפּ: אַ איד קושט אַ קריסטלעך מיידל און זי שרייט. מען לויפט־צו צו אים, מען כאַפּט אים אָן, מען נעמט אים שלאָגן, טרעטן מיט די פיס, בריקען מיט די שטיוול... עס טוט אַזוי וויי... נישט דאָס שלאָגן טוט וויי, נישט דאָס בריקען, נאָר די בושה... נישט דאָס לייב בלוטיקט, נאָר די נשמה . . . אוי, ווי עס בלוטיקט די נשמה !...

— וואָס איז דיר, באָרים? —האָט זי, אַ דערשראָקענע פון זיין אָנבליק, געפרעגט.

— גאָרנישט. — האָט ער געענטפערט — וואָס זאָל זיין?

— ביסט אַזוי בלייך . . . ביסט אַזוי , . .

— ס'איז גאָרנישט. — האָט ער געזאָגט — ס'דאַכט זיך דיר נאָר אויס . . .

— האָב איך דיך, אפשר, מיט עפּעס באַליידיקט? . . . — האָט זי אים אַריינגעקוקט אין די אויגן.

ער האָט זי אַרומגענומען, זי צוגעדריקט צו זיך.

— ניין, דוסיא. ווי קענסטו דען עמיצן באַליידיקן? עס איז מיין שולד... ניין, עס איז נישט מיין שולד אויך. עס איז די צייט, עס איז די לאַגע, עס איז די אָרדנונג . . .

— אָבער וואָס רעדסטו? — האָט זי געזאָגט — איך פאַרשטיי דאָך נישט וואָס דו מיינסט! . . .

— איך האָב נאָר וואָס געהאַט אַ וויזיע, דוסיא. זייער אַ שלעכ־טע, קראַנקע וויזיע. אָבער לאָמיר מער נישט רעדן דערפון. גייט עס? דערציייל וואָס דיין פּאַפּאַ האָט דיר געזאָגט.

— ער האָט מיך געבעטן איך זאָל דיך אַמאָל אַרויפברענגען אין שטוב. — האָט זי אַ שטילן און גלייכגילטיקן זאָג געטאָן.

— וואָס! ? — האָט ער אויסגעשריגן — אין שטוב צו . . .
צו . . . אייך ? . . .

— זיכער. —האָט זי געענטפערט — פאַרוואָס וואונדערסטו זיך אַזוי ?

— איך . . . איך . . . — האָט ער געמורמלט — עס איז עפּעס אַזוי מאָדנע...

אודאי איז עס אים פאָרגעקומען מאָדנע. יעדן אידישן בחור פון יענער צייט וואָלט פאַרגעקומען מאָדנע צו הערן, אַז אַ גלח וויל אים האָבן ביי זיך אין הויז, איז פאַראינטערעסירט מיט אים צו רעדן. אמת, באָריס ריינאַרסקי איז נישט געווען אַבי־וואָסער בחור. ער האָט שוין געקענט דעם גלחס טאָכטער, געפירט מיט איר אַ ליבע, אָבער . . .

— פאַרוואָס איז דאָס מאָדנע ? — האָט זי געפרעגט, נישט וויסנדיק וואָס ער טראַכט. — מיין פאָטער איז זייער פאַראינטערעסירט דיך צו זען. ער האָט מיר אַנומלטן געזאָגט, אַז אויב דו ביסט טאַקע אַזוי ווי איך מאָל דיך אויס, וואָלט ער זייער געווען צופרידן זאָלסט אַמאָל אַרויפקומען צו אונז כאַפּן מיט אים אַ שמועס.

— כאַפּן מיט מיר אַ שמועס . . . — האָט בוזשע שטיל און ווי פון שלאָף אַרויס איבערגעזאָגט.

— יאָ ! פאַרוואָס וואונדערט עס דיך אַזוי ? מיין פּאַפּאַ איז זייער אַ פריינטלעכער מענטש. ער וועט דיר קיין שום שלעכטס נישט טאָן. און . . .און . . . איך האָף, אַז דו האָסט נישט קיין מורא . . .

—מורא ? איך ? —האָט ער זי אַ פרעג געטאָן, ווי ער וואָלט זיך נישט געגלויבט צו הערן אַזוינס וועגן זיך, בפרט נאָך פון איר. ער האָט זיך ראַפּטום געגעבן אַ ציי־אויס, אַ גלייך זיך אויס אין זיין גאַנצער וואוקס, אַ הויב־אויף דעם קאָפּ אינדערהייך, אַ קוק געטאָן אויף איר גלייך, דירעקט, געזאָגט:

— ניין, דוסיא. איך האָב נאָך דערוויי<sup></sup>ל נישט מורא פאַר קיין איינציקן מענטש. איך בין גרייט צו גיין מיט דיר צו דיין פּאַפּאַ, ווען דו ווילסט אַליין.

— דו מיינסט עס ? —האָט זי אַ פלאַטער געטאָן פון פרייד.

— יאָ, איך מיין עס.

— איז קום־זשע היינט, קום איצטער . . . אָ, עס וועט זיין אַזוי אינטערעסאַנט צו הערן דיך רעדן מיט מיין פּאַפּאַ ! . . .

און אין אַ רגע אַרום, נישט האָבנדיק אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם פון דעם ערשטן אויסברוך פון באַגייסטערונג :

— און מיין פּאַפּאַ, זאָלסטו וויסן, איז נישט נאָר אַ גוטער שמו־עסער, נאָר אויך זייער אַ טאָלעראַנטער מענטש, און גאַנץ ליבעראַל — אויף וויפיל זיין שטאַנד דערלויבט אים, פאַרשטייט זיך . . .

יענעם טאָג איז בוזשע אהין נישט געגאַנגען. און דעם צווייטן טאָג אויך נישט. און אין אַ וואָך אַרום אויך נישט. עפּעס האָט ער געזוכט אויסצומיידן די באַגעגעניש, וואָס האָט, נישט געקוקט אויף אַלע דוסיאַס דערקלערונגען און פאַרזיכערונגען וועגן איר פאָטערס טאָלעראַנץ און ליבעראַלקייט, אַלץ אויסגעקוקט זייער מאָדנע אין זיינע אויגן. אַ חוץ דעם, האָט ער געמוזט עפּעס האָבן אַ פּאָרגעפיל, אַז זיין פריינטשאַפט מיט איר פאָטער וועט אים פירן צו נייע אויפ־טרעסלונגען, צו נייע שטורעמס. און אויב ער האָט אפשר נישט קיין מורא געהאַט דערפאַר, נישט געשראָקן זיך פאַר דער הויכער גלחישער אויטאָריטעט, האָט פונדעסטוועגן אַן אינערלעכע שטים אים געהיים געוואָרנט, אַז ער זאָל זיין פאָרזיכטיק, זיך נישט איילן מיט דעם ווי־זיט, ווייל — — — ווייל — — — —

און דאָס האָט ער אויף באַשטימט נישט געוואוסט.

האָט ער אָפּגעצויגן און אָפּגעלייגט פון איין מאָל צום אַנדערן. אָבער דוסיאַס דרוק איז וואָס אַמאָל געוואָרן שטאַרקער, צודרינגלע־כער. איינמאָל געהערט פון אים אַ צוזאָג, אַז ער וועט קומען צו זיי אין הויז, זיך טרעפן מיט איר פאָטער, האָט זי נישט געוואָלט אָפּלאָזן די געלעגנהייט, באַפרייען אים פון וואָרט. אירע כונות האָבן דערביי געמוזט זיין גאַנץ ריינע און אומשולדיקע. ערשטנס, איז דאָס פּשוט געווען די נייגעריקייט אין איר, איינפאַכע פרויאישע נייגעריקייט, ווי אַזוי די צוויי מענטשן וועלן זיך באַגעגענען, ווי אַזוי זיי וועלן זיך צו־זאַמענטרעפן אָדער צוזאַמענשטויסן אין זייערע מיינונגען. זי האָט זיי ביידע גוט געקענט. זי האָט זיי ביידע ליב געהאַט. זי האָט **גע־**וואוסט, אַז קיין איינער פון זיי וועט דעם אַנדערן גאָרנישט נאָכגעבן אין זייערע אַזוי פאַרשידענע וועלט־אָנשויאונגען.

האָט זי דעריבער געוואָלט זען מיט אירע אויגן דעם צוזאַמענקום פון די צוויי וועלטן. זי האָט דערביי נישט געטראַכט וועגן אַ זיג, וואָס איין צד וועט אָפּהאַלטן איבער דעם אַנדערן. זי האָט אַזאַ זיג נישט געוואונטשן. ווייל יעדער איינער פון די צוויי מענטשן האָט פאַרטראָטן געדאַנקען און אידייען, מיט וועלכע זי האָט מיטגעלעבט. יעדער פון די דאָזיקע צוויי מענטשן איז איר אויך געווען האַרציק נאָנט, בלוטיק נאָנט, אַ חוץ אידייאיש. ניין, זי האָט נישט געוואָלט זען קיין געווינער און פאַרלירער. עס האָט, גיכער פון אַלץ, אין איר

געלעבט אַ באַהאַלטענער ווילן אויסצופּיינען זיך פאַר ביידע: ווייזן דעם פאָטער אירן באָריסעס קלוגשאַפט, באָריסעס וויסן, און אין דער זעלבער צייט דעמאָנסטרירן פאַר באָריסן איר פאָטערס חכמה, איר פאָטערס אויטאָריטעט איבער אַ סך זאַכן . . .

## קאַפּיטל אַכצן

דוסיאַ האָט אים געהאַלטן ביי דער האַנט און אים געפירט איבערן צערקווע הויף. איר טראָט איז געווען לייכט און איר קוק ליכטיק. זיין טראָט איז געווען שווער און דער בליק אין די אויגן — פאַר־נעפּלט. איר האַנט, וואָס האָט געפירט זיינע, איז געווען וואַרים, הייס. זיין האַנט, וואָס האָט געהאַלטן אירע, איז געווען קאַלט, געפרוירען.

— וואָס איז? — האָט זי ביי אים געפרעגט — פילסט נישט גוט? . . .

ער האָט, ווי זיין געוואוינהייט איז געווען, נישט געענטפערט. אויף פראַגעס, וואָס פרעגן אייגנס און מיינען עפּעס אַנדערש, האָט ער נישט ליב געהאַט צו ענטפערן. זי איז נישט צוגעשטאַנען. זי האָט געוואוסט. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַביסל נערוועז, אָנגע־שטרענגט און געשפּאַנט צוליב דער פאַרשטייענדיקער באַגעגעניש.

דער צערקווע הויף, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פּריוואַטער פּריצי־שער שלאָס, מיט עטלעכע ביימלעך און בענק, אַ פאָנטאַן, עטלעכע סטאַטועס פון מירמלשטיין, איז נישט געווען קיין גרויסער און זיי האָבן אים שנעל דורכגעשפּאַנט. ווען זיי זענען צוגעקומען צום אַריינגאַנג פון דער וואוינונג זענען אויף אים אָנגעפאַלן צוויי גרויסע הינט.

בוזשע איז געבליבן שטיין אָן מורא. מעגלעך, אַז ער האָט זיי אפילו נישט באַמערקט. זיין געדאַנק איז איצטער געווען פאַרטראָגן ווייט פון דעם פּלאַץ וואו ער איז געשטאַנען פּנים לפּנים צו די כלבים.

צערקווע . . . קלויסטער . . . די דאָזיקע ווערטער האָבן איצט גע־נומען אַרומשפּרינגען אין זיין מח, קייקלען זיך פון איין פּלאַץ צום אַנדערן. וואָס אַמאָל זענען די צוויי ווערטער געוואָרן שווערער און מאַסיווער, ווי זיי וואָלטן אַרויפגעצויגן אויף זיך מעטאַלענע קליידער. מעטאַל . . . עס האָט אים אַ בליאַסק געטאָן פאַר די אויגן גלאָקן, קלויסטער־גלאָקן, קופּאָלן, האַלב־פאַרקיילעכדיקע גלאַנציקע דעכער, באַגילדטע מיט צלמים . . . פּלוצלינג האָט ער דערהערט קלאַנגען, די באַוואוסטע קלויסטער־קלאַנגען: בום־בים! בום־בים! .. און פון די קלאַנגען אפער האָט ער דערהערט דוסיאַס קול. און פון די באַגילדטע

קופּאָלן און צלמים האָט ער דערזען איר פּנים, א פרומס און א גלחיש. און נאָכדעם — ווידער דאָס קלינגען פונם גלאָק, און הינטער דעם אַלעם האָט ער דערזען א סך פּנימער, בלייכע, צושראָקענע אידישע פּנימער. אין דער הוילער לופט האָט ער זיי געזען, אין א דינעם וואָלקן איינגעהילט. „אוי, וויי“, האָט ער דערהערט זייערע שטימעס קלאָגן, „זי שרייט שוין, זי קלינגט שוין, די טומאה! . . .“ און מיט אמאָל האָט ער דערהערט הינט בילן, און צווישן דער בילעריי — דאָס גלאָקן־געקלאַנג, און צווישן די ביידע — די אידישע געשרייען: „אוי, די טומאה! די טומאה! . . .“

— באַרים! — האָט ער דערהערט דוסיאס קול לעבן זיך — וואָס איז מיט דיר? . . .

— א! — האָט ער זיך א כאַפּ געטאָן, א טשוכע זיך פונאַנדער — גאָרנישט. וואו . . . וואו זענען די הינט? . . .

— כ'האָב זיי פאַרטריבן. — האָט זי אויף אים געקוקט מיט אויגן פול מיט געלעכטער — האָסט גאָר נישט געזען?

— ניין. — האָט ער געענטפערט פאַרשולדיקט — כ'האָב נישט געזען.

—וואו ביסטו געווען? — האָט זי געפרעגט — שוין ווידער אויף איינע פון דיינע הימלישע רייזעס? קום אַרויף! —האָט זי אים פריי, גאָרנישט ווי זי וואָלט זיך געפונען לעבן דער טיר פון איר הויז, אָנגענומען ביי דער האַנט — קום!

זי האָט אָפּגעלאָזט זיין האַנט און אַליין איז זי מיט גיכע טריט אַרויפגעלאָפן דעם גאָרן הילצערנע טרעפּלעך. ווען ער איז אונטער־געקומען, האָט זי שוין געהאַלטן די האַנט אויף דער קליאַמקע און געעפנט די טיר.

זיי זענען אריין אין א מין פּאָרהויז, אָדער קאָרידאָרל. עס איז געווען שמאָל און טונקל און עס האָט געשמעקט מיט ווילגאָטש. קיין שום מעבל איז דאָרט נישט געשטאַנען. בלויז אין א ווינקל האָט אויף א קליין הענגענדיק שאַפעלע געברענט א לעמפּל. איבערן לעמפּל איז געהאַנגען דאָס הייליקע בילד.

נאָכדעם זענען זיי אריין אין קיך. דאָרט איז מיט גאָרנישט גע־ווען קענטיק, אַז דאָ וואוינט א גלח. א דינסט איז געשטאַנען און האָט זיך געפּאָרעט. די ריחות, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון די טעפּ, זענען נישט געווען צום געשמאַק פון בוזשעס סענסיטיווער נאָז.

נאָכדעם האָט דוסיא געעפנט נאָך א טיר. זיי זענען געבליבן שטיין אויף דער שוועל פון א קליין חדרל. בוזשע, שטייענדיק הינטער

איר, האָט דערווייל קיינעם נישט געזען. ער האָט בלויז געהערט דוסיאס קול אַריינרעדן אינווייניק:

— פּאַפּאַ! פּאַפּאַטשקאַ! קען מען אַריינקומען?

אַ מיטלוואוקסיקער, דיקלעכער מאַן האָט זיך באַוויזן אין דער טיר. ער האָט געטראָגן אַ לאַנגן, ברייטן גלחישן כאַלאַט מיט לאַנגע ברייטע אַרבל. אויפן ברוסט איז ביי אים געהאַנגען אַ גרויסער גלאַנציקער צלם. זיין פּנים איז געווען גלאַט געראַזירט און פול. די אויערן און דער קאַרק זענען ביי אים געווען פאַרדעקט מיט די לאַנגע גרוי־בלאָנדע האָר פון זיין קאָפּ.

דוסיא איז צו אים צוגעגאַנגען און האָט אים אַ קוש געטאָן אין האַנט. ער האָט זי אַרומגענומען, צוגעדריקט זי צו זיך און איר אַ קוש געטאָן אין קאָפּ. אויף אַ ווײַלע איז זי פאַרבליבן אין פאָטערס אָרעמס. נאָכדעם האָט זי פאַרגעשטעלט בוזשען.

— דאָס, פּאַפּאַ, איז באַרים רייגאַרסקי.

דער גלח האָט אים אויסגעשטרעקט אַ פּוכקע, וואַרימע האַנט און מיט אַ פריינטלעכער, ברוסטיקער שטים צו אים געזאָגט:

— זייער אָנגענעם . . . קומט אַריין! . . .

דאָס חדרל האָט אויסגעזען ווי אַ קאַבינעטל. לעבן אַ פענסטער, וואָס אין אַן אייבערשטער וואַנט און אַנטקעגנאיבער דער טיר, איז געשטאַנען אַ קליין שוואַרץ פּאָלירט טישל, אויף וועלכן עס זענען געלעגן פּאַפּירן, געדיכט באַשריבענע און שיטער באַשריבענע. ביי דער זייט זענען געלעגן עטלעכע געניצטע פעדערס. לעבן זיי איז געשטאַנען אַ טינטער. לעבן טישל איז געשטאַנען אַ שטול. אין אַן אַנדער ווינקל פון צימער איז געשטאַנען אַ הויכער שטענדער. אויפן שטענדער — אַן אויפגעעפנט ספר אין דער סלאַוואָנישער שריפט. אויף דער וואַנט, איבערן שטענדער, איז געהאַנגען אַ גרויס אייל־בילד פון דער מוטער און זון. ביי אַן אַנדער וואַנט, איז אין דער לענג פונם צימער געשטאַנען אַ צעראַטענע קאַנאַפּע. לינקס פון דער קאַנאַפּע איז געווען אַ שאַפקע מיט גרויסע, דיקע ספרים. אויף אַ טייל טאָוולען פון די ספרים האָט בוזשע געזען העברעאישע נעמען.

דער גלח האָט באַמערקט ווי בוזשעס בליק האָט זיך מיט פאַרוואונדערונג אָפּגעשטעלט אויף די העברעאישע טיטלען פון די ספרים.

— איר וואונדערט זיך — האָט ער צו אים געזאָגט — ווי עס קומען צו אַ רוסישן גלח העברעאישע ביכער. נישט אַזוי?

— יאָ, אביסעלע . . . — האָט בוזשע געענטפערט מיט אַ שטיל,

האַלב־שעמעוודיק קול. ער האָט זיך נאָך אַלץ נישט געקענט באַפרייען פון דעם רושם, וואָס אָט דער טשיקאַווער וויזיט האָט אין אים אַרויס־גערופן.

— נו, אודאי קוקט עס אויס מאָדנע . . . — האָט דער גלח געזאָגט מיט איראָניע — ביי דער וועלט איז דאָך אָנגענומען, אַז די צוויי רעליגיעס, די אידישע און די קריסטלעכע, זענען ווי פייער מיט וואַסער, אַז צווישן זיי ליגט דער באַרג אַררט און די טאָלן פון בית לחם . . .

— אָבער איך מיין נישט אַזוי. — האָט זיך אָנגערופן בוזשע — איך ווייס, אַז דער נייער טעסטאַמענט איז אַ פאָרזעצונג פון דעם אַלטן טעסטאַמענט.

—אַזוי? האָט דער גלח אויף אים אַ דורכדרינגענדיקן קוק געטאָן —איר ווייסט עס? . . .

פון זיין טאָן האָט בוזשע נישט געקענט וויסן, צי דער גלח האָט פאַראיבל אַלמאַי ער, בוזשע, ווייסט עס, צי עס טוט אים גאָר הנאה דערפון. ער האָט דערווייל געכאַפּט אַ קוק אויף דוסיאַן, וועלכע האָט אים באַלד געענטפערט מיט אַ ליכטיקן און דערמוטיקנדיקן קענגן־בליק.

— זיצט . . . — האָט דער גלח אים אָנגעוויזן אויף דער קאַנאַפּע. און צו דער טאָכטער זיינער:

— און דו, דוסיענקאַ, זיי אַזוי גוט און גרייט־צו טיי פאַרן גאַסט.

ווען דוסיאַ האָט פאַרלאָזט דאָס צימער, האָט ער זיך נאָך אַמאָל געווענדט צו בוזשען:

— איר וועט דאָך טרינקען טיי מיט אונז, נישט אַזוי? איר וועט, גלויב איך, דערמיט נישט ברעכן דעם אידישן דין . . .

בוזשען איז נישט געפעלן באַגאַליובאָווס איראָניע אין דעם טאָן. שוין צום צווייטן מאָל פון די עטלעכע מינוט, וואָס ער געפינט זיך מיט אים, דערלויבט ער זיך אַזאַ שטיכלען בים צו טאָן. איז ער נישט אַמאָל אַן אַנטיסעמיט, ווי כמעט אַלע היינטיקע גלחים? האָט ער נישט אַמאָל געהייסן אים ברענגען אַהער מיט דער איינציקער כוונה זיך איבער אים לוסטיק צו מאַכן? האָט אים נישט, ווי אַלע אינטעלעקטועלע אַנטיסעמיטן, פאַרשמעקט אַ פריש שטיקל אידן־פלייש, וואָס ער זאָל קענען מיט הנאה פאַרצערן, אַזוי אַז דער זאַפט זאָל אים רינען פון די ליפּן?

עס האָט אים אָנגעהויבן ווערן ענג מיט דעם גלח. קיין סימפּאַטישן אויסזען האָט ער נישט, האָט ער זיך געטראַכט. אַ צו־זאַט פּנים פאַר אַ גאָטפאָרכטיקן מענטשן. אַ צו־בייסיק, נישט־יעזוסדיק

ציינגל . . . און ליפּן האָט ער גאָר פּרוויאישע . . . אַביסל זענען די ליפּן זיינע ענלעך צו דוסיאס . . . און וויפיל מאָל האָט ער, בוזשע, געקושט אָט די ענלעכע ליפּן ? . . . און וויפיל מאָל טאַקע האָבן אָט דעם גלחס ליפּן געקושט דוסיאס?... איצטער איז אים שוין געוואָרן שווער צונויפצונעמען זיך. צי דאַרף ער אים, דעם גלח, ליב קריגן פאַר האָבן די זעלבע ליפּן וואָס דוסיא, צי דאַרף ער זי פיינט קריגן פאַר האָבן די זעלבע ליפּן וואָס איר פאָטער? . . .

דער גלח, פון זיין זייט, האָט בוזשען אויך באַטראַכט. „אַן אינטערעסאַנט פּנים האָט ער, דאָס קליינע אידל. אָבער זייער אַ טראַגיש. און זייער אַ גרויסהאַלטעריש. עס שפּיגלט אָפּ די אייגנשאַפטן פון זיין פאָלק. ער איז נאָך גאָר אַ יונגיטשקער . . . זאָל ער טאַקע זיין אַזאַ ווי דוסיא מאָלט אים? הע־הע־הע, דוסיא זאָגט . . . ווי קומט זי, אַ קינד, נאָך אַלעמען, צו זיין אַ מבין אויף מענטשן, בפרט נאָך אויף אידן? . . . אָ, עס איז אַ באַהאַלטן ,מיסטעריעז פאָלק. ווער קען ביי זיי דערגיין וואָס זיי זענען, ווען זיי האָבן ליב אָדער פיינט?... אָבער קיין נאַרישע איז זי נישט, די אידישע ראַסע, דאָס קען מען נישט לייקענען. אָ, ניין, דאָס קען מען נישט לייקענען! . . .“

און צו בוזשען:

— איר זעט נאָך אויס צו זיין אַזאַ יונגיטשקער. ווי אַלט זענט איר?

—לויט מיינע יאָרן בין איך אַלט זיבעצן יאָר, — האָט בוזשע געענטפערט, — לויט מיין דערפאַרונג — בלויז עטלעכע וואָכן.

דער גלח האָט אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט נישט גלייך געכאַפּט וואָס אַזוינס דער יונגערמאַן וויל אַרויסברענגען. נאָכדעם האָט ער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, אַ וויג געטאָן אויף זיך די ברייטע אַרבל פון דער גלחישער טאָגע, און געזאָגט:

— דאָס איז זייער אַ באַשיידענער ענטפער, אויב ער איז נאָר אויפריכטיק.

—איך מיין אַלעמאָל דאָס וואָס איך זאָג. — האָט בוזשע קלאָר געענטפערט.

— און איר זאָגט שטענדיק דאָס וואָס איר מיינט?

— יאָ.

— אָבער דאָס איז נישט אַזוי לייכט, מיין פריינט. — האָט דער גלח אַ צערטל געטאָן דעם צלם אויף דער ברוסט, פּונקט ווי אים, דעם צלם און נישט בוזשען, וואָלט ער געמיינט מיט דעם וואָרט „פריינט“.

— איך ווייס עס.

— מען מוז האָבן אַ סך מוט. מען מוז קענען אויסשטיין זייער אַ סך אומאַנגענעמלעכקייטן.

— איך בין זיי שוין אין אַ גרויסער מאָס אויסגעשטאַנען. — האָט בוזשע אין אַ פּשוטן, נישט־מאַרטירערישן טאָן געזאָגט.

— שוין? — האָט באַגאַליובאָוו אַ לאַך געטאָן — אין די עט־לעכע וואָכן פון אייער לעבן?

— איבערלעבן אייביקייטן פון גהינומדיקע מאַטערנישן קען אַ מענטש אין געציילטע מינוטן. — האָט בוזשע גלייך געענטפערט. ער האָט נאָך חשק געהאַט צוצוגעבן: „איר, אַ פּריסטער, האָט דאָס גע־דאַרפט וויסן . . .“ ער האָט עס אָבער נישט געזאָגט. ער האָט באַ־שלאָסן צו זיין ווי ווייט מעגלעך צוריקגעהאַלטן און העפלעך דאָס ער־שטע מאָל. ווי ווייט עס וועט אים אויסקומען, צו האַלטן זיך אין דער פּאַרטיידיקונג־ליניע.

באַגאַליובאָוו האָט אָנגעהויבן אַרומשפּאַנען איבערן צימער. דער צלם האָט זיך געבאַמבלט אויף זיין ברוסט. אַזוי האָבן אויך געדאַנקען זיך געבאַמבלט אין זיין מח. איצטער האָט ער דערזען דאָס קליינע אידל, ווי ער האָט בוזשען אָנגערופן אין געדאַנק, אויפבליצן צום ערשטן מאָל. אַזאַ פלינקן טרעפלעכן ענטפער אויף אַזאַ באַמערקונג, פון וועלכער פיל עלטערע דערפאַרענע מענטשן וואָלטן זיך פאַרלוירן, האָט ער פון אים נישט דערוואַרט. ער איז נישט נאָר קלוג און טרעפלעך, דער ענטפער זיינער, נאָר אויך אינטערעסאַנט און באַלערנדיק, גאָר נישט ווי פון אַן איינפאַכן גימנאַזיסט, זאָל זיין פון אַ הויכן קלאַס. און ווי רייף און זעלבסט־זיכער ער נעמט־אויף אַן אַרויסרוף! ווי רואיק און זעלבסט־דיסציפּלינירנדיק ער האַלט זיך, כאָטש עס קומט אים, אמת, נישט אָן אַזוי גרינג . . . איז ער טאַקע מער נישט אַלט ווי די נישטיקע זיבעצן יאָר זיינע? — האָט באַגאַליובאָוו זיך אַליין געפרעגט, אַביסל אַרומשפּאַנענדיק און אַביסל זיך אָפּשטעלנדיק פון צייט צו צייט ביי דעם שאַפקעלע פון ביכער און כלומרשט דאָרטן עפּעס זוכן. ניין, ער איז מער נישט אַלט! — האָט ער באַשלאָסן ביי זיך. זיין פּנים איז יונג, זיין פיגור, כאָטש הויך געוואָקסן, איז אינגליש דין. בלויז דאָס מויל זיינס איז אַלט, די ווינקלען אַרום מויל זענען אַלט. אויך די אויגן ביי אים זענען תמיד, ווייזט אויס, אַזוי אָנגעשטרענגט, רויט. פון צופיל לייענען אודאי, פון צופיל וויזיעס, אפשר.

די דינסט האָט אַריינגעבראַכט אַ זודיקן סאַמאָוואַר מיט טיי. דאָס איבריקע האָט שוין געטאָן דוסיאַ. זי האָט אַליין אָנגעגאָסן,

אַליין דערלאַנגט. אינצווישן דער עובדה האָט מען געקענט זען, אַז זי שטודירט די לאַגע, אַז זי ברענט פון נייגעריקייט צו וויסן וואָס עס איז דאָ פּאָרגעקומען אין דער צייט, ווען זי איז דאָ נישט געווען. וועגן וואָס מען האָט גערעדט. ווי אַזוי. בשעתן גיסן דאָס קאַכיקע וואַסער אין די גלעזער, האָט זי, דורך דער פּאַרע, איבערגעשיקט פאַר־גגבעטע בליקן דאָ צום פאָטער אירן, דאָ צו באָריסן, מערסטנס טאַקע צו באָריסן. אָבער זי האָט אויף דעם אופן גאָרנישט געקענט דערגיין. באָריס האָט געהאַלטן זיינע אויגן אָפּגעווענדט פון איר. ער האָט געהאַלטן זיין קאָפּ אין דער נידער. עס איז קענטיק געווען, אַז ער איז געווען פאַרטראַכט. לעבן די אונטערשטע וויעס האָבן די הויטן ביי אים געגלאַנצט.

אַלע דריי האָבן געטרונקען טיי. בוזשע און דוסיא האָבן עס גע־מאַכט שטיל און מאַנירלעך. דער גלח, אָבער, האָט געזופּט הויך אויפן קול. ער האָט ליבלעך ארומגעהאַלטן דאָס הייסע גלאָז און האָט זיך, קענטיק, געקוויקט מיט דער אָנגענעמער וואַרימקייט, וואָס האָט דערפון געשטראָמט.

אָפּגעטרונקען איינס, האָט ער זיך גענומען צום צווייטן גלאָז; אָפּגעטרונקען דאָס צווייטע, האָט ער זיך גענומען צום דריטן. ער האָט זיך געלאָזט באַדינען פון זיין טאָכטער. ער האָט דערביי אַזש צו־פרידן און הנאהדיק אונטערגעקרעכצט. זיין פול פּנים, וואָס איז פריער געווען בלאַסלעך, איז איצטער געוואָרן פול מיט קאָלירן, מערסטנס רויטע קאָלירן. אויף דער היפּשער פליישיקער נאָז האָבן זיך גענומען אָפּזעצן גלעזערנע שווייסעלעך.

— נע, דו ווייסט, — האָט ער, צווישן איין זופּ און דעם אנ־דערן, געזאָגט צו זיין טאָכטער — ער רעדט זייער אַ גוטן רוסיש, דער פריינט דיינער...

— טאַקע? — האָט זי געפרעגט, כאָטש זי האָט דאָס אַליין זייער גוט געוואוסט. זי האָט דאָס אָבער געטאָן מיט דער כוונה אריינצו־פירן זיי אין דעם שמועס, וואָס זי איז געווען אַזוי נייגעריק צו הערן. אָבער אַזוי ווי בוזשע איז ביי דעם קאָמפּלימענט געבליבן זיצן גלייכ־גילטיק, ווי נישט אים מיינט מען, איז דער פאָטער אירער אויך אַנט־שוויגן געוואָרן און האָט אונטערגעשטעלט דער טאָכטער דאָס פערטע ליידיקע גלאָז אויף אָנצופילן עס.

דוסיא איז געווען אַנטוישט און באַאומרואיקט. זי האָט אָנגע־הויבן צו טראַכטן, אַז די צוויי האָבן דאָ אפשר געהאַט אַ שטיקל צו־זאַמענשטויס. אָדער, צי האָט דער פאָטער אירער מיט עפּעס נישט

ווי געטאָן דעם איבער־סענסיטיוון באַריסן? זי האָט זיך אָבער גלייך באַרואיקט, ווען דער פּאַטער האָט פאַרענדיקט דאָס פּערטע גלאָז טיי. ער האָט אַרויסגענומען אַ טיכל פון בוזים קעשענע, וואוהין ער האָט געמוזט אַריינשטעקן די האַנט גאַנץ טיף, אַזש ביז איבער דעם עלנבויגן, ער זאָל עס קענען דערלאַנגען. ער איז עטלעכע מאָל דורכגעגאַנגען דערמיט דאָס פּנים, דעם שטערן, האָט צו ביסלעך אַריינגעשנייצט אַהין, נאָכדעם האָט ער זיך ערשט אָפּגערופן צו בוזשען:

— יאָ, מיין פריינט, איר רעדט רוסיש נישט ערגער ווי אַן עכטער רוס. האָט איר באַזוכט וואָסערע אַנדערע שולן אויך, אַ חוץ אונזער שטאָטישער גימנאַזיע?

— ניין. — האָט בוזשע געענטפערט — די היגע גימנאַזיע איז ביז איצט געווען דער איינציקער קוואַל פון וועלכן איך האָב געשעפּט מיין רוסישע אויסשפּראַך.

— פאַרקערט איר אין רוסישער געזעלשאַפט?

— עס טוט מיר לייד. איך האָב נישט די ערע... אַ חוץ, לעצטנס, אַביסל מיט אייער געשעצטער טאָכטער...

דוסיאַ האָט זיך אַ רויטל געטאָן אויף איר פּלאַץ.

— עס איז מסתמא אייער שולד. — האָט באַגאָליובאָוו געזאָגט — אַזוי ווייט ווי מיר איז באַקאַנט וואָלט אַזאַ מענטש ווי איר נישט געהאַט קיין שוועריקייטן צו באַטרעטן אַן אמת רוסישן קרייז.

— עס איז זייער שיין פון אייך אַזוי צו טראַכטן, — האָט בוזשע געענטפערט און דוסיאַ האָט באַמערקט ווי אַ לעבהאַפטער קאָליר האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן אין זיינע באַקן, — אָבער איך בין נישט זיכער, צי עס שטימט טאַקע מיט די פאַקטן — איך בעט מיר צו אַנטשולדיקן פאַר דער אָפנהאַרציקייט. אחוץ דעם, עס קען זיין, אַז די שוועריקייט זאָל אויך קומען פון מיין זייט.

— וואָס מיינט איר? — האָט דער גלח נישט געכאַפּט.

— איך מיין גאַנץ איינפאַך: — האָט ער זיך אַ נערוועזן רודער געטאָן אויף זיין פּלאַץ—פּונקט ווי די אמת רוסישע קרייזן נעמען זיך דאָס רעכט צו קלייבן און זיפּן זייערע פריינט אָדער באַקאַנטע, מעג דאָך די זעלבע רעכט האָבן דער אַנדערער צד אויך...

אויף אַזאַ ענטפער האָט זיך דער גלח נישט געריכט. ער האָט אָנגעהויבן אַוועקצורוקן און צוצורוקן דאָס אויסגעליידיקטע גלאָז פון זיך. ער האָט געפּויקט מיט די קורצע, אויסגעפּאַשעטע פינגער אין טעצל און אַלע ווייַלע אָנגעקלאַפּט דאָס לעפעלע אינעם גלאָז. דוסיאַ, וועלכע איז געזעסן אין אַ ווינקל פון דער קאַנאַפּע, אָנגעשפּאַרט די

פּלייצע אָן דעם צעראַטעוועם אָנלען, האָט דאָס באַמערקט און זיך אינערלעך צושמייכלט. עס האָט איר הנאה געטאָן איר פּאַטערס פּאָזיציע, וואָס כאָטש, ווי זי האָט געזען, זי האָט אָנגעהויבן ווערן ענג, איז זי אָבער נישט געווען ערנסט געגוג, אַז זי, דוסיא, זאָל זיך דאַרפֿן זאָרגן דערפֿאַר. „אָרים פּאַפּקעלע,“ האָט זי בלויז צו זיך אַ טראַכט געטאָן, „איך האָב דיך געוואָרנט, אַז וועסט מיט אים האָבן אַ שווער שטיקל אַרבעט...“

— ווי איך זע, מיין פריינט, — האָט דער גלח אָנגעהויבן איינזען, אַז ער האָט דאָ פֿאַר זיך אַ שטאַרקן און מוטיקן אָפּאָנענט, — פֿאַרגעסט איר, אָדער איר ווילט פֿאַרגעסן, די ספּעציעלע אומשטענדן, וואָס עקזיסטירן...

— איר מיינט די פּריווילעגירטע פּאָזיציע פֿון איין צד און דער נידעריקער שטאַנד פֿונם צווייטן צד...

— אָ, איר קענט זיין זייער סאַרקאַסטיש, מיין פריינט...

— דאַרף מען צו דעם אויך בלויז זיין פּריווילעגירט?...

— האַ־האַ־האַ! — האָט דער גלח געלאַכט מיט נישט קיין עכט און געצוואונגען געלעכטער — אויף אַזאַ אופֿן ווענן מיר, האָב איך מורא, נישט קענען אָנגיין מיט אונזער אינטערעסאַנטן שמועס...

— עס טוט מיר לייד, הער באָגאָליובאָוו, אָבער עס איז נישט מיין שולד. מען האָט שוין פֿון אונז צוגענומען זייער אַ סך. וואָלט נישט געווען רעכט אונז איבערצולאָזן דאָס קליינע ביסעלע שטאָלץ, דאָס קליינע ביסעלע ווירדע, וואָס איז אונז פֿאַרבליבן?...

ער האָט דאָס אַרויסגערעדט מיט פּאַטאָס און מיט אַ סך מיטגעפֿיל. זיין שטים, אַ שטים פֿון אַ זיבעצן־יאָריקן יונגעמאַן, וואָס האַלט זיך אין ענדערן, דאָ איז זי אינגליש־דין, דאָ מענעריש־דיק, האָט אויסגעהאַקט אַן אינטאָנאַציע, וואָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. זיין איידל, ענערגיש פּנים האָט זיך אָנגעטאָן מיט צער. צווישן די פֿינגער האָט ער געדרייט אַ שטיקל פּאַדים, וואָס ער האָט אַרויסגעצופּט פֿון זיין רעקל.

— אַנטשולדיקט! — האָט באָגאָליובאָוו געזאָגט — איך האָב נישט געוואוסט, אַז איר זענט אַזוי נאַציאָנאַל באַוואוסטזיניק און, מעג איך זאָגן, נאַציאָנאַל עמפּפֿינדלעך. ווען איך ווייס, זאָג איך אייך דאָס נישט, כאָטש איך האָב, ווי איר פֿאַרשטייט, נישט געמיינט אייך פּערזענלעך.

— און איך נעם זיך נישט אָן פֿאַר מיר פּערזענלעך! — האָט בוזשע באַלד געענטפֿערט — איך נעם זיך אַפֿילו נישט אָן פֿאַר מיין

פאָלק, דעם אידישן פאָלק. איך שטעל זיך בלויז קעגן דער דיסקרי־מינירונג און קעגן דער מיסהאנדלונג פון יענע מענטשן, וועלכע זע־נען, לויט מיין מיינונג, פונקט אזוינע בירגער ווי די, וועלכע האלטן זיך פאר פריווילעגירטע . . .

— און אזוי ווי איך רעד שוין אָפן, — האָט ער, נאָכן אָפּציען דעם אָטעם, פאָרגעזעצט, — וויל איך שוין דאָ גלייך זאָגן, אז מיך וואונדערט באזונדערס אויף די גייסטלעכע, אויף די פריסטער, וועל־כע דארפן מער ווי אנדערע וויסן, אז ביי גאָט זענען אלע מענטשן גלייך — אלע, אָן אונטערשיד פון גלויבן, אָן אונטערשיד פון ראסע!...

— יאָ, עס איז אָבער אַ פראגע וועלכן גאָט איר מיינט: — האָט דער גלח פרום געגלעט דעם צלם אויף דער ברוסט — דעם גאָט יע־האָווא, צי דעם גאָט יעזוס קריסטוס...

בוזשע איז עטוואס צוטומלט געוואָרן פון די רייד. אויף אזא פראגע פון דעם גלח האָט ער זיך נישט געריכט. אויף וויפיל אים איז געווען באקאנט, האָט אַן אָרנטלעכער קריסט, אפילו אַן אָרנטלעכער גלח, אלע מאָל צוגעגעבן, אז מער ווי איין גאָט איז אויף דער וועלט נישטאָ — איין גאָט פאר אלעמען.

ער האָט דעריבער אַ ווײַלע געשוויגן. עס איז אים שווער געווען אָנצוכאפּן דעם ריכטיקן וועג ווי אזוי צו רעאגירן אויף דעם. אַ חוץ דעם, האָט ער זיך נישט געפילט גענוג שטארק אין דער פראגע פון רעליגיע, ער זאָל קענען פריי אויפנעמען אַ דיסקוסיע מיט אַ גלח.

— און איך האָב אלע מאָל געמיינט, אז עס איז נישט מער פאַ־ראַן ווי איין גאָט אויף דער וועלט.— האָט ער שטיל און אָן סאר־קאזם ארויסגעזאָגט.

דער גלח, אָבער, וועלכער האָט שוין געהאַט די געלעגנהייט אויפ־צוכאפּן אין דעם „קליינעם אידל" עטלעכע בייסיקע פונקען פון איראָ־ניע, האָט דעם דאָזיקן תמימותדיקן זאָג זיינעם איצטער אויך אָנגע־נומען אלס אַ שטאָך אין זיין זייט אריין. האָט ער דערפאר באַשלאָסן צוריקצושטעכן נישט באהאלטענערהייט, ווי יענער, נאָר אָפן און דירעקט.

— עס איז ריכטיק. — האָט ער געענטפערט — עס איז טאקע פאראַן נישט מער ווי איין גאָט, אָבער— פאר די גלויביקע!

—גלויביקע אין וואס? — האָט בוזשע געפרעגט.

— אין דעם גאָט יעזוס קריסטוס. — האָט דער גלח געענטפערט מיט אַ פרומער מינע, שטייפנדיק דעם צלם אין זיין האַנט.

— און די וועלכע גלויבן אין אַן אנדערן גאָט? זייער גלויבן

איז קיין גלויבן נישט? — האָט בוזשע ווייטער געפרעגט, פון אויבן־אויף גאַנץ רואיק און איינגעהאַלטן, אָבער מיט אַ מערקבאַרן ציטער פון אויפרעגונג אין זיין אונטער־טאָן.

— אַלס אַ גייסטלעכער פון איין רעליגיע האָב איך יעדע מאָ־ראַלע רעכט צו ענטפערן אויף דעם מיט אַ פעסטן און זיכערן ניין! — האָט באַגאָליובאָוו געענטפערט גענומען ציילן די ווערטער, פונקט ווי ער וואָלט איצטער אָפּגעריכט אַ מעסע — אָבער איך וועל עס נישט זאָגן. איך וועל, זאָל זיין צוליב טאָלעראַנץ, צוגעבן, אַז דער גלויבן אין אַנ־דערן, אויסגעטראַכטן, גאָט איז אויך אפשר עפּעס, דערפאַר אָבער קען קיין שום צווייפל נישט זיין אין דער עקזיסטענץ פון אונזער באַ־שאַפער יעזוס קריסטוס!

און ער האָט זיך דערהביי פרום איבערגעצלמט.

דוסיאַ, וועלכע האָט זיך געפונען אין צימער, האָט נישט גע־וואוסט ווי אַזוי צו האַנדלען אין דעם מאָמענט. לויט געוואוינהייט און רעספּעקט צום פאָטער, דאַרף זי זיך מיטצלמען. אָבער באָרים — וואָס וועט וועגן דעם טראַכטן באָרים? וועט עס נישט הייסן, אַז זי שטעלט זיך אין דעם פאַל אינגאַנצן אויף דער זייט פון איר פאָטער? וועט עס דען נישט דורכאויס אויסקומען, אַז זי נעמט אַ צד? און ער — ער אַליין וועט דאָך האָבן דאָס רעכט צו טראַכטן, אַז זי האָט אים אַהער פאַרנאַרט אין אַ פיינטלעכן לאַגער און ער מוז אַליין אויסקעמפן זיין פּאָזיציע צווישן די פרעמדע, די שונאים. „ניין“, האָט זי געזאָגט צו זיך אין דער שטיל, „איך קען דאָס נישט טאָן. באָרים איז פלינק און ער וועט עס באַמערקן; באָרים איז עמפינדלעך און ער וועט עס מיר נישט מוחל זיין!...“ — האָט זי נאָך אַמאָל אַ שטילן זאָג געטאָן צו זיך און איז געבליבן זיצן אין אַן אומבאַקוועמער, אומזיכערער פּאָזע, מיט אַן אָנגעשפּיצטן ווייז־פינגער, וועלכן זי האָט געהאַלטן גרייט דורכצוקרייצן איר פּנים.

—צי קען דען נישט יעדער גלוביקער מענטש זאָגן, אַז די עק־זיסטענץ פון זיין גאָט איז די סאַמע זיכערסטע און אומצווייפלהאַפט־סטע זאַך? — האָט בוזשע צוריקגעשלאָגן.

— צום באַדויערן איז עס אמת. — האָט באַגאָליובאָוו באַשלאָסן אַרויסצואַווייזן גרויסמוטיקייט — איך גיב־צו, אַז עס זענען נאָך ליי־דער פאַראַן אַ סך פאַרפירטע...

און ער האָט דערביי אַרויסגעלאָזן אַ שווערן קרעכץ.

— אָבער דאָס ענדערט פונדעסטוועגן נישט די לאַגע. — האָט ער ווייטער געזאָגט — די לאָגיק איז אויף אונזער זייט. אונזער גאָט,

דער קריסטלעכער, איז אַ פֿאַקט. מען האָט אים געזען. מען האָט אים געהערט. מען איז געקומען מיט אים אין באַרירונג. מען ווייסט ווי אַזוי ער האָט אויסגעזען — דאָס הייסט ווי אַזוי ער קוקט אויס!...
— האָט ער זיך פֿאַרכאַפּט — אָבער מיט אַנדערע רעליגיעס איז עס נישט אַזוי... נו, זאָל איך נישט פֿאַרדריסן, יונגער מענטש... — האָט ער זיך דירעקט אַ ווענד געטאָן צו בוזשען, וועלכער איז געזעסן און האָט געבויגן די שטול, אויף וועלכער ער האָט זיך געפּונען, אַהין און אַהער — נעמט עס נישט אַלס אַ פּערזענלעכע באַליידיקונג, ווען איך וועל אייך וואָס פֿרעגן...
— איר קענט פֿרעגן, הער באַגאַליובאַוו...
— זאָגט מיר, יונגער מענטש: צי האָט ווער עס איז ווען עס איז געזען דעם אידישן גאָט? צי ווייסט עמיצער ווי אַזוי ער קוקט אויס? צי האָט עמיצער אַמאָל געהערט זיין קול? זאָגט... איר זענט דאָך, ווי איך זע, אַ יונגערמאַן וואָס ווייסט און פֿאַרשטייט אַן עסק...
— אויף וויפֿיל מיר איז באַקאַנט, — האָט בוזשע געענטפֿערט, — האָבן עטלעכע הייליקע פֿון דער ביבלישער צייט גערעדט מיט דעם אידישן גאָט און אפֿשר אים געזען אויך. ווי, צום ביישפּיל, משה און אברהם. אָבער איך קען זיך נישט אונטערנעמען צו רעדן וועגן דעם אַ סך, ווייל איך האָב, ליידער, נישט שטודירט די דאָזיקע עפּאָכע.
— איר מיינט, אַז איר זענט אין קיין העברעאישן חדר נישט געגאַנגען? — האָט באַגאַליובאַוו פֿאַרוואונדערט געפֿרעגט.
—בין געגאַנגען. — האָט בוזשע געענטפֿערט — האָב געלערנט. אָבער עס איז נישט גענוג. מען לערנט דאָרטן גלויבן אָבער נישט פֿאַרשטיין. און איך וויל דווקא יאָ פֿאַרשטיין...
— נו, זיכער. — האָט דער גלח אויסגערופֿן אַ זיגערישער — לאָגיק! וועלכע נאָך רעליגיע קען זיך אויסצייכענען מיט אַזאַ לאָגיק, ווי די קריסטלעכע!...
— לאָגיק? — האָט בוזשע געזאָגט — ווי קומט לאָגיק צו רע־ליגיע? ווי איך פֿאַרשטיי רעליגיע, איז זי אינגאַנצן באַזירט אויף גע־פֿיל, אויף פֿאַנטאַזיע. מען טאָר נישט שטעלן קיין פֿראַגעס ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט און ווי אַזוי יענס האָט פּאַסירט. און הויבט מען אָן צו פֿרעגן, שטעלן קשיות, ווערט מען דאָך באַטראַכט פֿאַר אַן אפּיקורס, פֿאַר אַ זינדער, אַ לעסטערער...
— דאָס, מיין פֿריינט, איז אפֿשר ביי אייך אַזוי, — האָט דער גלח זיך געאיילט צו ענטפֿערן.

— ביי אונז אַליין? נו, און ביי אייך, און ביי די מאַכמעדאַ־נער, און ביי די בודיסטן, און ביי אַלע אַנדערע רעליגיעס איז דען נישט אַזוי?...

— עס איז אַן אונטערשיד, אַ גרויסער אונטערשיד... — האָט דער גלח זיך אָנגעהויבן קנייטשן און דורכזיפּן דורך דער נאָז די אָנגעזאַמלטע אומצופרידנקייט. ער האָט גלייכצייטיק גענומען ארומ־שפּאַנען איבערן צימער, זיך אָפּגעשטעלט פון צייט צו צייט ביים שאַפּקעלע פון ביכער, ווידער געשפּאַנט. די ברייטקייט פון זיין טאָגע האָט געבאַלעבאַטעוועט איבערן שטח, איבער וועלכן אים איז אויס־געקומען צו שפּאַנען. די ברייטע אַרבל האָבן געפלאַטערט איבער זיינע הענט און דער צלם האָט זיך נערוועז געבאָמבלט אויף זיין האַרץ. בוזשע האָט באַמערקט זיין אויפגערעגטקייט און ער האָט זיך פון דעם עטוואָס באַאומרואיקט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דוסיאַן. זי האָט אים געענטפערט מיט אַ פאַרערנדיקן שמייכל. פון דעם איז אים גרינגער געוואָרן אויפן האַרץ און ער האָט אָנגעהויבן נאָכקוקן דעם גלח מיט אַ דינעם שפּאָטישן שמייכל.

— מיין פריינט, — איז דער לעצטער צוגעקומען צו אים און האָט אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיין אַקסל, — איר האָט, מוז איך אייך צוגעבן, אַ סך מוט. עס פּאַסט אייך צו זיין אַן אַמאָליקער ריטער. זאָגט מיר: זענט איר אַליין רעליגיעז געשטימט, צי ניין?

— איך האָב מורא, אַז נישט. — האָט בוזשע געענטפערט.

— פאַרוואָס נישט, אויב איך מעג פרעגן?

— איך וויים אַליין נישט. — האָט בוזשע אַרויסגערעדט, ווי ער וואָלט זיך אַליין באַדויערט — עס מוז זיין מיין אייגענע שולד. איך בין, ווייזט אויס, נישט פעאיק צו פאָלגן בלינדערהייט, צי דאָס איז גאָט, צי דאָס זענען מענטשן. איך מוז זען דערביי אַ געדאַנק, אַ לאָגיק. איך מוז, אין אַנדערע ווערטער, נישט נאָר אויפנעמען אַ זאַך מיטן געפיל, נאָר אויך מיטן געדאַנק. און דערפאַר, האָב איך מורא, קען איך שוין קיין אמת־רעליגיעזער מענטש נישט זיין...

— איר האָט זיך געמוזט אַ סך אָנלייענען מיט די גאָטלאָזע פי־לאָזאָפן. — האָט באַגאָליובאָוו אי געפרעגט, אי דאָס כמעט אַליין באַשטעטיקט.

— יאָ. — האָט בוזשע געענטפערט — אָבער זיי זענען נישט גאָטלאָז. יעדער פילאָזאָף איז אַ הויך־רעליגיעזער מענטש — עס איז אַן אַנדער סאָרט רעליגיע, פאַרשטייט זיך. אַ רעליגיע פון פאַרשטאַנד, פון פאַרנונפט, פון ערדישקייט, פון מעגלעכקייט...

— נו, איר האָט אַ רעכט צו אייערע איבערצייגונגען. — האָט דער גלח אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַביסעלע אומגעדולד. — סוף כל סוף זענט איר נאָך פאַרט זייער יונג און איר וועט נאָך אַ סך מאָל ענדערן אייערע מיינונגען... נישט אַזוי, דוסיא? — האָט ער זיך איצטער צום ערשטן מאָל געווענדט צו דער טאָכטער מיט אַ פראַגע.

— וואָס קען איך זאָגן, פאָטער! — האָט זי געענטפערט אַ פאַר־רויטלטע — איך האָב מורא זיך אַריינצומישן. אָבער ווען דער פּאַפּאַ וועט מיר דערלויבן אַרויסצוזאָגן פריי מיין מיינונג...

— אָ, גרייטסט זיך שוין צו, זע איך, צו האַלטן מיט אים... — האָט דער גלח אויסגערופן דווקא אָן פאַרדראָס — מילא, נו, רעד. וועל איך האָבן צוויי שונאים אָנשטאָט איינעם . . .

— נישט קיין שונאים, פאָטער, נאָר ערלעכע אָפּאָנענטן. אָבער איך וועל אין דעם פילאָזאָפישן טייל סיי ווי נישט נעמען קיין אָנטייל. איך האָב נאָר געוואָלט זאָגן, אַז וואָס אַנבאַלאַנגט דער עלטער פון דעם מענטש און זיינע איבערצייגונגען, מוז איך האַלטן מיט באָריסן... כ׳מיין, מיט ריינאַרסקין... איר זאָגט אויך אַמאָל געווען אין אונזערע יאָרן, פּאַפּאַ, און איר ווייסט, אַז עס טוט ווי אַ יונגן מענטש, ווען מען מאַכט צונישט זיינע אידייען, ווען מען זאָגט אים, אַז זיי זענען בלויז ציטווייליק, דאָס הייסט פלאַך, אויבן־אויפיק...

— אָ, די עמפינדלעכע יוגנט! — האָט דער גלח געלאַכט — מען טאָר זי גאָר נישט אָנרירן. נו, דאָס איז אַ קליינזיקייט. אַז מיר וועלן לעבן וועלן מיר זען. און איצטער, מיין פריינט,—האָט ער זיך אויסגע־דרייט צו בוזשען, — טוט מיר ליד, וואָס איך בין געצוואונגען איבער־צורייסן אונזער אינטערעסאַנטן שמועס. איך מוז זיך איצט אַוועק־זעצן צוגרייטן אַ זונטיק־מעסע. זיין הייליקייט, דער יעפּיסקופּ טרי־נאָסרעבריאַקאָוו פון דעם אָרדן „דער הייליקער וואָלאַדימיר" קומט אַהער... נו, ביי אייך איז דאָך דאָס אודאי אַלץ נאַרישקייטן... פונ־דעסטוועגן זאָג איך אייך נאָכאַמאָל, אַז ווען איר וועט אַביסל עלטער ווערן, וועט איר אַליין אָנהויבן איינזען די שיינקייט און די אומענד־לעכע טיפקייט פון רעליגיע — באַזונדערס פון דער קריסטלעכער רע־ליגיע, און גאַנץ באַזונדערס פון דער פּראַוואָסלאַוונער... נו, צום ווי־דערזען, מיין יונגער פריינט, — האָט ער בוזשען אויסגעשטרעקט די האַנט, — און קומט צוגיין וואָס אָפטער. אפשר וועל איך אייך אַמאָל קענען אַרויסהעלפן מיט אַ בוך — כ׳מיין, פאַרשטייט איר, אַ טעאָ־לאָגישן בוך... אָבער אפילו אַן אַטעאיסטיש בוך קען זיך נאָך אַמאָל ביי מיר פאַרוואַלגערן פאַר אייערטוועגן — האַ־האַ־האַ!

זיין געלעכטער, ווי אויך דער האַנט־דרוק, האָט בוזשען איצטער אויסגעזען צו זיין אַ סך עכטער ווי פריער. בוזשע האָט אים, פון זיין זייט, אויך באַדאַנקט פאַר דער אנגענעמער און באַלערנדיקער שעה, וואָס ער האָט געהאַט, פאַרברענגענדיק אין זיין געזעלשאַפט.

דוסיאַ האָט בוזשען צוגעפירט ביז צו דער טיר. וואָס די צוויי יונגע מענטשן האָבן דאָרטן צווישן זיך גערעדט, האָט דער גלח נישט געוואוסט. נאָר ווען דוסיאַ איז צוריק אַריינגעקומען און האָט זיך גענומען אָפּראַמען דאָס טישל פון דעם סאַמאָוואַר און גלעזער, האָט זי דער פאָטער צוגערופן צו זיך. ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט, אַריינגעקוקט איר אין די אויגן, און געפרעגט:

—זאָג, טאָכטער, האָסט אים ליב ?

— יאָ. — האָט זי געענטפערט און אַרונטערגעלאָזט די אויגן.

— טאָ זע, ער זאָל ווערן אַ רוסישער. — האָט ער געזאָגט און זיך פאַרטיפט אין די פּאַפּירן.

---

בוזשע איז געוואָרן אָן אָפטער אַריינגייער ביים גלח אין הויז. שעהן־לאַנג פלעגן זיי ביידע אָפּזיצן און רעדן, דעבאַטירן, זיך אַמ־פּערן וועגן אַזוינע דעליקאַטע פראַגעס ווי רעליגיע, ראַסע און נאַציע. דער אַלטער גלח האָט אים אַריינגענומען אין זיינע הענט און אים שוין נישט געוואָלט צוריק אַרויסלאָזן. באַגאַליובאָווס צוועק איז דאָ געוועזן זייער אַן ערלעכער און אַ נאָבעלער: ער האָט געוואָלט ראַטעווען אַ נשמה. ער האָט אין דעם יונגנמאַן דערזען גרויס פעאיקייט. ער האָט באַוואונדערט זיין שאַרפן מח און אויסערגעוויינלעך ברייטע אינטעליגענץ פאַר זיינע יאָרן.

—וואָס האַלט איך דאָרטן ? — האָט ער זיך געווענדט צו בו־זשען אין איינעם פון זייערע הייסע שמועסן מיט דער אָפענער און בלו־טיקער פראַגע — וואָס דערוואַרט איך ביי אייער פאָלק ?

— האַלטן האַלט מיך דאָרטן, צום סאַמע ערשטן, דער בונד מיט מיינע עלטערן. — האָט בוזשע געענטפערט — און צווייטנס . . .

— בונד מיט די עלטערן . . . — האָט אים דער גלח איבער־געשלאָגן — איך האָב אייך שוין אַזוי פיל מאָל געהערט זאָגן, אַז איר זענט נישט קיין סענטימענטאַלער, און אַז אויב אייערע עלטערן וואָלטן באַגאַנגען אַ וועלכן נישט איז פאַרברעך אָדער אַ וועלכע נישט איז עולה, וואָלט איר געווען פון די ערשטע זיי צו פאַרדאַמען און צו טאַדלען . . .

—אָבער איך האָלט נישט, אַז מיינע עלטערן זענען באַגאַנגען א װעלכן עס איז פאַרברעך קעגן װעמען מיט דעם װאָס זיי זענען געבוירן געוואָרן אידן! . . . — האָט בוזשע געענטפערט מיט פייער — און צװייטנס, װאָס דערװאַרט מיך דען, אַ שטייגער, ערגעץ אַנדערש?...

— װאָס עס דערװאַרט אייך? ! —האָט דער גלח אַזש אױפגעשריגן פון בלומרשטער פאַרװאונדערונג און פון עכטער פרייד, װאָס ער האָלט שוין, קענטיק, מיט אים אױף אַ דרך — מיין גאָט, יעזוסעס דינער! . . . װאָס הייסט װאָס עס דערװאַרט אייך? אַ קאַריערע דערװאַרט אייך, ברייטע, אומבאַגרעניצטע מעגלעכקייטן צו שטודירן, צו װאַקסן, װערן גרױס, באַרימט — מיין גאָט, אַלערהייליקער סינאָד! װאָס אייך דערװאַרט אַלץ! ...

די שטענדיקע רואיקייט פון גלחס פּנים איז פאַרשװאונדן. די דיקלעכע זאַטקייט פון זיינע באַקן איז װי אַריינגעפאַלן אין מויל. די געמאָסטנקייט פון זיין טראָט און די מעסיקייט פון זיין האַנט־באַװעג איז איצטער אויך אַװעק.

— איך גיב־צו, אַז מיך ציט צו לערנען, צו שטודירן, צו װאַקסן, און, קען זיין, צו באַרימטקייט. — האָט בוזשע געזאָגט מיט אַ שטיל פאַרטרויערט קול, מיט אַ שטילן, פאַרבענקטן בליק אין די אויגן — איך גיב־צו, אַז איך קען עס דאָ, אין רוסלאַנד, נישט דערגרייכן, נישט קוקנדיק אויף דעם װאָס מיינע עלטערן זענען פאַרמעגלעך. נו, װעל איך פאָרן קיין אויסלאַנד. דאָרטן זענען אַלע טירן אָפן. דאָרטן װעט מען שוין נישט דיסקרימינירן קעגן מיר. דאָרטן װעל איך קענען אומגעשטערט אָנגיין מיט מיין לערנען.

— דאָ מאַכט איר עטלעכע טעותן אויף אַמאָל, מיין פריינט. — האָט באָגאָליובאָװ דערװידערט — ערשטנס, זאָלט איר זיך גאָר נישט נאַרן. איר מעגט װיסן, אַז אויך אין אויסלאַנד, באַזונדערס אין די אַזוי גערופענע אינטעלעקטועלע קרייזן, הערשט שוין גאָר אַ גרויסע דיסקרימינאַציע קעגן אייערע. איך װייס עס פון פערזענלעכע גרוסן, װאָס איך האָב אָפּגענומען. אפשר עטװאָס מילדער װי ביי אונז, אָבער די דיסקרימינאַציע עקזיסטירט. צװייטנס, איר האָט דאָ דערמאָנט אייערע עלטערנס געלט. פון אייך, זעט איר, האָב איך דאָס נישט דערװאַרט צו הערן. איר, מיט אייער שטאָלצן כאַראַקטער, מיט אייער רייפן געדאַנק, װעט זיך אַװעקזעצן לערנען אויף דעם חשבון פון אַנדערע, זאָל זיין אפילו פון אייערע עלטערן — ניין, מיין פריינט, איך קען אייך שוין, דערלויבט מיר, אַ שטיקל צייט, און עס גלויבט זיך מיר נישט, אַז איר זאָלט אַזאַ זאַך מיינען ערנסט.

— ווי דען אַנדערש קען איך שטודירן, אויב נישט אויף אַזאַ אופן ? — האָט בוזשע געפרעגט.

— ווי דען אַנדערש ? דאָס איז, אַנטשולדיקט מיר, זייער אַ נאַ־איווע פראַגע. איר קענט שטודירן אויף מעדאַלן ! וואָס, איר וואונ־דערט זיך? וואונדערט זיך נישט, מיין פריינט. איך פאַרזיכער אייך, אַז אַן אַנדערער אויף אייער פּלאַץ, נישט קיין איד, מיט די זעלבע ברילִיאַנטענע פעאיקייטן, מיט דעם זעלבן שאַרפן קאָפּ, וואָלט קיין גראָשן געלט נישט געדאַרפט צאָלן פאַר זיין שטודיום. נישט נאָר וואָלט עס אים אויסגעהאַלטן גימנאַזיע פריי, נאָר אויך אוניווערזי־טעט, און נאָכדעם וועלכן נישט איז פאַקולטעט ער וואָלט נאָר אַליין וועלן . . .

, בוזשע האָט געשוויגן. ער איז געזעסן און האָט גוט דורכגעטראַכט דעם גלחס רייד. באַגאַליובאָוו, אַ צופרידענער פון זיך, איז געזעסן אַנטקעגנאיבער אים און האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דעם שטול־אָנלען. ער האָט געווישט די אָנגעלאָפענע טראָפּנס שוויים פון זיינע פולע, גלאַנציקע באַקן.

— איך נעם אָן, אַז איר זענט גערעכט, — האָט בוזשע געזאָגט, מיט אויפגעפּראַלטע אויגן, אָנגעפילט מיט גאָלד־מעדאַלענע וויזיעס, — וואָס־זשע אָבער נאָכדעם ?

— נאָכדעם ? — האָט דער גלח אויסגעשריגן אויף אַן אומ־גלויבלעך יונג, קוויטשיק קול — נאָכדעם זענט איר אַן אויסשטודיר־טער מענטש, אַ געזיכערטער, מיט אַ שיינער קאַריערע, מיט אַ ליכטי־קער צוקונפט. איר קענט באַשטימט ווערן פאַר אַ ריכטער. איר קענט ווערן קייזערלעכער דאָקטאָר. איר קענט אָנקומען אין דער דומע. וואָס ווייטער . . . עס האָט דען אַ שיעור וואָס ווייטער ? . . .

און זעענדיק, אַז זיינע רייד ווירקן אַלץ מער און מער, האָט ער זיך צוגעבויגן צום יונגנמאַן און מיט אַ ווי ווייט מעגלעכער זאַנפט־קייט אין זיין קול פאָרגעזעצט :

— און פאַרגעסט נישט, מיין פריינט, אַז איר זענט, אַ חוץ אַלע־מען, נישט קיין רעליגיעזער. אויב איר קענט דאָס נישט טאָן מיטן האַרץ, טוט דאָס מיטן מח, מיט לאָגיק . . . ,

בוזשע פלעגט פון אָט די שמועסן אַוועקגיין אַ צעוודערטער, אַ צונומענער ביזן ביין. „נו, איך בין נישט אַזוי נאַאיוו ווי באַגאַליו־באָוו מיינט אפשר“, האָט ער צו זיך געזאָגט, „איך ווייס, אַז ער מיינט נישט מיין טובה. ער וויל ראַטעווען אַ נשמה. אָבער אַ סך אמת איז פונדעסטוועגן פאַראַן אין זיינע רייד. וואָס דערוואַרט טאַקע אַזאַ ווי

מיך אין רוסלאַנד ? אָנגעגומען, אַז איך האָב שוין פאַרענדיקט די גימ־נאַזיע, וואָס־זשע וועט זיין ווייטער ? קיין אוניווערזיטעט איז אין זאַמאָשטש נישטאָ. אַוועקפאָרן שטודירן אין אַן אַנדער שטאָט וועלן מיינע עלטערן מיך מסתמא נישט לאָזן. זיי וועלן אודאי וועלן מיך חתונה מאַכן. און אויב אַפילו יאָ, אויב איך וועל אַפילו אויסשטו־דירן אויף דאָקטאָר, וואָס פאַר אַ מין דאָקטאָר קען איך שוין זיין מיט שטערונגען, באַריערן פון אַלע זייטן ? . . .

„ניין, קיין רעליגיעזער בין איך טאַקע נישט. דאָס שמדן זיך וואָלט ביי מיר געווען בלויז אַ פאָרמעלער אַקט. דעם צלם וואָלט איך באַדאַרפט קושן בלויז מיט מיינע קאַלטע, טרוקענע ליפּן, אָן געפילן און אָן נשמה... און נאָכדעם — אַ ביסל הייליק וואַסער... און נאָכדעם — אויסהערן אַ דרשה אפשר פון דעם זעלבן באַגאַליובאָוון טאַקע, אַז איך, איוואַן קוליטשקאָוו (אָדער ווי אַזוי איך וועל דאָרט הייסן), בין איצטער נאָר־וואָס געבוירן געוואָרן, אַלס אמתער, כשרער קריסט, אַלס אמתער יעזוסעס דינער, און איך זאָל מיך דעריבער... ווער ווייסט וואָס נאָך ער וואָלט דאָרט איבער מיר גערעדט... און איך וואָלט עס געמוזט הערן. הערן מיט אַן ערנסט, אָנגעצויגן פּנים... „האַ־האַ־האַ" — האָט ער זיך צולאַכט מיט אַ בייז און טרוקן און קרענקלעך געלעכ־טער — האַ־האַ־האַ ! האַ־האַ־האַ ! הי־הי־הי ! . . ." האָט ער היסטע־ריש זיך געשטיקט.

„קריסטנטום איז דאָך, נאָך אַלעמען, שיין, דערהויבן". — האָט ער ווייטער געלאָזט לויפן זיין געדאַנק. „נישט קיין אַנדערער ווי ספּינאָזאַ אַליין האָט געשריבן, אַז יעזוס איז געווען דער נאָבלסטער נביא, דער גרעסטער צווישן די גרויסע . . . און דער אידישער גאָט, זאָגט באַגאַליובאָוו, איז אַזוי שטרענג, אַזוי אומקאָמפּראָמיסלעך, ער באַשטראָפט אַזוי האַרט זיינע קינדער... צו־וואָס דינען אַזאַ שטרענגן גאָט ? — פרעגט באַגאַליובאָוו."

דער קאָפּ זיינער. פאַרוואָס טוט אים אַזוי וויי דער קאָפּ ? פאַר־וואָס האַמערט עס אַזוי אין זיינע שלייפן ? פאַרוואָס קלאַפּן די אָדער־לעך הינטער די אויערן אַזוי שטאַרק ? . . .

אַזוינע געדאַנקען . . . פון זינט ער האָט זיך מיט זיי אָנגעהויבן אַרומצוטראָגן, האָט ער אָנגעהויבן אויסמיידן דעם פאָטער זיינעם. ער קען אים גלייך אין די אויגן נישט קוקן. און זיין פאָטער — ער האָט מסתמא עפּעס באַמערקט. ניין, נישט באַמערקט, נאָר דערפילט זיין זונס פינסטערע געדאַנקען. איינמאָל, מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק איז'ס געווען, האָט ער אים אָנגעטראָפן ביי דער טיר, דעם זון זיינעם. ער האָט זיך, האָט בוזשע באַמערקט, געוואָלט אָפּשטעלן, געוואָלט

עפּעס זאָגן, נאָר זיך צוריקגעהאַלטן, און אַוועקגעגאַנגען. מיט עט־לעכע טעג שפּעטער האָט ער אים געזען שטיין אויף דער שוועל פון זיין צימער א פאַרחושכטן, אַן אַלט־געוואָרענעם, און האָט צו אים, בגזשען, געזאָגט:

— בוזשע, יעך וואָלט וועלן מיט דיר עפּעס רעדן . . .

— יאָ, טאַטע. — האָט ער געענטפערט.

— האָסט צייט? — האָט אים דער פאָטער געפרעגט — אויב האָסט נישט קיין צייט, על'אך מיט דיר רעדן מאָרגן מעטשים.

— יאָ, טאַטע . . .

פון יענעם מאָרגן זעגען שוין אַוועק א סך מאָרגנס און ער האָט מיט אים נישט גערעדט. ער מיידט אים אויס, דעם פאָטער זיינעם. אויף וויפיל עס איז נאָר מעגלעך אויסצומיידן א מענטש, מיט וועלכן מען וואוינט אין איין הויז, מיידט ער אים אויס. ער האָט מורא פאַר דעם מאָרגן, בוזשע. ווייל ער ווייסט נישט וואָס ער וועט מיט דעם פאָטער זיינעם רעדן. קיין ליגן וויל ער שוין מער נישט זאָגן. און דעם אמת — ווי קען ער אים דערציילן וואָס עס טוט זיך ביי אים אין הארץ? וואָס עס טוט זיך ביי אים אין מח? . . .

דוסיא. אפשר איז זי גאָר שולדיק אין אַלעם! אפשר צוליב איר איינפלוס, צוליב איר ליבע... דוסיא... מיינט זי א סך צו אים? און ער צו איר — וואָס מיינט ער צו איר? האָט זי אים טאַקע אין דער אמתן אַזוי ליב ווי זי זאָגט? און פאַרוואָס? ער איז נישט קיין שיינער. ער איז נישט קיין אָנגענעמער. א קאַפּריזנער איז ער, מיט א שרעקלעכן טעמפּעראַמענט. ווייל זי נישט אַמאָל בלויז פאַרדינען א מצוה מיט זיין שמדן זיך? אָבער ניין! דאָס קען נישט זיין! דאָס איז אומגלויבלעך! דאָס איז לעכערלעך! ער איז אומגע־רעכט צו איר. ער באַליידיקט זי. זי שטייט אַזוי פיל אויס פון אים צייטנווייז. זי איז אַזוי גוט, אַזוי ריין. „פאַרגיב מיר, דוסיא! איך ווייס נישט וואָס מיט מיר איז! . . ."

—ווי קען איך? — האָט ער איינמאָל געזאָגט צום גלח — ווי קען איך טאָן אַזא זאַך בלויז מיט לאָגיק, אָן א ברעקל געפיל, אָן א ברעקל נשמה? . . .

— זי וועט קומען, מיין פריינט. — האָט באַגאַליובאָוו געענט־פערט — די נשמה וועט קומען שפּעטער. איר וועט אַליין נישט באַ־מערקן ווי אַזוי . . .

און אין דער שטיל, מיט א ווייכן סוד:

— דוסיא . . . איר האָט דאָך זי ליב — ניין? . . . קען אַזא

יונג, ליב וועזן נישט ארייננהויבן אַ נשמה אין אַזאַ עמפינדלעכן מענטשן ווי איר זענט? . . . איר גליק מיינט דאָך עפּעס צו אייך, ניין? און אייער גליק מיינט דאָך אַזוי פיל צו איר . . . געדענקט, אין גליקלעך מאַכן יענעם אַליין איז דאָ נשמה! . . .

אין גליקלעך מאַכן יענעם . . . וועמען יענעם? קודם כל: זיך אַליין. אַלע מאָל, פון אייביק־אָן, שטעלט ער זיין גליק איבער אַלע־מענס. און נאָכדעם — דוסיאַ. ער וועט גליקלעך מאַכן דוסיאַן. קען מען אויך נישט וויסן אויף ווי לאַנג. און וועמען נאָך? יאָ, באָגאָ־ליובאָוון. און וואָס עפּעס וועגן זיינע עלטערן! וועגן זיינע שוועסטער, שוואָגערס און אַנדערע קרובים? ס'איז דען עפּעס אַ קלייניקייט צו האָבן אַ משומד אין דער משפּחה? אפילו מאַניק. וואָס קען זיין אַ גרעסערער הפקר־יונג, ווי מאַניק? איז אפילו ער, ווען ער וויל זיך אַמאָל רייצן מיט דער מאַמען, זאָגט ער צו איר:

— מאַמע, וועסט מיך אַזוי לאַנג יאָדען, ביז איך וועל חתונה האָבן מיט אַ שיקסע. אָבער זאָרג זיך נישט; זי וועט פריער מוזן ווערן אַ אידישע . . .

אפילו מאַניק זאָגט אַזוי.

מאַניק זאָגט. ווער אַזוינס איז מאַניק, וואָס זיין זאָגן זאָל האָבן אַ האַפט? וואָס ווייסט ער פאַר אַן אונטערשיד פון ראַסן און פעלקער? אַ פאַרגלייך: דאָס אידישע פאָלק און דאָס רוסישע! איינס איז צו־זייט און צושפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, אָן אַ אייגן ווינקל, וואָס אומעטום איז עס איינגעבעטן, אומעטום איז עס אומגעוואונטשן און איצטער — דאָס רוסישע פאָלק, מיט אַ לאַנד, וואָס איז דאָס גרעסטע אין דער וועלט, מיט אַ מאַכט, וואָס איז גאָר נישט אָפּצושאַצן. און ווי זאָגט באָגאָליובאָוו:

— מען דאַרף נישט זיין קיין גאָר פרומער פּראַוואָסלאַוונער איינ־צוזען, אַז גאָט איז מיט דעם רוסישן פאָלק. עס איז נישט קיין קריי־געריש פאָלק, און זעט אַ לאַנד, זעט אַ טעריטאָריע, זעט אַ באַפעלקערונג, זעט אַ געבענטשטע ערד! . . . און מיט וואָס האָט מען דאָס דער־גרייכט? מיט שווערדן? מיט קאַנאָנען? ניין, מיין פריינט. מיט גאָטס ווילן האָט מען דאָס דערגרייכט! . . . ווען איוואַן דער פערטער האָט איינגענומען סיביר, קרים, קאַזאַן, אַסטראַכאַן, אַ שטיק קאַווקאַז, מיט וואָס, מיינט איר, האָט ער עס געטאָן? מיט די שווערע קאַנאָנען? מיט דער געשיקטער אַזוי געריפּענער מלחמה סטראַטעגיק? ניין, מיין פריינט. מיט גאָטס וואָרט אויף די ליפּן האָט ער עס געטאָן. מיט מלחמה מכשירים אַליין האָט דאָן קיינער נישט געקענט באַזיגן די

טאָטערן און די מאַכמעדאַנער . . . און וואָס האָט אויפגעטאָן אונ־זער גרויסער העלד סקאָפּין־שויסקי ? מער נאָך ווי אַלעקסאַנדער דער גרויסער ! סקאָפּין־שויסקי האָט צו צוואַנציק יאָר געראַטעוועט רוס־לאַנד פון מער שונאים, אינערלעכע און אויסערלעכע, ווי אַלעקסאַנ־דער דער גרויסער אין זיין צייט ! . . . און וועגן דעם אומפאַרגלייכ־באַרן פּיאָטר דעם גרויסן, וועלכער האָט, קען מען זאָגן, געמאַכט פון רוסלאַנד דאָס וואָס זי איז הייַנט — נישט אַליין, פאַרשטייט זיך, האָט ער עס געמאַכט, נאָר מיט דעם אייבּיקנס הילף . . . אָך, מיין פריינט, מיין פריינט, —פלעגט באַגאַליובאָוו צוליינן אַ געהייליקטן פינגער, נאָר־וואָס פון צלם אוועקגענומען, צו זיינע פרומע ליפּן, — אַזאַ פאָלק ווי דאָס רוסישע איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ. עס איז אַ גרויסער יחוס אָנצוגעהערן צו אַזאַ פאָלק. יאָ, מיין פריינט, זייער אַ גרויסער יחוס . . .

און דוסיאַ — וואָס האָט געטאָן דוסיאַ ?

זי איז אויך, אפשר פונקט ווי ער אַליין, ארומגעגאַנגען אַן ערנסטע, אַ פאַרטראַכטע, אין אַ פיבערדיקער דערוואַרטונג, וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. זי האָט פאַרלוירן איר געלעכטער. זי האָט פאַר־לוירן איר הומאָר און די יונגנטלעכע פאַרשייטקייט, וואָס זי איז פריער באַזעסן. זי האָט, קענטיק, גוט פאַרשטאַנען די ערנסטקייט פון דעם אָנקומענדיקן מאָמענט. זי האָט, קענטיק, גוט באַגריפן וואָס די לוי־ערנדיקע שעה פון קריזיס קען מיינען פאַר איר און פאַר באָריסעס לעבן. זייענדיק אַן ערלעכע פון דער נאַטור, נישט קיין ענגהאַרציקע, נישט קיין שמאָל־מחדיקע, האָט זי, מיט איר גאַנצער אמתער ליבע צו באָריסן, פאַרגעזן, אפשר פאַרגעפּילט, מער ווי פאַרשטאַנען, אַז אים שטייט איצטער פאַר אַזאַ שרעקלעכער קריזיס אין זיין לעבן, וואָס קען אים אפשר צוברעכן אויף אייביק. קענענדיק גוט זיין כאַראַקטער און זיין טעמפּעראַמענט, ווייסנדיק, אפשר מער ווי וועלכער נישט איז אַנדערער מענטש, אַז די קלענסטע, טיילמאָל גאָר אומבאַדייטנדיקסטע זאַך רעגט אים אַזוי גוואַלדיק אויף, שטורעמט אַזוי ראַשיק אויף זיינע בלוטן, מאַכט אים אַזוי פאַרצווייפלט און אומגליקלעך, טאָ וואָס־זשע — האָט זי מיט שרעק זיך געפרעגט — קען שוין פּאַסירן איצטער, אין דעם דאָזיקן פאַל ?

באָריס, האָט זי געוואוסט, איז נישט רעליגיעז, נישט פרום, נישט ענג־נאַציאָנאַליסטיש געשטימט — אמת. אָבער שטאָלץ איז ער דאָך ! און ערלעך ! און לאָיאַל ! וועט ער קענען איבערלאָזן אַלעמען : על־טערן, שוועסטער, אַ ברודער, די גאַנצע פאַמיליע, דאָס גאַנצע פאָלק

זיינס, פאַר וועלכעס ער ווייטיקט אַזוי ביטער, פאַר וועלכעס ער פּייניקט זיך אָפּטמאָל אַזוי שטאַרק, פאַר וועלכעס ער שטרענגט זיך אַזוי אָן אויסצושמידן זיין פערזענלעכקייט, וועלכעס ער גרייט זיך צו פאַר־טיידיקן אויף אַלערליי אופנים, — איז עס מעגלעך, אַז ער וועט דאָס אַלץ איבערלאָזן, אַוועקוואַרפן, און איבערגיין צום קריסטנטום ? אויב יאָ, — האָט זי געטראַכט אָן פרייד און אָן שטאָלץ, נאָר, פאַר־קערט, מיט אַן אַנגסטיקער פּייַכטקייט אויפן שטערן, — וועט דאָך עס אודאי זיין צוליב מיר, צוליב מיר — איז דאַרף איך, איז מעג איך אים דאָס לאָזן טאָן ? . . .

זי האָט זיך געפילט שולדיק, דוסיא. איר אין תוך ערלעך גע־וויסן האָט שטאַרק געליטן. ווייל זי האָט וואויל געוואוסט, אַז זי איז אין אַ גרויסער מאָס פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם, וואָס עס קומט איצט פאָר אין און אַרום באָריסן. צוזאַמען מיט איר פאָטער האָט זי גע־קאָכט אָט די קאַשע פאַר באָריסן. עס איז געווען נאָך יענער ערשטער באַגעגעניש צווישן איר פאָטער און אים. עס איז געווען באַלד נאָכ־דעם ווי איר פאָטער האָט צו איר אַ זאָג געטאָן :

— האָסט אים ליב ? טאָ זע ער זאָל ווערן אַ רוסישער . . .

יאָ, עס איז געווען באַלד נאָכדעם ווי זי האָט באַשלאָסן צו טאָן אַלץ, באָרים זאָל ווערן אַ פּראַוואָסלאַוונער. „דאָס", האָט זי צו זיך דאַמאָלסט געזאָגט, „וואָס מיין פאָטער וועט אויפטאָן מיט זיין קענטע־ניש און מיט זיין אויטאָריטעט, וועל איך אויפטאָן מיט מיין פרויאיש־קייט . . ."

זי האָט דאַמאָלס אָנגעהויבן ווערן צודרינגלעכער צו אים. זי האָט אים גענומען רייצן מיט איר קערפּער מער ווי תמיד. בכיונדיק רייצן זיך. זי האָט אויסגענוצט יעדע מעגלעכקייט צו פאַרבלייבן מיט אים אַליין. און אין מינוטן פון ערנסט, אין מינוטן פון טיפן שווייגן, וואָס זי פלעגט פריער אַזוי רעספּעקטירן, ווען ער איז געגאַנגען אָדער געזעסן לעבן איר אַ פאַרטראַכטער, מיט אַ צושניטענער נשמה, האָט זי צו אים געהאַט טענות פאַרוואָס ער איז אַזוי ווינציק מאַן, פאַר־וואָס ער גיט איר אַזוי ווינציק אויפמערקזאַמקייט, פאַרוואָס אַזוי און פאַרוואָס אַזוי. טענות אָן שום זין און אָן שום לאָגיק. אָבער בשעת מעשה פלעגט זי דערביי טראַכטן :

„דאָס וואָס מיין פאָטער וועט אויפטאָן מיט זיין קענטעניש און מיט זיין אויטאָריטעט, וועל איך אויפטאָן מיט מיין פרויאישקייט..."

— צי בין איך נישט שיין גענוג ? — פלעגט זי אים נעמען מוטשען מיט אירע פראַגעס און דערביי אָנשטעלן אויף אים די בלויע

אומשולד פון אירע אויגן, וואָס איז אין דער אמתן שוין גאָר נישט געווען אזוי אומשולדיק.

— צי האָסטו מיך שוין מער נישט ליב ?

— צי איז דיר שוין נמאס מײַן לײַב ?

— צי זענען שוין וואָכעדיק געוואָרן מײַנע קושן ?

— צי האָב איך שוין מער פאַר דיר נישט קיין רייץ ?

— נו, זאָג, באָריס ! זאָג, ווײַל איך מוז עס וויסן ! . . .

זי האָט אים געפּייניקט. זי האָט אים געררייצט. זי האָט אים אָנגערעגט צו ווילדע ערדישע לײַדנשאַפטן אין אַ צײַט, ווען ער האָט מיט זײַן געדאַנק געבראָדזשעט איבער די זומפּיקע טיפענישן פון לעבן. אין אַ צײַט, ווען ער האָט מיט אַ שפּיציק־שאַרף מעסער גע־האַלטן אין שנײַדן זײַן מח אויף שטיקער, מיט דער האָפנונג צו גע־פינען דאָרטן דאָס געזוכטע, דאָס געגאַרטע, דאָס פאַר אים לעבנס־נויטיקע שטיק חכמה אויסצופּלאָנטערן זיך פון דעם פּלאָנטערדיקן קנופּ, אַרום וועלכן ער איז איצט געווען פאַרוויקלט, פון וועלכן ער זאָל קענען געפינען אַן אויסוועג, אַ באַפרייאונג, אַ דערלייזונג.

האָט זיך דוסיאַ, וויסנדיק דאָס, געפילט שולדיק, געפילט געפאַלן ביי זיך פאַר איר נישט־שיינעם און נישט־ערלעכן שפּיל אין אָט דער אײַדעלער, דעליקאַטער דראַמע. האָט איר דערפאַר געוויינט דאָס האַרץ. איז עס איבערפילט געוואָרן פון פּיין און רחמנות און מיט־געפיל סיי צו אים, באָריסן, סיי צו זיך אַליין אויך. ווײַל פּונקט ווי ער, האָט זי דאָך אויך געזוכט אַן אויסוועג צו דער לאַגע און נישט געקענט געפינען. פּונקט ווי ער, האָט זי דאָך אויך געוואָלט דאָס בעסטע, דאָס סאַמע בעסטע פאַר ביידע. טאָ וואָס האָט זי געקענט טאָן? זי האָט דען געוואוסט וואָס צו טאָן? זי איז דאָך געווען יונג, זי איז דאָך געווען אומדערפאַרן, האָט זי געמיינט, אַז דאָס וועט זײַן גוט, יענס וועט זײַן גוט. זי האָט דען געוואוסט וואָס עס איז די בעסטע זאַך?...

איינמאָל, אין אַ זומער פאַרנאַכט, האָט זי אים פאַרגעלייגט צו גיין אין שטאָטישן שלאָס. עטלעכע מאָל אין דער וואָך האָט דאָרטן געשפּילט אַ מיליטערישער אָרקעסטער. היינט אויך. האָט ער מיט איר אַרומגעשפּאַצירט איבער די שיינע געפּלאַסטערטע אַלייען, פאַר־טשעפּענדיק זײַן אויג אין פאַרשידענע שמעקעדיקע בייטן בלומען. די מוזיק האָט געשפּילט טשייקאָווסקיס „וואַלס פון די בלומען“. אָבער בזשע האָט גאָרנישט געהערט. בלויז אַ זשומעניש אין די אויערן האָט ער געהערט פון די בלאָז־אינסטרומענטן. מער גאָרנישט.

בוזשע איז געווען שלעכט געשטימט. אים האָט באַנג געטאָן פאַרוואָס ער האָט זיך געלאָזט צורעדן פון דוסיאַ אַריינצוקומען אַהער, וואו קיין איד טאָר נישט אַריינקומען. ער האָט זיך געפילט שלעכט און ענג און פרעמד אין דער געזעלשאַפט פון „ריינע“ קריסטן. ריינע קריסטן... ווער זענען זיי? מיליטער לייט. אַ סך אָפיצירן. טייל מיט הינט. טייל מיט זייערע דאַמען. אייניקע מיט פשוטע גאַסן־פרויען. מען גייט געאַרעמט און מען רעדט וואולגאַרע רייד. מען לאַכט מיט אַ הילכיקן וואולגאַרן מיליטערישן געלעכטער. קיינער הערט זיך נישט צו צו דער מוזיק. אָפטמאָל זעט מען אפילו אַ נישט גאָר מאָראַלישן זשעסט פון אַ מיליטער־מאַן מיט זיינער אַ באַגלייטערין. „טשיריבאַ, טשיריבאַ!“ — קנאַקן דאָרטן די מעשענע אינסטרומענטן. „טשיריבאַ, טשיריבאַ!“ — זשומעט עס בוזשען אין קאָפּ. „ריינע קריסטן. יחוס. זכיה. טשיריבאַ, טשיריבאַ!...“

ער ווייסט נישט, צי דוסיאַ גייט לעבן אים. ער הערט נישט וואָס זי רעדט צו אים. ער הערט ווי דער טראָמפּייט קוויטשעט דאָרטן אויס אַ יחוס־ניגונדל. „אָבער קיין איד וועט מיך נישט הערן...“ — קוויטשעט דער טראָמפּייט. און דאָס טרומייטל העלפט אונטער. ער איז איינשטימיק מיט זיין קאָלעגע. און דער טראָמבאָן צולאָזט זיך גאָר אויפן הויכן קול. „אָ, ניין! — שרייט ער — „אָה, ניין! איך שפּיל בלויז פאַר ריינע קריסטן.... פאַר אָפיצירן און גאַסן־פרויען שפּיל איך!... אָ, ניין! אָ, ניין...“ און דער באַס־טרומייט אויך. „טום־באַ, טום־באַ!“ — זאָגט ער. „טום־באַ, טום־באַ!“ — ברומט ער, און מען ווייסט שוין וואָס עס מיינט. נישט פאַר קיין אידן מיינט עס. ניין, נישט פאַר קיין אידן וועט ער רייסן זיין מעשענעם גאָרגל. ער שפּילט נישט!...

דוסיאַ גייט לעבן אים און ער ווייסט עס נישט. דוסיאַ רעדט צו אים און ער הערט נישט. בלויז דאָס זשומעניש פון די אינסטרומענטן הערט ער. בלויז דאָס וואולגאַרע געלעכטער פון די ריינע קריסטן הערט ער. און זיין אייגן קול, וואָס קומט פון אינווייניק. עס רעדט צו אים די אויפגעוואַכטע חכמה, וואָס ער האָט אַזוי לאַנג, אַזוי פיינלעך לאַנג געזוכט און נישט געקענט געפינען. עס רעדט צו אים די געהיימע שטים פון באַפרייאונג. ער הערט זיסע טענער פון דער־לייזונג. זיין שמאָל, אַידל, ענערגיש פּנים גיט זיך מיט אַמאָל אַ ליי־טער־אויס, אַ נעם־אָן אַ מילדן אויסזען. זיינע דינע, צוביסענע ליפּן גיבן זיך אַ נעם־פונאַנדער, אַ ברייטער־אויס אין אַ שמייכל. זיין דינע, הויכע פיגור ווערט ווי פולער, מאַסיווער, ווי אָנגעגאָסן מיט חשיבות

און ווייזהייט. ער גיט אַ דריי־אוים דעם קאָפּ צו דוסיאַן, כאָטש ער ווייסט נישט באַשטימט, אַז דאָס איז זי, און, מיט אָנגעטרונקענע אויגן פון ליכט, וואָס האָט זיך צו אים ראַפּטום באַוויזן, רופט ער אוים :

— ניין, איך וויל נישט זיין מיט די גרויסע ! איך וויל נישט זיין מיט די ריינע! איך וויל זיין מיט די קליינע, מיט די נידעריקע, מיט די אומריינע ! . . .